אברהם טקאַטש    שמואל צעסלער

# אונדזער המשך

כרעסטאָמאַטיע פֿאַר העכערע גראַדן אָנפֿאַנג־שול
און ערשטע קלאַסן מיטל־שול

Ministerio de Educación
Exped. Nº 18394/53

(צווייטע פֿאַרבעסערטע אויפֿלאַגע)



פֿאַרלאַג שמיד און אייכענבלאַט
קאָרריענטעס 4838
בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, 1953

# הקדמה

די יידישע דערציאונג דאַרף, דער עיקר, לייגן איר הויפּט געוויכט אויף צו שאַפן אַ גייסטיקע בריק, צווישן אונדזער עבר און עתיד. זי דאַרף דערמעגלעכן, אַז אונדזער היינט, זאָל פאַרבינדן דעם נעכטן מיטן מאָרגן.

אין די מערסטע יידישע היימען, פעלט, צום באַדויערן, דער המשך פון דעם שיינעם און קאָלירפולן לעבן, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם גרויסן כוח, צו באַשיינען און באַרייכערן דעם קינדס וועלט און פאַנטאַזיע, מיט איבערלעבונגען און עמאָציעס, וועלכע האָבן זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין די קינדערשע הערצעלעך און מוחות.

דעריבער, הענגען טאַקע אונדזערע קינדער, אין די אַמעריקאַנער לענדער, אין דעם לופטן, בנוגע יידישן שטייגער.

און אַן דעם, קאָן — זעלבסטפאַרשטענדלעך — ניט זיין קיין יידישער המשך.

פעלט, די אָנגעוויזענע אויפגאַבע, אויף דער שול. אָבער אָן דעם נייטיקן מאַטעריאַל, קאָן די שול מיט איר באַגרענעצטער צייט און מעגלעכקייטן, נישט דורכפירן אַפילו קיין טייל פון אָט דער גרויסער אַרבעט.

כדי צו פאַרלייכטערן די שולן און לערער אין אָט דעם דאָזיקן, שווערן פּראָבלעם, האָבן מיר געשאַפן אונדזער טעקסט.

מיר האָבן נישט געזוכט מחדש צו זיין. אַלס הויפּט־ציל, האָבן מיר זיך געשטעלט דאָס געבן דעם לערער די מעגלעכקייטן, צו באַקענען דעם תלמיד מיט אונדזער נעכטן, וואָס איז אַזוי רייך אין ליכט און שאָטן, און אים אויך ווייזן דעם זיכערן וועג צו אונדזער מאָרגן.

צוליב באַקאַנטע טעכנישע שוועריקייטן, האָבן מיר זיך נישט געקאָנט דערלויבן אַרויסצוגעבן לערן־ביכער פאַר יעדן גראַד באַזונדער.

גייען, דעריבער, אַריין אין אָט דעם טעקסט, מאַטעריאַלן וואָס זיינען צוגעפּאַסט אי פאַר די העכערע גראַדן פאָלקס־שול, און ערשטע קורסן מיטל־שול.

בלי ספק וועט דער לערער וויסן, ווי צוצופּאַסן די געהעריקע לעקציעס, צו די קענטעניש און אויפנעם־פעאיקייטן פון די תלמידים.

מיר דאַנקען פאָרויס, פאַר יעדע אָנווייזונג אָדער באַמערקונג, מצד לערער און שול־עסקנים, בנוגע דעם דאָזיקן טעקסט, כדי עס צו קאָנען נעמען אין אַכט, ביי דער דריטער אויפלאַגע.

**די מחברים.**

י. גויכבערג

# גוט מאָרגן

אַ וועלט אַ ליכטיקע,
אַ וועלט אַ ציכטיקע,
און הימלען בלאָע שמייכלען פון דער ווייטן,
און מיר איז גוט אַזוי,
און מיר איז וויל אַזוי,
איך וואָלט מיט קיינעם נישט, מיט קיינעם זיך נישט בייטן!

גוט מאָרגן, ייִנגעלעך,
מיט לאָקן־רינגעלעך,
מיט זיסע זילבער־קעלעכלעך, ווי גלעקלעך.
גוט מאָרגן, מיידעלעך,
אין ווייסע קליידעלעך,
מיט פרישע, ווייכע, רויט־צעפלאַמטע בעקלעך!

פון הענט — אַ קראַנץ געשפּרייט!
די פיס — צום טאַנצן גרייט!
און זינגט און קלינגט, אַז קלינגען זאָל פון ווייטן!
און זינגען וועט מיט אייך,
און קלינגען וועט מיט אייך,
דער וואַלד, דאָס פעלד, און אַלץ פון אַלע זייטן.

—— • ——

ז. וואַסערצוג

# וואָס קינדער ווילן זיין

אַז די קינדער זיינען אַריינגעקומען אין קלאַס און זיך אַוועקגעזעצט אויף די ערטער, האָט דער לערער אַזוי געזאָגט:

— טרעפט קינדער וואָס מיר וועלן היינט טאָן?

די קינדער האָבן גענומען טרעפן:

— מיר וועלן שרייבן אויפן טאָוול.

— זינגען שיינע לידער.

— דער לערער וועט דערציילן אַ מעשהלע.

אויף אַלץ וואָס די קינדער האָבן געזאָגט האָט דער לערער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— נו, זאָל שוין דער לערער זאָגן, קיינער וויים נישט, קיינער נישט. שווייגט שוין אַלע, שווייגט!

אין קלאַס איז געוואָרן זייער רואיק.

— קינדער, האָט דער לערער געזאָגט, יעדער פון אייך וועט אויפ־שרייבן וואָס ער וויל זיין. דערנאָך וועלן מיר עס אַלע הויך איבערלייענען אין קלאַס — עס וועט זיין זייער אינטערעסאַנט.

אַלע האָבן זיך זייער געפרייט און געזאָגט:

— אוי ווי גוט, ווי גוט!

באַלד איז געוואָרן שאַ־שטיל אין קלאַס, אַזוי ווי אַלע וואָלטן פּלוצעם אַנטשלאָפן געוואָרן. אָבער קיינער איז נישט געשלאָפן, יעדער איז געזעסן פאַרטראַכט און געשריבן. ווער עס האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו שרייבן איז צוגעגאַנגען צום לערער, אים אָוועקגעגעבן דאָס באַשריבענע בלעטל און זיך צוריק געזעצט.

איינער האָט געפרעגט ביים צווייטן:

— וואָס האָסטו געשריבן?

— און דו, וואָס האָסטו געשריבן?

אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט פריער אויסזאָגן.

אַז אַלע קינדער האָבן פאַרענדיקט שרייבן איז געוואָרן שטיל אין קלאַס. דער לערער האָט גענומען פאַרלייענען וואָס יעדער האָט געשריבן.

בערל שרייבט:

„איך וויל זיין אַ מאַטראָס און אויספאָרן די גאַנצע וועלט. כ׳האָב אַזוי ליב צו פאָרן! קיין מאָל וועל איך נישט מיד ווערן! און אומעטום וועל איך מוזן זיין, ביי די מענטשן־פרעסערס — אויך. איך שרעק זיך גאָרנישט פאַר זיי״.

איז געוואָרן אַ הורא אין קלאַס:

— גוט געשריבן, בערל. גוט געשריבן! ס׳איז טאַקע גוט צו זיין אַ מאַטראָס — האָבן אַלע געטומלט.

נאָר אָט לייענט שוין דער לערער ווייטער:

דודל שרייבט:

„איך וויל זיין אַ גרויסער פידל־שפּילער, און מאַכן, אַז די מענטשן זאָלן נישט זיין אַזוי טרויעריק״.

— פיין געשריבן, דודל! — האָבן אַלע אויסגערופן.

משהלע שרייבט:

„איך וויל קענען מאַכן אַזאַ גרויסע שטוב, אַז אַלע קינדער פון דער

גאַנצער וועלט זאָלן קאָנען לערנען צוזאַמען. אוי וואָלט עס פריילעך געוועו!"

שרהלע שרייבט:

„איך וויל זיין אַ גרויסע לערערין און אויסלערנען אַלע מענטשן, אַז זיי זאָלן זיין גוטע".

עס איז נאָך דאָ צו לייענען און לייענען. לייענט דער לערער ווייטער:

עליע שרייבט:

„איך וויל זיין אַ רייכער און געבן מיין טאַטן אַ סך געלט, אַז ער זאָל נישט דאַרפן אויפשטיין אַזוי פרי. מיין טאַטע שטייט אויף ווען די שטערן זיינען נאָך אין הימל".

מאָטעלע שרייבט:

„איך וויל זיין אַ גרויסער דאָקטער און מאַכן, אַז די מענטשן זאָלן שוין מער נישט שטאַרבן, און די וואָס זיינען געשטאָרבן זאָלן צוריק לעבעדיק ווערן. וועט מיין ברודערל אויך צוריק קומען אַהיים".

שטענדיק אַזאַ טרויעריקער איז ער, דער מאַטעלע.

לייענט נאָך אַלץ דער לערער:

מלכהלע שרייבט:

„איך וויל קענען מאַכן טעלער און גלעזער, וואָס זאָלן נישט צעבראָכן ווערן און אַזעלכע שויבן אין די פענצטער, וואָס ווערן קיין מאָל נישט צעפּלאַצט — וועלן די מאַמעס נישט זיין אין כעס אויף די קינדער".

לענגער פון אַלע האָט געשריבן חיימל:

„מיין טאַטע שטייט אויף זייער פרי און צעטיילט אין די שטיבער ברויט. אַז איך וועל זיין אַ גרויסער וועל איך העלפן מיין טאַטן. עס איז אַזוי גוט צו צעטיילן ברויט! אַלע מענטשן ליגן נאָך אין די בעטן, קלאַפּט מען אָן אין דער טיר:

— „ווער איז דאָרט"?

— „כ'האָב געבראַכט ברויט", — ענטפערט מען.

שוין אַ גאַנצע נאַכט האָבן די מענטשן נישט געגעסן, זיינען זיי הונגעריק — וועלן זיי זיך דערפרייען.

איבער אַלע גאַסן וועל איך גיין פון הויז צו הויז. קיין איין שטוב וועל איך נישט דורכלאָזן! וועל איך גיין, וועל איך גיין, אָט אַזוי מיט שווערע קוישן ברויט:

אַלע, אַלע, וועל איך ברענגען עסן, אַזוי ווי אַ גוטע מאַמע. וועלן אַלע מענטשן אַרבעטן און זיין צופרידן. איך וויל זיין אַ ברויט-צעטיילער".

דער לערער האָט געזאָגט, אַז אַלע אַרבעטן זיינען שוין אָנגעשריבן.

די קינדער זיינען געווען זייער גליקלעך! פריילעכע זיינען זיי געלאָפן אַהיים צו דערציילן אַלצדינג אין שטוב.

פרץ הירשביין

# אַ נאַרישער חלום

די מעשה וואָס איך וועל אייך דאָ דערציילן, איז נישט קיין אמת און נישט קיין ליגן. עס איז אַ נאַרישער חלום, וואָס האָט מיר זיך געחלומט יינגלוויז, ווען איך בין נאָך אין חדר געגאַנגען און חומש געלערנט.

חלומט זיך מיר, אַ פייגעלע בין איך. נישט קיין מענטש, נאָר אַ פייגעלע, אַ שוועלבעלע.

געקומען בין איך פון אַ ווייטן לאַנד ערגעץ, דאַכט זיך פון ארץ־ישראל, געקומען צו פליען.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין, זוך מיר אַן אָרט, וווּ אַ נעסט צו מאַכן. געפין איך מיר אַ שיינעם אָרט אונטער אַ דאַך, ערגעץ איבער אַ פענצטער. באַקוק איך און באַטראַכט דאָס אָרט: מיין נעסט וועט זיך דאָרט האַלטן; קיין ווינט וועט נישט אַריינבלאָזן, קיין רעגן נישט אַריינגיסן, אַלצדינג גוט. איך נעם מיט חשק בויען.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין. ברענג קלעפּיקע שטיקלעך בלאָטע און שטיקלעך ליים אין מיין שנעבעלע, לייג עס איבער, פלעכט עס איין מיט שטרויעלעך, מיט דינע, דינע העלצעלעך, אַז די שטיקעלעך בלאָטע און די שטיקעלעך ליים זאָלן זיך שטאַרקער האַלטן צווישן זיך.

איך קלעפּ און בוי, בוי און קלעפּ, און מיין נעסט איז שוין פון אויסנווייניק פאַרטיק. בלייבט מיר נאָך אויסצובעטן מיין נעסט פון אינעווייניק מיט ווייכינקע שטרויעלעך, הערעלעך און פעדערלעך, ווייך און וואַרעם זאָל זיין אין איר צו וווינען.

שטרויעלעך און הערעלעך געפונען, פעדערלעך — נישטאָ.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין — נישטאָ קיין פעדערלעך.

דערמאָן איך מיך, — אין חדר אויפן בוידעם, וווּ מיר, חדר־יינגלעך. פאַרקלייבן זיך אַמאָל שפּילן, שטייען טעפּלעך מיט פעדערן.

קום איך צופליען אויפן בוידעם דורך אַ צעבראָכן שייבעלע, וואָס איז אַ קליינעם פענצטערל דאָרטן. שפּילן זיך אויפן בוידעם צוויי יינגעלעך, מיינע חברים — שלמהלע און חיימל.

— לאָמיר דאָס שוועבעלע כאַפּן, דערהרגענען! — שרייט שלמהלע.

— פאַרוואָס דערהרגענען? — פרעגט חיימל.

— זעסטו, — זאָגט שלמהלע, — דאָס העלדזעלע איז ביי דעם רויט. עס האָט אין שנעבעלע פייער געטראָגן דעם בית־המקדש צו פאַרברענען.

וויל איך צוריק אַרויספליען. האָבן זיי דאָס פענצטערל פאַרשטעלט, איך זאָל נישט קאָנען אַרויספליען. פאַרשטעלט דאָס פענצטערל און אָנ־

געהויבן וואַרפן אויף מיר זייערע היטלען. פלי איך אַהער, פלי איך אַהין, פון איין ווינקל צום אַנדערן, און זוך אַ שפּעלטעלע אויף דער גאַס אַרויס — נישטאָ! קום איך צום פענצטערל — באַץ! — צעשלאָג איך מיך און קען נישט אַרויס.

— וועסט ווייטער טראָגן פייער דעם בית־המקדש צו פאַרברענען?! — שרייט שלמהלע און שליידערט אויף מיר זיין היטל.

— מיר וועלן דיך פּאַקן! — שרייט חיימל און וואַרפט אַ רייף פון אַ צעבראָכענער פאַס. פלי איך אַהער, פלי איך אַהין און שלאָג מיך פון די כוחות אַרויס.

פּלוצלונג — באַץ.

שלמהלע האָט אַ שליידער געטאָן זיין היטל. איך האָב מיך אין היטל פאַרפּלאָנטערט, אינאיינעם מיט דעם אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלן... כאַפּט מען מיך און מע האַלט מיך פעסט. צאַפּל איך. צאַפּל איך זיך און קאָן זיך נישט אַרויסרייסן.

— דערשטיקן! זאָגט שלמהלע.

— מיר וועלן עס אין אַ שטייגעלע אַריינזעצן — זאָגט חיימל.

זיי קוקן מיר ביידע גלייך אין די אויגן. איך ציטער און פלאַטער מיט די פליגעלעך און שלאָג מיך פון די כוחות אַרויס.

— נו, וואָס? — פרעגט שלמהלע.

— אַ רחמנות! — זאָגט חיימל.

— און דעם בית־המקדש פאַרוואָס האָט עס אונטערגעצונדן? — פרעגט ווידער שלמהלע. און ער הייבט מיך אָן צו טרייסלען מיט כעס.

— דו האָסט דעם בית־המקדש פאַרברענט! דו האָסט פייער געטראָגן!

— אַ רחמנות — זאָגט ווידער חיימל.

ער נעמט מיין שנעבעלע צו זיך אין־מויל אַריין און גיט מיר טרינקען.

— לאָמיר עס גאָר אַריינטראָגן אין חדר, פרעגן דעם רבין, וואָס ער וועט הייסן, דאָס וועלן מיר טאָן.

קלעטערן זיך ביידע אַראָפּ פון בוידעם. מיך האַלטן זיי שטאַרק איך זאָל נישט אַנטלויפן.

— רבי, מיר האָבן געכאַפּט אַ שוועלבעלע! — שרייען זיי ביידע אויס, אַריינקומענדיק אין חדר — אויפן בוידעם האָבן מיר עס געפּאַקט! אמת. די שוועלבעלעך האָבן דעם בית־המקדש פאַרברענט?

אַלע קוקן אויף מיר און מיין הערצל צאַפּלט זיך. איך בין דאָך גאָר אומשולדיק. איך האָב דאָך קיינמאָל קיין פייער אין שנעבעלע נישט גע־טראָגן, דעם בית־המקדש נישט אונטערגעצונדן.

— נישט איך, נישט איך! — וויל איך שרייען און קען נישט ריידן.

ציטער איך און פלאַטער מיט די פליגעלעך. איך שלאָג זיך פון די כו־חות אַרויס, און דער רבי מיט די חברים לאַכן.

— ניט איך, ניט איך — מאַטער איך מיך און קען ניט זאָגן.
איך שטרענג די לעצטע כוחות אָן — און...
איך האָב מיך אויפגעכאַפּט —
— אָך, דו יונגאַטש איינער! אינמיטן לערנען ווערט מען אַנטשלאָפן
— לאַכט הויך דער רבי און די חברים לאַכן מיט.
— אינדערהיים שלאָפט מען און נישט אין חדר ביים לערנען...

***

ווי איר זעט, איז די מעשה נישט קיין אמת און נישט קיין ליגן: עס איז אַ נאַרישער חלום, וואָס האָט זיך מיר געחלומט, ווען איך בין אין חדר אויפן חומש אַנטשלאָפן געוואָרן, און דער רבי מיט די חברים האָבן מיך מיט זייער געלעכטער אויפגעוועקט.

---

י. קאַמינסקי

# בויט אַ ייִנגעלע דאָס לאַנד

גייט אַ ייִנגעלע קיין ישראל.
עס גייט און גייט אַ לאַנגע צייט,
דער וועג איז שווער, דער וועג איז ווייט.
גייט אַ ייִנגל קיין ישראל.

גייט אַ ייִנגעלע קיין ישראל.
עס גייט און גייט און ווערט ניט מיד,
עס גייט און גייט און זינגט אַ ליד.
קומט אַ ייִנגעלע קיין ישראל.

קומט אַ ייִנגעלע קיין ישראל.
עס אַרבעט שווער און אַרבעט לאַנג,
עס אַרבעט שטענדיק מיט געזאַנג.
וווינט אַ ייִנגעלע אין ישראל.

וווינט אַ ייִנגעלע אין ישראל.
גערטנער פלאַנצט ער, קליידער נייט ער,
הייזער בויט ער, וועגן שפּרייט ער.
בויט אַ ייִנגעלע ס'לאַנד ישראל.

לעאָן עלבע

# אַ מעשה פון פּורים

— א —

אַמאָל איז געווען אַ מעשה. די מעשה הייבט זיך אָן מיט אַ נאַרישן מלך און עם לאָזט זיך אוים זייער פריילעך.

דער מלך האָט געהאַט אַ מלכה. איז ער איין מאָל אויף איר אין כעס געוואָרן. האָט ער געהייסן זי דערהרגענען. און אַז מע האָט זי דערהרגעט, איז דער מלך אָפּגעגאַנגען פון כעס. און אַז ער איז אָפּגעגאַנגען פון כעס, האָט ער חרטה געקראָגן, וואָס ער האָט זי דערהרגעט.

— „גרויסער נאַר!" — האָט דער מלך אויף זיך אַליין געזאָגט — „וואָס האָב איך דאָס געטאָן? און ווי אַזוי קען דאָס זיין אַ מלך אָן אַ מלכה?"

האָבן זיינע דינערס פאַר אים אויסגעזוכט אַן אַנדער מלכה, און איר נאָמען איז געווען אסתר. און זי איז געווען נאָך שענער פאַר דער ערשטער מלכה, וועלכע דער מלך האָט אין זיין נאַרישן צאָרן געהייסן דערהרגענען. און דער מלך האָט זייער ליב געקראָגן די נייע מלכה. און וואָס זי האָט געבעטן, האָט ער איר געגעבן, און דער מלך האָט ניט געוווסט, אַז אסתר איז אַ יידישע מיידל.

און אין דעם קעניגס הויף איז געווען אסתרס אַ פעטער, האָט מען אים גערופן מרדכי הצדיק, ווייל ער איז געווען אַ גוטער מענטש. הערט איין מאָל מרדכי הצדיק, ווי צוויי דינערס רעדן אָפּ צווישן זיך צו פאַרסמען דעם מלך. איז מרדכי אַוועק און האָט דערציילט אסתרן, און אסתר האָט דאָס דערציילט דעם מלך, און מען האָט די צוויי דינערס אויפגעהאַנגען. די גאַנצע געשיכטע איז פאַרשריבן געוואָרן אין דעם קעניגס בוך.

— ב —

אין דעם קעניגס הויף איז אָנגעקומען אַ שלעכטער מענטש, און זיין נאָמען איז געווען המן. און ווייל ער איז געווען שלעכט, האָבן אים אַלע גערופן המן הרשע. האָט דער נאַרישער קעניג ליב געקראָגן המן הרשע און ער האָט געהייסן אַלע זאָלן זיך בוקן פאַר המן הרשע. האָבן זיך אַלע געבוקט פאַר אים. נאָר איין מרדכי הצדיק האָט זיך פאַר אים ניט געוואָלט בוקן. איז המן הרשע אין כעס געוואָרן אויף מרדכי דעם צדיק, און ווען ער האָט דערהערט, אַז מרדכי איז אַ ייד, האָט ער געוואָלט דערהרגענען

מרדכין מיט אַלע יידן אין איינעם. איז המן אַוועק צום נאַרישן מלך און זאָגט צו אים:

— אדוני מלך, זאָלסטו לעבן און זיין פריילעך! פאַרקויף מיר אַלע יידן פון דיין לאַנד און איך וועל זיי אַלעמען אויסהרגענען.

זאָגט צו אים דער נאַרישער מלך:

— וואָס דאַרפסטו זיי קויפן ביי מיר? נעם זיי אַלעמען צו אומזיסט און טו מיט זיי וואָס דו ווילסט.

איז המן אַוועק פריילעך פון דעם מלך און ער האָט די ערשטע זאַך גענומען און געמאַכט אַ תליה אויפצוהענגען מרדכין.

אַז מרדכי הצדיק און אַלע יידן האָבן דערהערט פון דער מעשה, האָבן זיי זיך אַלע ביטער צעוויינט און צעשריען. און מרדכי איז אַוועק צו אסתר המלכה, זאָגן איר, אַזוי ווי זי איז אַליין אַ יידיש קינד, זאָל זי זען בעטן דעם נאַרישן מלך, ער זאָל מבטל מאַכן זיין נאַרישע גזירה און מען זאָל די יידן ניט אויסהרגענען.

— ג —

און דער נאַרישער מלך האָט זיך געלייגט שלאָפן יענע נאַכט. קומט אַרונטער פון הימל דער מלאך פון שלאָף און לאָזט אים ניט איינשלאָפן. בעט זיך דער מלך ביים מלאך:

— לאָז מיך איינשלאָפן! איך בין אַזוי מיד! דער קאָפּ טוט מיר וויי!

זאָגט דער מלאך צום מלך:

— דער נאַרישער קאָפּ טוט דיר וויי פון די נאַרישקייטן וואָס דו טוסט אָפּ. איך וועל דיך ניט לאָזן שלאָפן ביז דו וועסט ניט איבערלייענען דיין בוך, ווו אַלצדינג איז פאַרשריבן.

שטייט אויף דער מלך אין מיטן דער נאַכט און שיקט נאָך זיין שרייבער, ער זאָל אים איבערלייענען דאָס בוך, ווו אַלצדינג איז פאַרשריבן. נעמט דער שרייבער לייענען דאָס בוך. קומט ער צו אַ מעשה, ווי מרדכי הצדיק האָט געראַטעוועט דעם קעניגס לעבן, ווען צוויי דינערס זיינע האָבן אים געוואָלט פאַרסמען. פרעגט דער מלך ביים שרייבער:

— האָט מען מרדכין עפּעס געטאָן דערפאַר, וואָס ער האָט מיין לעבן געראַטעוועט? איז אין בוך פאַרשריבן?

ענטפערט דער שרייבער:

— ניין. מען האָט אים גאָרנישט געטאָן.

רופט אויס דער קעניג:

— ווער איז איצט אין הויף? שיקט מיר אים אַרויף!

און גראַד איז המן געקומען בעטן דעם מלך, ער זאָל אים לאָזן אויפהענגען מרדכין אויף דער תליה, וואָס ער האָט פאַר אים געמאַכט.

ענטפערט מען דעם מלך:

— המן איז דאָ!

— זאָגט דער מלך:

— זאָל ער אַריין!

קומט אַריין המן הרשע, פרעגט ביי אים דער מלך:

— זאָג מיר, וואָס זאָל מען טאָן דעם מענטשן, וואָס דער מלך האָט אים ליב?

טראַכט המן ביי זיך אין האַרצן: „וועמען האָט דער מלך ליב. אויב ניט מיך?" רופט ער זיך אָן צום מלך:

— אדוני מלך! — אָט דאָס דאַרף מען טאָן צום מענטשן, וואָס דער מלך האָט אים ליב און ער וויל אים אָנטאָן כבוד: זאָל מען יענעם מענטשן אָנטאָן אין קעניגלעכע קליידער, אַרויפזעצן אויפן קעניגס פערד און אָנטאָן אים אויפן קאָפּ דעם קעניגס קרוין, און דער גרעסטער מיניסטער זאָל אים פירן איבער אַלע גאַסן און שרייען: „אַזוי ווערט געטאָן צום מענטשן, וואָס דער קעניג האָט אים ליב!"

— דו האָסט גוט געזאָגט, המן. טאָ נעם טאַקע און טו דאָס אַלץ צו מרדכין.

אַז המן האָט דאָס דערהערט, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן: געהערט אַ מעשה? ער קומט בעטן דעם מלך, ער זאָל אים לאָזן אויפהענגען מרדכין, הייסט אים גאָר דער מלך אָנטאָן מרדכין אַזאַ כבוד! אָבער אַז דער מלך הייסט, מוז מען פאָלגן. איז המן אַוועק און האָט אָנגעטאָן מרדכין אין די קעניגלעכע קליידער און אַרויפגעזעצט אים אויפן קעניגלעכן פערד און אָנגעטאָן אים די קעניגלעכע קרוין אויפן קאָפּ, און המן האָט אַזוי אַרומגעפירט מרדכין איבער אַלע גאַסן און געשריען אויפן קול: „אַזוי ווערט געטאָן צום מענטשן, וואָס דער קעניג האָט אים ליב!"

און קליינע קינדער האָבן דאָס געזען, האָבן זיי זיך געפרייט און גע־טאַנצט און געשפּרונגען און געזונגען:

מרדכי הצדיק פאָרט אויפן פערד,
המן הרשע גייט אויף דער ערד!

— ד —

און אסתר המלכה איז דערווייל געקומען צום מלך און האָט אים גע־בעטן, ער זאָל ניט לאָזן המן דעם רשע אויסהרגענען אַלע יידן, ווייל זי אַליין איז אויך אַ יידישע, און אויב מע וועט אויסהרגענען אַלע יידן וועט מען זי אויך דאַרפן הרגענען.

האָט דער מלך דערזען, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט ער האָט געטאָן, איז ער אין כעס געוואָרן אויף המנען און ער האָט געהייסן אויפהענגען המנען

אויף דער זעלבער תּליה, וואָס המן האָט געמאַכט פאַר מרדכין, און מרדכי און אַלע ייִדן זיינען געבליבן לעבן, און עס איז געווען פריילעך, לעבעדיק.

מען האָט געמאַכט אַ יום־טוב פּורים, וואָס מען איז פּטור געוואָרן פון אַזאַ שלעכטן מענטשן ווי המן הרשע, און מען איז אַרוים אין די גאַסן מיט טענץ און מיט געזאַנג.

און די קינדער האָבן געשלאָגן המנען מיט המן־קלאַפּערס, און מיט גראַגערס. און אַזוי איז אַלע יאָר, ווען עס קומט פּורים, דערמאַנט מען זיך אָן דער מעשה מיטן נאַרישן מלך, און עס ווערט אַזוי פריילעך, און מען עסט המן־טאַשן, און מע ליידיקט אוים אַלע פלאַשן, ווייל פּורים איז אַ מצוה צו נאַשן. פּורים דאַרף מען אַליין טרינקען און עסן און אויך אָן די אָרעמע ניט פאַרגעסן.

—— • ——

לאה קאַפּילאָוויטש

## פּורים

אויפגעשטאַנען, אָפּגעוואַשן,
אויסגעפּוצט זיך שיין;
גרייט איך אָן מיין נייעם גראַגער,
גלייך אין שול צו גיין.

דאָרטן לייענט די מגילה
אַזאַ הויכער מאַן:
ווי איך הער אים המן זאָגן,
מאַך איך: גראַן, גראַן, גראַן!

אין מגילה איינגעוויקלט
זיינען המנס פיל;
קען איך מיט מיין גראַגער גראַגלען,
וויפל נאָר איך וויל.

פּורים דאַרף איך ניט, ווי שטענדיק,
זיצן שטילערהייט;
ווייל מיין גראַגער דאַרף פאַרטומלען,
המנס בייזע רייד...

אַז מען קומט אַהיים צו מאַמען,
איז דער טיש געגרייט;
און די קרעפּלעך אין די טעלערס,
זינקען שטילערהייט.

המן־טאַשן מיט דריי שפּיצן,
בעטן: — גיב אַ ביס!
מאָן מיט צוקער גוט צעשטויסן,
אוי! ס'איז פעט און זיס!

נאָכן עסן, — שלח־מנות,
שיקט מען אונדז אַריין;
פּוטער־קיכלעך, רונדע טאָרטן,
פלעשער פול מיט וויין.

און צו מיר קומט צוקער־צאַצקעס
מענטשעלעך אַלערליי;
ווענעלעך וואָס קענען לויפן,
אַז מען גיט אַ דריי.

האָב איך דאָך אַזויפיל שפּילצייג,
שיק איך זיי צוריק;
משהן שיק איך צוקער־פערדעלעך
רחלען טאָרט אַ שטיק.

זיינען מיר מיט דעם פאַרנומען,
איילן זיך אָן אַ שיעור;
מאַמע שפּילט אין שלח־מנות
פונקט אַזוי ווי מיר...

נאָכדעם האָבן מיר אַ סעודה,
עסט מען און מען טרינקט;
קומען אָן די פּורים־שפּילער,
און דער קעניג זינגט.

אָט אַזוי איז ביי אונדז פריילעך,
ביז גאָר שפּעט ביינאַכט;
איך זאָל קענען, וואָלט איך פּורים
אַלע טאָג געמאַכט...

---

נחום יוד

# האַרבסט

עס פאַלט שוין אָפּ
דאָס גאָלד פון וועלדער,
אַ שוואַרצער ראָב
אויף וויסטע פעלדער.

אַלץ גרוי און געל...
אָ, זומער ליבער,
ווי שנעל, ווי שנעל,
דו ביסט אַריבער!...



י. גויכבערג

# האַרבסט

שאָרך, שאָרך...
און אַ בלעטל פאַלט.
שאָרך, שאָרך...
נעפּלדיק און קאַלט.

טריפּ, טראָפּ...
און אַ רעגן שפּריצט.
טריפּ, טראָפּ...
זומער גוססט איצט.

שאַ, שאַ...
טויט איז אַלץ אַצינד,
שאַ, שאַ...
הערסט, עס וויינט דער ווינט!...

דניאל פערסקי

# חנהלעס טאַטע

עס האָט געדעגנט. נײן, עס האָט געגאָסן װי פון צעבערס. דערצו האָט געבלאָזן אַ װינט, װאָס האָט געריסן בײמער און דעכער. איך האָב אָנגעטאָן אַ רעגן-מאַנטל, אַרויפגעצויגן הויכע גומענע שטיװל און גענומען אַ שירעם, און אַװעק אין שול. װען איך בין אַרויס אין דרויסן האָב איך דעם רעגן-מאַנטל פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלעך, דעם שירעם האָב איך געעפנט און אײנגעבויגן דעם קאָפּ, אַז דער רעגן זאָל נישט שמייסן מײן פּנים. דאָך בין איך געװאָרן, אין געציילטע מינוטן, נאַס ביזן ביין.

איך האָב זיך קוים, קוים דערשלעפּט ביז דער שול. אין קאָרידאָר פון שול איז געשטאַנען מײן שילערין חנהלע, דאָס אָרעמע אויסגעדאַרטע חנהלע, װאָס איז אַלעמאָל געגאַנגען אין צעריסענע שיך. זי איז געשטאַנען און זיך געטרייסלט פון קעלט. איך האָב געװאָלט איר פרעגן פאַרװאָס זי איז נישט אַרויף אין קלאַס-צימער, װוּ עס איז װאַרעם? אָבער מיט אַמאָל האָב איך דערזען װי איר טאַטע לויפט אין גאַס. ער לויפט מיט אימפּעט, די שיך װיים פון װאַסער, דאָס רעקל פאַרשפּריצט מיט רויטער פאַרב, אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַן איבערגעקערטן זאַק און דער ייד איז אויסגענעצט, אַז עס איז אויף אים נישטאָ קיין טרוקענער פאָדעם.

ער איז אַרײנגעלאָפן אין קאָרידאָר, אָפּגעטרייסלט דעם רעגן און אַרויסגענומען פון הינטערן העמד אַ דין פּעקעלע און אַרויסגערעדט מיט פרייד צו חנהלען:

— נאָ, קינד מײנס, זעסט, איך האָב געהאַלטן װאָרט!

אָפּגעזאָגט די פּאָר װערטער האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דאָס דאַרע מיידעלע, זי אויפגעהויבן, איר אַ קוש געטאָן אויף די ליפּן און איז אַרויסגעלאָפן.

חנהלע איז צו מיר צוגעפאַלן אַ פריידיקע:

— איר זעט, לערער, איך האָב שוין דאָס נײע ביכל. מײן טאַטע האָט עס מיר געקויפט. איך בין געבליבן שטיין װי אַ צעטומלטער. יאָ, נעכטן האָב איך אָנגעזאָגט די קינדער, אַז זיי מוזן ברענגען דאָס נײע לערן-ביכל אין קלאַס. חנהלעס טאַטע, אַן אָרעמער שומר ביי אַ נײער געביידע, האָט װייזט אויס, אַראָפּגעגנבעט צייט פון זײן אַרבעט און איז געלאָפן אין רעגן און שטורעם קויפן אַ יידיש ביכל פאַר זײן קינד.

איך האָב אָנגענומען חנהלען ביי דער האַנט און געזאָגט צו איר נאָר צװיי װערטער:

— „קום, חנהלע"!...

מער האָב איך נישט געקאָנט זאָגן, װײל עס האָט מיך געשטיקט צו װײנען.

## אגדה

# יוסף מוקיר שבת

— א —

ביי א רייכן פריץ האָט אַמאָל געוווינט אַן אָרעמער ייד יוסף. ער האָט געאַרבעט אין די פעלדער, סעדער און וויינגערטנער פון דעם פריץ. דער פריץ איז געווען אַ שלעכטער — און האָט יוספן גענייט צו טאָן די שווער־סטע אַרבעט פון פרימאָרגן ביז בייַנאַכט, און פלעגט אים נאָך אָפּנאַרן ביים באַצאָלן.

אָט דער אָרעמער ייד האָט געטריי אָפּגעהיט שבת. אַ גאַנצע וואָך פלעגט יוסף און זיין הויזגעזינד עסן נאָר ברויט מיט וואַסער, אָבער אויף שבת פלעגט ער אָנגרייטן פאַר דעם לעצטן גראָשן פיש און פלייש און זיך איבערטאָן אין שיינע קליידער. און דערפאַר האָבן אים אַלע, ווער עס האָט אים געקענט, טאַקע אַ נאָמען געגעבן: יוסף דער שבת־היטער. יוסף האָט זיין באַלעבאָס געטריי געדינט, און דער פריץ איז פון טאָג צו טאָג רייכער געוואָרן.

— ב —

איין מאָל חלומט זיך דעם פריץ אַ חלום, אַז אַן אַלטער מאַן מיט אַ גרייז־גרויער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן מאַנטל, איז אַריין אין זיין פּאַ־לאַץ.

דער אַלטער האָט זיך גענומען בייזערן אויף אים דערפאַר. וואָס ער נייט יוספן אַזוי שווער צו אַרבעטן, און צום סוף האָט ער געזאָגט: „דיין גאַנץ האָב און גוטס האָט דיר יוסף אַריינגעבראַכט, צו אים וועט דאָס מיט דער צייט געהערן".

דער פריץ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ דערשראָקענער: „ווי זאָל איך אָפּראַטעווען מיין גוטס פון דעם יידנס הענט?" — האָט ער לאַנג געקלערט. און צום סוף האָט ער באַשלאָסן: איך וועל פאַרקויפן אַלע מיינע גיטער, מיינע פעלדער און וועלדער און פאַר דעם געלט וועל איך קויפן אַ טייערן איידלשטיין. און דעם שטיין וועל איך שוין קענען אויסהיטן פון דעם יידנס הענט.

געזאָגט און געטאָן. ער האָט זיין גאַנץ אייגנס געמאַכט צו געלט, און פאַר דעם געלט האָט ער געקויפט אַ זייער טייערן דימענט און אים איינ־געניימט אין זיין היטל.

— איצט וועט שוין יוסף אַ ביסל וואַרטן, ביז ער וועט קומען צו מיין גוטס! — האָט זיך דער פּריץ געטראַכט אין האַרצן.

— ג —

איין מאָל איז דער פּריץ געגאַנגען איבער אַ בריק. האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שטאַרקער ווינט, האָט אים אָפּגעריסן דאָס היטל פון קאָפּ און פאַרטראָגן אין טייך אַריין. איז געקומען צו שווימען אַ גרויסער פיש און איינגעשלונגען דעם טייערן שטיין. איז געקומען אַ פישער צום טייך און האָט דעם פיש געכאַפּט. דער פישער האָט דעם פיש געבראַכט אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן, נאָר קיינער האָט אים נישט געוואָלט קויפן, ווייל דער פישער האָט געבעטן פאַר אים אַ גרויסן פּרייז.

טראַכט זיך דער פישער: — איך וועל אָקאָרשט אַריינגיין צו יוספן. אָט דער אָרעמאַן קאַרגט נישט קיין געלט אויף פיש אויף שבת.

יוסף האָט געקויפט דעם פיש. אַז מען האָט דעם פיש געמאַכט אויף שבת, האָט מען אין אים געפונען דעם דימענט.

נאָך שבת האָט יוסף פאַרקויפט דעם טייערן שטיין און איז געוואָרן אַ גרויסער גביר.

———•———

יעקב אדלער

# שבת פאַרנאַכט

עס גייט שוין אַוועק זיך,
דער הייליקער שבת,
אין שטיבל ווערט פינצטער,
אין שטיבל איז שטיל;

עס שעפּטשעט די מאַמע:
„אך גאָט פון אברהם" —
זי שעפּטשעט די תּפילה
מיט האַרץ און געפיל.

אך גאָט פון אברהם,
פון יצחק, פון יעקב,
פאַרנעם דאָך מיין תּפילה
אין הימלס געצעלט —

און שיק מיר פּרנסה,
און ריכט אויף מיין מזל,
און ליכטיק זאָל ווערן
מיין פינצטערע וועלט...

———•———

נ. ב.

# שבת

אַרבעט וועלט, די גאַנצע וואָך,
איינגעשפּאַנט אין שווערן יאָך
ווייסט ניט פון קיין רו;

אַרבעט שווער די גאַנצע וועלט,
מענטש אין הויז און פערד אין פעלד,
אַלע ווילן רו.

קרעכצן מענטשן, חיות שרייען:
— גיט כאָטש איין טאָג אונדז אַ פרייען,
איין טאָג רו אין וואָך!

און דער לערער משה הערט
ווי עס וויינט די גאַנצע ערד,
וויינט און קרעכצט נאָך רו,

משה הערט און הייבט זיך אויף
אויף גאָטס באַרג שטייגט ער אַרויף
זוכן רו פאַר וועלט.

און ער ברענגט די לוחות צוויי,
איז געשריבן דאָרט אויף זיי:
— וועלט, וועסט האָבן רו!

אַרבעט זעקס טעג אין דער וואָך,
שבת ביסטו פריי פון יאָך,
שבת איז פאַר רו.

הערן יידן, זאָגן צו
אָפּצוהיטן שבת־רו,
רוטאָג אין דער וואָך.

און זיי שטעלן אויף דעם טיש
ליכט און חלות, פלייש און פיש
פאַר דער מלכה שבת.

שלום עליכם

# עק וועלט

דאָרט, אויף יענער זייט בית-עולם, הינטער דער שטאָט, גייט זיך צו-נויף דער הימל מיט דער ערד.

דאָרט, אויף יענער זייט בית-עולם, הינטער דער שטאָט, איז עק וועלט.

אַזוי האָבן מיר אין חדר אָפּגעפּסקנט און האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך צונויפזאַמלען זיך שבת-ביינאַכט, ווען דער עולם, ווען אַלע יידן, ווען די גאַנ-צע שטאָט, שלאָפן מיט אַ זיסן שטאַרקן שלאָף. און זיך לאָזן גיין און גיין ביז עק וועלט.

שבת בייטאָג, ווען דער עולם, ווען אַלע יידן. ווען די גאַנצע שטאָט זיינען געשלאָפן מיטן זיסן שבתדיקן שלאָף. האָבן מיר זיך צונויפגעזאַמלט און זיך געלאָזט גיין און גיין ביז עק וועלט.

און מיר זיינען געגאַנגען — צי אַ שעה, צי צוויי, צי דריי — ווייס איך נישט; נאָר מיר זיינען ב"ה מיט גאָטס הילף געקומען בשלום ביז דער מיל, ביז דער ווינט-מיל. דאָ, ביי דער ווינטמיל, האָבן מיר זיך געזעצט רוען; זיך צוגעזעצט, צוגעלייגט; צוגעלייגט זיך, אויסגעצויגן זיך אויפן גרינעם גראָז, אויפן שמעקנדיקן גראָז און געכאַפּט אַ דרעמל.

יעדער פון אונדז איז פאַרנומען מיט זיין זאַך, מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין פאַרגעניגן; ס'איז שטיל. קיינער זאָגט נישט קיין וואָרט; קיינער וויל, מע זאָל אים איבערשלאָגן, קיינער וויל יענעם איבערשלאָגן.

ווו זשע איז עק וועלט? — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון אונדז.

— אָט דאָ איז דאָך עק וועלט, נאַרעלע! — האָט אים דער אַנדערער געענטפערט.

און ס'איז ביי אונדז אַלעמען געבליבן דער הסכם. אַז דאָ, הינטער דער ווינטמיל, איז עק-וועלט; אַז ווייטער פון דער מיל איז הרי-חושך, די פינצ-טערע בערג וואָס זיינען באַדעקט מיט שוואַרצן גראָז, און דאָרט, אויף די בערג געפינען זיך עד-היום קליינע יידעלעך מיט לאַנגע בערד ביז די שפּיץ פינגער פון די פיס.

און אויף יענער זייט בערג איז דער פאַרגליווערטער ים, ווו דער שטור-רעם-ווינט פאַרטרייבט אַהין אַלע אָקרענטן מיט אַלע שיפן, און וואָס קיי-נער קומט שוין פון דאָרט נישט צוריק...

נחום יוּד

# יידן

יידן, פרעה און מצרים,
ליים און ציגל, שקלאַפעריי...
נאָכדעם משה און באַפרייאונג —
אַ געשיכטע אייביק ניי.

לאַנג, שוין לאַנג ניטאָ איז פרעה,
אונדזער אַלטער, בייזער פיינט.
נאָר אַמאָליקע געפאַרן —
לויערן אויף אונדז נאָך היינט.

שטענדיק מדבר אונדז אַנטקעגן,
און אהינטער אונדז — דער ים,
נאָר מיר וועלן אויף די וועגן
איבערקומען יעדן צאַם.

איז פאַר אונדזער פאָלק דעם גרויסן
און פאַר אונדזער אייביק זיין,
העכער, העכער הייבט די כוסות
און מיט שמחה טרינקט דעם ווייַן.

---

שלום עליכם

# אליהו הנביא

נישט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, אַ ציטערדיקער ביי טאַטע־מאַמע, „פון זיבן איינער געבליבן". דאָ ניט שטיי, דאָ ניט גיי. דאָס ניט עס, דאָס ניט טרינק, דעם קאָפּ דעק צו, דעם האַלדז פאַרבינד, די הענט באַהאַלט, די נאָז שנייץ אויס. אַך, ניט גוט. ניט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, און נאָך אַ נגידס אַ יינגל דערצו.

קיים דערלעבט פסח, דעם ליבן טייערן פסח. אויסגעקליידט האָט מען מיך אין בגדי־מלכות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ נגידס אַ ייִנגל. וואָס קומט מיר אָבער אַרויס, אַז איך טאָר ניט אַרומשפּרינגען אין דרויסן — איך וועל זיך פאַרקילן. אַז איך טאָר ניט אַרומלויפן מיט אַלע קבצנישע קינדער — איך בין אַ נגידס אַ ייִנגל. אַזעלכע שיינע מלבושים — ניטאָ פאַר וועמען צו באַרימען זיך. אַ פולע קעשענע מיט ניס — ניטאָ מיט וועמען צו שפּילן.

ניט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, אַ ציטעריקער, וואָס פון זיבן איינער געבליבן, און נאָך אַ נגידס אַ ייִנגל דערצו.

דער טאַטע האָט אָנגעטאָן די בעסטע קאַפּאָטע און איז אַוועק אין שול דאַווענען. זאָגט צו מיר די מאַמע: „ווייסטו וואָס? לייג זיך צו, שלאָף זיך אויס, וועסטו קענען זיצן ביים סדר, וועסטו פרעגן דעם טאַטן די פיר קשיות".

משוגע בין איך? פאַרן סדר וועל איך גיין שלאָפן! „געדענק זשע, פסח צום סדר טאָר מען נישט שלאָפן. וואָרים טאָמער חלילה ווערסטו אַנטשלאָפן ביים סדר, אַזוי קומט אליהו הנביא מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס... פסח ביינאַכט גייט אליהו הנביא און קוקט: ווער עס שלאָפט ביים סדר, דעם נעמט ער צו אין זאַק אַריין"... כאַ־כאַ. איך וועל אַנטשלאָפן ווערן ביים סדר? איך? און אַז מע זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט? און אפילו ביזן ווייסן טאָג אַריין? ווי אַזוי איז געווען מאַמע פאַראַיאָרן? „פאַראַיאָרן ביסטו אַנטשלאָפן געוואָרן באַלד נאָך קידוש" — פאַרוואָס זשע איז נישט געקומען צו מיר דעמאָלט אליהו הנביא מיטן זאַק? „דעמאָלט ביסטו נאָך געווען אַ קליינינקער, היינט ביסטו אַ גרויסער. היינט דאַרפסטו פרעגן דעם טאַטן די פיר קשיות, היינט דאַרפסטו זאָגן מיטן טאַטן „עבדים היינו", היינט דאַרפסטו עסן מיט אונדז פיש און יויך און קניידלעך... שאַ, אָט גייט דער טאַטע פון שול!"

— גוט יום־טוב!

— גוט יום־טוב!

דאַנקען גאָט, דער טאַטע האָט אָפּגעמאַכט קידוש, איך אויך. דער טאַטע האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטן כוס, איך אויך. און דווקא אַ פולן כוס און דווקא ביזן דנאָ. „זע נאָר, ביזן דנאָ!" — זאָגט די מאַמע צום טאַטן. און מיר זאָגט זי „אַ פולן בעכער מיט וויין? וועסט אַנטשלאָפן ווערן"... כאַ־כאַ! איך וועל אַנטשלאָפן ווערן! איך? און אַז מע זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט, אפילו ביזן ווייסן טאָג אַריין? אַנו, פרעגט דעם טאַטן, ווי אַזוי האָב איך אָפּגעקלאַפּט די פיר קשיות? ווי אַזוי זאָג איך די הגדה? ווי אַזוי שאָקל איך זיך איבערן סידור און זינג מיטן טאַטן „עבדים היינו"?... און די מאַמע לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון מיר און שמייכלט און זאָגט צו מיר: „וועסט אַנטשלאָפן ווערן, אַנטשלאָפן ווערן" עך, מאַמע, מאַמע!!! מיר דאַכט זיך, מע זאָל זיין מיט אַכצן קעפּ קען מען פון דעם אַליין אַנטשלאָפן ווערן! אַנו,

לאָז מען זיך אַוועקזעצן איינער אַקעגן און זינגען אייך אין אויער: „אַנט־שלאָפן ווערן, אַנטשלאָפן ווערן".

פאַרשטייט זיך אַז איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן...

אַנטשלאָפן געוואָרן, חלומט זיך מיר, אַז דער טאַטע האַלט שוין ביי „שפוך חמתך", די מאַמע אַליין שטייט אויף פון טיש, גייט עפענען די טיר מקבל פנים זיין אליהו־נביאן.

שיין וועט זיין, טאָמער קומט טאַקע אלי־נביא, ווי די מאַמע זאָגט, מיטן זאַק אויף די פּלייצעס און זאָגט צו מיר: „קום בחור"! און ווער וועט זיין שולדיק אין דעם אַז נישט די מאַמע אַליין מיט איר „שלאָף ניט"?... און אַזוי ווי איך טראַכט מיר די דאָזיקע מחשבות, אַהאַ! הער איך אַ סקריפּ פון דער טיר און דער טאַטע שטייט אויף און רופט אויס אויף אַ קול: „ברוך הבא"! איך קוק מיך איין צו דער טיר — יאָ, ס'איז ער. ער גייט, ער גייט. פּאַוואָלינקע, קוים וואָס מע הערט. אַ שיינער ייד אליהו הנביא, אַן אַלטער מאַן. אַ זקן מיט אַ גרייז גרויער באָרד ביז די קני, דאָס פּנים אַלט, געל, געקנייטשט. נאָר שיין און גוט איז ער אָן אַן עק. און אויגן, אַך אויגן! גוטע, ווייכע, פריינדלעכע, ליבע, געטרייע אויגן. איינגעבויגן, אָנגעלענט אויף אַ גרויסן, גרויסן שטעקן מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, און שאַ, שטיל, אָן ווערטער — און גלייך צו מיר.

— נו, יינגעלע, אַריין צו מיר אין זאַק אַריין און קום! — אַזוי זאָגט צו מיר אָט דער אַלטיטשקער און דווקא מיטן גוטן, און דווקא אַזוי ווייך, אַזוי זיס.

פרעג איך אים: וווהין? מאַכט ער צו מיר: „וועסט שוין נאָכדעם זען"... וויל איך נישט. זאָגט ער מיר נאָכאַמאָל. בעט איך מיר ביי אים: „ווי קען איך מיט דיר גיין, אַז איך בין אַ נגידס אַ יינגל?" זאָגט ער: „און אַז אַ נגידס אַ יינגל וואָס ביסטו פאַר אַ מיוחס"? זאָג איך: „איך בין ביי טאַטע־מאַמע אַ בן־יחיד..." זאָגט ער: „ביי מיר ביסטו ניט קיין בן־יחיד". זאָג איך: „אַ ציטעריקער, פון זיבן איינער געבליבן". זיי וועלן. זאָג איך, דערזען אַז איך בין נישטאָ, וועלן זיי דאָס נישט אויסהאַלטן, זיי וועלן שטאַרבן און דער־הויפּט די מאַמע"... קוקט ער אויף מיר, דער אַלטיטשקער, מיט גוטן און מאַכט צו מיר ווייך און זיס ווי פריער: „גייסטו נישט מיט מיר, טאָ שלאָף געזונט, נאָר ווער אַנטשלאָפן אויף אייביק"... הייב איך אָן צו וויינען: „הייסט דאָס אַז איך זאָל שטאַרבן? זיי וועלן דאָס נישט אויסהאַלטן. אי־בערהויפּט די מאַמע"... „ווילסטו נישט שטאַרבן טאָ קום מיט מיר, געזעגן זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע און קום"... סטייטש, ווי קען איך גיין, אַז איך בין אַ בן־יחיד, פון זיבן איינער געבליבן?" מאַכט ער צו מיר שוין שטאַר־קער: „צום לעצטן מאָל, יינגעלע, קלייב זיך אויס איינס פון צוויי: אָדער געזעגן זיך אָפּ פון טאַטע מאַמע אויף שטענדיק און קום מיט מיר, אָדער בלייב דאָ און ווער אַנטשלאָפן אויף אייביק, אויף אייביק..."

אָפּגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער. טרעט ער אָפּ פון מיר אויף איין שפּאַן און וויל שוין אויסקערעווען זיך צו דער טיר. וואָס טוט מען דאָ? אַוועקגיין מיטן אַלטן. גאָט ווייס וווהין, פאַרפאַלן ווערן, — וועלן טאַטע-מאַמע שטאַרבן: אַ בן־יחיד פון זיבן איינער געבליבן... בלייבן דאָ און אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק, הייסט דאָך דאָס, איך אַליין זאָל שטאַרבן... צי איך אוים צו אים ביידע הענט מיט טרערן אין די אויגן: „אליהו הנביא! גוטער, ליבער, האַרציקער אליהו! גיב מיר איין מינוט צו באַטראַכטן זיך"! דרייט ער אוים צו מיר דאָס שיין, אַלט, געל, געקנייטשט פּנים מיט דער גרייז־גרויער באָרד ביז די קני, קוקט אויף מיר מיט זיינע שיינע, ליבע געטרייע אויגן און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכל: „איין מינוט אויף צו באַטראַכטן זיך — גיב איך דיר מיין קינד, אָבער נישט מער ווי איין מינוט"...

דער אַלטיטשקער לענט זיך אָן אויף זיין גרויסן, גרויסן שטעקן און וואַרט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פרעגט זיך: וואָס האָב איך אין דער מינוט באַדאַרפט צוטראַכטן אַזעלכעס, אַז איך זאָל נישט דאַרפן, נישט גיין מיטן אַלטן און נישט אַנט־שלאָפן ווערן אויף אייביק? אַנו, ווער וועט טרעפן?...

י. לוקאָווסקי

# חד גדיא

אַ פּסחדיקע לידעלע
זינג איך אייך מיט ניגון;
אַ מוסר פֿאַר די עלטערע,
פֿאַר קינדער־פֿאַרגעניגן. —
חד־גדיא! חד־גדיא!

איך האָב פֿאַר אייך אַ מעשהלע,
אַ מעשהלע גאָר שיין;
דער טאַטע האָט אַ ציגעלע
געקויפֿט פֿאַר צוויי גילדיין;
אַ ציגעלע אַ ווייסינקע,
אַ שייניקע ווי גאָלד.
און צוויי גילדיין מזומנע
האָט ער פֿאַר איר באַצאָלט.

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע!
הערט אויס אָבות ובנים, —
דער פֿאָטער האָט באַצאָלט פֿאַר איר
צוויי גילדיין מזומנים.
חד־גדיא! חד־גדיא!

איז דאַך אין הויף אַ קאַץ געווען,
אַ מזיק, ווי באַוווּסט;
האָט קעצלען זיך פֿאַרצוקן גאָר
דאָס ציגעלע פֿאַרגלוסט:
געכאַפּט עס מיט די נעגל גלייך,
געמאַכט פֿון דעם אַ סוף...
וואַרט, וואַרט, מרשעת קעצעלע,
באַקומסט שוין באַלד דיין שטראָף!

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

דערזען האָט עס הינטעלע —
פֿאַרדריסט עס אים גאַנץ שטאַרק.
ער וואַרפֿט זיך אויף דער בייזער קאַץ
און בייסט איר איין דעם קאַרק.

קומט שטעקעלע אין כעס אַריין
און טראַכט גאָר נישט קיין סך —
ער שפּאַלט דאָס קעפּל הינטעלען:
— דו הונט ס'איז נישט דיין זאַך!

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

האָט זיך צעפּלאַקערט פֿייערל,
פֿאַר כעס צונטער־רויט:
— דו שטעקעלע, דו פּלעקעלע,
איך מאַך דיר באַלד אַ טויט!
פֿאַרוואָס האָסטו דאָס הינטעלען
געבראָכן רוק און לענד?
דערפֿאַר זאָלסטו מיר אויפֿן אָרט
דאַ ווערן גלייך פֿאַרברענט!

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

וואָלט אפשר טאַקע פֿייערל
געווען גערעכט דערמיט, —
נאָר גיין פֿאַרברענען שטעקעלען —
איז אויך קיין יושר ניט.
נאָר וואָס־זשע טוט דאָס וואַסערל?
עס פּלייצט פֿון קוואַל אַרויס
און גיסט זיך אויס אויף פֿייערלען
און לעשט אים תכף אויס.

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

אַ גרויסן קאָפּ האָט עקסעלע,
נאָר שכל זייער קנאַפּ;
ער לאָזט זיך בייז צו וואַסערלען
און זופּט אויס ביז אַ קאַפּ.
— אָט דאָס איז דיין גערעכטיקייט,
דו אָקס, דו נאַר, דו טראָפּ?
קומט שוחט מיטן חלף אָן
און קוילעט עקסלען אָפּ.

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

דערזעט דער מלאך־המות דאָס
און גורט די לענדן אָן:
— אַך שוחטל, דו קיילערל,
וואָס האָסטו דאָס געטאָן?
ער שטעלט אַ טויזנט אויגן אויף
און ציט זיין שווערד פון שייד;
— געקוילעט האָסטו עקסלען —
טאָ זיי אַליין געטויט.

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

קומט אָן הקדוש־ברוך הוא
זיין משפט איז גערעכט
ער זעט, דער מלאך פונעם טויט
האָט דאָ געהאַנדלט שלעכט.
האָט ער דעם מלאך־המות גלייך
געשאָכטן מיט זיין שווערד.
כדי אמת און גערעכטיקייט
זאָל הערשן אויף דער ערד.

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע! א. אַ. וו.

ב. סיגאַל

# גיטעלעס געבוירנטאָג

גיטעלע האָט צוויי געבוירנטעג. איינער פאַלט אויס אַלע יאָר דעם זעלבן טאָג אין מאַי, און דער אַנדערער, דער יידישער, פאַלט אויס ל״ג בעומר. ווען דער לערער האָט געפרעגט גיטעלען ביים פאַרשרייבן זי אין שול, ווען זי איז געבוירן געוואָרן, האָט זי געענטפערט ל״ג בעומר. און אַזוי האָט טאַקע דער לערער פאַרשריבן אין ביכעלע, וווּ ער פאַרשרייבט די געבוירנטעג פון אַלע קינדער פון דער שול. און אַזוי פייערט גיטעלע איר געבוירנטאָג צוויי מאָל, איינס נאָכן אַנדערן. איר לערערין און אירע קלאַס־חברטעס אין דער אַרגענטינער שול, באַגריסן זי און גיבן איר מתנות צו איר געבוירנטאָג וואָס פאַלט אויס אין מאַי, יעדעס יאָר אין דעם זעלבן טאָג, און אין דער יידישער שול, גיט איר דער לערער אַ יידיש ביכעלע, אַ מתנה צו איר געבוירנטאָג אין ל״ג בעומר.

גיטעלע איז אַלט געוואָרן צען יאָר. די מאַמע האָט פאַר גיטעלעס קלאַס אָפּגעבאַקן אַ האָניק־לעקעך און געקויפט צוקערקעס און נים. זי האָט דאָס געבראַכט אין שול אַריין, פונקט דעמאָלט ווען דער קלאַס האָט זיך אויסגע־

זעצט אויף די ערטער. דער לערער האָט געזאָגט, אַז אַזוי ווי היינט איז ל״ג בעומר, וועט מען שוין היינט נישט לערנען, נאָר זינגען און פאַרברענגען אין צווייען, אי צוליב גיטעלעס געבוירנטאָג, אי צוליב ל״ג בעומר. די קינדער האָבן זיך שטאַרק געפרייט. די מאַמע האָט זיי אַלעמען געגעבן אויף טעלערלעך שטיקלעך לעקעך, צוקערקעס מיט ניס, און די קינדער האָבן אויסגעזונגען אַלע שול־לידלעך וואָס זיי האָבן געקענט. דערנאָך האָט דער לערער געגעבן גיטעלען אַ מתנה אַ ביכעלע מיט רויטע טאָוולען און געזאָגט:

אַזוי ווי דיין געבוירנטאָג פאַלט אויס אום ל״ג בעומר, וועל איך דיר געבן אַ מתנה „די ל״ג בעומר סעודה״ פון שלום עליכם.

גיטעלע האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטל, גענומען די מתנה וואָס דער לערער האָט איר דערלאַנגט... און זי האָט קוים געקענט אַרויסזאָגן שטיל: — איך דאַנק אייך...

אגדה

# צוויי ברידער

אַמאָל זיינען געווען צוויי ברידער. דער עלטערער האָט נישט געהאַט קיין ווייב, נישט קיין קינדער; דער ייִנגערער האָט געהאַט אַ ווייב מיט קליינע קינדערלעך. זיי זיינען ביידע געווען אָרעמע ערד־אַרבעטער און האָבן ביידע געהאַט נאָר איין שטיקל ערד, וואָס דער פאָטער האָט זיי איבערגעלאָזט בירושה. די ברידער האָבן נישט געוואָלט צעטיילן צווישן זיך זייער ירושה, ווייל זיי האָבן ליב געהאַט איינער דעם אַנדערן. זיי פלעגן באַאַרבעטן די ערד צוזאַמען, און פלעגן דערנאָך זיך צעטיילן מיט די גאַרבן גלייך אויף גלייך, און יעדער פון זיי פלעגט אַוועקלייגן די קופּעס גאַרבן לעבן זיין געצעלט.

איינמאָל איז דער עלטערער ברודער, באַלד נאָך אָפּשניידן די תבואה, געלעגן ביינאַכט אויף זיין געלעגער און נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן זיין ברודער: „ער האָט אַ פרוי מיט קינדער און דאַרף זיי געבן עסן און מאַכן פאַר זיי אַ קלייד און אַ שוך. אָבער איך בין מיר איין מענטש אויף דער וועלט; וואָס דאַרף איך? — אָפּעסן און גאָר! פאַר וועמען האָב איך צו זאָרגן? היינט, ווי אַזוי נעם איך דאָס פון דער תבואה אַזאַ חלק, ווי מיין ברודער? דאָס איז נישט קיין יושר!״

און ער איז אויפגעשטאַנען אַרום האַלבער נאַכט פון זיין געלעגער, און האָט אין דער שטיל איבערגעלייגט אַ טייל פון זיינע גאַרבן אין דעם ברודערס קופּע. און ווען ער האָט אָפּגעטאָן זיין אַרבעט, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט און איז גלייך זיס איינגעשלאָפן.

די זעלבע נאַכט, האָט אויך דער יינגערער ברודער נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער איז געלעגן און האָט געטראַכט וועגן זיין עלטערן ברודער: „אַ רחמנות אויף אים. ער איז נעבעך עלנט. איך האָב אַ ווייב מיט קינדערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זיין; אויף דער עלטער, וועלן מיינע קינדער מיך אויסהאַלטן. אָבער וואָס וועט מיט אים זיין אויף דער עלטער? היינט, ווי אַזוי טיילן מיר דאָס די תבואה פון פעלד גלייך אויף גלייך? דאָס איז נישט קיין יושר. ער דאַרף באַקומען אַ גרעסערן חלק!"

און נאָך גאַנץ פרי, פאַרטאָג, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט שטי־לערהייט איבערגעלייגט אַ טייל פון זיינע גאַרבן אין דעם ברודערס קופּע. נאָכדעם האָט ער זיך צוריק געלייגט און איז באַלד איינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן זענען די ברידער, אַז זייערע קופּעס זיינען ביידע גלייך; האָבן זיי זיך געוווּנדערט, נאָר געשוויגן.

די אַנדערע נאַכט האָבן די ברידער געטאָן דאָס זעלבע, וואָס נעכטן און אויף מאָרגן אינדערפרי האָבן זיי דערזען, אַז זייערע קופּעס זיינען ווי־דער גלייך. האָבן זיי זיך נאָך מער געוווּנדערט.

די דריטע נאַכט, ווען די ברידער האָבן איינער צום אַנדערן געטראָגן זייערע גאַרבן, האָבן זיי זיך באַגעגנט אין מיטן וועג. זיי זיינען געפאַלן איינער דעם אַנדערן אויפן האַלדז און מיט טרערן אין די אויגן גענומען קושן און האַלדזן זיך.

---

שלום עליכם

# קוואַס

## (פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס")

— א —

פאַר איין רובל — הונדערט רובל! הונדערט רובל אַ מאָנאַט און מער קען פאַרדינען יעדער איינציקער, ווער עס וועט זיך באַקענען מיט אונ־דזער בוך, וואָס קאָסט אינגאַנצן איין רובל מיט פּאָרטאָ. לויפט, קויפט! סטאַפּט, כאַפּט — איר וועט פאַרשפּעטיקן!

אַט אַזאַ מין זאַך האָט אויסגעלייענט ערגעץ אויף די בלעטער מיין ברודער אליהו. באַלד ווי ער האָט נאָר זיך דערוווּסט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ בוך אויף דער וועלט, אַזוי האָט ער אַוועקגעשיקט אויף דער פּאָסט אַ קערבל (דאָס לעצטע קערבל) און האָט אָנגעזאָגט דער מאַמען זי זאָל נישט זאָרגן מער.

— מאַמע! דאַנקען גאָט, מיר זיינען געהאָלפן.

— וואָס איז דען? — פרעגט די מאַמע. — האָסט געקריגן אַ שטעלע?

— נאָך בעסער פון אַ שטעלע, — ענטפערט איר מיין ברודער אליהו, און די אויגן ביי אים לייכטן, אַ פּנים פון גרויס שמחה, ער הייסט איר וואַרטן נאָך עטלעכע טעג, ביז דאָס בוך וועט אים אָנקומען.

— ב —

שאַט, שוין דאָ דאָס בוך! מיר האָבן דאָס נאָר אויסגעפּאַקט, האָט מיין ברודער אליהו זיך אַוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. וויי-וויי, וואָס ער האָט דאָרט אויסגעלייענט! אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ חודש דורך מאַכן די בעסטע טינטן. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונ־דערט רובל אַ חודש דורך מאַכן גוטע שוואַרצע שוכוואַקס. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ חודש דורך אַרויסטרייבן מייז. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ חודש און מער, דורך מאַכן ליקערן. זיסע בראָנפנס, לימאָנאַד, סאָדע-וואַסער, קוואַס און אַנדערע נאָך מער ביליקע געטראַנקען.

מיין ברודער אליהו האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן לעצטן רעצעפּט, אויף קוואַס! קוואַס איז אַזאַ מין געטראַנק, וואָס קאָסט וואָלוול און עס גייט אַ סך, בפרט נאָך אין אַזאַ הייסן זומער ווי היינט.

מיין ברודער אליהו לאָזט קיינעם נישט צו, בשעת ער מאַכט קוואַס. אַז ער גיסט וואַסער, זעען אַלע. נאָר אַז ער האַלט אין רעכטן מאַכן, פאַר־שליסט ער זיך אין דער מאַמעס אַלקער. נישט איך, נישט די מאַמע, קיי־נער טאָר נישט זיין דערביי. נאָר אויב איר זאָגט מיר צו, אַז ס'וועט זיין אַ סוד, קאָן איך אייך זאָגן, וואָס אין דעם געטראַנק געפינט זיך. איך ווייס דאָך, וואָס ער גרייט צו. דאָרטן געפינט זיך שאָלעכץ פון לימענע, שיטערע האָניק און דאָס איבעריקע — וואַסער. וואַסער איז דאָרטן דאָ מער פון אַלצדינג. וואָס מער וואַסער — מער קוואַס. דאָס אַלץ ווערט גוט אויס־געמישט מיט אַ שטעקן (אַזוי שטייט געשריבן אין בוך), און דאָס גע־טראַנק איז פאַרטיק. נאָכדעם ווערט עס אַריינגעגאָסן אין אַ גרויסן קרוג און מען וואַרפט אַריין אַ שטיק אייז. אָן אייז טויג דאָס גאַנצע געטראַנק נישט! דאָס זאָג איך אייך נישט פונעם בוך, נאָר איך האָב איינמאָל אַליין פאַרזוכט אַ ביסל קוואַס אָן אייז, האָב איך געמיינט, אַז ס'איז אַן עק פון מיין לעבן!

געמאַכט דאָס ערשטע פּעסל קוואַס, איז געבליבן, אַז אַרויסטראָגן פאַרקויפן אויף דער גאַס זאָל איך. ווער דען, אַז נישט איך? מיין ברודער אליהון פּאַסט נישט. דער מאַמען — אוודאי נישט! מיר וועלן גאָרנישט דערלאָזן, אַז די מאַמע זאָל אַרויסגיין מיט אַ קרוג איבערן מאַרק און שרייען: „קוואַס! קוואַס! יידן קוואַס!" איז געבליבן, אַז דאָס דאַרף זיין מיין אַרבעט. איך אַליין האָב אויך אַזוי גערעכנט. איך האָב זיך מחיה געווען, אַז איך האָב דערהערט די נייעס. מיין ברודער אליהו האָט גענומען מיך לערנען, ווי אַזוי איך זאָל טאָן. דעם קרוג זאָל איך האַלטן אין איין האַנט, און כדי דער עולם זאָל זיך אָפּשטעלן, זאָל איך זינגען הויך, און מיט אַ ניגון, אָט אַזוי:

יידן, אַ געטראַנק!
אַ קאָפּיקע אַ גלאָז!
קאַלט און זיס —
אַ דערקוויקעניש!...

אַ קול האָב איך אַ שיינס, אַ סאָפּראַנאָ שטים. האָב איך געגעבן אַ זינג אויס אויף אַ קול און האָב איבערגעדרייט אַלץ מיט די פיס אַרויף:

זיסער קוואַס אַ גלאָז!
אַ קאָפּיקע אַ ייד!
אַ קוויק און אַ קאַלט —
אַ דערטרינקעניש!...

איך ווייס נישט: צי מיין געזאַנג איז אַזוי געפעלן געוואָרן? צי דאָס געטראַנק איז טאַקע געווען אַזוי גוט? צי אפשר, ווייל דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער? איך האָב דעם ערשטן קרוג אויספאַרקויפט אין איין האַלבער שעה.

מיין ברודער אליהו האָט אָפּגעגעבן דאָס געלט דער מאַמען, און מיר האָט ער באַלד אָנגעגאָסן אַ פרישן קרוג. ער האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל מיך קענען אויסדרייען אַזוי פינף־זעקס מאָל דורכן טאָג, וועלן מיר האָבן פאַרדינט פונקט הונדערט רובל אַ חודש. דאָס געטראַנק קאָסט אונדז זייער וואָלוול, מען קען זאָגן כמעט גאָרנישט. דאָס גאַנצע געלט גייט אַוועק אויפן אייז.

נאָך מיר לויפן נאָך יינגלעך, זיי קרימען מיך איבער ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער ווי דעם קאָטער. איך זע וואָס גיכער צו פאַרקויפן דעם קרוג און לויפן אַהיים נעמען נאָך אַ קרוג. וויפל איך האָב געמאַכט דעם ערשטן טאָג, ווייס איך אַליין נישט. איך ווייס נאָר, אַז מיין ברודער אליהו מיט מיין מאַמען האָבן מיך שטאַרק געלויבט.

פאַרן שלאָף בעט מיר אוים די מאַמע אויף דער ערד און פרעגט מיך, צי עס טוען מיר נישט ווי חלילה די פיס. מיין ברודער אליהו לאַכט פון איר. ער זאָגט אויף מיר, אַז איך בין אַזאַ יינגל, וואָס מיר טוט קיינמאָל נישט וויי קיין זאַך.

— געוויס! — זאָג איך — אַ סימן, אויב איר ווילט, גיי איך באַלד מיטן קרוג אין מיטן האַלבער נאַכט.

אַלע דריי צעלאַכן זיך. נאָר אויף דער מאַמעס אויגן זע איך טרערן. נו, דאָס איז דאָך אַן אַלטער כלל — אַ מאַמע דאַרף וויינען! איך וואָלט וועלן וויסן: אַלע מאַמעס וויינען אַזוי שטענדיק ווי מיין מאַמע?

— ד —

עס גייט אונדז קיין עין־הרע דורך טיר און דורך טויער. איין טאָג איז הייסער פונעם אַנדערן. עס ברענט! מענטשן גייען אוים פאַר היץ, קינדער פאַלן אַזוי ווי פליגן. ווען נישט דאָס גלעזעלע קוואַס, וואָלט מען פאַרברענט געוואָרן. איך קער מיך אום מיטן קרוג אפשר צען מאָל אַ טאָג!

מיין ברודער אליהו קוקט אַריין אין פאַס אַריין מיט איין אויג און זאָגט, אַז עס טאָגט שוין. פאַלט ער אויף אַן עצה און גיסט צו נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער. אויף דער עצה בין איך געפאַלן פריער פון אים. איך מוז זיך מודה זיין פאַר אייך, אַז איך האָב אָפּגעטאָן אַ שפּיצל שוין עטלעכע מאָל.

כמעט אַלע טאָג כאַפּ איך זיך אַריין צו אונדזער שכנה פּעסע און גיב איר פאַרזוכן אַ גלעזל פון אונדזער אייגענעם געטראַנק. איר מאַן, משה ד'עם איינבינדער, גיב איך צוויי גלעזלעך; ער איז אַ גוטער מענטש. די קינדער אַלע גיב איך אויך צו גלעזלעך קוואַס. לאָזן זיי אויך וויסן וואָס פאַר אַ געטראַנק מיר קאָנען מאַכן. אַלע מיינע באַקאַנטע גיב איך קוואַס אומזיסט, אַן אַ קאָפּיקע געלט. און כדי ס'זאָל נישט זיין קיין שאָדן, דער־גים איך דעם קרוג מיט וואַסער. אויף איטלעכס גלעזל קוואַס, וואָס איך גיב אַוועק אומזיסט, דערגים איך צוויי גלעזלעך וואַסער.

דאָס אייגענע טוט מען אין דער היים אויך. למשל, מיין ברודער אליהו טרינקט אוים אַ גלעזל קוואַס, דערגיסט ער באַלד מיט וואַסער. די מאַמע פאַרזוכט אַמאָל אַ גלעזל קוואַס (זי דאַרף מען בעטן, אַליין וועט זי נישט נעמען!), דערגיסט מען באַלד מיט וואַסער. עס גייט נישט פאַרלאָרן קיין טראָפּן! און מיר מאַכן קיין עין־הרע פיין געלט. די מאַמע האָט זיך אַרום־געצאָלט מיט אַ סך חובות. אין שטוב האָט זיך באַוויזן אַ טישל, אַ בענקל, אויף שבת האָבן מיר פיש און פלייש און ווייסע קוילעטשן. מיר האָט מען צוגעזאָגט אויף ימים־טובים אַ פּאָר שטיוועלעך נייע. מיר דאַכט, אַז קיי־נעם איז נישט אַזוי גוט ווי מיר!

גייט זיינט אַ נביא און טרעפט, אַז ס׳וועט זיך טרעפן אַזאַ מין אומגליק און אונדזער געטראַנק וועט מער נישט טויגן. נאָך אַ גליק, וואָס מען האָט מיך נישט פאַרנומען אין פּאָליציי. הערט אַ מעשה! איינמאָל האָב איך פאַרבלאָנדזשעט מיטן קרוג קוואַס צו אונדזער שכנה פּעסע. דער גאַנצער עולם האָט גענומען צו גלעזלעך קוואַס און איך אַליין אויך מיט זיי. אויס־גערעכנט, אַז עס פעלט מיר אַ גלעזלעך צוועלף, דרייצן געטראַנק, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט אין הויז, דאָרטן ווו דאָס וואַסער שטייט ביי זיי. נאָר אָנשטאָט דעם פּאָס מיט וואַסער האָב איך אָפּנים געטראָפן צו דער באַליע ווו מען וואַשט גרעט, און האָב אַריינגעגאָסן אַ פופצן־צוואַנציק גלעזער צו מיר אין קרוג אַריין און בין אַוועק אין גאַס אַריין מיט אַ נייעם ניגון, וואָס איך אַליין האָב צוגעטראַכט:

> יידן, אַ געטראַנק!
> טעם גן־עדן!
> אַזאַ יאָר אויף מיר,
> אויף אייך און אויף אונדז בײדן!

שטעלט מיך אָפּ אַ ייד, באַצאָלט מיר אַ קאָפּיקע און ער הייסט זיך אָנגיסן אַ גלעזל קוואַס. ער טרינקט אויס די גאַנצע גלאָז און פאַרקרימט זיך.

— יינגעלע! וואָס איז דאָס ביי דיר פאַר אַ געטראַנק?

עס שטייען נאָך צוויי יידן און וואַרטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן. איי־נער זופּט אָפּ אַ האַלבע גלאָז, דער אַנדערער אַ דריטל. זיי באַצאָלן, שפּייען אויס און גייען אַוועק. נאָך איינער טראָגט צו די גלאָז צו די ליפּן. ער פאַרזוכט און זאָגט, אַז עס שמעקט מיט זייף און ס׳איז דאַכט זיך געזאַלצן. נאָך איינער טוט אַ קוק אויפן גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס איז דאָס ביי דיר?

— אַ געטראַנק, — זאָג איך.

— אַ געטראַנק? — מאַכט ער צו מיר — אַ געשטאַנק, נישט קיין געטראַנק!...

איינער גייט צו, פאַרזוכט. און טוט אַ גאָס אויס די גלאָז גלייך מיר אין פּנים אַריין. אין אַ מינוט אַרום שטייט אַרום מיר אַ גאַנץ רעדל מיט יידן, ווייבער און קינדער. אַלע רעדן, מאַכן מיט די הענט, קאָכן זיך. דער־זעט אַ פּאָליציסט, אַז מען קלייבט זיך, גייט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ? דערציילט מען אים. גייט ער און קוקט אַריין צו מיר אין קרוג און

הייסט זיך געבן פאַרזוכן. גיס איך אים אָן אַ גלעזל מיט קוואַס. דער פּאָ־ליציסט טוט אַ טרונק אָפּ און שפּייט אויס און ווערט זייער בייז.

— ווו האָסטו גענומען אַזאַ געטראַנק? — פרעגט ער מיך.

— דאָס איז פון אַ בוך, — זאָג איך אים, — מיין ברודערס מלאכה, מיין ברודער אַליין מאַכט דאָס.

— ווער איז דיין ברודער? — פרעגט ער מיך.

— מיין ברודער אליהו, — זאָג איך אים.

— וואָסער אליהו? — פרעגט ער מיך.

— רעד נישט, דו נאַרישער יאָלד, אויף דיין ברודער! — זאָגן צו מיר עטלעכע יידן אַלע אויף אַמאָל. עס ווערט אַ טומל. אַלע מינוט קומען צו נייע מענטשן. דער פּאָליציסט האַלט מיך פאַר אַ האַנט און וויל אונדז אָפּפירן (מיך מיטן געטראַנק) גלייך אין פּאָליציי אַריין. דער טומל ווערט גרעסער: „אַ יתום! נעבעך, אַ יתום!" — הער איך פון אַלע זייטן. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איך האַלט שמאָל. איך קוק אויפן עולם וואָס אַרום מיר: „יידן, האָט רחמנות!"... מען וויל אַריינרוקן דעם פּאָליציסט אַ מטבע. ער נעמט נישט. רופט זיך אָן צו מיר איינער אַן אַלטער ייד אַ ביסל פאַרשטעלט:

— מאָטל! רייס אַרויס דיין יד פון יון, און הייב אויף די רגלים און מאַך פליטה!

איך טו זיך אַ רייס אַרויס, נעם די פיס אויף די פּלייצעס און מאַרש אַהיים! נישט טויט, נישט לעבעדיק פאַל איך אַריין אין שטוב אַריין.

— ווו איז דער קרוג? — פרעגט מיך מיין ברודער אליהו.

— אין פּאָליציי! — ענטפער איך אים און פאַל צו צו דער מאַמען מיט אַ געוויין...

---

אברהם לעוו

# אונדזער געזונטע פרייד

כ'האָב היינט אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט קערב מיט מאַראַנצן,
עפּל געלדענע פון אונדזער בוים, פון אונדזער לאַנד.
אין אָוונט ווען מיר אַוועקלאָזן זיך טאַנצן,
אַקסל איינגעפרעסט צו אַקסל, האַנט צו האַנט.

ווער פילט עס די געזונטע פרייד, פון אונדזערע גלידער?
דעם געזונטן גליק פון בויען אונדזער היים?

איר זענט אַ שאָד מיר שוועסטער מיינע, ברידער,
וואָס פרעמד איז אייך דאָס לאַנד, און איר קענט זי נישט
פאַרשטיין.

איר זענט אַ שאָד מיר, ברידער מיינע, אין דער ווייטן,
און ס'טוט מיר וויי, וואָס ים האָט אונדז צעשיידט.
און איר קענט נישט זען ווי ס'וואַקסט אַ לאַנד און צייטיקט,
און איר קענט נישט פילן אונדזער געזונטע פרייד!

— • —

נ ח ו ם  י ו ד

# ווינטער־אָוונט

ווינטער־אָוונט; שטיל און רואיק
איז אין אונדזער הויז.
ביי דעם אויוון זיצט די באָבע,
האַלט מיך אויף איר שויס.

מיט אַן אומעטיקן שמייכל
קוקט זי אויפן פלאַם
און דערציילט מיר, ווי אַ פויגל
האָט געלעבט ביים ים.

ווי אַ שיף איז צוגעשוווּמען
צו אַן אינדזל ווייט,
וווּ געלערנטע האָבן תּורה
זיבן אַלטע לייט.

ווי אַ וואָרף געטאָן דער מלך
האָט זיין רינג פון גאָלד,
נאָר דאָס קינד צום אָפּגאָט בוקן,
האָט זיך נישט געוואָלט.

ווי אַ בעטלער איז געקומען
צו אַ גוטן ייד...
אָדער גאָר זי הייבט אָן זינגען
שטילערהייט אַ ליד:

ווי געפלויגן איז אַ פּאַווע
איבער גרינעם וואַלד,
ווי די כאַפּערס פלעגן כאַפּן
קינדערלעך מיט געוואַלד.

און איך הער זיך צו פאַרכישופט
צו דער באָבעס רייד,
און פון מיינע אויגן פאַלן
טרערן שטילערהייט.

קיינער איז נישטאָ אין צימער,
מער נישט מיר באַנאַנד,
און די טאַנצנדיקע שאָטנס
אויף דער ווייסער וואַנט.

— • —



מאַני לייב

# דער פרעמדער

קאַלט און פינצטער איז די נאַכט,
טיר און טויער צוגעמאַכט.

פענצטער בלינדע, אָן אַ שיין,
שטאַרן אין דער נאַכט אַריין.

קאַלט און פינצטער, קאַלט און שפעט,
שלאָפט זיך יעדער אין זיין בעט.

שלאָפן שלאָפט נאָר נישט דער ווינט
און די בילנדיקע הינט.

אויך דער פרעמדער שלאָפט נאָך נישט.
און מיט וואַקלענדיקע טריט,

און מיט שמאַטעס שטיק אויף שטיק,
און פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריק,

מיט אַ טאָרבע אויף די הענט, —
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט.

זעט ער ווייט אַ פאַלאַץ שטיין.
לאָזט ער זיך צום פאַלאַץ גיין.

ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אין דעם פּאַלאַץ אָן:

— טוק־טוק־טוק! — ווער קלאַפּט
אין טיר?

— „גוטע מענטשן, עפנט מיר!

איך בין עלנט אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...״

טוק־טוק!... — „פּרעמדער, גיי אַוועק!
אונדזער קליינעם קינד נישט וועק!

זאַט און וואַרעם אין ליו־ליו
שלאָפט זיך אונדזער קינד אין רו...״

בייגט דער פּרעמדער איין דעם קאָפּ,
קערט זיך פון דעם פּאַלאַץ אָפּ.

זעט ער ווייט אַ שטיבל שטיין,
לאָזט ער זיך צום שטיבל גיין.

ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אין דעם שטיבל אָן:

טוק־טוק־טוק! — ווער קלאַפּט אין טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!

איך בין עלנט אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...״

און דער פּרעמדער וואַרט נישט פיל,
עמיץ שאַרט זיך אין דער שטיל.

ביי דער טיר און ביי דעם שלאָס,
ס׳קומט אַרויס דער באַלעבאָס:

— פּרעמדער, פּרעמדער, קום אַריין,
וועסט מיין גוטער אורח זיין״.

און דער פּרעמדער בייגט זיך איין,
קריכט אין שטיבל קוים אַריין.

קומט אַריין און אָטעמט שווער,
קוקט אַהין און קוקט אַהער,

און ער זאָגט אַרויסעט גלייך:
— „נו, אַ פינצטערניש ביי אייך!״

ענטפערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפן נאַפט ניטאָ פּאַרוואָס.

— ווי־ווי־ווי, און איז ביי אייך דאָ קאַלט
ממש ווי אין מיטן וואַלד!״

ענטפערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפן האָלץ נישטאָ פּאַרוואָס.

— הייסט עס, ס׳איז נישט פריילעך דאָ.
און קיין ברויט איז אויך נישטאָ?״

ענטפערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפן ברויט נישטאָ פּאַרוואָס! — — —

אָך און ווי צו מיינע זינד!
אַז מיין הונגעריקעס קינד

האָט געוויינט פאַרשמאַכטערהייט:
„טאַטע, גיב אַ שטיקל ברויט!״

און אָן כוחות ליגט עס שטיל
איצטער אויפן האַרטן דיל...״

קראַצט דער פּרעמדער זיך דעם קאָפּ,
לאָזט זיך אויפן דיל אַראָפּ:

שפּרייט זיין אַלטע טאָרבע אויס,
און ער זאָגט אַזוי אַרויס:

— „אַז ס'איז פינצטער דאָ און קאַלט
ממש ווי אין מיטן וואַלד,

אַז קיין ברויט איז אויך נישטאָ,
לייג איך מיך זיך אָט! אָ־דאָ..."

איז ווי נאָר ער זאָגט אַזוי
טוט דער ערשטער האָן אַ קריי.

ווי עס קרייט אַזוי דער האָן,
צינדט דער לאָמפּ אַליין זיך אָן.

און דער אויוון גוט און פיין,
הייצט מיט האָלץ אַליין זיך איין.

און עס ווערט אַליין דער טיש
פול מיט טעלער, פלייש און פיש,

און מיט חלות און מיט ברויט,
ווי אויף יום־טוב צוגעגרייט.

און דער פרעמדער — אָט געווען,
אָט געווען און אָט געזען —

פלוצלונג טוט אַ זאָג און לאַכט:
— „באַלעבאָס, אַ גוטע נאַכט!" —

און ער פליט, ווי ער איז גרויס,
דורך אַ שפּאַלט פון טיר אַרויס.

— אַי, אַי, נסים, אָדער וואָס? —
טראַכט ביי זיך דער באַלעבאָס.

נאָר ער זעט: דער אויוון ברענט,
און דער לאָמפּ באַלייכט די ווענט,

און דער טיש אַ פולער שטייט
מיט מאכלים צוגעגרייט.

טראַכט דער באַלעבאָס נישט פיל,
הייבט ער אויף דאָס קינד פון דיל.

וואַשן זיי זיך, עסן פרום,
זעצן זיך ביים טיש אַרום.

עסן זיי און לויבן גאָט
פאַר זיין חסד און גענאָד.

און אינדרויסן פייפט דער ווינט,
און אין פּאַלאַץ וויינט דאָס קינד.

לויפט מען איבער פּאַלאַץ אום,
און מען זוכט אַ לאָמפּ אַרום.

זוכט מען דאָרט און זוכט מען דאָ,
און קיין לאָמפּ איז אַלץ נישטאָ.

און אַלץ שטאַרקער וויינט דאָס קינד,
און אינדרויסן פייפט דער ווינט...

און אינדרויסן פייפט דער ווינט,
און עס בילן בייז די הינט.

נאָר דעם פרעמדן אַרט עס נישט.
און מיט וואַקלדיקע טריט,

מיט דער טאָרבע אויף די הענט
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט.

שאַרט ער זיך אַזוי אַוועק
אין דער נאַכט, אין ווייטן וועג.



חנן קיעל

# ל״ג־בעומר

ס'האָט דער הימל דאָס שענסטע
בלוי אין שטוב געבראַכט,
און די זון האָט דורך מיין פענצטער
גאָלדיק זיך צעלאַכט.

זיינען קינדער פון שטאָט אַוועק
צו ברייטע, פרייע לאַנען;
זיי ווערן נישט מיד מיט געפּעק
אויף פעלדער גרינע שפּאַנען.

נעמען אויף די ליבע געסט
געדיכטע אייכנביימער;
זינגען פייגעלער אין נעסט:
ס'איז יום־טוב היינט, ל״ג בעומר!

אויפן גראָז צעלייגט זיך פריי,
גייט אויף אַ יידיש־ליד;
און ס'טראָגט זיך: „עם ישראל חי״,
וועלדער זינגען מיט.

און רבי עקיבא, אונדזער תנא,
קוקט מיט מילדע אויגן,
און בר־כוכבא איז אויך פאַראַנען
מיטן פייל און בויגן.

און בר־כוכבא אונדזער גבור,
האָט פאַריאָגט די רוימער;
און געבליבן איז דער ליבער,
אונדזערער, ל״ג בעומר.

אברהם לעוו

# ל״ג־בעומר אין ארץ־ישראל

דאָ אונטער די הימלען,
די בלויע, די ליכטיקע;
זיי פילן דעם טעם פון
אַ היים, פון אַ ריכטיקער.

די ערד איז אַ טאַטע זיי,
דער הימל — אַ מאַמע זיי,
דער ים דאָ, דער בלויער —
אַ שפּיגל אַ גלאַטער זיי.

און קינדערלעך שפּילן
און לויפן אין זאַמדן,
און פילן די פרייד פון
אַן אייגענעם לאַנד דאָ.



ווייל אַלץ איז דאָ זייערס,
די פעלדער די גרינע.
אַ קינד איז דער שטאָלץ דאָ
פון אונדזער מדינה.



משה מיט די לוחות

אברהם רייזען

# נאָך גרינס

נאָך צווייגעלעך, קינדער, אין וואַלד לאָזט זיך גיין,
און פריילעך מיט לידער כסדר,
אַזוי ווי עס וואָלט אויף דער וועלט נישט געווען
קיין רבי, קיין קאַנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווייגעלעך, קינדער, נאָך צווייגעלעך גייט,
און פוצט אויס די אָרעמע שטיבלעך;
דער וואַלד איז נישט ווייט, ביי דעם שטעטל, ער שטייט
און קוקט אַזוי ווייך, אַזוי ליבלעך.

פאַרוווּנדערט וועט ווערן דער אַלטער, דער וואַלד;
— וואָס טוען דאָ יידישע קינדער?
דערציילט אים: ס'איז שבועות — דערציילט עס אים באַלד,
און זאָל אים נישט זיין צו קיין ווונדער...

און זוימט זיך וואָס לענגער, און רייסט וואָס מער אָן —
נישט האָט פאַר די טאַטעס קיין מורא:
היינט מעגט איר אין וואַלד זיין, מ'וועט גאָרנישט אייך טאָן —
עס איז דאָך לכבוד דער תורה!



ח. מייטין

# רות

עס האָט זיך געטראָפן אַ הונגער אַמאָל,
אין שטעטל בית־לחם אין ארץ־ישראל
איז איינער אַ ייד אלימלך, אויס נויט
אַוועק אין לאַנד מואב צו זוכן דאָרט ברויט.
עס האָט די משפחה באַגלייט אים אַהין —
נעמי זיין ווייב, און זיינע צוויי זין.
און באַלד ווי זיי זיינען אַהינצו געקומען,
האָבן די זין, דאָרט, זיך ווייבער גענומען
איז אַן אומגליק געקומען אַ גרויסער אויף זיי:
עס שטאַרבט נעמי'ס מאַן און די זין אירע צוויי.
איז נעמי פאַרבליבן אַליין ווי אַ שטיין
און זי האָט באַשלאָסן, אַהיים צוריק גיין.
צום אַלטן בית־לחם, אין היימלאַנד צוריק,
דאָס הארץ האָט געצויגן, אַזוי ווי מיט שטריק.
נאָר ס'האָבן געגרייט זיך צוזאַמען מיט איר
אין יידישן לאַנד, צו גיין, אירע שניר.
האָט גענומען זי טענה'ן צו ביידן,
זיי זאָלן מיט מואב זיך בעסער נישט שיידן,
און זאָלן פאַרבלייבן אין אייגענעם לאַנד,
וווּ אַלץ איז זיי נאָענט, פון קינדהייט באַקאַנט.
האָט איין שנור די רייד פון איר שוויגער געפאָלגט
און געבליבן צווישן איר אייגענעם פאָלק.
די צווייטע, רות, נישט געוואָלט האָט מיט נעמי'ן זיך שיידן.
געוואָלט מיט איר טיילן אי לײדן, אי פריידן.
און שוויגער און שנור קומען אָן זאַלבענאַנד
אין שטעטל בית־לחם, אין הייליקן יידישן לאַנד.
דאָרטן ליידן זיי ביידע פון הונגער און נויט

און רות גייט אין פעלד קלייבן זאַנגען אויף ברויט;
און איינמאָל, ווען רות איז אין פעלד נאָך געווען,
האָט בועז, דער פעלד־בעל־הבית זי דערזען,
צערעדט ער זיך מיט איר און דערוויסט זיך דערביי,
ווי זי איז איר שוויגער פאַרבליבן געטריי.
עס איז אים אַזוי דאָס געפעלן געוואָרן,
אַז ער האָט דערלויבט איר צו נעמען מער קאָרן.
ער האָט דערציילט איר אין שמועס נאָך מער,
אַז אלימלכס קרוב איז ער.
בועז געוואַרט האָט ביז האַרבסט איז געקומען,
און פאַר אַ ווייב האָט ער רותן גענומען.
האָט מען געפייערט אַ חתונה פריילעך
פון דעם פאָר פאָלק, שטאַמט אָפּ דוד המלך.



דוד ברידזשער

# די יידישע תורה

ווען גאָט האָט באַשאַפן די תורה, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל געבן די תורה צו די מענטשן אויף דער וועלט. זאָלן די מענטשן לערנען די תורה. אַז זיי וועלן לערנען די תורה, וועלן זיי זיין קלוג, גוט און פרום!

האָט גאָט גענומען די תורה און איז געקומען צו איין פאָלק און געזאָגט:

— נעמט ביי מיר די תורה. עס איז גוט פאַר אייך!

האָבן די מענטשן געפרעגט:

— וואָס שטייט אין דער תורה?

האָט גאָט געזאָגט:

— אין דער תורה שטייט, אַז מע דאַרף אָפּהיטן שבת! זעקס טעג דאַרף מען אַרבעטן און אויפן זיבעטן טאָג דאַרף מען רוען!

האָבן די מענטשן געזאָגט:

— דאָס איז נישט גוט פאַר אונדז! אַז מיר וועלן נישט אַרבעטן יעדן טאָג, וועלן מיר נישט האָבן וואָס צו עסן!

האָט גאָט גענומען די תורה און איז געקומען צו אַן אַנדער פאָלק און געזאָגט:

— נעמט ביי מיר די תורה!

האָבן די מענטשן געפרעגט:

— וואָס שטייט אין דער תורה?

האָט גאָט געזאָגט:

— אין דער תורה שטייט, אַז מע טאָר נישט גנבענען!

האָבן די מענטשן געזאָגט:

— דאָס איז נישט גוט פאַר אונדז! אַז מיר וועלן נישט גנבענען ביי אַנדערע, וועלן זיי ביי אונדז גנבענען!

איז גאָט געקומען צו אַן אַנדער פאָלק און געזאָגט:

— נעמט ביי מיר די תורה!

האָבן די מענטשן געפרעגט:

— וואָס שטייט אין דער תורה?

האָט גאָט געזאָגט:

— אין דער תורה שטייט, אַז מע טאָר נישט אָפּנאַרן!

האָבן די מענטשן געזאָגט:

— דאָס איז נישט גוט פאַר אונדז! אַז מיר וועלן אַנדערע נישט אָפּ־נאַרן, וועלן זיי אונדז אָפּנאַרן!

אָט אַזוי איז גאָט געגאַנגען פון איין פאָלק צום אַנדערן. אָבער ווען זיי האָבן געהערט וואָס אין דער תורה איז געשריבן, האָבן אַלע געזאָגט דאָס זעלביקע:

— דאָס איז נישט גוט פאַר אונדז!

צום סוף איז גאָט געקומען מיט דער תורה צו דעם יידישן פאָלק און געזאָגט:

— יידן, נעמט ביי מיר די תורה!

האָבן די יידן גאָרנישט געפרעגט און אַלע האָבן אויסגערופן:

— מיר נעמען ביי דיר די תורה און מיר וועלן טאָן וואָס די תורה זאָגט!

פון דעמאָלט אָן איז די תורה געבליבן אויף שטענדיק ביי יידן. און יידישע קינדער זיינען אַלעמאָל געגאַנגען אין חדר און געלערנט גאָטס תורה.

ש. פרוג

# זמן מתן תורתנו

שבועות, ליבע קינדערלעך,
שבועות איז געקומען!
באַפּלאַכטן מיט גירלאַנדן גרינס,
באַקראַנצט מיט פרישע בלומען.

גייט זומערלעב. עס שיינט און קלינגט
אין וואַלד, אין פעלד, אין גאָרטן;
עס פליען, פליען פייגעלעך
און זינגען שירה דאָרטן:

„דער ליבער גרינער יום־טוב גייט,
זמן מתן תורתנו!...
און גאָט איז אַן איין־איינציקער,
און זיין תורה איז איינע!

שמואל צעסלער

# ביכורים

פוצט מיט בלומען אויס דעם וואָגן,
פילט אָן קוישן ביזן ראַנד,
לאָמיר פירן, לאָמיר טראָגן
די בכורים פונעם לאַנד:

פרוכט פון סאָד און גרינס פון גאָרטן,
מעשר פון דעם פעלדפאַרזיי,
ערשטלינג־רינדער אַלע סאָרטן,
וויין און איילן אַלערליי.

און מיט אונדזער ליד דעם נייעם,
און צום טאַקט פון פויק און פלייט,
ברענגען קיין ירושלים
די בכורים, פול מיט פרייד.



מ. וואַרשאַווסקי

# גרויסער גאָט

גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער,
אונדזער הילף ביסטו אַליין;
נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין.

זאָל די זון אונדז בריען, בראָטן,
זי האָט אונדז געשיינט צום גליק;
זעט, דאָס ברויט איז אונדז געראָטן.
קינדער, קיינמאָל נישט צוריק!

גרויסער גאָט, דו העלפסט דעם מענטשן,
ווען ער רופט צו דיר אין נויט, —
זאָלסט אונדז, טאַקע, ווייטער בענטשן,
מיט הצלחה און מיט ברויט.

לאָזן אונדזערע קינדער וויסן
פון אַ לעבן אויף דער וועלט,
אַז דאָס ברויט און יעדער ביסן,
איז פון אונדזער אייגן פעלד.



מאַני לייב

# דאָס ליד פֿון ברויט

פֿאַר די הענטלעך אין די רינגען,
קליינע, שיינע קינדער זינגען:
— גאָט געטרייער, גיב אַ רעגן,
פֿון די קליינע קינדערס וועגן!
ווייזט אַ וואָלקן זיך פֿון אויבן,
נעמען זיך די פֿעלדער שטויבן,
און ווי פּערל, רעגן ריין,
טריף־טראָפּ, טריף־טראָפּ, הייבט אָן גיין.

קומען שניטער מיט די מעסער,
איינס פֿון צווייטן שאַרפֿער, גרעסער, —
שניידן שניטער, שניידן, זינגען,
אַזש די שאַרפֿע מעסער קלינגען,
אַזש די פֿעלדער ווייט פֿאַרשטאַרבן;
און דעם קאָרן אין די גאַרבן,
לייגן זיי אין סקירדעס אויס,
ביז צום הימל הויך און גרויס.

נעמען זיך די פֿעלדער שפּרייטן,
פֿריש צעאַקערטע אין בייטן.
ווערן גרינע קאָרן־זאַנגען
אויף די פֿעלדער אויפֿגעגאַנגען;
הייבט אַ טוי אויף זיי אָן פֿאַלן,
וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלן;
ווערן פֿעלדער געל ווי גאָלד,
פֿול מיט קאָרן ריינעם גאָלד.

נעמען פֿולע פֿורן פֿאָרן,
פֿורן פֿאָרן, פֿירן קאָרן
דורך די בערג און דורך די טאָלן,
אין די מילן אויסצומאָלן;
הייבן אָן די ווינטן וויִען,
און די מילן־פֿליגלען דרייען;
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פֿון דעם קאָרן ווייסע מעל.

נעמט דער בעקער מעל מיט הייוון
און פֿאַרהייצט זיין גרויסן אויוון;
ברענט דאָס פֿייער, שייטלעך קנאַקן,
נעמט דאָס ברויט זיך בעסער באַקן.
קויפֿן מאַמעס ברויט דעם פֿרישן
און דערלאַנגען אויף די טישן;
עסן קינדער פֿרישן ברויט,
זיינען זיי געזונט און רויט.

ראובן ליפשיץ

# חלוצים און קיבוצים

װען ס׳פֿאַרשװינדט די העלע נאַכט,
און די זון גייט אויף,
חלוצים אין קבוצים
צו דער אַרבעט שטייען אויף.

ביי רבקהלען און שלמהלען
דאָס לעבן איז באַנייט,
ס׳באַגריסן זיי די ביימעלעך:
גוט מאָרגן מיט אַ פֿרייד.

און שעפעלעך מיט גלעקעלעך
דאָרט קלינגען בים־באָם־באָם,
מיט טאַנצנדיקע טריטעלעך,
זיי שפּאַנען צו דעם ים,

אַ ליבשאַפֿט צו זיין פֿאָלק און לאַנד
דערװאַכט אין יעדער ברוסט
און פֿריילעך דאָרט הילכט ס׳געזאַנג,
געזונגען מיט לוסט.

ל. ניידוס

# די זון מיט אַ רעגן

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס לאַכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן;
זיי לויכטן אין לופטן און פאַלן אויף מיר,
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר.

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס צאַנקען די גראָזן ביים ראַנד פון די וועגן,
עס שמייכלען די בלומען, צעקושטע פון ווינט,
אַזוי ווי עס שמייכלט, דורך טרערן, אַ קינד.

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס וויגט זיך דער בלאַסלעבער טייך אין די ברעגן,
עס פאַלן די טראָפּן אין וואַסער, און גרינג
צעלויפן זיי ווייט, אין אַ גאָלדענעם רינג.

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
און ווייט, ערגעץ ווייט, וואַרפט זיך איבער אַנטקעגן
אין הימל, אין בלויען, אַ פאַרביקע בריק,
אַזוי ווי אַ וועג צו דעם אייביקן גליק.

מ. ד. גיסער

# די פּאַלמע

שטייט אַ פּאַלמע, שטייט אַ שלאַנקע,
צו דעם הימל וואַקסט זי שטאָלץ,
קומט דער העקער, סאַנטשע פּאַנטשע,
הוק, הוק, האַקט ער זי אויף האָלץ.

הייבט די פּאַלמע אָן צו שרייען:
הו־הו! טראָגט זיך די איר געוואַלד:
— ברידער, ביימער, זעט: דער קין —
גייט מיך אומברענגען שוין באַלד.

וואַרפן ביימער בייז די לאָקן,
ווערט אין וואַלד אַ שטורעם־ווינט
און דער העקער ווערט דערשראָקן,
און אַנטלויפט, אַנטלויפט געשווינד.

## שלום עליכם

# מיר פאָרן קיין אַמעריקע

## (פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס“)

— 1 —

שאַט, מיר פאָרן קיין אַמעריקע! ווו איז אַמעריקע? — ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז ס׳איז ווייט, שרעקלעך ווייט. מע דאַרף אַהין פאָרן אַזוי לאַנג, — ביז מע קומט. און אַז מע קומט, איז פאַראַן אַ „קעסטל-גאַרטל“, טוט מען אייך אויס נאַקעט און מע קוקט אייך אין די אויגן. האָט איר געזונטע אויגן איז גוט. אלא נישט, פאָרט, זייט מוחל, צוריק! דאַכט זיך, איך האָב געזונטע אויגן. איינמאָל נאָר, האָב איך געהאַט צו טאָן מיט די אויגן. ייִנגלעך האָבן מיר דערטאַפּט, אַוועקגעלייגט און אַריינגעבלאָזן אין די אויגן טאַביק אַי, האָט זיי מיין ברודער אליהו, געפּאַטשט! איצט זיינען ביי מיר די אויגן לויטער ווי קרישטאָל. זעט איר, מיט מיין מאַמען איז נישט פריילעך, אַזוי זאָגט מיין ברודער אליה. ווער איז שולדיק? אַז טאָג ווי נאַכט וויינט זי. זינט דער טאַטע איז געשטאָרבן האָט זי נאָך נישט אויפגעהערט צו וויינען.

— אום גאָטעס ווילן! דו האָסט קיין רחמנות נישט אויף אונדז! איבער דיר וועלן מיר חלילה אַלע דאַרפן פאָרן צוריק!

אַזוי טענהט מיט איר מיין ברודער אליה, און זי ענטפערט אים:

— נאַריש קינד וואָס דו ביסט! איך וויין דען? עס וויינט זיך אַליין, אַן מיר!...

אַזוי זאָגט די מאַמע, ווישט די אויגן אָן פאַרטעך און נעמט זיך צום בעטגעוואַנט, צו די קישנס: מע דאַרף איבערשיטן אַלע קישנס. אַלצדינג איז דאָרט דאָ, נאָר נישט קיין קישנס. ווי אַזוי שלאָפן דאָרט די מענטשן? — פאַרשטיי איך נישט. עס דאַרף זיין האַרט צו קאָפּנס! מיין שוועגערן ברכה העלפט איר איבערשיטן די קישנס. מיר האָבן נישט צו פאַרזינדיקן, היפּשע עטלעכע קישנס. דריי גרויסע איבערבעטן מיט זעקס קישנס, מיט פיר קליי־נע קישעלעך. פון אַלע פיר קליינע קישעלעך מאַכט די מאַמע איין קישן. אַן עבירה, איך האָב ליב די קליינע קישעלעך בעסער פון די גרויסע. איך שפּיל זיך מיט זיי אַמאָל. איך מאַך פון זיי אַ המן-טאַש, אַ ספּאָדיק...

— מיר וועלן קומען, אם-ירצה-השם, געזונטערהייט אַהין, וועלן מיר זיי צוריק איבערשיטן אין קליינע קישעלעך.

אַזוי זאָגט די מאַמע צו מיר און צו מיין שוועגערן ברכה און גיט איר אָנצוהערעניש, אַז זי זאָל אויך אַזוי טאָן. מיין שוועגערן ברכה טוט אויך אַזוי, כאָטש זי איז פון דער נסיעה נישט צופרידן. ס׳איר שווער זיך צו שיידן

פון איר טאַטע־מאַמע.. מע זאָל איר געווען, זאָגט זי, זאָגן פּאַראַיאָרן אין דער צייט, אַז זי וועט פאָרן קיין אַמעריקע, וואָלט זי יענעם, זאָגט זי, אָנגעשפּיגן א׳ פולן פּנים.

— מען זאָל מיר געווען זאָגן פאַראַיאָרן, אַז איך וועל זיין אַן אַלמנה...

אַזוי זאָגט די מאַמע און צעוויינט זיך; דערזעט מיין ברודער אליה און מאַכט אַ גוואַלד:

— ווידער אַמאָל געוויינט? ווילסט אונדז אַ פּנים אַלעמען אומגליקלעך מאַכן?!...

— 2 —

טאַמער איז קאַרג, טראָגט אונדז אָן אונדזער שכנה פּעסיע. דערזעען אונדז ביי דער אַרבעט, ווי מיר שיטן איבער די קישנס, שטעלט זי זיך אַוועק אונדז אויסריידן אַביסל דאָס האַרץ. זי לייענט אונדז אַ גאַנצע תחינה:

— פאָרט איר, הייסט עס, טאַקע קיין אַמעריקע? הלוואי דער אייבערשטער זאָל געבן, איר זאָלט קומען געזונטערהייט און זאָלט דאָרט באַגליקן. ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך. אָט איז פאַראַיאָרן אַוועקגעפאָרן מיינע אַן אייגענע, ריוול, הייסט זי, זי מיט איר מאַן הללן, שרייבן זיי, אַז זיי מוטשען זיך, גאָר זיי מאַכן אַ לעבן... וויפל מע בעט זיך ביי זיי, זיי זאָלן שרייבן ווי מענטשן: וואָס און ווער און ווי אַזוי? ענטפערן זיי: אַמעריקע איז אַ לאַנד פאַר אַלעמען. יעדערער מוטשעט זיך און מאַכט אַ לעבן... האָט איר עפּעס צו זיי? נאָך גוט, וואָס זיי שרייבן כאָטש. די ערשטע צייט האָבן זיי גאָרנישט געשריבן, פאַרגעסן דעם זיי־געזונט. מיר האָבן שוין געמיינט, אַז זיי זיינען חלילה אַריינגעפאַלן אין ים אַריין. ערשט העט, ווייס איך ווען, קומט אָן אַ ידיעה, אַז זיי זיינען שוין אַ דאַנק גאָט אין אַמעריקע. זיי מוטשען זיך און מאַכן אַ לעבן... אוודאי, זאָג איך אייך, איז כדאי דער גאַנצער טאַראַראַם, מיטן ברעכן זיך, מיטן איבערשיטן דעם בעטגעוואַנט, מיטן פאָרן איבערן ים, מיט נאָך אַזעלכע זאַכן!

אונדזער שכנה פּעסיע וואָלט נאָך גערעדט און גערעדט. אַ גליק, וואָס די מאַמע מישט זיך אַריין און הייבט אָן צו איר מיט גוטן:

— איך בעט אייך, פּעסיניו, נשמהניו, האַרצעניו, ליובעניו, זאָלט איר מיר זיין געזונט און שטאַרק!...

מער קאָן די מאַמע נישט ריידן. זי צעוויינט זיך. דערזעט מיין ברודער אליה, אַז זי וויינט, ווערט ער אָנגעצונדן. ער טוט אַ וואָרף די אַרבעט און לויפט אַרויס פון שטוב מיט אַ קלאַפּ אין טיר.

— 3 —

אין שטוב איז שוין ביי אונדז פוסט — אַ חורבה. דער אַלקער איז פול מיט פּעקלעך און בעטגעוואַנט. דאָס בעטגעוואַנט פאַרנעמט כמעט ביז דער

סטעליע. אַז קיינער איז נישטאָ, דראַפּע איך זיך אַרויף אויף אַלע קישנס און גליטש זיך אַראָפּ ווי אויף אַ שליטן. מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי גוט ווי איצט, איז מיר נאָך קיינמאָל נישט געווען. קאָכן קאָכט מען שוין נישט ביי אונדז פון לאַנג. מיין ברודער אליה ברענגט פון מאַרק אַ געטריקנט פישל, עסן מיר דאָס מיט ציבעלע. פיש מיט ציבעלע — וואָס קען נאָך זיין בעסער פון דעם? אונדזער חבר פּיניע עסט אויך מיט אונדז. ער איז דאָך פון תמיד אַ פאַרטראָגענער. דער קאָפּ פליט ביי אים. נאָר פון זינט מיר פאָרן קיין אַמעריקע איז ער גאָר צעדולט. אַזוי זאָגט אויף אים די מאַמע. איין הויז איז ביי אים פאַרקאַטשעט אַרויף, איינער אַראָפּ, דאָס האַלדזטיכל שפּאַרט שוין אָן אויף יענער זייט. און קומט ער אַריין צו אונדז אין שטוב, אַזוי מוז ער כאַפּן אַ זעץ אין שטערן. אַלע מאָל האָט צו אים מיין מאַמע די זעלבע טענה:

— דו זעסט דאָך, אַז דו ביסט הויך אויסגעוואַקסן, בייגט מען זיך איין אַ ביסל.

— ער האָט אַ נידעריקע ראיה, מאַמע!

אַזוי פאַרענטפערט אים מיין ברודער אליה און ביידע גייען זיי מאַכן אַן עק מיט אונדזער האַלבער דירה. מען דאַרף זיך צעשרייבן. מיר האָבן אונ־דזער האַלבע דירה שוין לאַנג פאַרקויפט. אונדזער האַלבע דירה האָט אַוועק־געקויפט זיליע דער שניידער. פריער איז ער דריי מאָל אין טאָג געקומען אָנקוקן אונדזער האַלבע דירה איינער אַליין, געשמעקט די ווענט, געטאַפּט דעם קוימען, געקראָכן אויפן בוידעם, באַטראַכט דעם דאַך. נאָכדעם האָט ער געבראַכט די ווייב... שפּעטער האָט זיליע דער שניידער אָנגעהויבן פירן כּבֿינים אָנקוקן די דירה. מען האָט זיך אָנגעהויבן דינגען און מען האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן מקח, און מען האָט געשיקט נאָך בראָנפן, און מען האָט געטרונקען לחיים. מען האָט אונדז געווינטשעוועט, מיר זאָלן פאָרן געזונט, און קומען געזונט, און מאַכן גוטע געשעפטן, און פאַרדינען אַ סך געלט און קומען צוריק, אם־ירצה־השם...

— 4 —

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע חתונה — געזעגענען זיך. פון שטוב צו שטוב גייען מיר זיך געזעגענען. מיר זיינען שוין געווען ביי אַלע אונ־דזערע קרובים, שכנים און באַקאַנטע. ביי אונדזער מחותן, יונה דעם בעק־קער, האָבן מיר פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג. אונדזערע מחותנים האָבן גע־מאַכט פאַר אונדז אַ וואַרמעס, צונויפגערופן די משפחה, געשטעלט ביר צום טיש. מיך האָט מען אַוועקגעזעצט באַזונדער מיט מיין שוועגערנס שוועס־טערל, אַלטע הייסט זי. זי איז עלטער פון מיר מיט אַ יאָר און טראָגט צוויי צעפּלעך צונויפגעדרייט פון הינטן ווי אַ בייגל. זי פרעגט ביי מיר, אויב איך וועל נאָך איר בענקען? — געוויס, וועל איך נאָך איר בענקען! נאָכדעם

פרעגט זי מיך, אויב איך וועל איר שרייבן בריוולעך פון אַמעריקע? — געוויים וועל איך איר שרייבן בריוולעך פון אַמעריקע!

— ווי אַזוי וועסטו שרייבן? דו קענסט דען שרייבן?

— אַ טייערע מציאה אין אַמעריקע זיך אויסלערנען שרייבן! — זאָג איך און האַלט די הענט אין די קעשענעס. אַלטע קוקט אויף מיר און שמייכלט. זי מאַכט זיך אַ האַרץ. זי איז מיר מקנא, וואָס איך פאָר און זי נישט. אַלע זיינען מיר מקנא, אַפילו יאָסי דעם נגידס יינגל, העניאָך מיטן אייגל, זאָל מיך קאָנען דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער! ער שטעלט מיך אָפּ און מאַכט צו מיר מיטן אייגל:

— הער נאָר דו, דו פאָרסט קיין אַמעריקע?

— יאָ, איך פאָר קיין אַמעריקע.

— וואָס וועסטו דאָרטן טאָן? גיין איבער די הייזער?

זיין גליק וואָס מיין ברודער איז דערביי נישטאָ. ער וואָלט אים געגעבן אַ „גיין איבער די הייזער"!... איך וויל זיך מיט אים נישט אָנהייבן, מיט אַזאַ לאָבוס. איך ווייז אים נאָר אַ צונג און לויף אַוועק צו אונדזער שכנה פעסיע זיך געזעגענען מיט איר כאַליאַסטרע: אַכט שטיק, איינס אין איינס. אַלע אַכט רינגלען מיך אַרום. זיי פרעגן מיך, צי בין איך צופרידן, וואָס איך פאָר קיין אַמעריקע? אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע! וואָס טויג מיר גרויס, זיי זיינען מיר גוט מקנא. מער פון אַלע איז מיר מקנא הערשל. ער לאָזט פון מיר קיין אויג נישט אַראָפּ. ער זיפצט און זאָגט צו מיר: „דו וועסט זיך עס אָנזען אַ וועלט!"

יאָ איך וועל זיך אָנזען אַ וועלט! ווי דערלעבט מען שוין!...

— 5 —

שוין געקומען לייזער מיט די „אַדלערס". דריי ברענענדיקע פערד! זיי קאָנען נישט איינשטיין אויף אָן אָרט. אָדער זיי טופען מיט די פיס, אָדער זיי פאָרשקען מיט די נאָזלעכער און באַשפּריצן מיר דעם פנים. איך ווייס נישט וואָס איך זאָל טאָן פריער: צי איך זאָל קוקן אויף די פערד, צי איך זאָל העלפן טראָגן די פעקלעך מיט די קישנס אין וואָגן אַריין. איך קאָן באַשטיין ביידע זאַכן: איך שטיי ביי די פערד און זע ווי מע טראָגט די פעקלעך מיט די קישנס. אַ פולער וואָגן מיט פעקלעך און מיט קישנס. אַ גאַנצער באַרג מיט בעטגעוואַנט. שוין צייט אויפצוזעצן זיך און פאָרן. מיר האָבן פינף און פערציק וויאָרסט צו דער באַן. אַלע זיינען שוין דאָ: איך און מיין ברודער אליה, און מיין שוועגערן ברכה, אונדזער חבר פיניע און זיין ווייב טייבל, און די גאַנצע משפחה זייערע. דער עולם הייבט אָן זאָגן, מען זאָל זיך געזעגענען. אַלע הייבן אָן זיך גרייטן צו געזעגענען מען טוט זיך אַ כאַפּ — נישטאָ די מאַמע! וווּ איז די מאַמע? קיינער ווייס נישט וווּ איז די מאַמע! מיין ברודער אליה איז אויסער זיך אונדזער חבר פיניע האָט אינגאַנצן פאַר־

לאָרן זיין האַלדזטיכל. לייזער טרייבט האַלדז און נאַקן. ער זאָגט, אַז מיר קענען פאַרשפּעטיקן די באַן. שאַט! אָט גייט די מאַמע. דער פּנים איז איר רויט. די אויגן פאַרשוואָלן. מיין ברודער אליה פאַלט צו צו איר.

— וואָס איז מיט דיר? ווו ביסטו געווען?

— אויפן היילִיקן אָרט, זיך געזעגענען מיטן טאַטן...

מיין ברודער אליה קערעווע זיך אָפּ אָן אַ זייט. אַלע בלייבן שטיין אָן לשון. זינט מיר פאָרן קיין אַמעריקע איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער טאַטע קומט מיר אויפן זינען. עס טוט מיר אַ צופּ ביים האַרצן. איך טראַכט מיר: „אַלע פאָרן קיין אַמעריקע און דער טאַטע, נעבעך, בלייבט דאָ, אויפן היילִיקן אָרט, איינער אַליין"... לאַנג טראַכטן לאָזט מען מיך נישט. מע טוט אויף מיר אַ קוק און מע הייסט מיר קריכן אויפן וואָגן. ווי אַזוי קאָן איך קריכן אויף אַזאַ וואָגן מיט אַזאַ באַרג מיט בעטגעוואַנט? ס'איז דאָ אַן עצה: לייזער שטעלט מיר אונטער זיינע ברייטע פּלייצעס. פּלוצלונג ווערט אַ קו־שעריי מיט אַ געוויין, אַ יללה, ערגער ווי תשעה באב. מער פון אַלע וויינט די מאַמע. זי פאַלט אונדזער שכנה פּעסיען אויפן האַלדז און זאָגט: „איר זענט מיר געווען אַ שוועסטער, געטרייער פון אַ שוועסטער..." אונדזער שכנה פּעסיע וויינט נישט, נאָר איר גיידער טרייסלט זיך, און גרויסע טרערן ווי באָב, קייקלען זיך איבער אירע פעטע גלאַנצנדיקע באַקן.

אַלע האָבן זיך שוין צעקושט, נאָר פּיניע נאָך נישט. זען פּיניען קושן זיך — דאַרף מען נישט קיין טעאַטער. מחמת ער האָט אַ נידעריקע ראיה, טרעפט ער נישט ווו מען דאַרף. אָדער ער קושט אין באָרד אריין, אָדער אין שפּיץ נאָז, אָדער ער גיט זיך גאָר אַ בוקצע אין שטערן. דערצו האָט ער אַ טבע, אַז ער גייט, שפּרינגט ער אונטער, און ער פאַרטשעפּעט זיך ביי זיינע אייגענע פיס. איך זאָג אייך, פון פּיניען קאָן מען בלייבן אָן אַ בויך לאַכנ־דיק. מיר זיצן שוין אין וואָגן. לייזער נעמט זיך צו דער ביימש. דער עולם געזעגנט זיך נאָך. די ווייבער וויינען.

— זייט געזונט!

— פאָרט געזונט!

— שרייבט אונדז פון אייער געזונט!

— זייט מצליח!

— פאַרגעסט אונדז נישט!

— שרייבט אַלע וואָך! למען השם, יעדע וואָך אַ בריוו!

— לאָזט גערישן משהן מיט בתיהן, מיט מאירן, מיט זלאַטען, מיט חנה־פערלען, מיט שרה־רחלען, מיט זייערע קינדער.

— גאָר פריינדלעך! זייט געזונט! זייט געזונט!

אַזוי שרייען מיר אַלע פונעם וואָגן אַרויס. און איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז מיר פאָרן שוין. לייזער האָט געשענקט אַלע דריי אָדלערס צו רעכטע שמיץ. איינעם האָט ער מכבד געווען מיטן שטעקן. די רעדער קאַ־

טשען זיך. מיר שאָקלען זיך און העצקען זיך. איך שפּרינג אונטער אויף דער קעלניע און פאַל שיר נישט אַראָפּ פאַר פרייד. עס קיצלט מיך, עס גענדזלט מיך אין האַלדז. עס גלוסט זיך מיר זינגען. מיר פאָרן, מיר פאָרן קיין אַמע־ריקע!

---

שלום עליכם

# וויגליד

שלאָף מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינער,
שלאָף מיין זונעניו,
שלאָף מיין קרוין, מיין קדיש איינער,
ליולינקע, ליו־ליו!

ביי דיין וויגל זיצט דיין מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט,
וועסט אַמאָל פאַרשטיין, מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אַמעריקע דער טאַטע
דיינער, זונעניו;
ביסט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת־עתה,
שלאָף־זשע, שלאָף ליו־ליו!

דאָס אַמעריקע פאַר יעדן
זאָגט מען, איז אַ גליק,
און פאַר יידן אַ גן־עדן,
עפּעס אַן אַנטיק.

דאָרטן, זאָגט מען, זיינען יידן,
קיין עין־הרע, רייך,
יעדער לעבט זיך דאָרט צופרידן,
אַלע זיינען גלייך.

דאָרטן עסט מען, אין דער וואָכן,
חלה, זונעניו,
יאיכלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכן, —
שלאָף־זשע, שלאָף ליו־ליו!

גאָט וועט העלפן וועט ער שיקן
בריוולעך, זונעניו,
גאָר אין גיכן אונדז באַגליקן
שלאָף־זשע, שלאָף ליו־ליו!

ער וועט שיקן צוואַנציק דאָלער,
זיין פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונדז אַהינצוצו.

ער וועט אַלץ פון אונדזערטוועגן
שאַפן זונעניו,
און וועט פאָרן אונדז אַנטקעגן,
ליולינקע, ליו־ליו!

ער וועט כאַפּן דיך צום קושן,
שווייגן אַזש פאַר פרייד,
איך וועל קוואַלן טרערן גיסן,
וויינען שטילערהייט.

נאָר דערווייל לאָמיר האָפן,
אוי, וואָס קען מען טון,
כ'וואָלט שוין לאַנג צו אים געטראָפן —
ווייס איך נישט וווהין.

ביז ס'וועט קומען ס'גוטע קוויטל,
דאַרף מען, זונעניו,
שלאָפן, ס'איז אַ טייער מיטל; —
שלאָף־זשע, שלאָף ליו־ליו.

שלום עליכם

# מיר גנבענען די גרענעץ

## (פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס")

— א —

פאָרן מיט דער באַן איז אַ גן־עדן! מיט דער פור איז אויך נישט שלעכט. נאָר סע טרייסלט, און די זייטן טוען נאָכדעם ווי סכנות. לייזערס פערד פליען טאַקע ווי אָדלערס, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך גענוג געשלעפּט, ביז מיר זיינען געקומען צו דער סטאַנציע. און אַז מיר זיינען געקומען צו דער סטאַנציע, האָבן מיר נישט געקענט אַרויס. מיר איז געווען גרינגער פון אַלעמען: איך בין דאָך געזעסן מיט לייזערן אויף דער קעלניע. הארט איז טאַקע געווען און די ביינער האָבן גוט ווי געטאָן. דערפאַר אָבער האָט מען געקענט אַראָפּשפּרינגען אין איין מינוט. זיי האָבן שוין נישט געקאָנט שפּרינגען. איר ווייסט דאָך ווער: מיין ברודער אליה מיט מיין שוועגערין ברכה, אונדזער חבר פּיניע מיט זיין ווייב טייבל און די מאַמע מיינע. ערגער פון אַלע איז געווען די ווייבער. זיי זיינען אַריין און פאַררוזניעט געוואָרן! מען האָט פריער באַדאַרפט אַרויסוואַרפן פונעם וואָגן אַלע פּעקלעך מיטן גאַנצן בעטגעוואַנט און ערשט נאָכדעם שלעפּן די ווייבער איינציקווייז.

דער גוי פון דער באַן האָט אונדז אָנגעטאָן צרות. ער האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז פאַר די פּעקלעך, ווי פאָרן בעטגעוואַנט. זיין עסק, וואָס מיר פירן אַ סך קישנס!

— מען דאַרף מיטן ערל שלאָגן בלאַט, אים עפּעס נתנן אויף דער יד...

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליה צו אונדזער חבר פּיניע. אונדזער חבר פּיניע איז אונדזער פירער, אונדזער קאָפּ. ער קאָן ריידן גוט רוסיש.

ער גייט צו צום גוי און טוט מיט אים אַ שמועס אויף רוסיש.

דער ערל האָט איבערגעטראָגן אַלע פּעקלעך מיט אַלע קישנס אין אַ גרויסער שטוב מיט הויכע פענצטער, וואָס מע רופט דאָס „וואָקזאַל". ערשט דאָ הייבט זיך אָן די רעכטע חתונה. דער גוי זאָגט, אַז מע וועט אונדז נישט אַריינלאָזן אין וואַגאָן אַריין מיט אַזויפיל קישנס און מיט אַזוי פיל שמאַטעס (דאָס מיינט ער אַ פּנים די קאָלדרעס. אַביסל צעריסן דער אונטערשלאַג, זעט זיך אַרויס די וואַטע, הייסט דאָס שוין ביי אים שמאַטעס!). עס בלייבט, מע זאָל גיין צום „נאַטשאַלניק". ווער זאָל גיין? געוויינטלעך, פּיניע! פּיניע גייט מיטן גוי צום „נאַטשאַלניק". פונדעסטוועגן האָט דאָס

אויך נישט געהאָלפֿן. מע האָט געמוזט אַוועקגעבן דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט אין באַגאַזש און אַרויסנעמען אַ קוויטאַנציע. די מאַמע איז געווען אויסער זיך: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפֿן?

— ב —

די מאַמע האָט זיך אומזיסט געזאָרגט: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפֿן. איך בין אייך שוין מוחל דאָס שלאָפֿן. איך וואָלט אַ בעלן געווען, ס'זאָל כאָטש זיין וווּ צו זיצן. ווי אויף צו להכעיס, איז אין וואַגאָן אַזוי ענג, אַז מען קען דערשטיקט ווערן. אַ חוץ אונדז פֿאָרן נאָך אַ סך פּאַרשוינען. יידן און קריסטן, און מע שלאָגט זיך פֿאַר די ערטער. איבערן בעטגעוואַנט האָבן מיר פֿאַרשפּעטיקט אַלע בעסטע ערטער. מיר האָבן קוים באַזעצט די ווייבער מיט די פּעקלעך אויף דער ערד: די מאַמע אין איין זייט וואַגאָן, ברכה און טייבל אין דער אַנדערער זייט וואַגאָן. אַז זיי ווילן ריידן, מוזן זיי שרייען הויך איבערן גאַנצן וואַגאָן. לאָכט מען פֿון זיי. מיין ברודער אליה און אונדזער חבר פּיניע זיינען געבליבן הענגען ווי אין דער לופֿטן, נישט אַהין, נישט אַהער. פּיניע איז בלינד, כאַפּט ער אַלעמאָל אַ קלאַפּ אין שטערן. און איך? פֿאַר מיר זאָרגט זיך נישט, מיר איז גוט. מיר איז אויסגעצייכנט. מע קוועטשט מיך טאַקע פֿון אַלע זייטן. איך שטיי אָבער ביי אַ פֿענצטער. דאָס, וואָס איך זע, האָט איר געוויס קיינמאָל נישט געזען. פֿאַר מיינע אויגן פֿליען שטיבער, וויאָרסטן, ביימער, מענטשן, פֿעלדער, וועלדער — ס'איז נישט צו באַשרייבן! און ווי אַזוי ס'פֿליט די באַן! און ווי אַזוי קלאַפּן די רעדער! ווי אַזוי טראַסקעט דאָס! ווי אַזוי פּייפֿט דאָס! ווי אַזוי קוויטשעט דאָס! די מאַמע האָט מורא איך זאָל נישט אַרויספֿאַלן דורכן פֿענצטער, שרייט זי אַלע מינוט אויף אַ קול: „מאָטל! מאָטל!" וואָס וויל זי ווייטער? זי וויל, איך זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַריין. מיר פֿירן מיט זיך פֿון כל טוב: רעטעך און ציבעלעס און קנאָבל און גרינע אוגערקעס און האַרטע אייער, אויף יעדן איינציקן אַן איי. איך האָב שוין לאַנג נישט אַזאַ הנאה געהאַט פֿונעם עסן. עס לויפֿן אָפּ אַזוי עטלעכע סטאַנציעס. אויף יעדער סטאַנציע ליידיקט אויס דער וואַגאָן אַ פּאָר פּאַרשוינדלעך, עס ווערט אַלעמאָל גערוימער. אונדזערע ווייבער זיצן שוין ווי פּריצות אויף די בענק מיט זייערע פּעקלעך. מיין ברודער אליה און אונדזער חבר פּיניע האָבן זיך מחיה געווען. זיי האָבן די בעסטע ערטער. פּיניע רעדט מיט די יידן. ער פֿרעגט זיי, וווהין זיין פֿאָרן. אַ סך פֿון זיי פֿאָרן קיין אַמעריקע. דערהערט, אַז קיין אַמעריקע, ווערט אויף אונדז אַ גדולה.

— סטייטש, וואָס האָט איר געשוויגן ביז אַהער? מיר פֿאָרן דאָך אויך קיין אַמעריקע.

אזוי זאָגט זיי פּיניע, און מיר ווערן גיך באַקאַנט. מיר ווייסן אַלע, אין וואָסער אַ שטאָט איטלעכער פאָרט און צו וועמען.

— איר פאָרט קיין ניו־יאָרק? מיר קיין פילאַדעלפיע!

— וואָס איז דאָס פילאַדעלפיע?

— אויך אַ שטאָט ווי ניו־יאָרק!

— פּאַוואָליע, האַלט זיך איין! פילאַדעלפיע קעגן ניו־יאָרק, איז אַזוי ווי איישישאָק קעגן ווילנע, דראַזשנע קעגן אָדעס, אָטוואָצק קעגן וואַרשע, סעמיענאָווקע קעגן פעטערבורג, קאָזעליעץ קעגן כּאַרקאָוו...

— טעט־טע־טע! איר זייט דאָך עפּעס אויסגעווען אַ וועלט, קיין עין־הרע!

— לאָמיר עס פאַרמאָגן! אויב איר ווילט, וועל איך אייך אויסרעכענען אַלע שטעט, וואָס איך בין דאָרט געווען...

— דאָס לאָזט איבער אויף שבת. זאָגט בעסער יידן, וואָס טו איך מיט דער גרענעץ?

— ג —

די גרענעץ, האָב איך געמיינט, איז מיט הערנער. צום סוף — גאָר־נישט: די אייגענע הייזער, די אייגענע יידן, מיט די אייגענע גויים, וואָס ביי אונדז. אַפילו אַ מאַרק מיט קלייטן און שטעלעכלעך, אַלצדינג אַזוי ווי ביי אונדז. מיין שוועגערין ברכה און אונדזער חבר פּיניעס ווייב טייבל, זיי־נען געגאַנגען אין מאַרק אַריין איינקויפן. איך וויל אויך מיט זיי גיין, לאָזט מיך די מאַמע נישט אָפּ פון זיך אויף איין מינוט. זי האָט מורא, מע זאָל מיך נישט אַוועקגנבענען, סאַמע ביי דער גרענעץ. מיין ברודער אליה און אונדזער חבר פּיניע זיינען נישטאָ. זיי דרייען זיך אַרום מיט פרעמדע יידן, וואָס איך קען זיי נישט. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס זיינען אַגענטן. די אַגענטן וועלן מיט אונדז גנבענען די גרענעץ. איינער זעט טאַקע אויס ווי אַ גנב. אַ גרינע קאַפּאָטע, אַ ווייסער שירעם, און אויגן גנבישע. דער אַנדערער איז דווקא אַ פיינער מענטש, מיט אַ קאַפּעלוש. און אַ יידענע דרייט זיך אויך אַרום אין קאָן. די יידענע ווייזט אויס אַ פרומע, אָן ערלעכע. זי טראָגט אַ שייטל אויפן קאָפּ און רעדט מיט גאָט. זי פרעגט דער מאַמען, ווו וועט זי בענטשן ליכט, אויב מיר האַלטן דאָ שבת. די מאַמע זאָגט, אַז מיר האַלטן נישט קיין שבת. שבת וועלן מיר שוין, זאָגט זי, מיט גאָטס הילף, זיין אויף יענער זייט.

די יידענע מאַכט אַ פרום פּנים און זאָגט: אמן, רבונו־של־עולם! זי האָט אָבער מורא, זאָגט זי, אַז מע פירט אונדז אין באָד אַריין. די אַגענטן, זאָגט זי, וואָס מיר האַנדלען מיט זיי, זיינען פּראָסטע גנבים. זיי וועלן אויסנאַרן ביי אונדז דאָס געלט, זאָגט זי, און וועלן אונדז אַריינפירן אין אַ בלאָטע

אַריין. אויב מיר ווילן, זאָגט זי, גנבענען די גרענעץ, זאָלן מיר גנבענען מיט איר, וועט אונדז זיין, זאָגט זי, אַז וויל און גוט!... אַזוי, איז זי, הייסט עס, אויך אַ גנבטע?...

שוין געקומען מיין ברודער אליה מיט אונדזער חבר פיניע. ביידע זייענען עפּעס שטאַרק צעטראָגן. אַ פּנים זיי האָבן זיך צעקריגט. איינער זאָגט אויפן אַנדערן, אַז איבער אים וועלן מיר מוזן דאָ שבת האַלטן. שבת האַלטן אַליין איז נאָך גאָרנישט. מיר ווערן געוואָר, אַז ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט, אַז מען וועט אונדז מסרן, אַז מיר ווילן גנבענען די גרענעץ. ביז עפּעס וואָס — די מאַמע וויינט דערווייילע. מיין ברודער אליה בייזערט זיך אויף איר, וואָס זי מאַכט אַ תל פון די אויגן: איבער אירע אויגן, זאָגט ער, וועט מען אונדז אַלעמען נישט אַריינלאָזן קיין אַמעריקע! מיין ברודער אליה און פיניע הערן אויף צו האַנדלען מיט די אַגענטן. זיי זאָגן: „אַן עק, מיר פאָרן נישט קיין אַמעריקע און גנבענען נישט די גרענעץ!” מיר רייסט זיך אָפּ אין האַרצן. איך מיין, ס׳איז מאַקע אַן אמת. צום סוף איז דאָס גאָר אַ מאַניכאַדנע, פיניעס קאָפּ! דאָס האָבן זיי אומיסטן אַזוי געזאָגט, בכדי זיך אָפּטשעפּען פון די אַגענטן. און מיר האָבן גענומען האַנדלען מיט דער יידענע. די יידענע האָט גענומען אַן אויפגאָב און האָט אונדז געזאָגט, מיר זאָלן זיין גרייט אויף היינט אַרום האַלבע נאַכט. די נעכט זיינען פינצטערע נעכט, סוף חודש, אויסגעצייכנט גוט אויף צו גנבענען די גרענעץ. איך וואָלט געוואָלט דערלעבן זען, וואָס הייסט דאָס „גרענעץ”, און ווי אַזוי וועלן מיר דאָס גנבענען?

— ד —

אַ גאַנצן טאָג זיינען מיר באַשעפטיקט מיט די זאַכן. מיר האָבן אַלצדינג געדאַרפט איינפּאַקן און אַוועקגעבן דאָס דער יידענע. די זאַכן וועט זי אונדז איבערפּעקלען, נאָך דעם, דער עיקר איז ביי איר, זאָגט זי, די נפשות. און זי זאָגט אונדז אָן ווי אַזוי מיר זאָלן זיך פירן. אַז ס׳וועט ווערן, זאָגט זי, האַלבע נאַכט, זאָלן מיר אַרויסגיין אונטערן שטאָט. דאָרט איז פאַראַן, זאָגט זי, אַ בערגל. זאָלן מיר, זאָגט זי, דאָס בערגל דורכלאָזן און נעמען זיך לינקס און גיין און גיין, ביז מיר וועלן דערזען נאָך אַ בערגל. פון דעם בערגל זאָלן מיר זיך נעמען, זאָגט זי, רעכטס און גיין אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן קומען צו אַ שענקל. אין שענקל זאָל אַריינגיין נאָר איינער פון אונדז, נישט אַלע. אין שענקל וועלן מיר טרעפן, זאָגט זי, צוויי ערלים טרינקען בראָנפן ביי איין טישל, זאָלן מיר צוגיין. זאָגט זי, צו די ערלים און אַ זאָג טאָן „כיימאַוואַ” (ס׳איז איר נאָמען). אַזוי וועלן זיי אויפשטיין און גיין מיט אייך ביזן וועלדל. אין וועלדל וועלן אויף אייך וואַרטן נאָך פיר גויים. טאָמער וועלן זיי שלאָפן, זאָלט איר זיי אויפוועקן. אין וועלדל, אַז איר וועט גיין, זאָלט איר, זאָגט

זי. זיין שטיל, קיין פּיפּס נישט אַרויסלאָזן. מע זאָל חלילה נישט דערהערן און אויסשיסן. אויף יעדן טריט זאָגט זי, איז דאָ אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס און שיסט... פון וועלדל זאָגט זי, וועלן אייך שוין די ערלים אַרויספירן אויפן רעכטן וועג, באַרג אַראָפּ, און אָט זייט איר שוין אויף יענער זייט...

מיר איז די מעשה, מיטן בערגל, מיטן שענקל, מיטן וועלדל, שטאַרק געפעלן. די מאַמע האָט אַביסל מורא, ברכה און טייבל אויך. מיר לאַכן פון זיי, פּרוּווען ציטערן פאַר אַ קאַץ אויך!...

קוים דערלעבט נאַכט. אָפּגעדאַוונט מעריב, אָפּגעגעסן וועטשערע, האָבן מיר אָפּגעוואַרט, ביז עס וועט ווערן רעכט פינצטער, פּונקט צוועלף דעם זייגער האָבן מיר זיך אַלע זאַלבעזעקסט געלאָזט אין וועג אַריין. פריער זיינען געגאַנגען מיר, מאַנצבילן, נאָך אונדז זיינען נאָכגעגאַנגען די ווייבער, ווי געוויינטלעך. אַזוי ווי די יידענע האָט נביאות געזאָגט, אַזוי איז טאַקע געווען. אַרויסגעגאַנגען פון שטאָט, האָבן מיר דערזען אַ בערגל. האָבן מיר דורכגעלאָזט דאָס בערגל און זיך גענומען לינקס. פון דאָרט זיינען מיר גע־גאַנגען און געגאַנגען און געזען נאָך אַ בערגל. פון דעם בערגל האָבן מיר זיך גענומען, ווי זי האָט אונדז אָנגעזאָגט, רעכטס און מיר זיינען געגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז מיר האָבן דערזען אַ שענקל. אין שענקל איז אַריין איינער פון אונדז. ווער? געוויינטלעך, פּיניע! מיר וואַרטן אַ האַלבע שעה, אַ שעה, צוויי שעה — נישטאָ פּיניע. הייבן אָן די ווייבער צו זאָגן, מע זאָל גיין זען וווּ איז פּיניע. ווער זאָל גיין? מיין ברודער אליה. זאָגט די מאַמע, זי וויל נישט. זאָג איך: „אָטאָ גיי איך". זאָגט די מאַמע, זי האָט מורא. שאַט! אָט איז פּיניע„ ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג?" — „אין שענקל". — „ווו זיינען די ערלים?" — „זיי שלאָפן". „פאַרוואָס האָסטו זיי נישט געוועקט?". „פאַר־וואָס האָסטו זיי נישט געזאָגט „כיימאַזוואַ"? — „פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך האָב זיי נישט געזאָגט?" „נו?" — „נו־נו!" „איז דאָך שלעכט!" — ווער זאָגט דען, אַז ס'איז גוט?..."

מיין ברודער אליה איז טאַקע אַ חכם. ער זאָגט, זיי זאָלן גיין ביידע אין שענקל אַריין פּרוּוון זיך נאָכאַמאָל אויפוועקן די ערלים. עס האָט נישט גע־נומען קיין האַלבע שעה, מיר טוען אַ קוק, זיי גייען מיט די צוויי ערלים. די ערלים זיינען נאָך פאַרשלאָפן, אַביסל שיכורלעך און שפּייען און שילטן זיך סכנת־נפשות. די ווייבער הייבן אָן מורא האָבן, איך דערקען עס נאָך זייער זיפצן און קרעכצן. מע הערט פון אונדז קיין פּיפּס. מיר גייען און גייען און מער קיין גוֹיים זעען מיר נישט. ווו זיינען די איבעריקע פיר? פּלוצלונג שטעלן זיך אָפּ אונדזערע צוויי ערלים און רופן זיך אָפּ צו אונדז, מיר זאָלן זיי זאָגן, וויפל געלט מיר האָבן. עס פאַלט אָן אויף אונדז אַ פּחד, אַז מיר קענען נישט ריידן קיין וואָרט. שטעלט זיך אַרוים די מאַמע און זאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין געלט. זאָגן זיי: ס'איז אַ ליגן. אַלע יידן האָבן געלט, און נעמען אַרוים צוויי לאַנגע מעסערס און טראָגן אונדז צו גלייך צום פּנים

און זאָגן: „וועט איר אונדז נישט אָפּגעבן באַלד אינגאַנצן, וואָס איר האָט, זייט איר געקוילעטע!..." אַלע שטייען אָן לשון און ציטערן ווי די לעמעלעך. רופט זיך אָפּ די מאַמע צו מיין ברודער אליה, ער זאָל אויפבינדן די קעשענע און אָפּגעבן דאָס געלט. (דאָס איז דאָס געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פאַר אונדזער האַלבער דירה). אין דער מינוט געפעלט מיין שוועגערין ברכה צו פאַלן חלשות. דערזען, אַז ברכה איז געפאַלן, שרייט די מאַמע: געוואַלד! אויף איר קוקנדיק, שרייט טייבל אויך: געוואַלד! פלוצלונג — טראַך טאַראַראַך!!... דאָס האָט מען אויסגעשאָסן. דער שאָס צעטראָגט זיך מיט אַ ווידערקול איבערן גאַנצן וואַלד. די ערלים זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן. ברכה האָט זיך אויפגעכאַפּט. די מאַמע כאַפּט מיך מיט איין האַנט און מיין ברודער אליה מיט דער אַנדערער האַנט:

— קינדער! לאָמיר לויפן!...

איך ווייס נישט, ווו עס נעמט זיך ביי אונדז אַזוי פיל כוח אויף צו לויפן. אַלע מאָל פאַרטשעפּען מיר זיך אָן אַ בוים און פאַלן. מיר שטייען אויף און לויפן ווייטער. אַלע מאָל דרייט אויס די מאַמע דעם קאָפּ צוריק, און טוט אַ פרעג שטילערהייט:

— פיניע, דו לויפסט? ברכה, דו לויפסט? טייבל, דו לויפסט?

וויפל מיר זיינען אַזוי געלאָפן, קען איך אייך נישט זאָגן. פון וואַלד זיינען מיר שוין לאַנג אַרויס. עס הייבט אָן ווערן ווי טאָגלעך. עס בלאָזט אַ קיל ווינטל. נאָר אונדז איז היים סכנות. מיר דערזעען פאַר זיך אַ גאַס און נאָך אַ גאַס, אַ ווייסן קלויסטער, גערטנער, הויפן, שטיבלעך. אַ פנים, דאָס איז דאָס שטעטל, וואָס די יידענע האָט אונדז געזאָגט. ווי באַלד אַזוי, זייענען מיר דאָך שוין פון „יענער זייט". מיר באַגעגענען אַ יידן מיט אַזעלכע פאות, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן נישט געזען. אַ קאַפּאָטע טראָגט ער אַ לאַנגע, אַ צעפליקטע; אויפן האַלדז אַ גרינעם שאַל; ער טרייבט אַ ציג. מיר שטעלן אים אָפּ מיט דער ציג און גיבן אים „שלום!" דער ייד מיט דער ציג באַטראַכט אונדז פון קאָפּ ביז די פיס. פיניע פאַרבינדט מיט אים אַ שמועס. דער ייד פון דער ציג רעדט עפּעס מאָדנע. טאַקע אונדזער לשון, נאָר מיט פתחן. פיניע פרעגט אים, צי איז נאָך עפּעס ווייט צו דער גרענעץ? דער ייד פון דער ציג קוקט אים אָן: „וואָסער גרענעץ?"... עס לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז מיר זיינען שוין לאַנג אויף דער זייט, מיר זיינען שוין ווייט פון דער רוסישער גרענעץ.

— וויבאַלד אַזוי, היינט וואָס זשע לויפן מיר ווי די משוגעים?

עס פאַלט אָן אויף אונדז אַלעמען אַ מוראַדיק געלעכטער. די ווייבער פאַלן אַזש צו דער ערד לאַכנדיק. נאָר די מאַמע הייבט אויף די הענט אַרויף: „איך דאַנק דיר, גאָטעניו!" און צעוויינט זיך.

........................................................

י. שוואַרץ

# אַמעריקע

ס׳איז דאָס לאַנד דאָ פעט און פרוכטבאַר,
אוצרות טראָגט זי אין איר שוים;
ס׳איז דאָס לאַנד דאָ פריש אין יוגנט,
ס׳איז דאָס לאַנד דאָ רייך און גרויס.

ס׳איז דאָס לאַנד דאָ פול מיט אוצרות —
אייזן, קופער, גאָלד און שטאָל;
ס׳פאַלן זילבער־וואַסערפאַלן
פון די בערג אַראָפ אין טאָל.

אונדזער לאַנד האָט טיפע טייכן,
קלאָרע טייכן פול מיט פיש;
אירע בערג דערגרייכן הימלען,
אירע טאָלן זיינען פריש.

ס׳איז מיט זון דאָס לאַנד באַגאָסן,
אירע פעלדער זיינען גרין.
פלינקע, שטאַרקע — אירע טעכטער,
שטאָלץ און מוטיק אירע זין.

אין די פּריירים — בופלאַקסן
און טאַבונעס ווילדע פערד;
און מיט ווייץ, מאַיס און גערשטן
איז באַדעקט די גאַנצע ערד.



מרדכי אַלפּערסאָן

# דער ערשטער טאָג אין אַרגענטינע

אין אַ זונטיק טאָג, י״ט אב, אָדער דעם 23־טן אויגוסט פון 1891, האָט מיך די דייטשע שיף „טיאַקאַ״, מיט נאָך דריי הונדערט אימיגראַנטן געבראַכט פון האַמבורג קיין בוענאָס איירעס, נאָך אַ רייזע פון 32 טעג אויפן ים.

איידער דער דאַמפּער איז צום האַפן צוגעשוווּמען, ווען מיר האָבן פון ווייטן דערזען די שטאָט, איינגעהילט אינעם שאָטן פון די פּאַלמען־ביי־מער, האָט אונדז אַ שטאַרקע שמחה באַהערשט. די מאַמעס האָבן זייערע קינדער אין דער הויך געהויבן, דערקלערנדיק זיי מיט פרייד:

— זעט קינדערלעך! אָט, דאָרט, איז דער גן־עדן, דאָס שיינע, גרינע, לאַנד וואָס דער גוטער באַראָן הירש האָט פאַר אונדז געקויפט.

— ערד־אַרבעטער, קאָלאָניסטן, וועלן מיר ווערן! פרייע יידן וועלן מיר זיין! אוים פּאָגראָמען! אוים איגנאַטיעוו מיט זיינע גזרות! — האָבן די אַרויסגעטריבענע דאָרפס־יידן געטענהט.

קליינע שיפלעך זיינען צו דער „טיאַקאַ״ צוגעקומען, אַרויפגענומען צו צוויי, דריי משפחות מיט זייערע פּעקלעך און קלומעקלעך, זיי צוגעפירט צום אַרגענטינער באָדן ווו מען האָט געלאַנדעט.

עס געדענקט זיך נאָך ווי היינט, יענער עפּיזאָד אין שיפל. ווען איך, מיין פרוי, און מיינע דריי קינדערלעך, פון וועלכע דער עלצטער, מיין בכור אברהם, איז אַכט יאָר אַלט געווען — ווי ער האָט זיך, איבערראַשט, צו זיין מוטער געווענדעט:

— זע נאָר מאַמע, דאָרט אויפן ברעג, שטייט אַ שוואַרצער, רויכערט אַ גרויסע ליולקע, ציט און ציט און ס„גייט אַלץ קיין רויך נישט!

ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז דאָס האָט דער שוואַרצער „וויזשילאַנט״ געצויגן דורך דער „באָמביזשע״, די פּאַרפּאַרעטע „זשערבאַ״־טיי, — דער נאַציאָנאַל־אַרגענטינער געטראַנק, וואָס איז באַקאַנט אונטערן

נאָמען „מאַטע", און וואָס ווערט דורך אַ בלעכן אָדער זילבער־רערל גע־
טרונקען, פון אַ קירבעס־נוּפעלע.

די לאַדקעס האָבן אונדז, אימיגראַנטן, געבראַכט אינעם אימיגראַנטן־הויז; אַן אַלטע, גרויסע, מיט מאָך און שימל־באַוואָקסענע, הילצערנע גע־ביידע, וווּ עס זיינען געווען צימערן און חדרימלעך אָן אַ שיעור. דאָרטן האָבן מיר אָנגעטראָפן, נאָך אַ צוויי הונדערט יידישע אימיגראַנטן, וואָס די שיף „ליסאַבאָן" האָט פריער מיט אַ פּאָר טעג געבראַכט.

עטלעכע פאַרברוינטע פאַרשוינען, האַלבע נעגערס, האָבן דורך מימיק אונדז צום טיש צוגעוווּנקען, אַנצייגנדיק מיטן האַנט אין מויל אריין — ווייל שפּאַניש האָט פון אונדז קיינער קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען, און מיר האָבן זיך אַרום די לאַנגע טישן געזעצט.

די שוואַרצע האָבן ברויט, און אַ בלעכענע שיסעלע מיט פלייש, דער־לאַנגט אַ יעדערן. קיין אַפּעטיט האָט קיינעם פון אונדז נישט געפעלט, אַלע סאַמע יונגע מענטשן, נאָך אַ לאַנגע ים־רייזע, האָט מען זיך געשמאַק צו דער אכילה גענומען...

............................................................

**אברהם מאָשקאָוויטש**

# יידישע קאָלאָניסטן

קאָלאָניסטן יידישע,
אַ געזונט אין זייערע ביינער,
ווי זיי זיי פאַרדינען דאָס ברויט, —
ערלעכער פאַרדינט נישט קיינער!

זייערע האַרעפּאַשנע הענט,
אין בלאָטע אויסגעשמירטע,
זיינען שענער פון די ווייסינקע —
מיט דימענטן באַצירטע.

זיי זיינען אָנגעקומען דאָ
פון לענדער ווייט צופאָרן;
און עס איז אַרגענטינע
זייער נייע היים געוואָרן.

און געטראָפן שטרעקעס ערד,
ווילד און פוסט, פאַרלאָזן.
נישט קיין וועג, און נישט קיין שליאַך,
נאָר הויכע, ווילדע גראָזן.

איצטער ליגן שטאָלץ צעבליט
אַרגענטינער וויסטן —
אויסגעוואַקסן איז אַ דור
פון יונגע קאָלאָניסטן.

........................................

ת. י. פאַרבער

# אַרגענטינע

גרויס און שיין איז אַרגענטינע
און אין אַלצדינג רייך,
ווו עס לעבן פריי און פרידלעך,
אַלע מענטשן גלייך.

קאַלאָסאַלע וועלדער גיבן
אונדז דאָס בעסטע האָלץ,
איז עס — מיט די גרויסע נוצן,
פאַרן לאַנד — אַ שטאָלץ.

אויף די גרינע פּאַשע־פּעלדער,
פּיטערן זיך פי:
מיליאָנען שאָף און ציגן,
אָקסן, פערד און קי.

און פאַרזייטע רייכע פעלדער
בליען פול מיט רייץ:
מאַיס, גערשטן, ליאָן, אַלפאַלפאַ,
האָבער, קאָרן, ווייץ...

אויף די גרויסע טייכן שווימען
שיפן אַלערליי —
גוטע פיש פון אַלע סאָרטן,
גיבן אויכעט זיי.

ביימער מיט געשמאַקע פרוכטן,
וואַקסן אַזוי פיין,
ווייַנשטאָקן מיט זיסע טרויבן,
שפּיגלען זיך אין שיין.

און נאַטור־שיינקייטן זיינען
גאָר אַ סך פאַראַן:
דאָ אַ וואַסער־פאַל, גיגאַנטיש;
דאָרט אַ באַרג־טיטאַן.

גרויסע שטעט, וואָס פּראָגרעסירן,
זיכער, פעסט און שנעל;
מיט פאַבריקן, הימל־קראַצערס;
שולעס — ליכטיק העל.

באַנען־ליניעס זיך ציִען
אין דער ווייטסטער ווייט;
און שאָסייען אַספּאַלטירטע,
ליגן ביי דער זייט.

גרויס דער מסחר און די אַרבעט,
וואָס עס ווערט געטון,
גלייכע רעכט איז דאָ פאַר אַלע,
ווי צו לופט און זון.

שטאַרקע, שיינע זין און טעכטער,
האָט דאָס גאַנצע לאַנד,
פרייהייט, שיינקייט, קראַפט און ליבע
גייען דאָ באַנאַנד.

גרויס און שיין איז אַרגענטינע,
און אין אַלצדינג רייך,
ווו עס לעבן פריי און פרידלעך,
אַלע מענטשן גלייך!



מ. אַ.

# אַ בוים בליט אין מדבר

## אַ. שווער איז געווען די אַרבעט

אין אַ קאַלטן פרילינג פרימאָרגן איז אָנגעקומען אַ גרופּע חלוצים און חלוצות אין מדבר, לעבן ים המלח, (טויטן ים) און אָנגעהויבן אויפצושטעלן ביידלעך.

דריי אַראַבער וואָס זיינען געריטן אויף אייזלען האָבן זיך אָפּגעשטעלט און פאַרווונדערט געפרעגט:

— וואָס טוט איר דאָ יידן?

— מיר שטעלן אויף אַ דאָרף, האָבן די חלוצים און חלוצות געענטפערט.

האָבן די אַראַבער זיך צעלאַכט און אויסגערופן:

— משוגענע יידן, וואָס איר זענט. אַט דאָ אין מדבר שטעלט איר אויף אַ דאָרף? זעט איר נישט אַז אויף מיילן ווייט איז נישטאָ קיין סימן פון אַ גרעזל, קיין זכר פון אַביימל? די ערד איז דאָ פול מיט זאַלץ. גאָט האָט פאַרשאָלטן אָט דאָס שטיק לאַנד. מיר און אונדזערע עלטערן און אור־עלטערן לעבן דאָ טויזנטער יאָרן און מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען אַז אַפילו אַ ווילד געוויקס זאָל זיך דאָ ווייזן. זעט איר נישט, אַז מדבר איז דאָ? ס׳איז דאָך נישט ווייט פון טויטן ים און אַלץ אַרום איז טויט.

האָבן די חלוצים און חלוצות געענטפערט:

— קומט צוריק אַהער אין אַ צוויי, דריי יאָר אַרום, וועט איר זען. איר וועט דעמאָלט רעדן אַנדערע רייד.

האָבן די אַראַבער אַ טרייב געטאָן די אייזלען און געזאָגט:

— משוגענע יידן, זיי מיינען, אַז זיי זיינען די קליגסטע אין דער וועלט. אַפּגעזאָגט און אַוועק.

טעג און חדשים זיינען אַריבער. די חלוצים און חלוצות האָבן געאַר־בעט פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. שווער איז געפאַלן די אַר־בעט אויף דער יונגער חברה. די זון האָט געגאָסן מיט פייער, די היץ איז אַרויף ביז פופציק גראַד און קיין שאָטן פון אַ בוים איז נישט געווען פאַר מיילן ווייט.

## ב. טוריסטן פון אַמעריקע

אַ פּאָר חדשים שפּעטער זיינען אָנגעקומען טוריסטן פון אַמעריקע. זיי האָבן אָנגעקוקט דעם טויטן ים און זיך אָפּגעשטעלט לעבן די חלו־צים און חלוצות וואָס האָבן געאַרבעט אין מדבר.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָבן די טוריסטן געפרעגט.

— מיר וואַשן די ערד, האָבן די חלוצים געענטפערט.

— איר וואַשט די ערד? ווי וואַשט מען ערד, האָבן די אַמעריקאַנער געפרעגט פאַרוואונדערט. האָבן די חלוצים געענטפערט:

— צוויי מייל פון דאַנען פליסט דער ירדן. ברענגען מיר וואַסער אין עמערס און גיסן אויף דער מדבר־ערד. דאָס ירדן וואַסער וואַשט אויס די זאַלץ פון דער ערד. אַז די גאַנצע זאַלץ וועט אויסגערייניקט ווערן פון דער ערד וועלן מיר פאַרפלאַנצן ביימער און פאַרזייען גראָז. האָבן די טוריסטן געענטפערט:

— מיר קומען פון אַמעריקע, דעם לאַנד, וואָס קאָן אַלץ באַווייזן. אַזאַ זאַך ווי וואַשן מדבר־ערד האָבן מיר נישט געהערט.

האָבן די חלוצים געענטפערט:

— נו, גוט, קומט אין אַ צוויי, דריי יאָר אַרום וועט איר זען אַז ביי־מער וועלן דאָ בליען און פעלדער וועלן גרינען.

זיינען די טוריסטן אַוועק, האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געזאָגט:

— ווילע יונגען די יידישע חלוצים אָבער ס'איז אַ רחמנות אויף זיי. זייער מי איז אומזיסט. זיי זיינען נעבעך געררירט געוואָרן פון דער היץ.

## ג. אַ פּראָפעסאָר

מיט אַ חודש שפּעטער איז אַראָפּגעקומען צו די יונגען אַ פּראָפע־סאָר. ער איז געווען אַ באַרימטער אַגראָנאָם און מען האָט אים געשיקט פון ירושלים זען ווי די אַרבעט גייט אין נייעם דאָרף. ער איז געקומען, האָט אַ קוק געטאָן דאָ, אַ שמעק געטאָן דאָרט. גענומען אַביסל ערד און אַריינגעלייגט אין איין פלעשעלע, וואָס איז געווען פול מיט עפּעס אַ גרי־נער פליסיקייט. גענומען נאָך אַביסל ערד און אַריינגעלייגט אין אַ צווייטן פלעשעלע, וואָס איז געווען פול מיט אַ געלער פליסיקייט. ער האָט גע־טרייסלט די פלעשעלעך, געקוקט ווי די פליסיקייט פאַרלירט איר קאָליר און געשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער גענומען אַביסל ערד, צע־שפּרייט עס אויף דער דלאָניע פון דער לינקער האַנט און עס אַ לעק געטאָן, ער איז אויפגעשפּרונגען אַן אויפגערעגטער, דאָס פּנים רויט. די אויגן פאַרלאָפן. ער האָט אויסגעשריגן:

— ס'איז סם, די ערד איז אַ פאַרסמטע. שנעל גיט מיר אַ גלאָז וואַסער.

מען האָט אים געבראַכט אַ גלאָז וואַסער. ער האָט אויף גיך אויסגע־שווענקט דאָס מויל. דערנאָך האָט ער געבעטן מילך. מען האָט אים גע־בראַכט אַ קריגל מילך. ער האָט געטרונקען די מילך פּאַמעלעך — אַראָפּ־געשווענקען דעם סם — און געטראַכט. אַז ער האָט אויסגעטרונקען די מילך האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— הערט זיך איין, טייערע חלוצים און חלוצות, אייער אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן. איך זאָג אייך אַז די ערד איז פאַרסמט. ס'וועט קיינמאָל דאָ גאָרנישט נישט וואַקסן.

די בחורים און מיידלעך האָבן געשוויגן און נישט געענטפערט, נאָר איין גדעון, דער בחור מיטן פאַרעקשנטן מויל און מילדע ברוינע אויגן, האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— הער פּראָפעסאָר, קומט צו אונדז אין אַ יאָר צוויי אַרום וועט איר זען דאָ בליענדיקעביימער און גרינע פעלדער.

דער פּראָפעסאָר איז אין כעס געוואָרן און אַוועק.

## ד. ווינט און פייער

זעקס חדשים האָבן די חלוצים און חלוצות אָפּגעאַרבעט. אין איינעם אַ האַרבסט אָוונט זיינען זיי געזעסן אין הויפּט געצעלט (קיין הייזער זיי־נען נאָך נישט אויפגעבויט געוואָרן) און געגעסן זייער מאָגערן מאָלצייט. אַ שטאַרקער ווינט האָט געשלאָגן און אויפגעהויבן וואָלקנס שטויב. די חלוצים האָבן פאַרשטייפט די שטריק אַרום געצעלט און געוואַרט מיט געדולד דער ווינט זאָל זיך איינשטילן. מיטאַמאָל האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם און אַראָפּגעריסן דעם געצעלט. איבערגעקערט די שטולן, דעם טיש. אומגעוואָרפן דעם נאַפט לאָמפּ. אַ פייער האָט אָנגעצונדן דאָס ביסל מעבל. דער געצעלט איז פאַרטראָגן געוואָרן אין מדבר. און די חלוצים און חלוצות זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

יענע נאַכט איז קיינער פון זיי נישט געשלאָפן. יעדער איינער איז געלעגן איינגעוויקלט אין זיין אויבערמאַנטל, דער קאָפּ טיף פאַרשטעקט און געווען וואַך מיט פאַרמאַכטע אויגן. אין דער פינצטער האָט זיך טיט־אַמאָל דערהערט אַ געוויין. דאָס האָט געוויינט די חלוצה עפרה, די, וואָס אַלע האָבן זי גערופן „עפרה די לאַכנדיקע". זי האָט געוויינט און גערעדט מיט אַ שלוכץ:

— מער קאָן איך נישט, מער קאָן איך נישט.

אַז זי איז שטיל געוואָרן, האָט זיך דערהערט גדעונס שטים:

— ניין, מיר וועלן נישט אַוועק פון דאַנען.

קיינער האָט נישט געענטפערט: גדעון האָט ווייטער גערעדט:

— חלוצים און חלוצות, איידער מיר זיינען געקומען אַהער האָבן מיר געוווסט וואָס פאַר אַ באָדן דאָס איז. מיר זיינען געקומען אַהער מלחמה האַלטן, מלחמה האַלטן מיטן מדבר. מיט פופציק יאָר צוריק איז גאַנץ ארץ־ישראל געווען אַ מדבר. וואָס איז געווען דער גליל? — אַ מדבר! וואָס איז געווען דער עמק יזרעאל? — אַ מדבר! וואָס איז געווען די שטאָט תל־אביב? — אַ מדבר! מדבר, מדבר, מדבר. די בויער פון גליל, פון עמק יזרעאל און תל־אביב האָבן באַזיגט דעם מדבר. אויך מיר וועלן אים באַזיגן. אויב איר זייט מיד, איר האָט מער קיין כוח נישט, גייט אייך. אַנדערע וועלן קומען אויף אייער אָרט.

— איך בלייב דאָ, האָט גדעון געזאָגט. איך בין געקומען אַהער, באַוואַ־סערן דעם באָדן, אַקערן, זייען, פלאַנצן און בויען. הונדערטער וועלן קומען נאָך מיר. איבער די זאַמדן פון מדבר וועלן זיך ציען פעלדער, וועלדער און גערטנער.

ווען גדעון האָט געענדיקט ריידן האָבן אַלע חלוצים און חלוצות זיך אויפגעשטעלט ווי איין מענטש און געשווירן:

— מיר גייען נישט. מיר בלייבן.

און אַ געזאַנג איז אויסגעבראָכן. דער געזאַנג האָט איבערגעשטאַרקט דעם שטורעם-ווינט:

— אין לאַנד געקומען, פלאַנצן און זייען —
אַקערן און בויען, מדבר איינגענומען.

## ה. צען ביימעלעך

עס זיינען אַוועק די חדשים תשרי, חשון, כסלו, און טבת, ס'איז געקומען חודש שבט. גדעון איז אַוועק קיין ירושלים און איז צוריקגעקומען מיט צען יונגע ביימעלעך.

אין אָוונט האָט ער געזאָגט צו די חברים:

— איך האָב געבראַכט צען ביימעלעך — ריטעלעך נאָר. אין דריי טעג אַרום איז חמשה עשר בשבט, ווען מיר פאַרפלאַנצן די ערשטע ביימעלעך לעבן טויטן ים.

האָט די לאַכנדיקע עפרה אויסגערופן מיט פרייד:

— מיר וועלן צונויפרופן אַלע חברים פון לאַנד און פייערן דאָ אין מדבר אונדזער ערשטן חמשה עשר בשבט.

האָט גדעון געענטפערט און געזאָגט:

— ס'איז נאָך צו פרי פאַר אַ חגיגה (יום-טוב, פייערונג). מיר וועלן טאַקע פאַרפלאַנצן די ביימעלעך אָבער ווער ווייס צי וועלן זיי זיך אָננעמען. לאָמיר צוואַרטן. איבעראַיאָר אויב די ביימעלעך וועלן זיך אָננעמען און אונדזערע „קינדער" וועלן אויסוואַקסן, וועלן ווערן אַ יאָר אַלט. וועלן מיר מאַכן דעם אמתן יום-טוב, מירן פייערן דעם ריכטיקן חמשה עשר בשבט.

אַלע האָבן מסכים געווען מיט גדעונען.

חמשה עשר בשבט אין דער פרי זיינען אַלע חלוצים און חלוצות אַרוים אין „גאָרטן" און פאַרפלאַנצט די ביימעלעך. זיי האָבן זיי באַוואָסערט און אָנגעהויפט ערד אַרום זיי. געענדיקט די אַרבעט, האָבן די חלוצים און חלוצות זיך גענומען פאַר די הענט, און האַנט אויף אַקסל — געטאַנצט אַ האָרע און געזונגען זייער ליד:

— אין לאַנד געקומען, פלאַנצן און זייען —
אַקערן און בויען, מדבר איינגענומען.

## ו. קומט און זעט דעם וווּנדער

עס זיינען אַוועק טעג און וואָכן, די חלוצים האָבן געוואַכט איבער די צען ריטעלעך-ביימעלעך, ווי אַ מאַמע וואַכט איבער קינדער.

— זיי וואַקסן, זיי וואַקסן, האָבן זיי אויסגערופן איינע צו אַנדערע יעדן פרימאָרגן, ווען זיי האָבן באַקוקט די ביימעלעך.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז גדעון ארוים אין גאָרטן. ער האָט זיך באַלד צוריקגעקערט אַן אומעטיקער און געזאָגט:

— צוויי זיינען געשטאָרבן.

די לאַכנדיקע עפרה האָט אים געטרייסט:

— אַכט זיינען געבליבן.

אָבער ס׳איז נישט אַריבער קיין וואָך און די אַכט ביימעלעך זיינען אויך פאַרדאַרט געוואָרן. גדעון איז ווידער אַוועק קיין ירושלים און גע־בראַכט פרישע צען ביימעלעך. מען האָט זיי פאַרפלאַנצט אין אַ ווינקל פון גאָרטן. אָבער אויך די צען האָבן זיך נישט צוגענומען. גדעון איז אַוועק צום דריטן מאָל קיין ירושלים, געבראַכט פרישע צען ביימעלעך־ריטעלעך און זיי פאַרפלאַנצט אין אַ דריטן ווינקל פון גאָרטן.

ס׳איז אַריבער אַ חודש, נאָך אַ חודש און אַ דריטער חודש — די ביי־מעלעך וואַקסן. ניין חדשים זיינען אַריבער, די ביימעלעך האָבן זיך אַ הייב געטאָן. אַכט צווייגן אויף איין ביימל און איינער פון זיי איז גאָר אַ פאַר־שוין. אַלע צען זיינען לעבן געבליבן.

— נו, האָט גדעון געזאָגט אין אַן אָוונט, היי־יאָר חמשה עשר בשבט וועלן מיר אַ הוליע טאָן.

ס׳איז אָנגעקומען דער חודש טבת, די חלוצים און חלוצות האָבן צע־שיקט בריוו איבערן גאַנצן לאַנד: „קומט פרייט זיך מיט אונדזערע נייע צען ביימעלעך, וואָס וואַקסן לעבן טויטן ים. אַ נייער יידישער ישוב איז אויפגעקומען אין מיטן מדבר״. אויך צו די אַראַבער אין יריחו האָבן זיי געשריבן און צו דעם פּראָפעסאָר אין ירושלים. צו די טוריסטן אין אַמע־ריקע האָבן זיי געשיקט אַ טעלעגראַמע:

— איר געדענקט ווי מיר האָבן געוואַשן די ערד קומט און זעט דעם צוגעזאָגטן וווּנדער. אויף חמשה עשר בשבט זיינען אָנגעקומען הונדער־טער מענטשן. עס זיינען געקומען יידן פון די קאָלאָניעס, פּראָפעסאָרן און סטודענטן פון די קאָלעדזשעס, פריילעכע חלוצים, זינגענדיקע חלוצות און די אַראַבער פון יריחו.

אַלע האָבן געקוקט און געגאַפט: צען ביימער זיינען געשטאַנען אין האַרץ פון מדבר. דער העכסטער פון זיי איז געווען אינגאַנצן איינגעטונ־קען אין בליעכץ.

— אַ בוים בליט אין מדבר!

און די אַראַבער האָבן געזאָגט:

— מכשפים זיינען די יידן. מיר שווערן מיטן נאָמען פון אַללאַ אַז די יידן זיינען מכשפים.

מרדכי אַלפּערסאָן

# פרילינג אין דער קאָלאָניע

דער ווינטער האָט זיך שוין געהאַלטן ביים געזעגענען. דער נעפּלדי־קער מאָנאַט אויגוסט פון 1893, איז צו ענדע געווען. סעפּטעמבער, דער אַרגענטינישער מאַי, דער פרילינג, האָט זיך, מיט זיין ליבלעכער וואַרעמ־קייט, שוין באַוויזן; און פלאַנצן, ווי מענטשן, האָבן פריש אויפגעוואַכט.

די קאָלאָניסטקעס מיט זייערע קינדערלעך, האָבן זיך ווי די מוראַש־קעס פאַרשפּרייט איבער די גערטנער און האָבן געגראָבן, געזעצט און געפלאַנצט. די מענער האָבן צוגעגרייט די מכשירים די מאַיס צו זייען, און אַלץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ מחיהדיקן טעטיקייט־פּערפיום.

דער ווייץ, וואָס מיר האָבן פאַרזייט, האָט וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ מער די ערד באַדעקט. די פעלדער האָבן זיך געגרינט, און אין אונדז, האָפענונג אַריינגעפלאָסן, דאָס, גאָר גיך, וועלן מיר זיך ענדלעך זען באַקליידט און צו זאַט אָנגעגעסן...

אויף שריט און טריט האָט מען געזען, ווי עס שפּינט און עס וועבט זיך אַ ניי־לעבן, און מיטן וואַרעמען פרילינג, וואָס איז אָנגעקומען, האָט צו אונדז אויך דערגרייכט אַ פריינדלעך האַרציקער בריוו פון באַראָן הירש, אין וועלכן ער בעט, דאָס מ'זאָל קיין פּאַריז צושיקן אַ מוסטער פון אונדזער ווייץ. „ער וויל — שרייבט ער, — מיט זיינע אייגענע אויגן זען די תבואה וואָס זיינע קאָלאָניסטן האָבן אויף דער וועלט געבראַכט דורך זייער אַרבעטסזאַמקייט און פליים".

אַ גרויסע שמחה, אַ גדולה, האָט אונדז אַלעמען באַהערשט. מיר זיינען אויפן שוועל פון אַ זיכערער, אַ רואיקער פּרנסה; און דאָס נאָך, אין אַזאַ פריי לאַנד!



חבל כ״ץ

# אַ קאָלאָניסט

איך בין אַ קאָלאָניסט,
בין פֿאַרוואָרפֿן וויסט,
אויף די קאַמפּן.
ערגעץ אָן אַ זייט,
פֿון מענטשן ווייט,
אין דער פּאַמפּאַ —
שטייט מײַן ראַנטשעלע
דאָרט אַן איינזאַמע,
האַלב אויסגעבויגן;
אין אַ שטיקל אָרט,
אָפּגעצוימט, אָט, דאָרט,
מיט דראָט אַרומגעצויגן.

האַרבסט אין דרויסן איז,
ס'איז שוין נאַס און קאַלט
אין דער וויסטע.
דורכן פֿענצטערל
האַלב צעבראָכן, אַלט,
זע איך נאָר פֿעלדער פּוסטע;
ס'קאַפּעט אַ רעגנדל,
דינע טראָפּנדלעך,
ווי די נאַטור וואָלט קלאָגן...
זיצן הינדעלעך,
אויפֿגעקאָרטשעטע,
אויפֿן אַלטן וואָגן.

ס'שטייט און מעלה־גירהט
די ווײַסע ציג,
שאָקלט מיט איר בערדל.
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט,
שטייט עס דרעמלענדיק
דאָס אַלטע פֿערדל.
ליגן קאַטשקעלעך
אין איין קופּקעלע
אויפֿן רעגן.
ס'הערט זיך אַ האָנען־קריי,
אַ ווילדער גאַטש־געשריי,
ערגעץ ווײַט פֿון וועגן.

איך זע דאָס שטעגעלע,
אָט דאָס בלאָטיקע,
בײַ די זײַטן;
ווי עס שלענגלט זיך
אין דער טיפֿעניש,
אין קאַמף אין ווײַטן;
צו דעם קאָלאָניסט,
וואָס האָט אַ טעכטערל —
אַ, קע ריקאַ!
זי גייט נאָך אַ פֿערד,
מיט אַ שטיקל ערד
פֿון דער ייק״א.

וועל איך נעמען איר,
ברענגען דאָ צו מיר,
און אין צווייען,
וועלן מיר אַרבעטן,
וועלן מיר אַקערן,
וועלן מיר זייען!..



# ד״ר הערצל

## ביאָגראַפיע

ד״ר הערצל איז געבוירן געוואָרן אין בודאַפּעשט אין יאָר 1860. זיי־נע עלטערן האָבן געהייסן יעקב און זשאַנעט.

אין יאָר 1878 באַזעצט ער זיך מיט זיינע עלטערן אין ווין, וווּ ער שטודירט רעכט־וויסנשאַפט.

אין 1884 באַקומט ער זיין דאָקטאָר טיטל אַלס יוריסט.

אין יאָר 1891 ווערט ער קאָרעספּאָנדענט פון דער גרויסער ווינער צייטונג „נייע פרייע פּרעסע". פאָרט קיין פּאַריז צום דרייפוס־פּראָצעס וואָס מאַכט אויף אים אַ שווידערלעכן איינדרוק.

אין 1895 פּרוווט ער צו געווינען צו זיין יידנשטאַט־אידייע דעם באַ־ראָן הירש און שפּעטער די פאַמיליע ראָטשילד.

גיט אַרויס זיין „יידנשטאַט" אין אַ ווינער פאַרלאַג דעם 14־טן פעב־רואַר 1896, און הויבט אָן זיין ציוניסטישן קאַמף, געשטיצט פון אַ קליי־נער גרופּע ציוניסטן וואָס זיינען דאָן שוין פאַראַן אין ווין, גאַליציע, רו־מעניע און אין אַנדערע לענדער.

אין 1897 גרינדעט ד״ר הערצל, מיט זיינע אייגענע מיטלען, דאָס וואָכנבלאַט „די וועלט" וואָס ווערט אַ שטאַרקער פּראָפּאַגאַנדע־כוח און פאַררופט דעם ערשטן ציוניסטישן־קאָנגרעס אין באַזעל, שווייץ, אין אוי־גוסט 1897.

די גרויסע אויפרעגונגען און אָנשטרענגונגען צו באַקומען ארץ־ישראל פאַר דעם יידישן פאָלק, צעטרייסלען הערצלס געזונט און ער שטאַרבט אין עדלאַך דעם 3־טן יולי 1904 (כ׳ תמוז).



ק. מאָלאָדאָווסקי

# ירושלים

(פאָלקס-מאָטיוו)

אויף די בערג פון יהודה
דערהויבן איז ירושלים.
אַלט איז ירושלים,
יונג איז ירושלים,
אייביק איז ירושלים.

יאָר נאָך יאָר און דור נאָך דור
לייכט די שטאָט ירושלים.
ווייט איז ירושלים,
נאָענט איז ירושלים,
אייביק איז ירושלים.

אין דעם סידור, אין דעם מחזור
פעסטיקט זיך ירושלים,
טרייסט איז ירושלים,
יום־טוב איז ירושלים,
אייביק איז ירושלים.

מזרח, מערב, צפון, דרום,
בוקן זיך צו ירושלים,
חכמה איז ירושלים,
תורה איז ירושלים,
אייביק איז ירושלים.

און דער פאַסטוך, דער מלך,
שטייט און היט ירושלים.
ברכה איז ירושלים,
שלום איז ירושלים,
אייביק איז ירושלים.

ז. סעגאַלאָוויטש

# תל־אביב

פון חיפה אַ כביש, אַ מאַסיווער,
אַ ליכטיקער וועג און אַ ברייטער,
אויף גאַסן אַריין, תל־אביבער,
מיט אײנעם אַ פריינט, אַ באַגלייטער.

פאַראַן איז אַ ים דאָ און אָטעם,
אַ שטאָט מיט פּאַרנעם, זיי צופרידן!
אַ שטאָט, וואָס איז ליב אין פיל פּרטים —
געבויט און געהאַמערט פון יידן.

געקומען איז איינער פון תימן,
דער צווייטער פון ווין און פון דאַנציג,
פון ליטע, פון רוסישע היימען,
און שפּראַכן — אויף זיכער אַ צוואַנציק.

מיט לאַנגע געשיכטעס פון וואַנדער,
מיט טיפע לעגענדעס פון דויער...
איך גיי זיך מיט זיי נישט פאַנאַנדער,
אויף יידישע וועגן פון טרויער.

מיט קליידונג פון אַנדערע ראַסן,
מיט פרעמדע און אייגענע לידער...
און יידן פון וואַרשעווער גאַסן...
מיט מזל! מיר זעען זיך ווידער!

ה. נ. ביאַליק

# איך מעלק די וואַנט

ביי יענער צייט האָט זיך מיר פאַרגלוסט איין קלייניקייט: כ׳האָב געוואָלט מעלקן די וואַנט. פון די קינדער אין חדר האָב איך געהערט, אַז ס׳זיינען פאַראַן אויף דער וועלט אַזעלכע בעלי־מופתים, וואָס באַווייזן יאָ אַזוינס צו טאָן, ס׳איז ביי זיי אַ גאָרנישט שבגאָרנישט. און באַלד טאַקע האָב איך געוואָרפן אַן אויג אויף איינער אַ וואַנט פון הויז. די דאָזיקע וואַנט איז פון העלפט אַרונטער געווען פאַרשימלט און צעפוילט, און האָט אַרויסגע־געבן פון זיך אַ מין גרינעם שוויים; און האָט שוין פון אַ שטיק צייט צוגע־צויגן מיינע בליקן. אין האַרבסטיקע נאַסע טעג פלעג איך אָפּזיצן אַנטקעגן דער וואַנט גאַנצע שעהן, פאַרטיפט אין די משונהדיקע צורות, וואָס דער וויל־גאָטש האָט אויף איר געמאָלן. כ׳האָב אין די גרינע פלעקן געזען אַלץ וואָס נאָר אַן אויג קען זען: בערג און טאָלן, פעלדער און וועלדער, שלעסער און פּאַלאַצן... „די דאָזיקע וואַנט — האָב איך מיר געטראַכט — איז לכתחילה באַשאַפן געוואָרן אויף צו מעלקן" — און בין נישט אָפּגעטראָטן פון איר מיין יעדע פרייע מינוט. איך האָב זי בודק געווען פון אַלע זייטן, געזוכט אין איר דעם ריכטיקן פּלאַץ אויף צו מעלקן. און אַז מ׳זוכט — געפינט מען: אונטן אויף דער וואַנט, גאַנץ נאָענט צום ווינקל, האָט זיך געפונען אַן אויפ־געלאָפענער פּלאַץ, ווי אַ מין ברוסט — דאָס איז דער ריכטיקער פּלאַץ. איך דאַרף בלויז מאַכן אַ קליין לעכל, אַריינטאָן אַהין אַ טרייבל — און מילך וועט זיך גיסן, ווי פון אַ קוואַל. און כדי אויפצונעמען דעם פולן שטראָם מילך, ס׳זאָל חלילה קיין איינציקער טראָפּ נישט גייען פאַרלוירן, האָב איך זיך מקדים געווען און זיך פאַרגרייט אַפריער, פאַרן מעלקן, מיט כל המינים כלים: אַ פלעשל מיט אַן אָפּגעבראָכן העלדזל, אַ צעשפּאָלטענע שיסל וואָס ווערט באַנוצט אויף צו האַלטן ליים, אַ האַלבע פושקע פון ר׳ מאיר בעל הנס, אַ בלעכן קעסטל צעלעכערט און פאַרראָסט, אַ שמוציקע יאַרמולקע, אַ פאַרדאַרטער שוך, אַן „אלמן" אָן אַ פּאָר, און נאָך אַזעלכע כלים וואָס האָבן זיך אומגעוואַלגערט אין מיסט, און אויפן בוידעם און אונטערן בעט. כ׳האָב אַפילו נישט פאַרגעסן זיך אָנצוגרייטן מיט אַ פּראָפּן. צו וואָס אַ פּראָפּן? כדי צו פאַרשטאָפּן צווישן מעלקן און מעלקן דעם וואָרצל פון ברוסט, דאָס לעכל פון וואַנט הייסט עס. אַרומגערינגלט מיט די אַלע כלים, און באַוואָפנט מיט אַ נאָגל און אַ מערזל, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און זיך גענומען לעכערן די וואַנט.

דאָס מערזל — קלאַפּ! — און דער טשוואָק הייבט אָן צו זינקען.

ס׳האַרץ צאַפּלט זיך, נאָך אַביסעלע, נאָך אַ רעגעלע — און פון לעכעלע
וועט אָנהייבן שפּריצן אַ ווייסער וואַרעמלעכער שטראָם — טזזז... און
דאָ אין רעכטן מיטן כאַפּ איך פון הינטן אַרום אַ הייסן פייערדיקן פּאַטש:
—נאַדיר, מטורף איינער, פאַר לעכערן די ווענט!...
דער פּאַטש — איז דעם טאַטנס אַ פּאַטש.

ח. נ. ביאַליק                נאָך ר׳ יהודה הלוי

# ים־ליד

כ׳האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז;
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן:
טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס!

און דו, מערב־ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין האַרץ, מיט אָדלער־פליגל,
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום, —
נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק,
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע,
און דערצייל זיי פון מיין גליק.

ש. וואַסערמאַן

# אַזוי האָט אַ קינד אַן עלנטס געטראַכט

אַזוי האָט אַ קינד אַן עלנטס געטראַכט:
„ווען איך זאָל נאָר האָבן אַ בעט אויף ביינאַכט.

אַ בעט ווו צו שלאָפן, און גאָרנישט נישט מיין! —
יאָ, און צום בעט נאָך, אַ וואַרעמע היים.

דאַרף אויך אַ קינד פון אַ היים און אַ בעט,
האָבן אַ מאָלצייט אָפּעסן צו זעט.

אַ קינד וואָס איז זאַט, דאַרף אויך אָנטאָן זיך,
אין לייטישע קליידער, און לייטישע שיך.

און קינדער וואָס זיינען באַשוכט און באַקליידט,
דאַרפן אויך צערטלעכקייט האָבן, און פרייד.

פעלט מיר נישט מער ווי: אַ היים, און אַ בעט,
קליידער און שיך, און אַ מאָלצייט צו זעט.

טאַטע און מאַמע און... מער נישט קיין זאַך! —"
אַזוי האָט אַ קינד, אַן עלנטס געטראַכט.



אהרן צייטלין

# נעמען פון יידישע קינדער

בלימעשי, טויבעשי, ריוועלע,
לאהניו, פייגעניו, פערעלע,
כאצקעלע, מאטעלע, קיוועלע,
הערשעלע, לייבעלע, בערעלע,

שאיעשי, חיהשי, גאלדעשי,
מענדעלעך, גנענדעלעך, מינדעלעך,
דאבעלעך, רחלעך, נעכעלעך,
יאנקעלעך, יונהלעך, מעכעלעך.

קאפעלע, ווו איז דיין קעפעלע?
ווו איז דאס ליכט פון דיין אייגעלע?
ווו איז דיין הענטעלע, יענטעלע?
ווו איז דיין פיסעלע, פייגעלע?

ווער קאן געפינען איצט משהלען,
שוליקן, שמואליקן, ישראליקן?
גאט האט אויך זיי ניט דערבארעמט זיך,
האט זיי געשאנקען עמלקן.

נעמען — אט דאס זיינען געבליבן נאר:
דבורהלע, דוואשעלע, חיהלע,
שמערעלע, פערעלע, סערעלע,
שימעלע, שיעלע, שייעלע.

בלימעשי, טויבעשי, ריוועלע,
לאהניו, פייגעניו, פערעלע,
כאצקעלע, מאטעלע, קיוועלע,
הערשעלע, לייבעלע, בערעלע.

אוים און נישטא מער די העשעלעך
הערשעלעך, פעשעלעך, הינדעלעך,
קלאנגען, בלויז קלאנגען, בלויז
ליד־קלאנגען!
נעמען פון יידישע קינדערלעך.

ווו איז דיין פיסעלע, זיסעלע?
ציפעלע, ווו איז דיין צעפעלע?
רויך ביסטו, יענטעלעס הענטעלע!
אש ביסטו, קאפעלעס קעפעלע.

# וויי צו יענע

## (פון ישעיה)

און אַ יום־הדין וועט זיין, פאַר אַלע שטאָלצע און פאַר אַלע דער־הויבענע.

און דערנידעריקט וועלן ווערן די אויגן פון די שטאָלצע, און איינ־געבויגן אַלע, וואָס זיינען ביי זיך גרויס.

וויי צו יענע, וועלכע זאָגן אויף שלעכטס, אַז ס'איז גוט, און אויף גוטס, אַז ס'איז שלעכט.

וויי צו יענע, וועלכע פאַרוואַנדלען דאָס ליכטיקע אין פינצטערניש און אויף פינצטערניש זאָגן זיי, עס איז ליכטיק.

וויי צו יענע, וועלכע גיבן רעכט דעם פאַרברעכער און נעמען פון דעם גערעכטן צו זיין רעכט.

וויי צו די, וואָס לעבן פון אומרעכט און זייער גלאַנץ איז פאַלשקייט געוואָרן.

זיי פאַרדאַרבן דעם משפט פון די נויטבאַדערפטיקע און נעמען צו דאָס רעכט פון די אָרעמע; און אלמנות ווערן זייער רויב, און יתומים פרעסן זיי אויף.

וואָס וועט איר, אומווירדיקע, טאָן אינעם טאָג פון גרויסן משפט? צו וועמען וועט איר נאָך הילף לויפן? ווו וועט איר אייער שטאָלצן קאָפּ אַנידערלייגן?

# און עס וועט קומען אַ צייט

## (פון ישעיה)

און עס וועט קומען אַ צייט, און די פעלקער וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אין אַקעראייזנס; און זייערע שפּיזן, אויף גאָרטן־מעסער. און אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט מער נישט אויפהייבן קיין שווערד, און זיי וועלן מער נישט לערנען צו גיין אין קריג.

און אַ וואָלף וועט וווינען צוזאַמען מיט אַ שעפּס, און אַ טיגער וועט ליגן לעבן אַ ציגעלע, און דער יונגער לייב און דאָס פעטע רינד, וועלן אַלע זיין אינאיינעם, און פירן וועט זיי אַ קליין קינד.

און אַ קו און אַ בער וועלן זיך צוזאַמען פיטערן,. און דער לייב וועט שטרוי־עסן, ווי אַ רינד.

און אַ וויג־קינד וועט זיך שפּילן מיטן פיפערנאָטער, און דער גיפטיקער שלאַנג, וועט אַן ערשט־אַנטוויינט קינד, זיין האַנט אַריינשטעקן אין מויל אַריין.

זיי וועלן קיינער קיין בייז נישט טאָן, און קיין שאָדן נישט טאָן איינער דעם אַנדערן; ווייל מיט גערעכטיקייט וועט זיין פאַרפלייצט די וועלט, אַזוי ווי דאָס וואַסער פאַרגיסט דעם דעק פון ים.

## שלום עליכם

# מיר איז גוט - איך בין אַ יתום

### (פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס“)

— א —

פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, געדענק איך נישט, איך זאָל זיין אַזאַ מְיוּחס, ווי אַצינד. וואָס איז מיט דער יתום? — מיין טאַטע פּייסי דער חזן, איז געשטאָרבן און איך בין געבליבן אַ יתום.

פון דעם ערשטן טאָג נאָך שבועות האָבן מיר אָנגעהויבן זאָגן קדיש — איך און מיין ברודער אליה. ער טאַקע האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן קדיש.

מיין ברודער אליה איז אַ געטרייער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רבי: ער איז אַ כעסן, ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפגעעפנט אַ סידור און האָט זיך אוועקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר צו שטו־דירן.

ער האָט מיט מיר איין מאָל איבערגעזאָגט דעם קדיש און ער וויל, אַז איך זאָל שוין קענען אויף אויסנווייניק. ער חזרט איבער מיט מיר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל פון אָנהייבן ביזן סוף און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגן אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס גייט נישט. —

ביזן מיטן קדיש איז נאָך ווי עס איז, און נאָך דעם פאַרטשעפּע איך זיך. דערלאַנגט ער מיר מיטן עלנבויגן און זאָגט מיר, אַז דער קאָפּ איז מיר אַפּנים ערגעץ אין דרויסן. ער פּוילט זיך נישט און חזרט איין מיט מיר נאָך אַמאָל. און ווען איך ווייס נאָך אַלץ נישט, נעמט ער מיר אַן פאַרן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטיין און זען, וואָס פאַר אַ זון ער האָט...

— וואָלט איך פאַרשפּאַרט זאָגן קדיש!

אַזוי זאָג איך צו מיין ברודער אליה און כאַפּ פון אים אַ געשמאַקן פּאַטש, מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אריין.

דערהערט די מאַמע און גיט אים פּסק, ער זאָל מיך נישט שלאָגן, וואָרעם איך בין אַ יתום.

— גאָט איז מיט דיר, וואָס טוסטו? ווען שלאָגסטו? האָסט פאַר־געסן אַפּנים, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?!

שלאָפן שלאָף איך מיט דער מאַמען אינעם טאַטנס בעט, דאָס איינ־ציקע שטיקל מעבל אין שטוב; די קאָלדרע גיט זי אָפּ כמעט אין גאַנצן מיר.

— דעק זיך איין — זאָגט זי צו מיר — און ווער אַנטשלאָפן, מיין טייערער יתום, עסן איז נישטאָ וואָס...

דעקן דעק איך זיך איין, אָבער שלאָפן שלאָף איך נישט: איך חזר דעם קדיש אויף אויסנווייניק. אין חדר גיי איך נישט, לערנען לערן איך נישט, דאַווענען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט. פּטור פון אַלצדינג. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום!

— ב —

מזל־טוב! איך קאָן שוין גאַנץ קדיש אויף אויסנווייניק! דעם לאַנגן קדיש אויך. ווייל איך זאָג קדיש אין דער פרי און אויף דער נאַכט, גיי איך שוין מער נישט צו הערש־בער דעם חזן זינגען. איך בין פריי. אַ גאַנצן טאָג געפין איך זיך ביים טייך: אָדער איך כאַפּ פיש, אָדער איך באָד זיך. כאַפּן פיש האָב איך זיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קען איך אייך אויך אויסלערנען: מע טוט אויס דאָס העמד און מע פאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע ביזן האַלדז אין וואַסער. מע דאַרף גיין לאַנג, לאַנג. אַז איר פילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס׳איז פול; גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פאַרפּלאָנטערט אָפּט־מאָל קליינע זשאַבקעלעך, וואַרפט זיי אַריין צוריק אין וואַסער אַריין. קיין פיש זאָלט איר נישט זוכן. אַמאָל איז געווען פיש אויך. היינט איז נישטאָ.

פון וואַנען האָט זיך דערוווּסט מיין ברודער אליה, אַז איך כאַפּ פיש, ווייס איך נישט, ער האָט מיר שיעור נישט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פיש. אַ גליק, וואָס פּעסיע די גראָבע, אונדזער שכנה, האָט דערזען. אַן אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי נישט איינשטעלן פאַר איר קינד.

— אָט אַזוי שלאָגט מען אַ יתום!

מיין ברודער אליה האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזן דעם אויער.

אַלע שטעלן זיך איין פאַר מיר. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

— ג —

אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, איך זאָל דערווייל זיין ביי איר, ביי פּעסיען הייסט עס.

— וואָס וועט אייך אַרן? — האָט זי געטענהט. — עס גייען ביי מיר צום טיש צוועלף, וועט ער זיין אַ דרייצנטער. ביי דער מאַמע האָט זי קוים געפּועלט, האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט מיין ברודער אליה:

— ווער וועט אויף אים אכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש?
— איך וועל אכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש. נו, שוין? האָט איר צו מיר גאָרנישט? פּעסיע איז נישט קיין גבירטע. איר מאַן איז אַן איינבינדער און הייסט משה. ער האָט אַ שם פאַרן בעסטן באַלמעלאָכע, דאָס אַליין איז אָבער קאַרג. מע דאַרף נאָך האָבן מזל אויך. אַזוי זאָגט פּעסיע צו מיין מאַמען.

מיין מאַמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אַז צום שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל. פאַר אַ סימן נעמט זי מיך; אַט בין איך אַ יתום און אַלע ווילן מיך. פאַראַן בעלנים, וואָס ווילן מיך צו זיך אויף שטענדיק. נאָר ווי לאַנג קרענקען אירע שונאים, ווי לאַנג זי וועט מיך אַוועקגעבן אויף שטענדיק! אַזוי זאָגט די מאַמע און וויינט. זי האַלט זיך אַן עצה מיט מיין ברודער אליה.

— ווי מיינסטו? זאָל ער זיין דערווייל ביי פּעסיען?

מיין ברודער אליה איז שוין אַ גרויסער. אַנישט וואָלט מען זיך מיט אים נישט געהאַלטן קיין עצה. ער גלעט זיך מיט דער האַנט דעם ריינעם, נישט באַוואַקסענעם פּנים, גלייך ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ באָרד, און רעדט ווי אַ גרויסער:

— אַבי ער זאָל נאָר נישט זיין קיין שייגעץ.

און עס בלייבט, אַז איך וועל זיין דערווייל ביי אונדזער שכנה פּעסיע...

— ד —

אונדזער שכנה פּעסיע, זאָל מיר מוחל זיין, האָט געזאָגט אַ גרויסן ליגן. צוועלף, האָט זי געזאָגט, גייען ביי איר צום טיש. לויט מיין מיינונג, בין איך דער פערצנטער. אַפּנים זי האָט פאַרגעסן אַריינצורעכענען דעם בלינדן פעטער ברוך. און אפשר האָט זי אים נישט אַריינגעשטעלט צווישן די עסערס דערפאַר, ווייל ער איז שוין זייער אַלט און האָט קיין ציין נישט אויף צו קייען. איך וועל מיך נישט שפּאַרן. קייען קען ער נישט, אָבער דערפאַר שלינגט ער ווי אַ גאַנדז און כאַפּט. אַלע כאַפּן זיי. זייער כאַפּן איז אויסערגעוויינטלעך. איך כאַפּ אויך. שלאָגן זיי מיך. מיט די פיס אונ־טערן טיש שלאָגן זיי מיך. מער פון אַלע שלאָגט זיך ושתי (וואַשטי). ושתי (וואַשטי) איז אַ רוצח. הייסן הייסט ער הערשל, נאָר ווייל ער האָט אַ גוליע אויפן שטערן, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן ושתי. אַלע האָבן זיי דאָ נע־מען און צונעמענישן: „קלעצל”, „קאַטער”, „פּעטעלעלע”, „גיב מיר נאָך”, „שמיר מיט פּוטער”...

האָט קיין יסורים נישט — יעדער נאָמען האָט זיך זיין מיין. פּיניע הייסט „קלעצל” דערפאַר, ווייל ער איז גראָב און קיילעכיק ווי אַ קלעצל. זעלוול איז אַ שוואַרצער, רופט מען אים „קאַטער”. מענדל האָט אַ שפּי־

צעכיקע נאַז, איז ער אַ „טשערנאָהויז״. „פּעטעלעלע״ האָט מען אַ נאָמען געגעבן פּיטלען דערפֿאַר, ווייל ער קען נישט רעדן. בערל איז אַ גרויסער נאַשער: אַז מע גיט אים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער „גיב מיר נאָך״.

— ה —

מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן — טרעפט ווי אַזוי? — „מאָטל מיט די לעפּצן״... לעפּצן איז אַ דייטשיש וואָרט. אויף אונדזער לשון הייסט דאָס „ליפּן״. איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און נישט מאַכן מיט די ליפּן! אַפּנים זיי איז נישט געפעלן מיינע ליפּן. איך ווייס נישט פאַרוואָס — מיר איז דאָס צונעמעניש שטאַרק נישט געפעלן! און ווייל ס׳איז מיר נישט געפעלן, רייצן זיי זיך מיט מיר און רופן מיר דוקא אַזוי. איר האָט נאָך אַזעלכע נישט געזען! פריער האָב איך ביי זיי געהייסן „מאָטל מיט די לעפּצן״; נאָך דעם גלאַט „מיט די לעפּצן״; שפּעטער — „די לעפּצן״; נאָר שפּעטער — „לעפּצן״.

— לעפּצן, ווו זענט איר געווען?

— לעפּצן ווישט אָפּ די נאָז!

עס פאַרדריסט מיך און עס ברענט מיך, און איך וויין. דערזעט דער פאָטער זייערער, פּעסיעס מאַן, משה דער איינבינדער, איין מאָל, אַז איך וויין; פרעגט ער מיך, פאַרוואָס וויין איך? זאָג איך אים — ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען, אַז איך הייס מאָטל, און מע רופט מיך „לעפּצן״. פרעגט ער: ווער? זאָג איך: „ושתי״. ווייל ער שלאָגן „ושתין״, זאָגט „ושתי״: — ס׳איז נישט איך, ס׳איז „קלעצל״. ווייל ער שלאָגן „קלעצלען״, זאָגט „קלעצל״ — ס׳איז נישט איך, ס׳איז „קאָטער״. איינער אויפן אַנדערן, דער אַנדערער אויפן דריטן — אַ מעשה אָן אַן עק! נעמט דער פאָטער, משה דער איינבינדער, און לייגט זיי אַוועק אַלע איינציקווייז און שמייסט זיי אָפּ מיט אַ טאָוול פון אַ סידור און זאָגט זיי: — איך וועל אייך ווייזן, ווי אַזוי צו לעצעווען פון אַ יתום!

אָט אַזוי: יעדער נעמט זיך אָן פאַר מיר. אַלע שטעלן זיך איין פאַר מיר.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

# טרייסט
## (אגדה)

פיר גרויסע תנאים, זיינען געגאַנגען אין וועג, קיין רוים; ס׳איז נאָך געווען ווייט פון דער שטאָט, דערהערן זיי שוין דעם פריילעכן גאַסן־רויש פון רוים. הייבן אָן דריי צו וויינען, נאָר דער פערטער, ר׳ עקיבא, לאַכט.

— „וואָס לאַכסטו?!״ — פרעגן זיי אים.

— „און איר, וואָס וויינט איר?״ — פרעגט ער זיי.

— „ווי זאָלן מיר נישט וויינען״, — זאָגן זיי — „אַז מיר זעען ווי די געצן־דינערס, וואָס בוקן זיך צו אָפּגעטער, און רויכערן צו געצן, זיי זיצן זיך אַזוי רואיק און זיכער, און מיר — אונדזער בית־המקדש ליגט פאַר־ברענט אין אַש״.

— „דערפאַר טאַקע״, — זאָגט ר׳ עקיבא — „לאַך איך. אויב זיי, וואָס האָבן געזינדיקט פאַר גאָט, לעבן זיך אַזוי, ווי וועט שוין זיין מיט די וואָס טוען זיין ווילן?״

די זעלבע פיר תנאים האָבן, איינמאָל נאָכן חורבן, זיך געלאָזט גיין קיין ירושלים. געקומען צום הר הבית, דערזעען זיי אַ שאַקאַל שפּרינגט אַרויס פון דעם אָרט, וווּ ס׳איז געווען דער קדשי־קדשים. הייבן אָן יענע דריי צו וויינען, און רבי עקיבא לאַכט. פרעגן זיי אים: וואָס לאַכסטו?

— „און איר, פאַרוואָס וויינט איר?״

— „ווי זאָלן מיר נישט וויינען, אַז אויף דעם הייליקסטן אָרט אונ־דזערן, וווּ קיין מענטש, אויסער דעם כהן גדול, האָט קיינמאָל נישט גע־טאָרט אַהין אַריינטרעטן, — דאָרט שפּאַצירן איצט פריי אַרום שאַקאַלן״.

— „דערפאַר טאַקע לאַך איך״, — זאָגט ר׳ עקיבא — „צוויי נבואות זיינען געזאָגט געוואָרן, איינע פון שטראָף: „ציון וועט אויף פעלד צעאַ־קערט ווערן, פון ירושלים — וועלן ווערן וויסטע בערגלעך, און דער הר הבית וועט באַוואָקסן ווערן מיט ווילדן וואַלד״. די צווייטע נבואה איז פון טרייסט: „עס וועלן נאָך זיצן זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירושלים, יעדערער מיט זיין שטעקן אין האַנט, אַנגעלאַדענע מיט יאָרן; און יונגע קינדערלעך — ייִנגעלעך מיט מיידעלעך, וועלן אָקעגן זיי פריילעך זיך שפּילן, און אָנפילן מיט זייער פריילעכן געלעכטער די גאַסן״. איידער די ערשטע נבואה איז מקוים געוואָרן, האָב איך מורא געהאַט, טאָמער וועט די צווייטע אויך נישט מקוים ווערן. איצט, אַז די ערשטע איז שוין דער־פילט, מעג מען זיכער זיין, אַז די צווייטע וועט אויך דערפילט ווערן.

אויסגעהערט ר׳ עקיבאן, האָבן זיינע חברים אים געזאָגט מיט די ווערטער: — „עקיבא, דו האָסט אונדז געטרייסט! עקיבא, דו האָסט אונדז געטרייסט!״

אגדה

# מנחם

אינעם טאָג פֿונעם חורבן איז געבוירן געוואָרן דער גואל.

ערגעץ ווייט פֿון ירושלים איז געשטאַנען איינער אַ דאָרפֿסמאַן אין פֿעלד און געאַקערט. גיט זיין קו אַ ברום. דערהערט עס אַ פֿאַרבייגייענדיקער אַראַבער, שטעלט ער זיך אָפּ און פֿרעגט דעם דאָרפֿסמאַן:

— ווער ביסטו?

— „אַ ייד בין איך" — ענטפֿערט יענער.

— „היי, דו ייד, שפּאַן אויס דיין קו, בינד אָפּ דיין אַקער אייזן.

— וואָס איז דען?"

— „דער בית-המקדש איז ערשט חרוב געוואָרן".

— „פֿון וואַנען ווייסטו דאָס?" — פֿרעגט דער ייד אַ דערשראָקענער.

— פֿון דיין קוס ברום ווייס איך עס".

דערווייל גיט די קו נאָך אַמאָל אַ ברום. רופֿט זיך אָן דער אַראַבער:

— „היי, דו ייד, שפּאַן איין צוריק דיין קו, בינד צו ווידער דיין אַקער-אייזן, ערשט איז דאָך געבוירן געוואָרן משיח, דער יידישער דערלייזער.

— „ווי הייסט ער?" — פֿרעגט דער ייד.

— „מנחם הייסט ער".

— „און זיין פֿאָטערס נאָמען?"

— „חזקיהו".

— און ווו געפֿינט ער זיך?"

— „אין אַ דאָרף לעבן בית-לחם, יהודה".

גייט אַוועק דער ייד, פֿאַרקויפֿט זיין קו, פֿאַרקויפֿט זיין אַקער-אייזן און ווערט אַ הענדלער פֿון געוואַנט פֿאַר קינדער. לאָזט ער זיך אין וועג, לאַנד-איין, לאַנד-אויס, שטאָט-איין, שטאָט-אויס, ביז ער קומט אַהין אין יענעם אָרט. קומען ווייבער פֿון אַלע אַרומיקע דערפֿלעך, איינקויפֿן ביי אים געוואַנט פֿאַר זייערע קינדער. נאָר איין פֿרוי, מנחמס מוטער האָט גאָרנישט געקויפֿט. הערט דער הענדלער ווי ווייבער שרייען אויף אַ קול: מנחמס מוטער, מנחמס מוטער! גיי קויף איין געוואַנט פֿאַר דיין זונדל.

— „הלוואי וואָלט ער, שונאי-ציון, דערוואָרגן געוואָרן!" — ענטפֿערט יענע.

— „וואָס האָסטו צו אים?" — פֿרעגן די ווייבער.

— „אינעם טאָג פֿון זיין געבוירן איז דאָך דער בית-המקדש חרוב געוואָרן".

רופט זיך אָן דער ייד:

— „גלייב מיר, טאַכטער, מיט אים איז ער חרוב געוואָרן און דורך אים וועט ער, אם ירצה השם, צוריק אויפגעבויט ווערן. נעם קויף פאַר אים".

— „איך האָב אָבער קיין געלט נישט". זאָגט די מוטער.

— „עס מאַכט נישט אויס, נעם אויף באָרג; אַן אַנדער מאָל, ווען איך וועל ווידער קומען, וועסטו מיר באַצאָלן".

אין אַ צייט אַרום קומט דער הענדלער ווידער אין יענעם אָרט. קלערט ער זיך: מען דאַרף גיין זען וואָס מאַכט דאָס קינד. קומט ער צו דער מוטער און פרעגט זי: „וואָס מאַכט עפּעס דיין קינד?"

— „ער איז נישטאָ!" — ענטפערט די מוטער — „באַלד נאָך דיין אוועקגיין זיינען אָנגעקומען אַזעלכע ווינטן און שטורעמס, ביי מיר פון די הענט אים אַרויסגעכאַפּט, און מיט אים אין איינעם פאַרשווונדן געוואָרן — און ער איז נישטאָ!"

---

אברהם רייזען

# ביימער

(אַ חמישה־עשר בשבט ליד)

די ביימער אין שניי, די ביימער אין ווינט —<br>
דער פראָסט — אַזאַ בייזער, אַ פרעמדער;<br>
ביי זייערע ברידער איז יום־טוב אַצינד —<br>
אין וויטע, אין וואַרעמע לענדער.

געהילטע אין אייז, געהילטע אין שניי,<br>
די צווייגן געבויגן און אָרעם;<br>
זיי וואַרטן ביז וואַנען דער יום־טוב צו זיי<br>
וועט קומען פון וואַרעמען דרום.

זיי מורמלען אַ תפלה אַ שטילע דערווייל,<br>
מיט מידע און אָרעמע קרעפטן;<br>
מיט ביימער, וואָס בליען פאַר טויזנטער מייל<br>
ווילן זיי איצט זיך באַהעפטן...

**מלכה לי**

(די עלף קבוצות אין נגב געווידמעט)

# עם ישראל חי

עם ישראל חי,
עם ישראל חי!

דורך די בערג עס שוועבט אַ ניגון,
אַלע שטערן זיך צעוויגן:
עם ישראל חי!

ווי אַ קוואַל עס רוישט די בשורה:
ברוינע פיס מיט ערד און גבורה —
עם ישראל חי!

אַלע וועלטן הערן, הערן,
קיינער וועט מיין פאָלק צעשטערן
עם ישראל חי!

אויפגעשטאַנענע פון תהומען,
אויך צעפּיקעניש די שונאים —
עם ישראל חי!

טאַנצן מיידלעך אין אַ „האָרע",
און די בחורים, קיין עין־הרע, —
עם ישראל חי!

אויסגעלייזט פון קאַלכאויוון,
טאַנצן זיי מיט נייעם גלויבן —
עם ישראל חי!

פון די בונקערס, פון די קברים,
טאַנצן זיי אין נאַכט אַ „האָרע" —
עם ישראל חי!

מרים טאַנצט זיי איצט אַנטקעגן,
און זי פּייקלט: חי, צום לעבן!
עם ישראל חי!

שרה, רבקה, רחלס טעכטער,
מיט געזאַנג און מיט געלעכטער —
עם ישראל חי!

יעקב דרייט זיך מיט זיין רחלען,
יידן, יידן, האָט ביטחון!
עם ישראל חי!

מדבר־פאַנען אויפגעהעלטע,
עלף קבוצות אויפגעשטעלטע —
עם ישראל חי!

אין די אויגן טאַנצן טרערן,
אונדזער פאָלק, עם וועט זיך מערן!
עם ישראל חי!



רחל פון העברעאיש: ז. רובאַשאָוו

# מיין לאַנד

איך האָב דיך, לאַנד מיינס, נישט באַזונגען
און דיין נאָמען נישט באַשיינט.
מיט קיין גבורות און נצחונות
דיינע שלאַכטן נישט געקרוינט.

בלויז אַ בוים מיין האַנט געפלאַנצט האָט
אויפן ירדנס שטילן ברעג,
בלויז אין פעלדער, אויסגעטראָטן
האָט מיין פוס, אַ שמאָלן שטעג.

ס'איז אַן אָרעמע מתנה —
יאָ, איך ווייס עס, מאַמע־לאַנד,
גאָר אַן אָרעמע מתנה
האָט געבראַכט דיין טאָכטערס האַנט;

בלויז אַ יובל־שריי פון שמחה
ווען עס טוט דיין טאָג אַ שיין,
בלויז אַ שטיל פאַרשטיקטן וויינען
אויף דיין פּיין.

---

מאיר זימל טקאַטש

# צו דעם קינדערלאַנד פון חומש

צו דעם קינדערלאַנד פון חומש,
ווידער צו די חומש־יאָרן
פאָרן יידן אויף די שיפן:
אַלטע בענקשאַפט און זכרון.

פאָרן זיי צוריק אין הימלאַנד,
אין תנכישער מדינה, —
צו דעם לאַנד דעם צוגעזאָגטן
נאָך צו אברהם אבינו, —

דאָרט צו פאַשען שאָף ווי יעקב
אויף די לאָנקעס, וואָס זיי אַרבן,
און אין צייט פון שנייט צו בינדן —
נישט אין חלום — יוספס גאַרבן.

און צו אַנטרינקען דעם מדבר —
יידן ווייסן, אַז זיי קאָנען, —
ווי פון שטיין ס'ציט משה וואַסער,
דאַרפן זיי זיך נאָר דערמאָנען.

חומש־יידן קאָנען אַלץ טאָן,
וואָס אין חומש שטייט געשריבן, —
פון די מעשיות זיינען מעשים
און דערפאַרונגען געבליבן.

וועט מען דאַרפן, וועלן יידן
אויך זיך שלאָגן, ווי די אומות,
צו באַשיצן פון די פלישתים
זייער קינדערלאַנד פון חומש.



י. ל. פּ ר ץ

# אַן אומזיסטער פּאַטש

פון געבוירנהייט אָן האָב איך פיינט געהאַט זיסע זאַכן, אין מויל אַריין נישט גענומען. „ער וויל, מען זאָל אים האַלטן פאַר קלוג". — האָט מען זיך געררייצט מיט מיר. די באָבע פלעגט באַקן אַלערליי גוטע זאַכן: ווייסן לעקאַך, האָניק־לעקאַך, טאָרטן, פרעגלען איינגעמאַכצן, פאַר זיך, פאַר די קינדער, פאַר די קראַנקע אין הקדש. אַלע אייניקלעך עסן; מען באַקומט, און מען גנבעט אַביסל צו; איך איינער אַן אויסנאַם: איך עס נישט.
מאַכט זיך אַ שמחה ביי אונדז.

קומען אָרעמעלייט אויף לעקאַך און בראָנפן; פאַרזאַמלען זיי זיך אין מיטל־שטוב. אין דער שטוב לינקס — די באַלעבאַטישע געסט. איז געווען ביי אונדז אַ סאַרווער, זאָל ער מוחל זיין, אַ גרויסער הונט, אַזוי האָבן אים

אַלע געראָפן. אָרעמעלייט האָט ער פיינט געהאַט ווי דעם טויט. טראָגט דער רשע פון דער מאַמעס שטוב אַרויס, הויך איבערן קאָפּ, אַ טאַץ מיט לעקאַך צו די באַלעבאַטים אַריין, איבער דער מיטל-שטוב און איך זע, ווי אַ קראַנק מיידל קוקט מיט פאַרברענטע אויגן צו דער טאַץ אַרויף. פלינק בין איך געווען, שפרינג איך אונטער, כאַפּ אַ שטיק לעקאַך און דערלאַנג דעם בלאַסן מיידל...

דער טאַטע — איך האָב נישט געוווּסט דערפון — איז געשטאַנען אין טיר פון דער מאַמעס שטוב. דעם שפרונג אין דער הייך האָט ער געזען; וואָס איך האָב מיטן לעקאַך אין דער נידער געטאָן — נישט. גייט ער צו און דערלאַנגט מיר אין באַק. צומאָרגנס, מיר זיצן אַלע ביים טיש, פאַרקלאָגט ער מיך פאַר דער מאַמען:

— דער קאָמענדאַנט, עסט מכלומרשט נישט קיין זיסע זאַכן, און כאַפּט לעקאַך פון טאַץ!

קומט אַריין די דינסט מיט דער יויך — געהערט האָט זי אַפּנים הינ־טער דער טיר — און פאַרציילט, וואָס איך האָב מיטן לעקאַך געטאָן. זי האָט געזען.

די מאַמע האָט די ברעמען אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן. דער טאַטע איז בלאַס געוואָרן. די אויגן זיינען ביי אים פייכט געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אָפּגעגאַנגען אין צווייטן צימער אַריין.



שלום עליכם

# שלום עליכם

# וועגן זיך אַליין

## א.

אין אַ קליין שטעטל, וואָראָנקאַ, האָב איך פאַרבראַכט די בעסטע גיל־דענע יאָרן, מיינע ערשטע גוטע, נאַרישע קינדער-יאָרן.

אין דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל, איז מיין פאָטער געווען דער גביר, דער גבאי! און מיר, די קינדער, אויך ניט קיין קליינינקייט! אַלע שבת צו נאַכטס איז געווען ביי אונדז אַ מלווה-מלכה פאַר דעם גאַנצן שטעטל, אַלע

יום-טוב איז מען געקומען צו אונדז אויף קידוש, אַלע נייעס האָט מען גע־בראַכט צו אונדז און אַרויסגעטראָגן פון אונדז, אַ גלעזל וויין האָט מען געטרונקען ביי אונדז. אַלצדינג ביי אונדז. און אונדז, די קינדער, האָט מען אָפּגעגעבן צו דעם בעסטן מלמד, און פרום זיינען מיר געווען, באמת פרום.

די פאַנטאַזיע איז ביי מיר געווען פון קינדווייז אָן מאָדנע גרויס און צעהיצט. הייזער האָבן ביי מיר אויסגעזען ווי שטעט, ביימער — מענטשן. גראָז — זעלנער, שטעכלקעס — פלישתים. און איך פלעג גיין אויף זיי אין מלחמה.

אויפכאַפּן דאָס קאָמישע פון יעדן מענטשן — דאָס איז געווען ביי מיר כמעט אַ חולאת. איך פלעג ניט ווילנדיק נאָכמאַכן יעדן באַזונדער, פונעם רבין מיט דער רביצין מיט אַלע חברים, ביז די טאַטע-מאַמע. און פאַר אַט דעם נאָכמאַכן, האָב איך געכאַפּט פעטש. אין חדר בין איך געווען דער קאָמיקער. אַלע פלעגן לאַכן, ביזן טויט לאַכן, אַחוץ מיר.

נאָר איינער איז געווען מיט מיר אַ גלייכער אויף מאַכן אָנשטעלן, זיך פאַרשטעלן, „שפּילן" זיך, „גרימירן", און בשעת-מעשה זינגען שיינע, וווּנ־דער-שיינע לידער. דאָס איז געווען מאירל דעם רבינס. ער איז געגאַנגען באָרוועס און געזונגען דאָס שענסטע ליד פאַר אַ גראָשן אָדער פאַר אַ האַלבן עפּל. מיר אַלע האָבן געשפּילט דעם „גזלן", אַ טעאַטער-שטיק, אונ־דזער אייגענע פאַנטאַזיע. מאירל איז געווען דער גזלן, איך בין געווען דער ייד, דער אָרעמאַן, און די איבעריקע חברים זיינען געווען דער וואַלד (די ביימער פון וואַלד). איך, דער ייד — דער אָרעמאַן, דער „אייביקער ייד", בין געשטאַנען פאַר אים (פאַרן גזלן), אויף די קניען, געטענהט: „וואָס האָסטו צו מיר, איך בין אַ ייד אַן אָרעמאַן!" און ער, דער גזלן. מיט אַ מע־סער אין האַנט, האָט געזונגען זייער אַ שיין לידל: אַז ער מוז, מוז אוים־קוילען אַלע יידן!... אַ קינדערישער נאַרישער שכל! קיין געשיכטע האָבן מיר נאָך דעמאָלט ניט געלערנט, קיין נביאים זיינען מיר ניט געווען: פון וואַנען האָט זיך צו אונדז גענומען אַז דער ייד איז אַן אביון, און באַדאַרף קניען פאַרן גזלן, און ער, דער גזלן, דאַרף זינגען אַ לידל: אַז ער מוז אוים־קוילען אַלע יידן!...

ווי ווייט שלעכט מיר זיינען ניט געווען, איז דאָס געפיל פון צער-בעלי־חיים געווען אַזוי גרויס, אַז אַ קראַנק פערד האָט מיך געקרענקט, אַ הונט מיט אַן איבערגעבראָכענעם פוס האָט אַרויסגערופן ביי מיר טרערן, און אַפילו אַ קאַץ איז ביי מיר געווען טייער און ליב. און פון קראַנקע און אָרע־מע קינדער שמועסט מען ניט.

## ב.

דער חשק פון שרייבן — מערקווירדיק! — האָט זיך גענומען ביי מיר פון דעם רבינס זעלטן שיין הענטל... פאַר אַ שיינעם „כתב", האָט אונדז

דער טאַטע געשענקט אַ גראָשן, און צוליב דעם שיינעם כתב האָב איך זיך אויפגעגנייט אַ ביכל און האָב שוין אָנגעשריבן („פּאַרפּאַסט") אַ גאַנצן חי־בור אויף תנ"ך און אַז איך האָב באַוויזן דעם טאַטן, איז ער פאַרוווּנדערט געוואָרן פון מיין „ווערק" און האָט דאָס לאַנג אַרומגעטראָגן ביי זיך אין קעשענע, באַוויזן איטלעכן באַזונדער, ווי שיין זיין זון שרייבט (אַלט האָב איך דעמאָלט באַדאַרפט זיין אַ יאָר צען).

געצויגן האָט מיך אַלץ אַהין, אין יענע וועלטן פון חלומות, פון געזאַנג, פון שפּילן, און איך האָב אַליין נאָך דער בר־מצווה, בגנבה זיך צוגעכאַפּט צום פידל און געכאַפּט דעם רעכטן פּסק פון מיין טאַטן.

פאַראַרעמט געוואָרן, זיינען מיר אַריבערגעפאָרן פון דעם קליינעם שטעטל אין דער גרויסער שטאָט. דאָרט האָט מען מיר אויפגעגנייט די ערשטע קורצע קאַפּאָטקעלעך, און אַז די מאַמע איז געשטאָרבן, האָט אונדז דער טאַטע אָפּגעגעבן אין דער שקאָלע, און איך האָב מיך אויסגעפּיינט צווישן אַלע קינדער, און נאָך דעם ערשטן ביכל, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן געלייענט צו 15 יאָר — „ראָבינזאָן קרוזאָ", האָב איך גלייך געמאַכט אַן אייגענעם „ראָבינזאָן קרוזאָ" מיטן נאָמען: „דער צווייטער ראָבינזאָן", באַוויזן דעם טאַטן, און דער טאַטע האָט באַוויזן די אורחים (ביי אונדז איז געווען אַן אַריינפאָרהויז), און אַלע זיינען אַרויס פון די כלים!

פון דעמאָלט אָן האָט דער טאַטע געקוקט אויף מיר ווי אויף אַן אוצר, ניט געלאָזט מען זאָל מיך שלאָגן, ניט געלאָזט זויגן די קליינע קינדער, ניט געלאָזט געבן מיר האַקן ראָזשינקעס ווי פריער (ביי אונדז איז געווען אויך אַ וויינקעלער), און פאַרווערט מיר פּוצן די אורחים די שטיוול, שטעלן דעם סאַמאָוואַר, לויפן אַ גאַנג, און אַלץ וואָס איך פלעג פאַר זיי טאָן, ביז יענער צייט.

# שלום־עליכם

עפּיטאַפיע

דאָ ליגט אַ ייד אַ פּשוטער,
געשריבן יידיש־דייטש פאַר ווייבער,
און פאַרן פּראָסטן פאָלק איז ער —
געווען אַ הומאָריסט, אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כּפּרות,
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט,
און ער — אוי ווי, געוועזן אויף צרות!

און דוקא דעמאָלט ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקלאַטשט, און פלעגט זיך פרייען,
האָט ער געקרענקט — דאָס ווייס נאָר גאָט —
בסוד, אַז קיינער זאָל נישט זען.

---

ז. שניאור

# די מומע פייגע פרעגלט איינגעמאַכץ

די מומע פייגע פרעגלט היינט איינגעמאַכץ. מע מוז זיך צוֹאיילן. דער סעזאָן פון מאַלינעס איז באַלד פאַרביי. האָט די מומע פייגע געכאַפּט, איינגעקויפט אַ גרויסע שיסל מאַלינעס, אַ פופצן פונט צוקער און פרעגלט.

די שפּיצן פון איר קאַפּטיכל האָט זי פאַרבונדן אויף הינטן. אַ סימן, אַז זי שטייט פאַר אַ גרויסע באַלעבאַטישע אונטערנעמונג! זי איז היינט אויפן סאַמע שפּיץ פון בריהשאַפט. היינט ווערט באַשאַפן אין דער באַלעבאַטישקייט דער שעדעווער פון אַ גאַנץ יאָר.

די בעקעלעך פלאַמען ביי דער מומע פייגען, די שפּיץ נאָז און די פינגער זיינען איר פאַרפלעקט מיט מאַלינע-בלוט. די אויגן אירע זיינען יינגער געוואָרן. זי איז היינט אינגאַנצן אַ זיסע, אַ קלעפּיקע, אַ געשיקטע און אַ בייזע ווי אַ בין, בשעת קלייבן דעם האָניג. די חברה קליינוואַרג, אָנהייבנדיק מיטן מוזיניקל און ענדיקנדיק מיטן גמרא-בחור, האַלטן זיך מיט דרך-ארץ אָן אַ זייט. זיי פילן בחוש, אַז היינט איז אַ סכנה אָנצוהייבן זיך מיט דער מומע פייגען. מע טאָר נישט כאַפּן פון די טעלער, מע טאָר נישט שמעקן, מע טאָר נישט פרעגן, מע טאָר נישט קלערן פון אַראָפּלאַקכענען אַ פּאָר מאַלינעס, אַזוי ווי דער שטייגער איז, ווען די מאַמע קומט מיטן

פולן קאַשיק פון מאַרק. ווייל מען לעבן אויף דער וועלט דאַרף מען זיצן און שווייגן...

זיצן זיי און קוקן אַרויס פון די ווינקעלעך. נאָר די אייגעלעך גלאַנצן. די צייטיקע מאַלינעס זיינען אָפּגעקליבן אין אַ גרויסן פּאַלומעסיק ווי אַ רויטע, שמעקעדיקע פּיראַמידע פון רובינען. זיי האָבן פאַרשמעקט די שטוב מיט ווילדן וואַלד, ווו די דאָרף-גויעס האָבן זיי פאַרטאָג אויף דעם טוי געקליבן...

איטלעכע מאַלינע באַזונדער איז אַ קליינע פּיראַמידעלע פון צוזאַמענגעקלעפּטע, קליינינקע גראַנאַטשיקלעך, אַ קעפּל פון אַ מאַרקיז-פינגערל מיט רובינען געפּאַסט. נישט ווייט פון די מאַלינעס, אויף אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר, איז אָנגעשאָטן אַ צווייטע פּיראַמידע פון מעלצוקער. און ווייס איז דער צוקער ווי געפּאַלענער שניי, וואָס דער ווינט האָט אין מיטן ווינטער לעבן אַ פּלויט אָנגעוויייעט.

די ווייסע קופּע צוקער שאָטנט אָפּ די רויטע פּיראַמידע פון פרישע מאַלינעס.

ביידע זיצן זיי אַזוי מלכותדיק, ברייטלעך און ניי אויף דעם אָפּגעשאָבענעם הילצערנעם טיש. ס'איז פּראָסט אַן עבירה צו נעמען און פאַרקאָכן איינס מיטן אַנדערן אין דער גרויסער מעדניצע און מאַכן פון זיי איין רויטע קאַשע, איין איינגעמאַכץ...

נאָר די מומע פייגע האָט קיין רחמנות נישט. אַזוי ווי דער קינסטלער דערבאַרעמט זיך נישט אויפן ווייסן שטיק מאַרמאָר, וועלכן ער האַקט און ברעכט און פיילט, בשעת דער טאַלאַנט צעשפּילט זיך אין אים...

די מומע פייגע מעסט אָפּ וואַסער אין דער מעדניצע. מיט אַ ריינער געשליפערנער גלאָז מעסט זי דאָס. אַ האַלבע גלאָז וואַסער אויף יעדן פונט צוקער, וואָס ליגט גרייט אויפן טיש. איר פּנים איז דערביי געשפּאַנט. די ליפּן באַוועגן זיך, שעפּטשען עפּעס... אַ באַשווערונג אָדער אַ ברכה? ווער ווייסט?

דערנאָך צינדט זי אָן די טרוקענע שפּענדלעך, וועלכע ליגן גרייט אויפן פּריפּעטשאק אונטערן דרייפוס.

ווי אַ סיגנאַל פון צויבער באַווייזט זיך דאָס ערשטע בלאָע פייערל צווישן די שפּענדלעך. דערנאָך ווערט אַ קנאַקעריי און דער פלאַם ווערט אַלץ גרעסער און שטאַרקער. דער אָרעמער פאַרחושכטער, פאַרסאַזשעטער פּריפּעטשאק ווערט באַגאָסן מיט אַ רויטן פלאַטערדיקן אָפּשיין. אַ, ס'איז אים היינט ווויל, דעם פּריפּעטשאק! ער האָט געוואַרט אַ גאַנצן קאַלטן ווינטער מיט אַ שטיק זומער און האָט זיך דערוואַרט...

דער געפּאַלירטער מעש פון פאַן לאַכט און שמייכלט און בלינצלט. אין פענצטער קוקט אַריין אַ שטיק בלויער ווייסער הימל, אַ סוף-תמוז הימל. דער מומע פייגעס פאַרבונדענע טיכל, די קופּע מאַלינעס, די ווייס-

קייט פונעם צוקער, די בלאַקייט פונעם הימל, דער גאָלד־גלאַנץ פונעם מעש, דער פייער אויפן פריפעטשאק, דאָס קנאַקן פון די פרישע פעכיקע שפּענד־לעך — אַלץ גיסט זיך צוזאַמען אין איין פריילעכער, זומערדיקער האַר־מאָניע.

מע פּרעגלט איינגעמאַכץ. דער פעטער אורי איז עפּעס אויך נישט ווי אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. ער איז עפּעס אַביסעלע יום־טובדיק גע־שטימט. נאָר ער שווייגט. נאָך דעם נאָכמיטיקדיקן שלאָף גייט ער זיך אַדורך איבער דער קיך. אַ קוק מיט די קאָסאָקע אויגן אויף דער מומע פייגען, אַ קוק אויף די ווייסע חברהניקעס — און גאָרנישט. קיין וואָרט נישט גערעדט. ער לאָזט אַראָפּ די הענט אין די קעשענעס און גייט זיך אַדורך אַ פּאָר מאָל איבער אַלע צימערן מעשה באַלעבאָס און עפּעס אַ גוטמוטיקער „בים־באָם" טרילט אים אַרויס פון האַלב־אָפענעם מויל און פון נאָז.

דערנאָך זעצט ער זיך אויף דער קאַנאַפּע און נעמט אַ ספר אין האַנט. נאָר לערנען לערנט ער נישט. צווישן די שורות ווייסלען זיך די מאַלינעס מיט די צוקער, וואָס ער האָט ערשט אין קיך געזען, עס טאַנצן די פייער־לעך פון פריפעטשאק...

עס ווילט זיך אים אַ גלאָז טיי. נאָר ער איז דאָס מאָל איינגעהאַלטן, עס אַרט אים גאָרנישט, וואָס מע האָט אַזוי שפּעט דעם סאַמאָוואַר נישט געשטעלט...

— אַה־האַ, טאַטע זיסער! — רייסט זיך אים אַרויס אַ פריילעכער זיפץ פון האַרצן. — שוין באַלד אַוועק תמוז... אַוועק אַ זומער... בים־באָם־באָם...

און די מומע פייגע פּרעגלט.

פריער זידט זי אויף דעם ווייסן, שניי־ווייסן צוקער. זי מאַכט חרוב די שיינע ווייסע פּיראַמידע און שיט זי אַריין אין דער קאָכיקער מעדניצע. און אַז דער צוקער זידט גוט אויף, פּרובירט זי עס מיטן לעפל. פון איר גרויסער הילצערנער לעפל טריפט עס מיט צעשמאָלצענעם בורשטין. זי טריפט אַריין אַביסל אין אַ טעלערל, בלאָזט און בויגט איין דאָס טעלערל. כדי צו זען די שליימיקייט... אַצינד זעט שוין דער צוקער אויס ווי אַ בליי־כער האָניק.

דערנאָך הייבט זי אָן ביסלעכווייז אַריינצושיטן די אָפּגעקליבענע מאַ־לינעס אינעם הייסן, קאָכיקן צוקער. גוואַלד, ווי האָט דאָס אַ יידענע קיין רחמנות נישט אויף אַזעלכע זאַפטיקע, איידעלע, ווייכינקע מאַלינעס! גוואַלד, פאַרוואָס שטראָפט זי זיי מיט אַזאַ גיהנום!

פריער דערהערט זיך פון דער גרויסער מעדניצע אַ זשיפּערייַ מיט אַ קוויטשעריי מיט אַ זיפצעריי. די מאַלינעס שרייען: „גוואַלד, ראַטעוועט! אוי, מיר שטאַרבן! מיר ווילן דאָס נישט אויסהאַלטן!"... דערנאָך ווערט

עס אויף אַ ווײלע שטיל. די אײדעלע מאַלינעס זײַנען אפּנים אין חלשות געפאַלן... דערנאָך גיט עס עפּעס אַ בורטש אין דער פולער מעדניצע אין סאַמע בויך. דערנאָך אַ צווײטער בורטש. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס הייבט זיך אָן אַ גלייכמעסיקעס פּרעגלען.

און אָט דאָ קומט אָן דער געפּערלעכסטער מאָמענט אין דער אײנגע־מאַכין־קונסט, דאָ דאַרף מען קוקן מיט בײדע אויגן. אַ לײבן־קנײטש לײגט זיך דער מומען פייגען אויפן שטערן. ווי אַן אַפּטײקער שטייט זי בײַם פייער און מישט און לעקט און כאַפּט אַראָפּ דעם שוים מיט די אַנ:עזאַ־טענע ביינדלעך — „בארבעצי" הייסט דאָס, אַ נאַשעריי פאַר די קינדער. דאָס שליימיקע רויטקייט מיטן דאַזיקן שמעקעדיקן שוים גיסט זיך ווי אַ זים־האַניקדיק בלוט אויפן ווייסן פּראָביר־טעלערל.

בײַ די קליינע חברה־לייט צעברענען זיך די אייגעלעך און עס ציטערן די נאָזלעכער. אַז מע נעמט שוין אַראָפּ „באַרבעצי", איז אַ סימן, אַז דער איינגעמאַכץ איז שוין באַלד פאַרטיק. זיי שפּירן אין דעם מיט אַלע זייערע קינדערשע חושים דעם פאַרבאַלזאַמירטן טעם און ריח פון זומער, פון פעלד אין פון ווייטן גרינעם וואַלד. די מומע פרעגלט. זי פאַרמאַרענירט דעם גאַנצן זומער־טעם און וועט דאָס פאַרבינדן און באַהאַלטן אין אַ גלעזער־נעם־סלאָי... אין די ווינטערדיקע, כמאַרנע שבת־טעג וועט זי דאָס דער־לאַנגען צום טיי. פאַרזוכט מען אַ לעפעלע, ווערט דער גאַנצער מויל פול מיט אַ שמעקעדיקן טעם. דער טעם פון זומער אַליין. אַ דאַנק איר דער־פאַר!

— נו, ס'וועט, דאַכט זיך, זײַן גענוג!

אַזוי גיט אַ זאָג די מומע פייגע פון פייער און פאַרע; און באַלד אַראָפּ־געכאַפּט די גרויסע מעדניצע פון אַנגעגליטן דרייפוס, אַרויס מיט איר אין פאַרהויז און שטעלט זי אַראָפּ צום קילן אויף עטלעכע שייטלעך האָלץ, וועלכע ליגן אויסגעלייגט ווי אַ דרייעק... עס שלאָגט פון דער מעדניצע איבערן גאַנצן פירהויז, מיט אַ זיסער, שמעקעדיקער פאַרע, כאָטש גיי נאַש די לופט מיט בײדע ליפּן. די מעדניצע איז אונטן אינגאַנצן פאַררויכערט, מיט אַ שיינער סאַמעטענער שוואַרצקייט איז זי אויסגעדעקט. נאָר אינע־ווייניק, אינעווייניק גלאַנצט נאָך דער מעש ווי פריער און עס רויטלט זיך אַ גאַנצע האַנדיקדיקע מאַסע פון באַלזאַמירטע מאַלינעס. אויפן פריפּע־טשאָק לעשט מען אויס דעם פייער. בלייבט ער שטיין צוריק פאַרחושכט, פאַרקלעמט, פאַרסודט. אין שטוב ווערט עפּעס צוריק וואָכעדיק, ווי נאָך הבדלה. די מומע וואַשט זיך איין מיט קאַלט וואַסער און בינדט איבער די שפּיצן טיכל צוריק אויפן האַלדז. דאָס באַטייט, אַז זי איז צוריק געוואָרן אַ מאַמע און אַ באַלעבאָסטע אין שטוב. באַוויזן וואָס זי קען — און גענוג!

א. לוצקי

# אַ פליג אַן עראָפּלאַן

אַ פליגעלע — אַן עראָפּלאַן.
אַ קליינטשיק עראָפּלאַנטשיקל.
אַ פּיצעלע צעפּעלין.

נאָר געגנוג פאַר זיך אַליין.
אַליין דאָס פּירעכל.
אַליין דאָס פליערל.

אייגעלעך צוויי פענצטערלעך.
פיסעלעך די רעדעלעך.
דאָס מיילעכל — אַ טרובקעלע.

פליגעלעך — די פלאַטערלעך
אין הערצעלע — דאָס מאָטאָרל.
אין בייכעלע — דער גאַזאָלין.

אין קעפּעלע — דער מאָטאָרמאַן
קוקט אַדורך די פענצטערלעך
און רודערט מיט די רעדעלעך.

און פלאַטערט מיט די פליגעלעך
און זשווּשעט דורכן טרובקעלע:
— אָט פליט אַן עראָפּלאַן.

פלי — איז נישט געגאַן.
ביי מיר אַ מייל — אַ שפּאַן
וועלט געגנוג פאַראַן

אַרט מיר נישט ביז וואַן.
צי דאָרטן, צי ביז דאַן.
איך בין אַ גרויסער מאַן

אַליין דער קאַפּיטאַן.
אַליין דער עראָפּלאַן.
אַ פליענדיקע באַן:
זש! — זש! — זש!

# די קולות פון דער שטאָט

פרי פאַרטאָג, דערהערט זיך מיטאַמאָל איבער דער שטאָט אַ ברום:
אוּר-ר-ר-ר...

פון אַלע עקן שרייען זיך דורך פאַרשידענע קולות, דינע און גראָבע:
אוי-ין — או-יו...

דאָס פייפן די פאַבריקן. זיי פייפן און ברומען, רופן צו דער אַרבעט.

פאַרטאָג פאָרן שוין אַרויס די ערשטע טראַמווייען. זיי פירן די אַרבע-טער אויף די פאַבריקן.

עס קלאַפּן די רעדער: דזין-דזין-טראַ-טאַ-טאַ.

אַ טראַמוויי איז אַוועק

— פּיפּי! פּיפּי! — האָט זיך צעטרובעט אַן אויטאָ.

איבערן קאָפּ האָט עפּעס מיטאַמאָל גענומען טרעשטשען. טר-טר-טר!

אַן עראָפּלאַן איז דורכגעפלויגן.

— ר-ר-ר-ר — זיינען פאַרבייגעפאָרן שווערע וואָגנס.

— טר-ר-ר-ר — ווי אַרבעס וואָלט זיך צעשיטן: ס׳איז דורכגעפאָרן אַ דראָזשקע.

מענטשן אויף די גאַסן ווערן אַלץ מערער, און עס הילכן שטאַרקער זייערע טריט אויף די טראָטואַרן.

— האַנדל! האַנדל! האַנדל! צו פאַרקויפן! ווער האָט עפּעס צו פאַר-קויפן! אַלטוואַרג, שוכוואַרג, גלאָזוואַרג, צו פאַרקויפן! — צעשרייען זיך איבערן הויף עטלעכע ווייבער מיט זעק אויף די פּלייצעס.

— פיש! פיש! לעבעדיקע פיש! — רופט אויס אַ ייד מיט אַן עמער אויפן קאָפּ.

— אייערבייגל, פרישע אייערבייגל! זעמל, זעמל! — רייסט זיך אַריין אַ דין קעלעכל פון אַ בעקער-ייִנגל.

— גלין! גלין! גלין! מעסערשאַרפן, שערעלעך, בריטוועס! גלין! גלין! גלין! — קלינגט אַ שלייפער אין אַ גלעקל, און באַלד דערהערט זיך דאָס ראַצן פון אַ מעסער אָן אַ שלייפשטיין.

— קוילן! קוילן! קוילן! — לאָזט זיך מיטאַמאָל הערן אַ קלינגענדיקע שטים, און אויפן הויף באַווייזט זיך, דעם קאָפּ פאַריסן אין דער הויך, מיט אַ בייטש אין דער האַנט. אַ שוואַרצער קוילעניק.

עס גרילצט, עס פייפט, עס הילכט, עס קלאַפּט, עס קלינגט, עס טרעש-טשעט, עס קוויטשעט... און אַלע קולות גיסן זיך צונויף אין איין גרויסן טומל.

# די שטאָט קאַסרילעווקע

פאַראַן אַלערליי שטעט אויף דער וועלט. פאַראַן אויך אַזאַ שטאָט וואָס מע רופט זי „קאַסרילעווקע".

וווּ געפינט זיך קאַסרילעווקע, ווילט איר וויסן?

ווייט, ערגעץ, אין אַ זייט, פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, ווייט פון אַ באַן, ווייט פון אַ ים — און מע האָט דערפון קאַרג וואָס יסורים; ווינציקער טאַראַראַם.

ווי אַזוי זעט אויס די שטאָט קאַסרילעווקע?

זי זעט אויס ווי אַ... ווי אַ וואָס זאָל איך אייך זאָגן, אַ שטייגער? ווי אַ כאַנישניק, וואָס איז אָנגעזעצט מיט סעמעטשקעס, אָדער ווי אַ לאָקשנברעט מיט פאַרפל אַ סך.

די לאָקשנברעט — דאָס איז די שטאָט, די פאַרפל — דאָס זיינען די שטיבלעך וואָס זיינען אָנגעזעצט איינס אויף דאָס אַנדערע.

קאַסרילעווקע שטייט אויף אַ באַרג, דאָס הייסט — אויף קאַסרילעווקע שטייט אַ באַרג, און אויפן באַרג און אונטערן באַרג שטייען הייזלעך אַ סך, איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי קברים אויף אַן אַלטן בית-עלמין; אַלטע, שוואַרצע, איינגעבויגענע, האַלב-איינגעפאַלענע מצבות.

קיין גאַסן איז נישט שייך צו זאָגן, מחמת די הייזער גייען נישט געבויט אויסגערעכנט, און אויסגעמאָסטן, נאָכן צירקל. און קיין סך פּלאַץ צווישן די הייזער איז אויך נישטאָ: למאַי זאָל שטיין אומזיסט, אומנישט, אַ ליידיקער פּלאַץ, אַז מע קאָן דערויף אַנידערשטעלן אַ שטוב?

פונדעסטוועגן, האָט קיין יסורים נישט, פאַראַן גאַסן אויך, גרויסע גאַסן און קליינע געסלעך, און שמאָלע געסלעך, און הינטערגעסלעך. אַ וואָס? ס'איז נישט עפּעס אַזוי גלייך, אַביסל געדרייט, באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַרויף — און פּלוצים, נאָט אייך אַ שטוב, אָדער אַ קעלער, אָדער גלאַט אַ גרוב? וועט איר אַ ברירה האָבן, נישט צו גיין איינער אַליין ביינאַכט אָן אַ לאַמטערן! פאַר די קאַסרילעווקער זאָלט איר זיך נישט זאָרגן: אַ קאַסרילעווקער אין קאַסרילעווקע, צווישן קאַסרילעווקער, וועט נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן קיינמאָל. איטלעכער טרעפט צו זיך אַהיים, ווי אַ פייגעלע צו זיך אין נעסט אַריין.

און ווייטער איז פאַראַן אין מיטן שטאָט אַ ברייטער, האַלב-קיילעכיקער, און אפשר אַ דריי-עקעכיקער פּלאַץ, וואָס דאָרטן זיינען די געוועלבן מיט די יאַטקעס מיט די שטעלעכלעך, און דאָרט שטעלט זיך אויס דער

מאַרק אַלע פרימאָרגן, ווו עס פאָרן זיך צונויף אַ סך גויים מיט אַ סך גויעס, מיט אַלערליי מינים סחורות און עסנוואַרג, פון פיש ביז ציבעלעס מיט כריין מיט פעטרעשקע, און מיט שאר ירקות, און דאָרטן ליגן אויסגעצויגן ביי־טאָג אַלע ציגן פון שטאָט און וואַרעמען זיך קעגן דער זון.

קאַסרילעווקע ווייסט נישט פון קיין קאַנאַליזאַציע און פון קיין עלעקטריע.



י. מאניק לעדערמאַן

# רמת־גן

רמת־גן, רמת־גן,
איז נאָך ערגעץ ווו פאַראַן
אַזאַ ישוב,
פול מיט כישוף
ווי עס איז רמת־גן?...

שטיי און שטוין איך אין באַקאַנטשאַפֿט
מיט דיין בערגלדיקער לאַנדשאַפֿט —
אומרו־ערד פון ראַנד צו ראַנד, —
שענסטע טאָכטער־שטאָט אין לאַנד!

דאָ אַ גאַס און דאָ אַ גאָרטן,
דאָ צעאַקערט פעלד און דאָרטן —
ווידער גאַסן אין צעוואַרף. —
ביסטו שטאָט, צי ביסטו דאָרף?

נישט געדערפלט... נישט געשטעטלט...
ס'האָבןביידע זיך פאַרקייטלט
האַנט אין האַנט — און פעלד מיט שטאָט
טאַנצן דאָ אין קאַראַהאָד!

הייזער,ביימער, ווי מיט פליגל,
שפּרינגען דאָ פון טאָל אויף היגל,
און פון היגל מיטאַמאָל
טאַנצן זיי אַראָפּ אין טאָל...

רמת־גן, רמת־גן,
איז נאָך ערגעץ ווו פאַראַן
אַזאַ ישוב,
פול מיט כישוף
ווי עס איז רמת־גן?...

מאַני לייב

## ייִדיש

די וועלט איז פול מיט רעדן,
עס רעדט דאָך יעדע זאַך.
און יעדער אויף זיין שטייגער,
און יעדער אויף זיין שפּראַך.

און יידן רעדן יידיש
אויף אַלע עקן וועלט,
אין אַפריקע אין הייסער
און אין סיבירער קעלט.

און יידן רעדן יידיש,
און יידיש איז דאָך שיין,
איז גרינג אַ צווייטן יידן
פאַרשטיין ווי זיך אַליין.

א. שינדלער

## יידיש־לשון

יידיש־לשון, פשוט לשון
פון די טאַטע־מאַמעס,
ביסט דאָך מלא־חן אַזוי
ווי בלימעלעך אין תמוז!

יידיש־לשון, האַרציק לשון
פון מיליאָנען ברידער!
מאַמעס, באָבעס האָבן אונדז
געזונגען שיינע לידער,

זיידעס האָבן מעשהלעך,
אויף יידיש אונדז געגעבן, —
יידיש לשון, מאַמע־לשון,
פרייד פון אונדזער לעבן!

ל. עלבע

# לשנה טובה

עס איז אָנגעקומען אַ נײַ יאָר, און אַז איין מענטש האָט באַגעגנט אַ צווייטן, האָט ער אים געווּנטשן: לשנה טובה! לשנה טובה! אַ גוט יאָר! אַ גוט יאָר, הייסט דאָס, זאָלט איר האָבן! און דער צווייטער האָט אים גע־ענטפערט: גם אתם! דאָס הייסט, אייך אויך!

בעני האָט אויך אַזוי געטאָן, און ווען ער האָט באַגעגנט פון זיינע הברים, האָט ער צו אים געזאָגט: לשנה טובה! אַ גוט יאָר זאָלסטו האָבן! און מען האָט אים געענטפערט: דו אויך! אַ נײַ יאָר, אַ נײַ יאָר! אַלע האָבן גערעדט פון דעם נייעם יאָר און געווּנטשן זיך, אַז דאָס נייע יאָר זאָל זיין בעסער פון דעם אַלטן. אַלע האָבן געבעטן אַ גוט יאָר און בעני אויך. נאָר בעני האָט געטראַכט, ווי זעט מען אים, אָט דאָס נייע יאָר, טאַקע זען, אַזוי ווי מע זעט אַ מענטשן, און בעטן אים, ער זאָל זיין גוט.

מילא אויפן וואָר האָט בעני נישט געקענט זען דאָס נייע יאָר, אַזוי ווי מע קען זען אַ מענטשן, אָבער אַז ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז ער אַוועק קיין חלום־לאַנד, דאָרטן וווּ ער זעט אַלצדינג, וואָס ער קען נישט זען אויפן וואָר. בעני איז נישט געגאַנגען אַליין, נאָר ער האָט מיט זיך גענומען אויך זיין שוועסטער פּעני און זיין חבר מעני.

זיינען אַלע דריי קינדער אָנגעקומען קיין חלום־לאַנד. זוכן זיי און זוכן דאָס נייע יאָר און קענען עס נישט געפינען. קומט אָן אַן אַלטער מאַן אין דרייען געבויגן, מיט צוויי זעק אויף די אַקסלען, איינער אַ ווייסער זאַק און איינער אַ שוואַרצער זאַק, און מיט אַ לאַנגן שטעקן אין האַנט. זעט דער אַלטער מאַן ווי די קינדער גייען און זוכן. רופט ער זיך אָן צו זיי:

— וואָס זוכט איר, קינדער? דעם נעכטיקן טאָג?

ענטפערט בעני: — ניין, מיר זוכן דאָס נייע יאָר.

מאַכט דער אַלטער: — יאָ, איר זוכט דאָס נייע יאָר? ער וועט טאַקע באַלד אָנקומען, גלייך נאָך מיר.

פרעגט בעני: — און ווער זייט איר, אַלטער מאַן?

ענטפערט דער אַלטער: — איך בין דאָס אַלטע יאָר.

פרעגט בעני: — און וואָס טראָגט איר אין דיביידע זעק?

ענטפערט דער אַלטער:

— אין דעם ווייסן זאַק טראָג איך די טעג און אין דעם שוואַרצן זאַק טראָג איך די נעכט, דריי הונדערט פינף און זעכציק טעג און דריי הונ־דערט פינף און זעכציק נעכט וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביי אייך.

פרעגט בעני:

— און קיין גוטע זאַכן און קיין שפּילעכלעך האָט איר נישט?

ענטפערט דאָס אַלטע יאָר:

— דאָס האָב איך אַלץ צעטיילט, פאַראַיאָרן נאָך, בעת איך בין גע־קומען. איצטער האָב איך גאָרנישט, איצטער וועט אייך שוין דאָס נייע יאָר געבן. אָט ווען איך וועל אַוועקגיין און ניט ווערן, וועט ער קומען.

טראַכט בעני:

— טאָ גיי טאַקע גיכער אַוועק!

און זיי האָבן גענומען זינגען:

גיי אַוועק, אַלטער יאָר,
מיט דיינע לאַנגע ווייסע האָר!
גיי אַוועק מיט די זעק,
דיינע נעכט, דיינע טעג!
אַלטער יאָר, גיי אַוועק,
פאַרן נייעם יאָר מאַך אַ וועג.

און דאָס אַלטע יאָר איז אַוועק, און די קינדער האָבן אים נאָכגעקוקט, און זיי האָבן געקוקט און געקוקט, ביז זיי האָבן אים שוין מער נישט גע־קענט זען. דאָס אַלטע יאָר איז נישט געוואָרן, און באַלד האָט זיך דער־הערט דאָס בלאָזן פון אַ שופר:

טרו! טרו! אָ!

דאָס נייע יאָר איז דאָ!

און בעני און מעני און פּעני האָבן אַ קוק געטאָן: ערשט טאַקע, דאָס נייע יאָר איז שוין דאָ. אַ יינגעלע אַזוי ווי בעני און מעני, טאַקע נישט גרעסער פון זיי. האָבן זיך די קינדער דערפרייט מיט אים און גענומען טאַנצן און זינגען:

טרו! טרו! אָ!
דאָס נייע יאָר איז דאָ!
געקומען איז דאָס נייע יאָר.
ווי אין חלום אויפן וואָר.
נייער יאָר, נייער יאָר,
זאָג אונדז נאָר, זאָג אונדז נאָר:
וואָס וועסטו אונדז געבן?

— גליק און פרייד און לעבן! — האָט געענטפערט דאָס נייע יאָר.

ח. קאָהען

# לשנה טובה, ישראל

— א —

ערב ראש השנה האָט דער לערער גערעדט וועגן נייעם יאָר וואָס קומט אָן. פריער האָט ער גערעדט שטיל, איינגעהאַלטן און טרויעריק. אָבער באַלד איז געוואָרן זיין קול שטאַרק און הויך, לעבעדיק און מונטער. די אויגן האָבן זיך ביי אים צעשטראַלט, זיין פנים האָט זיך צערוימלט און פון מויל האָבן געשטראָמט הייסע פלאַמענדיקע רייד וועגן יידישן לאַנד, וואָס יידן האָבן איצט געקראָגן נאָך טויזנטער יאָרן פון וואַנדער צווישן פעלקער. ער האָט געענדיקט:

— איר זענט יונג, קינדער, איר וועט נאָך זען ווי ישראל וועט זיך צעבליען און ווערן דאָס וווּנדער פון דער וועלט. צום נייעם יאָר ווינטש איך אייך: זאָל זיך ענדיקן דער אַלטער יאָר מיט זיינע אומגליקן און זיך אָנהייבן דער נייער יאָר מיט זיינע ברכות.

ביינאַכט האָט די עלף־יעריקע רבקהלע לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן. ווען זי האָט ענדלעך פאַרמאַכט די אויגן, איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף און איז גלייך אַוועק אין טרוימלאַנד. זי האָט געזען ווי זי זיצט אין דרויסן ביי דער טיר, קעגן דער זון, און אַזוי ווי זי הייבט אויף די אויגן זעט זי דריי הויכע, שיינע, אַלטע לייט מיט לאַנגע בערד גייען גלייך צו איר שטוב. זיי קומען נענטער, נענטער, שטעלן זיך אָפּ קעגן איר, און פלוצים וואַקסן אַרוים פון זייערע אַקסלען גרויסע, ווייסע פליגלען און צעשפרייטן זיך אין דער הויך. שטייט רבקה אויף פון בענקל און זאָגט:

— שלום עליכם, מלאכים פון פרידן!

— זאָל דיך גאָט בענטשן! — ענטפערן די דריי מלאכים.

— זייט איר נישט די דריי מלאכים פון חומש, וואָס זיינען געקומען צו אברהם אבינו? — פרעגט דאָס מיידל מיט פרייד און צעטומלעניש. קומט אַריין אין שטוב.

— יאָ, — ענטפערן די מלאכים, — מיר זיינען געקומען צו דיר אויף אַ רגע, צו בענטשן דיך צום נייעם יאָר.

— אָ, גוטע מלאכים, — האָט דאָס מיידל זיך גענומען בעטן — איך האָב אייך אַזוי פיל צו דערציילן.

— מיר מוזן איצט אַוועקפליען איבער דער וועלט, — האָט איין מלאך

זיך אָפּגערופן. — אויב דו ווילסט, קום מיט אונדז. אויפן וועג וועסטו אונדז אַלץ דערציילן, און איך וועל דיך ברענגען צוריק.

— פלי איך מיט אייך, — האָט רבקה געענטפערט.

און דער העכסטער און דער שענסטער פון די דריי מלאכים, דער מלאך מיט די גרעסטע פליגלען, האָט אַ כאַפּ געטאָן רבקהן אויף זיין רוקן צווישן די פליגלען, און אַלע פיר זיינען אַרויף הויך אין דער לופט. זיי זיי־נען געפלויגן גיך־גיך, אפשר הונדערט מייל אַ רגע. אָבער רבקה איז גע־זעסן אויפן מלאכס רוקן שטיל, רואיק, מיטן קערפּער אויסגעגלייכט, האָט זיך אפילו נישט געטרייסלט און האָט אָנגעקוואָלן פון דער רייזע. פון ביי־דע זייטן פון דעם העכסטן מלאך, זיינען געפלויגן די צוויי קלענערע מלא־כים.

— האַלט זיך גוט אָן אָן מיינע פליגלען, רבקה, און קוק אַראָפּ אויף דער ערד, — האָט געזאָגט דער גרויסער מלאך, וואָס האָט געטראָגן דאָס מיידל.

— ב —

רבקה האָט אַרונטערגעקוקט. די מלאכים האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט נידעריקער, און דאָס מיידל האָט געקענט גוט באַטראַכטן די ערד אַרום און אַרום. זי האָט געזען אַ זוניק לאַנד. העט־אַרום ליכט און לויטערקייט. די פעלדער וואַקסן און בליען און זיינען פול מיט הויכער תבואה. די ביי־מער אָנגעלאָדן מיט פרוכט, וואָס גילדן זיך און גלאַנצן קעגן דער צע־שטראַלטער זון. די מענטשן זיינען צעשפּרייט איבער די פעלדער, רוישן און פרייען זיך, און שניידן פרוכט פון זייער מי מיט פרייד און געזאַנג. און אָט טאַנצן דאָרט ערד־אַרבעטער אין אַ פריילעכן רונדן קרייז. דער־פער און דערפער מיט נייע, פאַרביקע, חנעוודיקע שטיבלעך, וואָס ליגן אין שאָטן פון לאַנגע ביימער־אַלייען, און זיינען איינגעטונקען אין אַ ים פון בלומען, מיט פעלדער און וועלדער אַרום זיי.

און דאָ און דאָרט — שטעט. פּרעכטיקע געביידעס הייבן זיך אויף נישט צו הויך פון דער ערד, און זעען אויס באַשיידן, איידל און חנעוודיק. אַ גרויסע צאָל שטעט מיט קלענערע און גרעסערע שטיבער און געביידעס פון אַלערליי קאָלירן שיינען קעגן בלויען, צעהעלטן הימל. און אָט האָבן קינדער ערגעץ אין אַ גרויסן הויף געשלאָסן די הענט אין אַ קרייז, און זיי טאַנצן, און זינגען ווי די גרויסע אין דאָרף.

— אָ, ווי שיין, ס'איז דאָס לאַנד! — האָט זיך רבקה אַ כאַפּ געטאָן ווי פון אַ חלום. וואָס איז דער נאָמען פון דעם לאַנד?

— ס'איז דאָס לאַנד פון דיין פאָלק, — האָט דער עלטסטער מלאך געענטפערט. דער נאָמען איז „ישראל".

— אָ, ווי שיין, ווי פּרעכטיק, ס'איז ווונדערלעך! — האָט רבקה אַלץ אַראָפּגעקוקט און גערעדט אַ באַגייסטערטע.

— יאָ, רבקה, — האָט דער מלאך, וואָס האָט זי געטראָגן צווישן זייַנע פליגלעך, געזאָגט — גאָט האָט חרטה אויף דעם וואָס ער האָט געטאָן, און וועט מער שוין די יידן קיין חורבן נישט ברענגען. און דאָס איז דער סימן פון זיין חרטה: דאָס לאַנד ישראל ווערט איצט אומגעקערט צו זיינע קינדער, די קינדער פון ישראל, אויף אייביק און אייביק.

דאָ האָבן די דריי מלאכים גענומען פליען מוראדיק גיך, און די ערד פון ישראל האָט זיך דערווייטערט.

האָט רבקה אַראָפּגעשריגן:

— לשנה טובה! לשנה טובה, ישראל! האָט אַ גליקלעך יאָר און אַן אייביק לעבן, יידן!

— מאַמע, מאַ...!

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף...

זי האָט זיך געריבן די אויגן און זיך אַרומגעקוקט. זי ליגט ביי זיך אין בעט. זי האָט זיך אויפגעזעצט און אַרויסגערעדט הויך:

— לשנה טובה, לשנה טובה, ישראל! האָט, יידן, אַ גליקלעך יאָר און אייביקן לעבן!

---

# ר' אמנון

## אַ מעשה פון מיטלאַלטער

די מעשה איז געשען מיט אַ סך הונדערטער יאָרן צוריק.

אין דייטשלאַנד, אין דער שטאָט מיינץ, האָט געלעבט אַ גרויסער רבי מיטן נאָמען רב אַמנון. רב אַמנון איז געווען זייער געלערנט און קלוג. האָט דער פירשט פון שטאָט ליב געהאַט צו רעדן מיט רב אַמנונען. דער פירשט האָט שטענדיק איינגערעדט רב אַמנונען, אַז ער זאָל זיך שמדן. רב אַמנון האָט געענטפערט, אַז ער וועט בלייבן אַ ייד. דער פירשט פלעגט אַ ווײַלע ווערן אין כעס, אָבער ער האָט דאָך שפּעטער ווידער גערופן רב אמנונען צו זיך, און ווידער געשמועסט מיט אים.

איינמאָל איז דער פירשט געווען זייער בייז. ער איז צוגעשטאַנען צו

רב אַמנונען אַז ער מוז זיך ,שמדן, אַניט וועט ער אים פאַרטרייבן פון שטאָט. האָט רב אַמנון אַ זאָג געטאָן:

— „זאָל דער פירשט מיר געבן דריי טעג זיך צו באַטראַכטן. אין דריי טעג אַרום וועל איך קומען צום פירשט און אים געבן אַן ענטפער”.

ווען רב אַמנון איז געקומען אַהיים, האָט אים זייער שטאַרק פאַר־דראָסן, פאַרוואָס ער האָט אַזוי געענטפערט דעם פירשט. וואָס הייסט — ער דאַרף זיך באַטראַכטן? האָט ער דען וואָס צו טראַכטן? ווייסט ער דען נישט, אַז ער וועט קיינמאָל זיך נישט שמדן? פאַרוואָס־זשע האָט ער גע־געבן אַזאַ ענטפער? איז רב אַמנון געווען זייער טרויעריק.

ווען די דריי טעג זיינען פאַרביי; איז רב אַמנון נישט געגאַנגען צום פירשט. האָט דער פירשט געשיקט זיינע מענטשן רופן רב אַמנונען. אָבער רב אַמנון איז נישט געגאַנגען. איז דער פירשט געוואָרן זייער אין כעס און געהייסן זיינע מענטשן, זיי זאָלן איבער גוואַלד ברענגען רב אַמנונען צו אים. האָט דער פירשט אים געפרעגט:

— „פאַרוואָס האָסטו נישט געהאַלטן וואָרט און דו ביסט נישט געקו־מען צו מיר? איך וועל דיך אַזוי באַשטראָפן, אַז אַלע וועלן וויסן, ווי אַזוי מע מוז האַלטן וואָרט!”

האָט רב אַמנון געענטפערט:

— „איך וועל אַליין זאָגן, ווי דער פירשט זאָל מיך באַשטראָפן; די צונג וואָס האָט געזאָגט אַ ליגן זאָל אָפּגעשניטן ווערן!”

— „ניין!” — האָט געענטפערט דער פירשט, — „די צונג האָט נישט געזאָגט קיין ליגן, און מע דאַרף זי נישט באַשטראָפן. דיינע פיס האָבן נישט געפאָלגט און זיי זיינען נישט געקומען צו מיר — זיי וועל איך לאָזן אָפּ־האַקן!”

און דער פירשט האָט געהייסן, אַז מע זאָל אָפּהאַקן רב אַמנונען ביידע פיס.

ווען רב אַמנון איז געקומען צו זיך, איז ער געווען צופרידן: ער האָט געזינדיקט און איז געוואָרן באַשטראָפט! איצט איז ער געווען רואיק.

אין אַ פאָר טעג אַרום איז געווען ראש השנה. האָט רב אַמנון גע־הייסן, אַז מע זאָל אים טראָגן אין שול אַריין. אין שול האָט רב אַמנון גע־זאָגט אַ נייע, זייער שיינע תפילה. אַלע יידן האָבן אויסגעהערט די תפילה. זי איז זיי געפעלן געוואָרן, און פון דעמאָלט אָן, ווען עס קומט ראש־השנה, זאָגט מען די זעלביקע תפילה. זי הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „לאָמיר דערציילן די הייליקייט פון דעם טאָג, וואָס ער איז פאַרכטיק און שרעק־לעך”.

יידן האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן רב אַמנונען, וואָס האָט אַזוי טייער געהאַלטן זיין גלויבן.

לאה קאַפּילאָוויטש

# יום־כּפּור

יום כּפּור וויינט די מאַמע
פּונקט אַזוי ווי איך;
פאַר וואָס דאַרף זי דאָס ווייגען
און רעדן שטיל צו זיך?

עס בוקן זיך די פלאַמען
פון דער מאַמעס ליכט,
זיי זעען אויך, אוודאי,
גאָטס הייליקן געזיכט.

מסתמא איז איר טאַטע,
גאָט, ביי אונדז אין הויז
און מאַמע בעט ביי אים איצט
אַ גוטן יאָר זיך אויס.

די מאַמע זעט אים זיכער,
כ'וויס נאָך איר געוויין,
איך זע אים נישט. מסתמא
ווייל איך בין נאָך צו קליין.

נאָר וואָס דאַרף מאַמע בעטן
מיט אַזאַ געוויין?
זי האָט דאָך מיך געלערנט,
אַז ווייגען איז נישט שיין...

---

אפרים גאָלדבערג

# פיש לכבוד יום־כּפּור

אין אַ רוימישער שטאָט האָט אַמאָל געוווינט אַן אָרעמער שניידער, וועלכער פלעגט אַ גאַנץ יאָר אַרבעטן שווער און ביטער מיט שער און אייזן און קוים פאַרדינט זיין לעבנסמיטל.

אַמאָל, אין אַן ערב יום-כּפּור, האָט זיך דער אָרעמער אַרבעטער אַרויסגעלאָזט אויפן מאַרק קויפן פיש לכבוד יום-טוב. אין יענעם טאָג האָט אויך דער דאָרטיקער גובערנאַטאָר געשיקט אַהין זיין דינער איינ־קויפן עסנוואַרג, צווישן וועלכע עס האָט נישט געטאָרט פעלן קיין פיש. דער טאָג איז דאַן געווען אַ קילער און אַ טריבער, ווען אויף פיש איז אַ מאַנגל.

שטייענדיק לאַנג אויפן מאַרק, האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַ פישער וואָס האָט געבראַכט צו פאַרקויפן אַן איין-און-איינציקן גרויסן העכט, פאַר וועלכן ער האָט געפאָדערט אַ הויכן פרייז. האָבן אים ביידע געוואָלט קויפן,

דעם גובערנאַטאָרס דינער און דער שניידער, און קאָנקורירט מיט די פּרייזן. גיט דער אַזוי פיל, גיט דער צווייטער מער.

ווען דער דינער האָט שוין געהאַלטן ביי צען גילדן, האָט דער שניידער געהעכערט אויף צוועלף און דער פיש איז טאַקע געבליבן פאַר אים, און ער האָט אים אַהיימגעטראָגן פאַר דער ערב־יום־כּפור־סעודה.

— פאַרוואָס דערלאַנגסטו נישט קיין פיש צום עסן? — האָט דער גובער־נאַטאָר געפרעגט זיין דינער, זיצנדיק ביים טיש. ווייסטו דען נישט, אַז ביי מיר פיש איז אַ הויפּט מאכל, אָן וועלכן עס באַקומט מיר נישט דער גאַנצער מאָלצייט?

— אַ יידישער שניידער האָט מיר היינט אויסגעקויפט אין מאַרק דעם פיש וואָס כ׳האָב געדונגען — און דער קנעכט דערציילט זיין האַר די גאַנצע געשיכטע, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט אינדערפרי.

— ווי אַזוי איז עס מעגלעך אַז אַן אָרעמאַן, אַ שניידער, זאָל באַצאָלן אַזוי פיל געלט פאַר אַ פיש? — האָט זיך דער גובערנאַטאָר שטאַרק געוווּנ־דערט — גיי און זוך אים גלייך אויף און ברענג אים אַהער. נישט קיין אָרעמאַן איז ער, נאָר אַן אוצר געפינט זיך אין זיין הויז, וואָס מוז גלייך קאָנ־פיסקירט ווערן פאַר דער רעגירונג!

דער שניידער איז באַלד געבראַכט געוואָרן צום רוימישן שטעלפאַרטרע־טער, פאַר וועלכן ער איז גענומען געוואָרן אויף אַ פאַרהער, ווי אַזוי האָט ער געוואַגט אויסצודינגען דעם פיש און פאַרשטערן דעם רייכן מיטאָג, וואָס ס׳האָט געזאָלט היינט פאָרקומען אין גובערנאַטאָרס הויז.

— מיין האַר! — דערקלערט אים דער שניידער מיט טרערן אין די אויגן — איך בין אַן אָרעמער אַרבעטער, וואָס פאַרמאָגט גאָרנישט, נאָר, ביי אונדז יידן איז מאָרגן יום־כּפור, דער טאָג פון חשבון־הנפש, דער יום־הדין, ווען מיר זאַמלען זיך צונויף אין די שולן און בעטן אַ פאַרגעבונג אויף די זינד פון גאַנצן יאָר. אין דעם טאָג פאַסטן מיר און גיסן אויס אונדזער האַרץ פאַר גאָט מיט געבעט פאַרן שלום און גליק פון דער גאַנצער וועלט. נו, זאָל איך כאָטש איין מאָל אין יאָר זיך נישט פאַרגינען פראַווען אַ סעודה, כדי צו פאַרפאַסטן ערב דעם הייליקן טאָג? זאָג אַליין, גרויסער הערשער, בין איך טאַקע באַ־גאַנגען אַ פעלער דורכן אויסדינגען דעם פיש? אויב יאָ, בין איך גרייט אָפּ־צוקומען מיין שטראָף, און טוט מיט מיר וואָס איר ווילט.

אויסהערנדיק די האַרציקע ווערטער פון אַ פראָסטן יידישן שניידער, איז דער גובערנאַטאָר טיף גערירט געוואָרן און האָט באַפרייט דעם אָרעמען יידן פון יעדער שולד און אים אַהיימגעשיקט מיט גרויס כבוד.

קומענדיק אַהיים, האָט דער שניידער געעפנט דעם פיש און געפונען אין אים אַ טייערן דימענט, וועלכן ער האָט פאַרקויפט און איז זיין גאַנץ לעבן געווען רייך און גליקלעך.

שאול מאַליץ

# די זיבן אורחים אין דער סוכה

דער זומער איז אַוועק. קילע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן. פון די פעל־דער האָט מען שוין אַראָפּגענומען די לעצטע גאַרבן גאָלדענע זאַנגען. אין די סעדער האָבן זיך געריפּט די ווינטער־עפּל. פון די צווייגן האָבן אַראָפּגע־שמייכלט די לעצטע ווינטער־פּרוכטן מיט רויט־צעגליטע הויטן.

עס זיינען אָנגעקומען די האַרבסט יום־טובים. עס איז געווען ראש־השנה און די יידן האָבן זיך געווונטשן: לשנה טובה תכתבו — צו אַ גוט יאָר זאָל מען פאַרשריבן ווערן. נאָך דעם איז געקומען יום־כפּור און די יידן האָבן זיך געווונטשן: לשנה טובה תחתמו — צו אַ גוט יאָר זאָל מען געחתמעט ווערן.

אין דער צייט האָט דער ייד, לייזער, וואָס איז געווען אַ גרויסער אָרע־מאָן, געפילט זיך זייער שלעכט. ראש־השנה און יום־כפּור האָט ער נאָך ווי עס איז געהאַלטן אויף אַ אָרעמען שטייגער. ער איז צוגלייך מיט אַלע יידן געגאַנגען אין שול אַריין, אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין נייע קליידער און ער איז געגאַנגען אין אַלטע, אָפּגעטראָגענע קליידער. אויך זיינע קינדער זיינען געווען אָנגעטאָן אָרעם, ממש לאַטע אויף לאַטע.

אין דער היים האָט ער געפּראַוועט די סעודות פון יום־טוב מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט און אַ געקאָכטער קאַרטאָפליע. קיין פיש און פליישׂ איז נישט געווען און מיט וואָס צו קויפן האָט ער אויך נישט געהאַט, ווייל לייזער האָט אַ לאַנגע צייט גאָרנישט נישט פאַרדינט און לייען געלט ביי יע־נעם האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט נישט געוווסט, צי ער וועט קענען אָפּגעבן. צו צדקה האָט ער נישט געוואָלט אָנקומען. אַזוי לאַנג, ווי עס איז נאָך דאָ אַ שטיקל ברויט אין הויז, דאַרף מען נישט בעטן ביי יענעם. עס זיינען דאָך דאָ אַנדערע וואָס האָבן קיין ברויט אויך נישט, און איצט, אַז ס'איז געקומען דער יום־טוב סוכות — זמן שמחתנו — די צייט פון פרייד, איז לייזער אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער. פייערן סוכות מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט און אַ קאַרטאָפליע איז אים גאָרנישט געווען צום האַרצן.

און דאָ האָט לייזער געזען, ווי יידן זיינען פאַרהאָרעוועט ביים בויען די סוכות. אָט איז שוין ערב סוכות אין דער פרי און מען הענגט אויס די סוכות מיט פאַרביקע טעפּיכער און געבלומטע פאָרהאַנגען. מען באַצירט די סוכות מיט פאַרשיידענע פּרוכטן, און ער שטייט אַ פאַרטרויערטער. אפשר, טראַכט ער, זאָל ער אויך בויען אַ סוכה. אמת, עס איז נישטאָ וואָס צו עסן אין איר, אָבער דעם יום־טוב סוכות דאַרף מען פּראַווען, ווי אַלע יידן. עס

שטייט דאָך „כי בסוכות תשבו"... אין דער סוכה זאָלט איר זיצן זיבן טעג. און לייזער האָט באַשלאָסן צו בויען אַ סוכה.

צו זיין האַלב איינגעפאַלן הייזל, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין אַן אַנדער הויז, האָט ער צוגעבויט צוויי וועַנטלעך מיט אַ טיר און פענצ-טער. זיין גאַנצע משפחה האָט אים געהאָלפן. די צוויי יינגלעך, דודל און בערעלע, האָבן צוגעהאַלטן די ברעטער, וואָס לייזער האָט פון זיי געבויט די ווענט. און ווען די סוכה איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זיין טעכטערל שרהלע אויסגעשאָטן אויף דעם דיל געלגאָלדן זאַמד.

אָבער סכך! ווו נעמט מען סכך? קיין געלט צו קויפן סכך האָט לייזער נישט געהאַט. איז ער מיט זיינע צוויי יינגלעך אַוועק צום טייך און אַליין אָפּגעשניטן גרינעם, שמעקעדיקן סכך און דערמיט געדעקט די סוכה.

די נאַכט האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן. לייזער איז געגאַנגען אין שול אַריין אַביסל פריילעכער ווי פריער. נאָר אין דער שול איז ער ווידער אַמאָל גע-וואָרן טרויעריק. לייזער האָט געזען, ווי אַלע יידן גייען אָנגעטאָן אין שיינע, נייע קליידער און ער גייט אַרום אין שמאַטעס. אַנדערע קינדער לויפן אַרום פריילעך און זאָרגלאָז און זיינע קינדער שטייען אין אַ ווינקל אַזוי טרויע-ריק...

נאָכן אַהיימקומען פון דער שול האָט לייזער גענומען אַ שטיקל ברויט און זיך געלאָזט גיין אין דער סוכה אַריין. זיין ווייב האָט געצונדן צוויי קליינע ליכטלעך און זיי אַריינגעשטעלט אין אויסגעהוילטע קאַרטאָפליעס. קיין לייכטער האָט זי נישט געהאַט און איצט, ביים בענטשן די ליכט, איז זי לאַנג געשטאַנען און געוויינט.

לייזער האָט געמאַכט קידוש איבער דעם שטיקל ברויט. אין דער האַלב-פינצטערער סוכה האָט זיין קול אָפּגעהילכט זייער אומעטיק. ער האָט זיך געוואַשן און געטונקען דאָס שטיקל ברויט אין זאַלץ. זיין ווייב האָט אַריינ-געבראַכט אין סוכה אַ טעלער קאַרטאָפליעס מיטן געקאָכטן וואַסער. קיין פיש אָדער פלייש האָט לייזער נישט געהאַט. דאָס מאָלצייט איז געווען זייער טרויעריק און אָרעם.

נאָך דער אָרעמער סעודה איז לייזער געבליבן זיצן אין דער סוכה. די ליכט האָבן געהאַלטן ביים אויסגיין. לייזער איז געזעסן און געטראַכט. ווי שיין און פריילעך דער יום-טוב סוכות איז געווען אַמאָל אין ארץ-ישראל. שמחת בית-השואבה איז געווען אויף מאָרגן אין אָוונט: דער יום-טוב פון שעפּן וואַסער און גיסן אויף דעם מזבח. אין זיין פאַרטראַכטקייט האָט ער געזען, ווי די כהנים גייען צום קוואַל השלוח און שעפּן וואַסער אין גאָלדע-נע קרוגן בעת די לויים שפּילן אויף פלייטן און האַרפעס. און אָט דערמאָנט ער זיך אָן די אושפיזין — די געסט, וואָס יעדער ייד פאַרבעט אין דער סוכה אַריין. דעם ערשטן טאָג פאַרבעט מען אברהם אָבינו; דעם צווייטן טאָג

סוכות פאַרבעט מען יצחק אָבינו און נאָך דעם יעקב, יוסף, משה, אהרן און דוד המלך.

לייזער זאָגט פאַרטראַכטערהייט דעם פסוק מיט וועלכן מען לאַדט איין די אושפּיזין — און פּלוצלינג זע! די טיר עפנט זיך און עס באַווייזט זיך אַ גרייז-גרויער מאַן אָנגעטאָן אין פאַרצייטיקע קליידער. אויף די אַקסלען אַ טלית און אויפן קאָפּ אַ טורבאַן. אין איין האַנט האַלט ער אַ גרויסן פּאַסטוך-שטעקן און אין דער אַנדערער האָט ער געטראָגן אַ גרויסן פּאַק... שטייענדיק אין דער טיר האָט דער גרייז-גרויער מאַן, וואָס איז געווען אברהם אָבינו, געזאָגט:

„איך האָב געזען דיין צער, לייזער,
און ווען דו האָסט דערמאָנט מיין נאָמען,
בין איך געקומען האַלטן מיט דיר יום-טוב"

לייזער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַכטקייט און האָט קוים געקענט אַרויסשטאַמלען:

— „אוודאי זייט איר אַן אָנגעלייגטער גאַסט, אָבער מיר האָבן ניט מיט וואָס אייך אויפצונעמען, סיידן מיט אַ שטיקל ברויט און אַ קאַרטאָפליע. מער האָבן מיר נישט".

— „נישט געזאָרגט, לייזער, ענטפערט אברהם אבינו, איך האָב געבראַכט מאכלים פאַר דיר און דיין גאַנצער משפחה".

און באַלד האָט אברהם אבינו אַרויסגענומען פון זיין פּאַק אַ שניי-ווייס טישטעך און עס פאַרשפּרייט אויף דעם טיש. אין זילבערנע לייכטער האָט ער אָנגעצונדן גרויסע ליכט.

אין סוכה איז ליכטיק געוואָרן, ווי אין אַ פּאַלאַץ. די ווענט זיינען געוואָרן ווי קרישטאָל. און דורך דעם סכך האָבן אַריינגעלויכטן בריליאַנטענע שטערן.

און די טעלער, וווּ עס איז פריער געווען בלויז קאַרטאָפל, זיינען איצט געווען פול מיט פיש און פלייש. אויבנאָן זיינען געלעגן צוויי גרויסע קוילעטשן. עס זיינען געשטאַנען גאָלדענע בעכערס מיט ווייַן און אין זילבערנע זאַלץ-מעסטלעך האָט זיך געווייסט דאָס זאַלץ.

לייזער און זיין משפחה זיינען געשטאַנען מיט טרערן אין די אויגן. זיי האָבן קוים געקענט גלויבן, וואָס זיי האָבן געזען. אברהם אָבינו, דער ערשטער אורח פון אושפּיזין, האָט זיי געהייסן זיך זעצן צום טיש און נאָך אַמאָל האַלטן די סעודה. ער האָט טאַקע אַליין אָנגעפירט מיט דער סעודה.

שפּעט ביינאַכט האָט זיך ערשט די קיניגלעכע סעודה געענדיקט. לייזער און זיינע בני-בית זיינען געגאַנגען שלאָפן אין הייזל אַריין. און דער אורח אברהם אָבינו איז געבליבן שלאָפן אין דער סוכה.

אין דער פרי איז ווידער געשען אַ נס. די אַלטע קליידער, וואָס לייזער,

זיין פרוי און זיינע קינדער האָבן אויסגעטאָן די נאַכט פריער, זיינען פאַר־שוווּנדן און אויף זייער אָרט זיינען געלעגן נייע, וווּנדער שיינע קליידער. אפילו זייער שטיבל איז גרעסער און שענער געוואָרן און האָט אויסגעזען ווי אַ קליינער פּאַלאַץ. די פרייד פון לייזערן און זיין משפחה איז געווען גאָר גרויס.

דער ערשטער טאָג סוכות איז אַוועק אין פרייד. עס איז געקומען דער צווייטער טאָג סוכות און דאָ האָבן שוין ביידע: אברהם אָבינו און לייזער פאַרבעטן דעם צווייטן אורח, יצחקן, אין דער סוכה אַריין.

יצחק אָבינו איז אויך געקומען און געבראַכט מיט זיך אַ פּאַק פול מיט כל־טוב. און ווידער האָט לייזער און זיין משפחה פאַרבראַכט דעם צווייטן טאָג סוכות אין גרויס פרייד. — דעם ערשטן טאָג חול־המועד איז געקומען יעקב אָבינו. נאָך אים יוסף, משה רבינו, אהרן הכהן און דער לעצטער איז געקומען דוד המלך. יעדער האָט מיטגעבראַכט די שיינקייט פון זיין צייט.

די אָבות זיינען געווען אָנגעטאָן אין פּאַסטוך־קליידער און געלערנט לייזערן צו זיין גוטהאַרציק צו מענטשן. יוסף איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּרינץ פון פרעהס קיניגלעכן הויף און געלערנט לייזערן חכמה. משה און אהרן האָבן אים געלערנט תורה, וואָס איז דער קוואַל פון לעבן. דער, וואָס לערנט, בלייבט אייביק יונג. און דוד המלך, אין קיניגלעכע קליידער און מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ, האָט געזונגען אין דער סוכה די שיינע תהילים־געזאַנגען און צוגעשפּילט אויף זיין פידעלע.

דער יום־טוב סוכות איז אַוועק. פאַר אַנדערע האָט זיך אָנגעהויבן די גרויע וואָך מיט רעגנס און קעלטן, אָבער פאַר לייזערן האָט זיך דער יום־טוב קיינמאָל נישט אויסגעלאָזט. די זיבן אורחים פון די אושפּיזין האָבן פאַר אים איבערגעלאָזט אַ סך עשירות.

אָבער איין זאַך האָט לייזער אין זינען געהאַט: איידער עס איז געקומען אַ יום־טוב איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געטיילט צו אָרעמעלייט גאָלדענע רענדלעך, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס אָנצוגרייטן אויף יום־טוב און אויסקליידן זיך. דערפאַר האָט דאָס מזל זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטאָן פון אים.

ער און זיין משפחה האָבן שטענדיק געלעבט גליקלעך.



אברהם רייזען

# סוכות אין דער אַלטער היים

אונדזער יידיש־ליבע היים
שיינקייט האָט פאַרמאָגט אַ סך;
צווייגעלעך פון גרינעם בוים
ברענגט דאָס פויגל פאַר סכך...

פון דעם הויף, ביים קליינעם הויז,
ביי אַ פענצטערל אין מיט,
זעט די סוכה זיך אַרויס,
און עס דאַכט זיך אַז זי בליט...

און דער פאָטער, לויט זיין שטאַנד,
לאַנג אַן אתרוג האָט געזוכט,
ביז ער האָט פון אונדזער לאַנד
זיך דערגרייכט די שיינע פרוכט...

און די אָרעמקייט פאַרשווינדט:
בלוי — דער הימל, קלאָר די לופט;
פאַלמען רוישן לינד אין ווינט,
און אתרוגים שפּרייטן דופט.

און דער גלות איז ווי אויס,
ווי דורך צויבערדיקער האַנט;
זעסט דאָס ביידל, זעסט דאָס הויז,
ווי אַמאָל, אין אונדזער לאַנד...

# די פאַן

— א —

קינדער! איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה מיט אַ פאָן, ווי אַזוי איך, אַן אָרעמאַנס אַ יינגל, האָב באַקומען אויף שמחת־תורה אַ פאָן, ווי שווער זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פאַרלוירן.

איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליין יינגעלע, האָט מען מיך גערופן „טאָ־פּעלע טוטעריטו", דאָס הייסט, „קאָפּל קוקעריקו". ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל ערשטנס האָב איך געהאַט אַ דין קוויטשיק קולכל, ווי אַ יונג האָנעבל, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קרייען. און צווייטנס האָב איך נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין „קוף" און קיין „גימל", און ווי אויף צו להכעיס האָט מיין טאַטע געדאַרפט הייסן קלמן, מיין מאַמע גיטל קלמנס, איך — קאָפּל גיטל קלמנס.

— יינגעלע! ווי אַזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דיטל טלמנס...

— העכער אַ ביסל!

— טאָפּל דיטל טלמנס...

— נאָך העכער!

איך שריי הויך אויף אַ קול:

— טאָפּל דיטל טלמנס!

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט — און איך וויין.

איך וויין נישט פון דעם, וואָס מע לאַכט פון מיר, נאָר דערפאַר וואָס מע שלאָגט מיך; איטלעכער, ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, דער שלאָגט מיך: דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער, דער רבי, די תלמידים; מע לערנט מיך איך זאָל רעדן „ווי אַ מענטש"...

— ב —

האָבן אויף שמחת תורה אַ פאָן, טאַקע וואָס אַ פאָן הייסט, אַ פאָן מיט אַ שטעקעלע, פון אויבן אַן עפּל, אינעם עפּל אַ ליכטל — דאָס האָט ביי מיר דעמאָלט אויסגעוויזן אַזאַ גליק, אַזאַ גליק, וואָס איך האָב מורא געהאַט אפילו צו טראַכטן פון דעם. קאַרג גוטע זאַכן איז פאַראַן אויף דער וועלט? למאַי ס'זיינען פאַראַן אַזעלכע יינגלעך אין חדר, וואָס פאַרמאָגן געלט אויף צו קויפן אַ מעסערל, אַ בייטעלע. אַ שטעקעלע! למאַי ס'זיי־נען פאַראַן יינגלעך אַזעלכע, וואָס עסן ווייסע בולקע אין דער וואָכן... אַזאַ מזל!

אוי, קינדערלעך, איך האָב קיין ווייסע בולקע אין דער וואָכן קיינמאָל נישט געגעסן! איך בין גערן געווען, אַז איך האָב געהאַט שוואַרץ ברויט צו זאַט. איך האָב נישט געוווּסט דעם טעם, וואָס הייסט אָפּעסן אַזוי, אַז איך זאָל טאַקע באַלד נישט קאָנען עסן נאָכאַמאָל.

היינט ווער שמועסט, האָבן ביי זיך אין קעשענע אַ קאָפּיקע, אַן איי־גענע קאָפּיקע, — דאָס האָט זיך מיר אַפילו נישט געחלומט.

און שטעלט זיך פאָר, אַז איך, קאָפל קוקעריקו, ווער מיט אַ מאָל אַ גביר און באַקום מיין אייגנס צוויי און צוואַנציק קאָפּיקעס.

אפשר מיינט איר אַ נס — אַ פריץ האָט פאַרלוירן און איך האָב גע־פונען? האָט איר דווקא נישט געטראָפן. איך האָב זיי, שווער איך אייך, פאַרדינט, פאַרהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע... פיס.

דאָס איז געווען פורים, האָט מיין טאַטע — דער אונטער־שמש פון שול — געשיקט איך זאָל צעטראָגן דעם שלח־מנות צווישן די באַלעבאַ־טים. האָב איך גענומען דאָס טעלערל מיטן פלעדל. אַרומגעטראָגן דאָס פון שטוב צו שטוב, צווישן אַלע באַלעבאַטים, געקנאַטן מיט די באָרוועסע פיס די קאַלטע, גליטשיקע בלאָטע, און פון די גראָשנס, וואָס מען האָט מיר געשענקט פאַרן וועג, האָב איך געמאַכט אַ זילבערנעם פּערציקער מיט פיר גראָשנס.

איז געבליבן ביי מיר, איך זאָל איבערלאָזן דאָס געלט אויף סוכות — זיך קויפן אַ פאָן.

— ג —

— מזל־טוב! טאַפּעלע טוטעריטו האָט אַ פאָן! שלום־עליכם, אַ גו־טער ייד!

— אַזוי האָט מיך חברה באַגעגנט, אַז איך בין געקומען אויפן שול־הויף מיט מיין פאָן.

איך באַטראַכט אַלע פאָנען און וואַרף אַ קוק אויף מיין פאָן — ווער? וואָס? ווען? ווי קומען זייערע פאָנען צו מיין פאָן?

ערשטנס, די פאָן אַליין. ביי קיינעם שטייט זי נישט אַזוי גלייך אַריינ־געשטעקט אין שטעקל, אַז מע זאָל אַרויסזען ביידע זייטן. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ גלייך קיילעכדיק שטעקל. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ רוי־טער גלאַטער עפּל. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ שיין געראָטן ליכטל. איך מאַך אַ פאַרגלייך צווישן מיין פאָן און די אַלע איבעריקע פאָנען — און מיין האַרץ ווערט פול מיט פרייד. עס מאַלט זיך מיר אויס, אַז איך וואַקס און וואַקס העכער און העכער, לענגער און ברייטער. די פיס טראָגן מיך. עס גלוסט זיך מיר לאַכן, שרייען, קוויטשען, כאַפּן אַ טענצל...

— אַנו, ווייז נאַר! — רופט זיך צו מיר אָן יואליק דעם נגידס און בלייבט שטיין פאַרגאַפט.

ער באַקוקט מיין פּאָן איך באַקוק זיין פּאָן. „אויך מיר אַ פּאָן!” — טראַכט איך מיר. — „אויך מיר אַ שטעקל!” איך זע, אַז ער איז אַן אויפגע־קאָכטער, נאָר איך מאַך זיך נישט ווויסנדיק און קוק כלומרשט אָן אַ זייט.

— קאָפּל! — מאַכט ער צו מיר — ווו האָסטו גענומען אַזאַ שיין שטע־קעלע?

— האַ? — זאָג איך און דריי זיך אויס צו אים מיטן פּנים.

— ווו האָסטו דערטאַפּט, — זאָגט ער נאָכאַמאָל, — אַזאַ שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך אים, — ווילסט זיך אפשר בייטן אויף דיין טשוואָק?...

יואליק פאַרשטייט דעם שטאָך. ער טוט אַ גלאַנץ מיט די אייגעלעך, לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע און טרעט אָפּ. איך קוק אים נאָך און קוועל, עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איך זע ווי ער רופט אָפּ נחמיהן מיטן קרומען פיסל אויף אַ זייט, און סודעט זיך מיט אים און ווינקט אויף מיר מיט די אויגן. איך זע גאַנץ גוט. נאָר איך מאַך מיך נישט ווויסנדיק. אין אַ מינוט אַרום גייט צו צו מיר נחמיה מיטן קרומען פיסל, האַלט יואליקס פּאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל, מיינס האָט זיך פאַרלאָשן.

— ס'איז דען דיין פּאָן? — זאָג איך, און בייג אים אָן מיין פּאָן מיטן ליכטל. — איך ווייס דאָך וועמענס פּאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק זיך אַרום, טראָגט צו נחמיה זיין אָנגעצונדן ליכטל צו מיין פּאָן, און מיין פּאָן צינדט זיך אָן, טוט אַ פלאַקער, פּ־פּ־פּו, — אויס פּאָן.

ווען עס פאַלט אַראָפּ פון הימל אַ שטיין גלייך מיר אין קאָפּ אַריין; ווען אַ ווילדע חיה פאַלט אָן אויף מיר און וויל מיך פאַרצוקן, אָדער ווען עס קומט מיר אָנטקעגן אַ מת אום האַלבע נאַכט און וויל מיך וואַרגן — וואָלט מיין שרעק נישט באַדאַרפט זיין אַזוי גרויס, ווי בשעת איך האָב דערזען מיין נאַקעט שטעקל מיט דער אָפּגעברענטער פּאָן. עס האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר פונעם האַרצן אַ געשריי:

— אוי וויי, מיין פּאָן! מיין פּאָן! מיין פּאָן!..

עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן טרערן פון מיינע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינצטער. דאָס שטעקל, מיטן עפּל, מיטן ליכטל, זיי־נען אַרויסגעפאַלן פון מיינע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין נישט וווהין. איך גיי און גיס, און גיס מיט הייסע ביטערע טרערן. איך ברעך די הענט און באַוויין מיין פּאָן, ווי מע באַוויינט אַ טויטן, און איך קום צו גיין אַהיים, איינער אַליין, אָן אַ פּאָן, און איך פאַרקלייב מיך אין אַ ווינקעלע, און אין דער פינצטער זיץ איך, דעם קאָפּ צווישן די קני, און וויין שטילערהייט, קיינער זאָל נישט הערן.

און איך פרעג ביי גאָט אַ קשיאַ:

— גוואַלד, גוואַלד, רבונו־של־עולם! פאַרוואָס קומט דאָס מיר? פאַר־וואָס און פאַר ווען?!

**
*

אויפן אַנדערן יאָר האָב איך געהאַט אַ פאָן, נאָך אַ שענערע, מיט אַ שענערן שטעקל, מיט אַ שענערן עפּל און בין דווקא געווען אין שול אויבן־אָן מיט אַלע באַלעבאַטישע קינדער. די ליכט האָבן געברענט. מיין פאָן האָט געשיינט. יידן זיינען געגאַנגען מיט הקפות. ווייבלעך און מיידלעך האָבן געקושט די תורה, געשפּרונגען אין פּנים אַריין און געשריגן מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָר! דערלעבט איבער אַ יאָר!" — „גם אתם! גם אתם!"

קינדער, גם אתם!



שמואל צעסלער

# מכביער־מאַרש

ווי העלדן, ווי די חשמונאים,
צעשטעלט זיך גאָר, קינדער, אין ריי!
אָ, ציטערט איר שונאים, רשעים,
דערשרעקט זיך פאַר אונדזער אַרמיי!

ווייל מוט און גלויבן — דאָס פאַרמאָגן מיר,
און אונדזער פאָן, אַ שטאָלצע, טראָגן מיר,
צום קאַמף, אין וועג, פאָרויס געשפּאַנט,
פאַר אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד!

מיר קומען באַגייסטערטע ווייער
פון הייליקן פרייהייטס־געדאַנק,
מיר קומען ווי די מכביער —
און קיינער פאַרצוימט אונדזער גאַנג!

ווייל מוט און גלויבן — דאָס פאַרמאָגן מיר,
און אונדזער פאָן, אַ שטאָלצע, טראָגן מיר,
צום קאַמף, אין וועג, פאָרויס געשפּאַנט,
פאַר אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד!

ל. אמנאן

# אַ זיסער חלום

## אַ מעשה וועגן אַ דריידל

ווי נאָר יאַנקעלע האָט דערזען דאָס דריידל וואָס זיין מאַמע האָט אים געגעבן, האָט ער עס אַ כאַפּ געטאָן און געגעבן אַ שטאַרקן דריי. דאָס דריידל האָט זיך נישט איינגעשפּאַרט, עס האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אויפן טיש, פון עק ביזן אין מיטן און צוריק, ביז עס איז אַראָפּ פון טיש, זיך צוגעדרייט צו דער אָפענער טיר און אַרויס אויפן גאַס. יאַנקעלע איז נאָכגעלאָפן, אָבער דאָס דריידל האָט זיך געדרייט מיט גרויס אימפּעט אויף בערג און אין טאָלן, יאַנקעלע איז נאָכגעלאָפן, ער איז אָבער באַלד מיד געוואָרן, זיינע פיס האָבן נישט געקאָנט מער לויפן. דאָס דריידל איז פאַרשוווּנדן פון זיינע אויגן. יאַנקעלע האָט זיך צעוויינט. זיין מאַמעס טייערע מתנה, דאָס דריידל, איז נישטאָ, אַהיימצוגיין ווייסט ער אויך נישט. ער האָט פאַרלוירן דעם וועג, פאַרבלאָנדזשעט, וואָס וועט זיין?

די זון איז פאַרגאַנגען, ס׳איז געוואָרן נאַכט, און יאַנקעלע גיסט מיט הייסע טרערן. וואָס וועט זיין?

פּלוצים האָט ער דערזען, ווי עפּעס לייכט פון דער ווייטנס. לאַנג נישט געטראַכט און יאַנקעלע לאָזט זיך צו דער ליכט. עס איז געווען אַ טיפע הייל. ער איז אַהין אַריין און דערזען אַ גרויסן שיינעם זאַל. אין מיטן זאַל — אַ גרויסע גאָלדענע מנורה, און אַן אַלטער שיינער ייד צינדט אָן די ליכט פון דער מנורה. לעבן דעם אַלטן ייד, שטייען פינף ריזן מיט אויסגעשטרעקטע שווערדן. יאַנקעלע האָט זיך זייער דערשראָקן.

— שרעק דיך נישט, מיין זון, האָט דער אַלטער געזאָגט מיט ליבשאַפט, איך בין מתתיהו חשמונאי, און דאָס זיינען מיינע פינף זין, די העלדישע מכביער.

ער האָט צוגערופן יאַנקעלען צו זיך, און אים געגעבן אַ גאָלדן דריידל, און אים געזאָגט:

— נעם, מיין זון, דאָס דריידל ווי אַן אָנדענק, אַז דו ביסט געווען אין דער הייל פון די חשמונאים. דריי דאָס דריידל, מיין קינד, עס וועט דיך פירן אויפן ריכטיקן וועג, עס וועט דיך באַלד ברענגען צו דיינע עלטערן אַהיים.

יאַנקעלע האָט זיך זייער דערפרייט. ער האָט געקושט מתתיהום האַנט, ער האָט זיך געזעגנט מיט די העלדישע מכביער, און אַ שטאַרקן דריי געטאָן דאָס גאָלדענע דריידל.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און יאַנקעלע איז באַלד געווען ביי זיך אין דער היים. ער האָט דערציילט זיינע עלטערן און זיינע חברים וואָס מיט אים האָט פּאַרלאָפן, ווי ער איז געווען אין דער הייל פון די חשמו־נאים, אַז ער האָט אַליין גערעדט און געזען מתתיהו חשמונאי און זיינע פינף זין, די העלדישע מכביער, און האָט זיך באַרימט פאַר אַלעמען מיט דער טייערער מתנה, וואָס מתתיהו האָט אים געגעבן, דאָס גאָלדענע דריידל. אָט אַזאַ חלום האָט זיך געחלומט יאַנקעלען אין די טעג פון חנוכה.

---

ח. נ. ביאַליק — יידיש: י. גויכבערג

# לכבוד חנוכה

דער טאַטע צינדט אַכט ליכטלעך אָן,<br>
באַדינט פון שמש איינעם —<br>
און אַלץ לכבוד חנוכה,<br>
דער יום־טוב אונדזער שיינעם.

דער לערער שענקט אַ דריידל מיר<br>
פון בליי געגאָסן ריינעם,<br>
און אַלץ לכבוד חנוכה,<br>
דער יום־טוב אונדזער שיינעם.

הייסע לאַטקעס באַקט די מאַמע<br>
פאַר מיר — איך זון דעם קליינעם,<br>
און אַלץ לכבוד חנוכה,<br>
דער יום־טוב אונדזער שיינעם.

ס'האָט מיין פעטער מיר געשאָנקען<br>
אַ גראָשנדל אַ קליינעם, —<br>
און אַלץ לכבוד חנוכה,<br>
דער יום־טוב אונדזער שיינעם.

# TEMAS PATRIOS

# טעמאַס פּאַטריאָס

## (אַרגענטינער נאַציאָנאַלע טעמעס)

צוזאַמענגעשטעלט

פון

### אברהם טקאַטש

(לויטן פּראָגראַם וואָס דער נאַצ. דערציאונגס־ראַט

האָט אָנגעצייכנט פאַר די שולן פונעם ועד־החנוך)

# REPUBLICA ARGENTINA

(די אַרגענטינער רעפּובליק)



א.

## קריסטאָפאָר קאָלומבוס (קריסטאָבאָל קאָלאָן)

קאָלומבוס איז געווען אַ מאַטראָז, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער העלפט פונעם 15טן יאָרהונדערט. מען ווייסט נישט אויף זיכער ווו, כאָטש גענוא פּרעטענ־דירט, אָט דעם כבוד, פאַר זיך.

אין יענער צייט איז נאָר אַ קליינע טייל פון אונדזער וועלט געווען באַקאַנט פאַר די אייראָפּעער. און די פאָרשטעלונג איבער דער פאָרם פון דער ערד איז געווען אַ טעותדיקע. דער גרעסטער טייל מענטשן האָט געגלויבט, אַז די ערד האָט אַ פאָרם פון אַ פּלאַטשיקן טעלער. כאָטש אַנדערע האָבן געהאַלטן אַז זי איז רונד ווי אַ באָל, און אַז אין די הויכע געגנטן פון דעם זעלבן איז אוממעגלעך צו פאָרן, ווייל די ימים זידן דאָרט.

די פּאָרטוגעזער האָבן אין 15טן יאָרהונדערט אַדורכגעמאַכט לענגערע ים־ריי־זעס, אַ דאַנק וועלכע עס זיינען פאַרשוווּנדן אַ סך פון יענע מיינונגען.

ביי פיל מאַטראָזן איז געוואַקסן דער חשק צו פאָרן אַנטדעקן נייע לענדער.

איינער פון די דאָזיקע איז געווען קאָלאָן. אַזוי ווי ער איז געווען איבערצייגט, אַז די ערד איז קיילעכדיק, האָט ער געדענקט, אַז אַרויספאָרנדיק פון אייראָפּע, אין דער ריכטונג צו מערב, קומט מען אָן קיין אַזיע; און פאָרזעצנדיק אין דער זעלבער ליניע, קערט מען זיך אום אַהין, פון וואַנען מען איז אַרויסגעפאָרן. ער האָט, נאַ־טירלעך, נישט געוווּסט, אַז אין מיטן איז נאָך פאַראַן אַ קאָנטינענט, און אַז זיין שטח איז אַזאַ גרויסער.

ב.

## קאָלומבוס אין שפּאַניע

אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין מיטלען צונויפצושטעלן אַן אייגענעם פלאָט, האָט קאָלומבוס געבעטן הילף אין פּאָרטוגאַל. דאָרט האָט מען זיך אויסגע־לאַכט פון זיינע טעאָריעס. איז ער אַוועק קיין שפּאַניע און פאָרגעשלאָגן זיינע פּלע־נער דער מלכה איזאַבעל און דעם מלך פערנאַנדאָ, באַקאַנט אונטערן נאָמען פון: „די קאַטוילישע מלכים".

נישט ווייט פונעם שטעטל הועלוואַ, האָט אים דער וועכטער פונעם מאָנאַס־טיר „ראַבידאַ" אַרויסגעהאָלפן, און „פראַי אַנטאָניאָ מאַרטשענאַ" האָט אים שריפט־

לעך פאַרגעשטעלט אין דעם קעניגלעכן הויף, ווו די מלכה איזאַבעל האָט אויפגע־נומען זיינע פלענער.

אינעם חודש אַפריל פון 1492, האָבן קאָלומבוס און די שפּאַנישע מלכים גע־חתמעט אַ קאָנטראַקט, לויט וועלכן ער באַקומט דעם טיטל פון אַדמיראַל און שני־למלך פון אַלע לענדער וועלכע ער וועט אַנטדעקן, און געבנדיק אים אויך די נויטיקע מאַטעריעלע הילף פאַר אָט דעם צוועק. נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך, איז קאָלומבוס אַוועק קיין פּאַלאָס, דאָרט צוצוגרייטן זיינע שיפן, מיט דער הילף פון אַנטאָניאָ אַלאָנסאָ פּינסאָן.

ג.

## די אַנטדעקונג פון אַמעריקע

דעם 3טן אויגוסט פון יאָר 1492, איז קאָלומבוס אַרויסגעפאָרן פון דעם פּאָרט פּאַלאָס און זיך געלאָזט צו מעריב. זיין פלאָט איז באַשטאַנען פון דריי זעגל־שיפן: „סאַנטאַ מאַריאַ", „פּינטאָ" און „ניניאַ", מיט אַ מאַנשאַפט פון 120 פּערזאָן. קאָלומבוס איז געפאָרן אין דער ערשטער שיף, און די ברידער פּינסאָן — אין די אַנדערע.

צוויי חדשים זיינען זיי געפאָרן נישט אָנטרעפנדיק קיין ערד. און עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען די מאַנשאַפט האָט שוין געוואָלט זיך אומקערן צוריק.

אין דעם חודש אָקטאָבער האָבן זיי געזען פייגל פליען אין דער דרום־מערב־דיקער ריכטונג, האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן צו פאָרן אין דער זעלבער ריכטונג. דעם 11טן האָבן זיי אָנגעטראָפן צווייגן און גראָזן; עס איז געווען אַן אָנזאָג אויף דער באַנוענטקייט פון יבשה. די זעלבע נאַכט האָבן זיי געזען ליכט פון דער ווייטנס.

פאַרטאָג פון דעם 12טן אָקטאָבער, האָט איין מאַטראָז פון דער „פּינטאָ" אויסגעשריגן:

— ערד!

אַ ווײַלע שפּעטער, איז שוין קאָלומבוס אָפּגעשטיגן אויף אַן אינדזל וועלכן די אינדיאַנער האָבן גערופן גואַנאַהאַן, און ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן: „סאַן סאַלוואַדאָר".

פאָרזעצנדיק זיין רייזע, האָט ער אַנטדעקט די אינדזלען: „קובאַ" און „האַיטי" ביי וועמענס ברעגן עס איז אונטערגעגאַנגען די שיף „סאַנטאַ מאַריאַ".

אויף דער שיף „ניניאַ" האָט זיך קאָלומבוס אומגעקערט קיין שפּאַניע, מיטנעמענדיק עטלעכע אינדיאַנער און געוויסע פּראָדוקטן פון די אַנטדעקטע אינדזלען, וועלכע ער האָט גערעכנט אַז זיי געהערן צום אַזיאַטישן קאָנטינענט. אין באַרצעלאָנאַ האָבן אים די שפּאַנישע מלכים אויפגענומען מיט גרויס כבוד.

ד.

# די אַנדערע רייזעס פון קאָלומבוסן

נאָך דריי רייזעס האָט קאָלומבוס געמאַכט קיין אַמעריקע. אין זיין צווייטער עקספּעדיציע זיינען שוין געפאָרן טויזנט פּערזאָן און מען האָט שוין מיטגעפירט הויז־חיות און נוצלעכע פלאַנצן, כדי זיי צו אַקלימאַטיזירן אין דער נייער וועלט.

מען האָט אַנטדעקט די אינדזלען: „פּוערטאָ ריקאָ" און „יאַמאַיקאַ".

אויפן אינדזל „האַיטי" אָדער „סאַנטאָ דאָמינגאָ", האָט קאָלומבוס געטראָפן צעשטערט די פעסטונג וואָס ער האָט אויסגעבויט בעת זיין ערשטער רייזע. ער האָט זי צוריק אויפגעשטעלט אויף אַ בעסערן אָרט און איר אַ נאָמען געגעבן „אי־זאַבעלאַ", גרינדנדיק אַזוי אַרום, דעם ערשטן שפּאַנישן ישוב אין אַמעריקע.

אין זיין דריטער רייזע, איז ער צוגעקומען צו די ברעגן פון זיד־אַמעריקע און האָט אַנטדעקט דעם אינדזל „טריניִדאַד"". אָבער נאָך דעם האָבן אים זיינע שונאים באַשולדיקט אין אַכזריות, וואָרפנדיק אויף אים און אויף זיינע צוויי ברי־דער, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם אויפשטאַנד, וואָס די אינדיאַנער האָבן געמאַכט אין איזאַבעלאַ.

אַ געשמידטן אין קייטן האָט מען קאָלומבוסן און זיינע ברידער אָפּגעשיקט קיין שפּאַניע.

אַ דאַנק דער מלכה, זיינען זיי באַפרייט געוואָרן און האָבן צוריק באַקומען זייערע רעכטן.

בעת זיין פערטער רייזע, וועלכע איז אויך געווען די לעצטע, האָט קאָלומ־בוס אויסגעפאָרשט דעם ברעג פון צענטראַל־אַמעריקע, זוכנדיק אַ דורכגאַנג, וואָס זאָל אים דערלויבן צו פאַרענדיקן די רייזע אַרום דער וועלט.

אַלט און קראַנק האָט ער זיך אומגעקערט קיין שפּאַניע, ווו דער טויט פון דער קעניגין האָט ביי אים אַוועקגענומען די איינציקע שוץ, אויף וועלכער ער האָט זיך געקאָנט שטיצן.

געשטאָרבן איז קאָלומבוס אין „וואַזשאַדאָליד" אין יאָר 1506, ניט וויסנ־דיק, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ נייעם קאָנטינענט.

# די אַנטדעקונג פון „לאַ פּלאַטאַ טייך"

נאָך דעם ווי וואַסקאָ נוניעז דע באַלבאָאַ האָט דורך צענטראַל־אַמעריקע אַנט־דעקט דעם שטילן (פּאַסיפישן) אָקעאַן, און נאָכדעם ווי אַמעריקע וועספּוסיאָ האָט דערגרייכט די בראַזיליאַנער ברעגן, איז קלאָר געוואָרן, אַז די לענדער וואָס קאָ־לומבוס האָט אַנטדעקט, געהערן ניט צו אַזיע, נאָר בילדן אַ זעלבסטשטענדיקן קאָנטינענט.

דעמאָלט האָבן די שפּאַניער גענומען זוכן אַ דורכגאַנג וואָס זאָל פּאַראַי־ניקן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן מיט דעם פּאַסיפישן.

צוליב דעם, איז דאָן כואַן דיאַז דע סאָליס אַרויסגעפאָרן פון שפּאַניע אין יאָר 1515 בראש פון די שיפן.

ער האָט דורכגעשניטן דעם אַטלאַנטיק, און פאָרנדיק לענג אויס די בראַזי־ליאַנער ברעגן, איז ער אין יאָר 1516 אָנגעקומען צום טייך וואָס מיר רופן איס היינט „לאַ פּלאַטאַ טייך".

אַ דאַנק זיין ריזיקער ברייט, וואָס קען פאַרגליכן ווערן צו אַ ים, האָט סאָליס אים אַ נאָמען געגעבן „דער זיסער ים".

סאָליס איז אָפּגעשטיגן אויפן לינקן ברעג פונעם טייך, כדי דורכצופירן די צערעמאָניע פון „דערקלערן אַלס אייגנטום", און דאָ האָבן אים די אינדיאַנער, אומגעריכטערהייט, אַטאַקירט, און ער מיט זיינע חברים זיינען געפאַלן טויט פון זייערע פיילן.

אַזוי ווי סאָליס האָט זיין ציל נישט דערגרייכט, האָט שפּאַניע געשיקט דעם פּאָרטוגעז, הערנאַנדאָ דע מאַגאַזשאַנעס, וואָס האָט געדינט אין איר פלאָט, אַז ער זאָל זוכן דעם דורכגאַנג וואָס פאַראייניקט ביידע אָקעאַנען.

מאַגאַזשאַנעס איז אַרויסגעפאָרן פון שפּאַניע אין 1519, אָנהאַלטנדיק די זעלבע ריכטונג וואָס סאָליס. אָבער זעענדיק, אַז דער לאַ פּלאַטאַ טייך איז נישט דער געזוכטער דורכגאַנג, איז ער ווייטער געשוואומען לענג אויס דעם דרומדיקן ברעג. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דעם פּאָרט „סאַן כוליאַן" צו פאַרברענגען דאָרט דעם ווינטער. אַ טייל פון דער מאַנשאַפט האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד, כדי אים צו צווינגען זיך אומצוקערן. אָבער מאַגאַזשאַנעס האָט זיי באַהערשט.

אין פרילינג, איז מאַגאַזשאַנעס ווייטער געפאָרן.

אין אָקטאָבער 1520, האָט ער אַנטדעקט דעם שמאָלן וואַסער־דורכגאַנג וואָס פאַראייניקט ביידע אָקעאַנען. ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן „פון אַלע הייליקע" און היינט טראָגט ער דעם נאָמען פון זיין אַנטדעקער „מאַגאַזשאַנעס".

פאָרזעצנדיק זיין רייזע איבערן פּאַסיפיק קיין מערב, איז ער אָנגעקומען צו די פיליפינען אינדזלען, ווו די ווילדע האָבן אים דערהרגעט.

סעבאַסטיאַן על קאַנאָ האָט איבערגענומען די אָנפירונג, און מיט דער איינ־ציקער שיף „וויקטאָריאַ", איז ער אָנגעקומען קיין שפּאַניע אין יאָר 1522, דער־ווייזנדיק, און באַשטעטיקנדיק, די רונדקייט פון דער ערד.

## גאַבאָטאָ

גאַבאָטאָ איז געווען אַן איטאַליעניש'ער מאַטראָז וואָס האָט געדינט אין שפּאַ־נישן פלאָט. אין יאָר 1526 האָט מען אים געשיקט צו די „מאָלוקן אינדזלען" נאָכ־פאָלגנדיק מאַגאַזשאַנעסעס רייזע־ליניע.

ווען ער איז דורכגעפאָרן דורך בראַזיל, האָט ער זיך דערוווסט, אַז דאָס לאַנד איז זייער רייך.

גאַבאָטאָ האָט דעמאָלט באַשלאָסן אויפצוגעבן זיין רייזע צו די „מאָלוקן אינדזלען" און איז אַריינגעפאָרן אין דעם לאַ פּלאַטאַ טייך, גלויבנדיק, אַז דורך דעם וועג וועט אים זיין גרינגער אָנצוקומען אין יענעם לאַנד וואָס איז אַזוי באַ־רימט מיט זיינע רייכטימער.

ער האָט פריער אויסגעפאָרשט אַ טייל פון דעם טייך „אורוגוויי" און דער־נאָך איז ער געפאָרן איבערן „פּאַראַנאַ" און דאָרט ווו דער זעלבער גיסט זיך צו־נויף מיטן „קאַרקאַראַניאַ" האָט ער אויסגעבויט די פעסטונג „סאַנקטי ספּיריטוס", ווו ער האָט איבערגעלאָזט 30 פּערזאָן. ער איז ווייטער געפאָרן איבערן „פּאַראַנאַ", טייך־אַרויף, ביז דעם וואַסער־פאַל „אַפּיפּע" פון דאַנען האָט ער זיך אומגעקערט און איז אַריין אין דעם טייך „פּאַראַגוויי".

די דאָרטיקער אינדיאַנער האָבן אים געשאָנקען שטיקער זילבער און האָבן אים פאַרזיכערט, אַז אָט דער מעטאַל געפינט זיך לרוב אין צפון־מערב (זיי האָבן געמיינט פּערו).

דעמאָלט איז אָנגעקומען פון שפּאַניע אַ צווייטע עקספּעדיציע אָנגעפירט פון דיעגאָ גאַרסיאַ.

נאָך אייניקע דיסקוסיעס, האָבן זיך ביידע גרופּעס פאַראייניקט און זיך גע־לאָזט וואַסער־אַרויף פונעם טייך „פּילקאָמאַזשאָ". אַזוי ווי מע האָט געדאַרפט האָבן מער כחות, כדי אָנצוגיין מיטן באַזעצן דאָס לאַנד, האָט גאַבאָטאָ אַוועקגעשיקט אַ שיף קיין שפּאַניע, אַז זי זאָל די דאָזיקע כחות בעטן.

דערווייל האָבן די אינדיאַנער פאַרברענט די פעסטונג „סאַנקטי ספּיריטוס" און אויסגעהרגעט די דאָרטיקע איינוווינער.

אַזוי ווי די געפאָדערטע פאַרשטאַרקונג איז נישט געקומען, האָט גאַבאָטאָ אין יאָר 1530 באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין שפּאַניע.

## די ערשטע גרינדונג פון בוענאָס איירעס

נאָך דעם ווי פראַנציסקאָ פּיסאַראָ, האָט אין יאָר 1533 איינגענומען פּערו, אָנקומענדיק אַהין דורך צענטראַל־אַמעריקע, האָט אין אייראָפּע, זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג וועגן די גרויסע אוצרות פון גאָלד און זילבער וואָס זיינען דאָרט פאַ־ראַן. האָבן די אייראָפּעער געמיינט, אַז ווי נאָר מע קומט קיין אַמעריקע — ווערט מען באַלד רייך.

דאָן פּעדראָ דע מענדאָסאַ, אַ גענעראַל, וועמען דאָס מזל האָט תמיד באַ־גלייט, האָט געבעטן ביים קעניג פון שפּאַניע אַ דערלויבעניש אויף אַן עקספּעדיציע צום לאַ פּלאַטאַ טייך.

אַלס באַלוינונג האָט אים דער קעניג באַשאָנקען מיטן טיטל „אַדעלאַנטאַדאָ" און האָט אים אויטאָריזירט איינצונעמען, באַזעצן און באַהערשן די דאָזיקע לענדער.

די עקספּעדיציע איז באַשטאַנען פון 14 שיפן און פון אַריבער טויזנט פּערזאָן. זי איז אַרויס אין 1535 פון סאַן לוקאַר און איז אָנגעקומען צום לאַ פּלאַטאַ טייך אין יאָר 1536.

מענדאָסאַ האָט געלאַנדעט אויפן רעכטן ברעג, נאָענט פון טייך ריאַטשועלאָ. אינעם חודש פעברואַר פונעם זעלבן יאָר, האָט ער געגרינדעט אַ שטאָט וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן „דער פּאָרט פון סאַנטאַ מאַריאַ דע בוענאָס איירעס".

די שטיבער פון דעם נייעם ישוב האָט מען געמאַכט פון ניט־געברענטע ציגל, מיט דעכער פון שטרוי, און אַרום דער שטאָט האָט מען אויפגעשטעלט אַן ער־דענע וואַנט.

די 72 פערד וואָס די אָנגעקומענע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט, זיינען געווען דער אָנהויב פון די עשירות פון פערד וואָס אונדזער לאַנד פאַרמאָגט היינט צו טאָג.

## די צעשטערונג פון דער ערשטער בוענאָס איירעס

די באַציאונגען צווישן די שפּאַניער און די אינדיאַנער (מיטן דאָזיקן נאָמען האָבן די אייראָפּעער גערופן די אור־איינוווינער פון דעם אַנטדעקטן קאָנטינענט) זיינען אין אָנהויב געווען גאַנץ גוטע. די אינדיאַנער האָבן זיי באַזאָרגט מיט די נייטיקע שפּייזן. שפּעטער אָבער, האָבן זיי דאָס מער נישט געוואָלט טאָן, ווייל זיי זיינען זייער שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן.

דעמאָלט האָט מענדאָסאַ געשיקט זיין ברודער דיעגאָ מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן באַשטראָפן די אינדיאַנער. די שטראָף־עקספּעדיציע האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד, און אין דעם קאַמף וואָס האָט זיך אַנטוויקלט, זיינען גע־פאַלן דאָן דיעגאָ דע מענדאָסאַ און אייניקע פון זיינע באַגלייטער.

דערמוטיקט פון דעם זיג, האָבן די אינדיאַנער אַרומגערינגלט דאָס נייע שטעטל און נישט אַרויסגעלאָזט די שפּאַניער צו זוכן שפּייז. לסוף האָבן זיי באַ־שאָסן די שטיבלעך מיט פיילן צו וועלכע זיי האָבן צוגעבונדן בינטלעך ברענענדיקע שטרוי.

דער גרעסטער טייל פון די „כאַטעס" איז אַוועק מיטן פייער.

נאָך פריער האָט דער „אַדעלאַנטאַדאָ" געהאַט געשיקט כואַן דע אַזשאָלאַס, אַז ער זאָל זוכן שפּייז, פאַרנדיק טייך־אַרויף, פונעם פּאַראַנאַ.

אַזשאָלאַס האָט זיך אומגעקערט, ברענגענדיק אַ ביסל עסנוואַרג, נאָכדעם ווי ער האָט געגרינדעט דאָס קליינע פעסטונגל „קאָרפּוס קריסטי".

מענדאָסאַ איז קראַנק געוואָרן און אַזוי ווי פון טאָג צו טאָג האָט ער זיך גע־

פילט שוואַכער, האָט ער באַשטימט, אַז אַזשאָלאַס — ווען ער האָט פריער אַוועקגעשיקט זוכן דעם וועג קיין פּערו — זאָל בלייבן גובערנאַטאָר אויף זיין אָרט, און אַליין האָט ער זיך געלאָזט פאָרן קיין שפּאַניע, און איז געשטאָרבן אויפן וועג.

## די צווייטע גרינדונג פון בוענאָס איירעס

איראַלאַ איז געווען אַזשאָלאַס שטעלפאַרטרעטער ווען אַזשאָלאַ איז אַוועקגעפאָרן אויף דער עקספּעדיציע קיין פּערו.

אין אַזשאָלאַס אָפּוועזנהייט איז געגרינדעט געוואָרן די שטאָט „אַסונסיאָן". ווען מען האָט זיך דאָרטן דערוווסט פון אַזשאָלאַס טויט, אַז ער איז דערהרגעט געוואָרן דורך די אינדיאַנער, האָט מען אויסגעקליבן איראַלאַן פאַר גובערנאַטאָר. אין יאָר 1541 איז איראַלאַ אַוועק קיין בוענאָס איירעס און געצוווּנגען דעם רעשט פון די דאָרטיקע איינוווינער אַריבערצופאָרן קיין אַסונסיאָן. אַזוי איז פון דער שטאָט וואָס מענדאָסאַ האָט געגרינדעט גאָרנישט געבליבן.

נאָך איראַלאַס טויט, איז באַשטימט געוואָרן אַלס „אַדעלאַנטאַדאָ" פון דעם געגנט פון לאַ פּלאַטאַ טייך, כואַן אָרטיס דע סאַראַטע.

אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט באַקומען פון דעם שפּאַנישן קעניג די באַשטעטיקונג אויף זיין אַמט, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע, לאָזנדיק אויף זיין אָרט זיין פּלימעניק כואַן דע גאַראַי, און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל גרינדן אייניקע ישובים וואָס זאָלן פאַרבינדן דעם לאַ פּלאַטאַ טייך מיט אַסונסיאָן.

אין יאָר 1575 האָט זיך סאַראַטע אומגעקערט פון שפּאַניע. ער איז געשטאָרבן הערשנדיק ניט מער ווי עלף חדשים. זיין יורש איז געוואָרן כואַן טאָרעס דע וועראַ אי אַראַגאָן, ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט סאַראַטעס טאָכטער.

וועראַ אי אַראַגאָן האָט באַשטימט אַלס צייטווייליקן גובערנאַטאָר כואַן דע גאַראַי. וועראַ אי אַראַגאָן איז אָפּגעוועזן דריי יאָר „אַדעלאַנטאַדאָ" און האָט רעזיגנירט. מיט אים ענדיקט זיך די עפּאָכע פון די „אַדעלאַנטאַדאָס" און עס הייבט זיך אָן די צייט פון די גובערנאַטאָרן.

דער גובערנאַטאָר כואַן דע גאַראַי, איז געווען אַ קלוגער, אַקטיווער פאַרגעשריטענער און אינטעליגענטער מענטש. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַנשטאָט זיך איינצושליסן אין אַסונסיאָן, דאַרף מען זיך דערנענטערן צום ים דורך דעם לאַ פּלאַטאַ טייך. דערפאַר, נאָך אַלס צייטווייליקער גובערנאַטאָר פון פּאַראַגוויי, און איידער וועראַ אי אַראַגאָן, איז געהאַט אָנגעקומען, האָט כואַן דע גאַראַי, באַשלאָסן ווידער צו באַפעלקערן די שטאָט בוענאָס איירעס.

מיט זעכציק מענטשן, מערסטנס „קריאָזשאָס" איז ער אַרויס פון אַסונסיאָן מיטנעמענדיק די נויטיקע געצייג און וואָפן, ווי אויך מיטטרייבנדיק די פי.

דעם 11־טן יוני פון 1580 האָט גאַראַי געגרינדעט אַ שטאָט נאָענט פון דעם אָרט וואָס מענדאָסאַ האָט אויסגעקליבן. דעם נייעם ישוב האָט ער אַ נאָמען גע־

געבן „די שטאָט פון דער הייליקער דרייאייניקייט און פּאָרט פון סאַנטאַ מאַריאַ דע בוענאָס איירעס".

די נייע שטאָט האָט אַרומגענומען 144 קוואַרטאַלן.

גאַראַי האָט אַרומגערינגלט די שטאָט מיט טראַנשייען און פעסטונגען. ער האָט איינגעטיילט די ערד צווישן די איינוווינער און זיי געגעבן אַלס דינער, איג־דיאַנער וואָס האָבן זיך געלאָזט באַהערשן.

אין דריי יאָר אַרום, האָט גאַראַי זיך געלאָזט פאָרן קיין סאַנטאַ פע, און אין איין נאַכט, ווען ער האָט געלאַנדעט נישט ווייט פון דעם טייך „באַראַדעראַ" איז ער באַפאַלן געוואָרן פון אינדיאַנער וואָס האָבן אים געטויט מיט נאָך 40 פון זיינע באַגלייטער.

## קאָלאָניזאַטאָרישע שטראָמען

פון דריי זייטן האָבן געשטראָמט די קאָלאָניסטן,, וואָס האָבן באַזעצט די איצטיקע אַרגענטינע.

א) פון מזרח — דאָס זיינען געווען די אימיגראַנטן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון שפּאַניע, דירעקט צו די ברעגן פונעם לאַ פּלאַטאַ טייך. דורך דעם דאָזיקן שטראָם זיינען געגרינדעט געוואָרן פאָלגנדע שטעט: אַסונסיאָן, סאַנטאַ פע, בוע־נאָס איירעס און קאָריענטעס.

ב) פון צפון — דאָס איז דער שטראָם וואָס איז אַריינגעדרונגען קיין אַר־געטינע, אָנקומענדיק פון פּערו, גרינדנדיק די שטעט: טוקומאַן, קאָרדאָבאַ, סאַל־טאַ, לאַ ריאָכאַ, כוכוי און קאַטאַמאַרקאַ.

ג) פון מערב — דער שטראָם איז אָנגעקומען פון טשילע און האָט פאַרנו־מען און קאָלאָניזירט דעם געגנט וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קוזשאָ", גרינדנדיק די שטעט: מענדאָסאַ, סאַן כואַן און סאַן לואיס. ער איז אויך אַריינ־געדרונגען אין דער טוקומאַנער געגנט און געגרינדעט די שטאָט סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ.

## „דער ווירעינאַט" (וויצע־קעניגטום)

ביז דעם יאָר 1776 האָט דער גרעסטער טייל פון דער איצטיקער אַרגענ־טינע געהערט צום „ווירעינאַט" פון פּערו, וואָס איר הויפּטשטאָט איז געווען לימאַ. אָבער אין דעם דערמאָנטן יאָר, האָט קאַרלאָס דער דריטער באַשלאָסן צו שאַפן דעם „ווירעינאַט" פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און באַשטימט אַלס זיין הויפּט־שטאָט, בוענאָס איירעס.

דער ניי־געשאַפענער „ווירעינאַט" האָט אַרומגענומען: די איצטיקע אַרגענ־טינער רעפּובליק, אורוגוויי, פּאַראַגוויי, באָליוויע און אַ שטיקל בראַזיל. די סיבות פון דער שאַפונג זיינען געווען:

1) דער ווקס פון בוענאָס איירעס אַלס קאָמערציעלער צענטער.

2) דער אומגעהויערער שטח, וואָס איז געווען צווישן בוענאָס איירעס און לימאַ, ספּעציעל, נעמענדיק אין אַכט די שוועריקייטן פון די דעמאָלסטדיקע קאָמוניקאַציעס. און צום לעצט — די נויטיקייט צו שאַפן אַ שטאַרקע רעגירונג וואָס זאָל קענען זיך אָפּשלאָגן דעם פאָרשריט פון די פּאָרטוגעזער אין דער „באַנדאַ אָריענטאַל" (אורוגווײַ).

דער לאַ פּלאַטאַ „ווירעינאַט" האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1810. פון די צען וויצע־קעניגן וואָס האָבן דאָ געהערשט, האָבן זיך אויסגעצייכנט: סעוואַזשאָס, ווערטיס און ליניערס. דער לעצטער איז געווען סיסנעראָס.

סעוואַזשאָס איז געווען דער ערשטער וויצע־קעניג פון לאַ פּלאַטאַ טייך. זיין גרעסטער אויפטו איז געווען אויפצועפענען דעם בוענאָס איירעסער פּאָרט פאַר אַלע שיפן און פראַכטן וואָס זיינען געקומען פון שפּאַניע. דאָס האָט געגעבן דעם ערשטן גרויסן שטויס פאָרויס, דער בוענאָס איירעסער קאָמערץ.

דער פאָרגעשריטנסטער פון אַלע וויצע־קעניגן איז געווען ווערטיס. ער האָט שיין געמאַכט די שטאָט בוענאָס איירעס, אויסגלייכנדיק די גאַסן, מאַכנדיק טראָטואַרן און איינפירנדיק עפנטלעכע באַלייכטונג. ער האָט אַנטוויקלט די פאָלקס־בילדונג און האָט געגרינדעט די באַרימטע שולע „סאַן קאַרלאָס", ווו עס האָבן שטודירט בעלגראַנאָ, ריוואַדאַוויאַ און אַנדערע באַרימטע פּאַטריאָטן.

בעת זיין רעגירונג האָט מען דורכגעפירט דעם ערשטן צענז אין בוענאָס איירעס, לויט וועלכן די שטאָט האָט פאַרמאָגט קאַרגע 25.000 איינוווינער.

ער האָט געשיקט אויספאָרשן פּאַטאַגאָניע און גרינדן אייניקע שטעט אין פאַרשיידענע געגנטן פונעם „ווירעינאַט".

אין דער צייט איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פונעם באַרימטן „קאַציק" טופּאַק אַמאַרו, וועלכער איז אונטערדריקט געוואָרן דורך די כחות וואָס עס האָבן געשיקט ווערטיס און דער וויצע־קעניג פון פּערו.

א.

## די ענגלישע אינוואַזיעס

ענגלאַנד האָט אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט צעשלאָגן פראַנקרייכס און שפּאַניעס פלאָטן צוזאַמען. דורך דעם איז זי געבליבן די באַלעבאָסטע פון די ימים. האָט זי באַשלאָסן צוצונעמען ביי אירע קעגנער זייערע קאָלאָניעס.

אין דעם חודש יוני פון יאָר 1806, האָט דער ענגלישער גענעראַל, בערעס־פאָרד מיט 1600 סאָלדאַטן, געלאַנדעט נעבן קילמעס און זיך געלאָזט גיין אויף בוענאָס איירעס. זיי אַנטקעגן זיינען אַרויס פון בוענאָס איירעס 700 מאַן. נאָר ביי דעם ערשטן צוזאַמענשטויס מיט די ענגלענדער, זיינען זיי אָפּגעטראָטן און זיך צעלאָפן. דער דעמאָלסדיקער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע, איז פחדניש אַנט־לאָפן קיין קאָרדאָבאַ. די ענגלענדער האָבן אַוואַנסירט, ניט אָנטרעפנדיק קיין ווי־דערשטאַנד און האָבן פאַרנומען די פעסטונג. אין לוכאַן האָבן זיי פאַרנומען דעם אוצר, פון וועלכן זיי האָבן אַ טייל אַוועקגעשיקט קיין ענגלאַנד.

אין נאָמען פון דעם ענגלישן קעניג, האָט בערעספאָרד זיך דערקלערט אַלס גובערנאַטאָר, און אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף אין וועלכן ער האָט גאַראַנטירט דעם רעספּעקט פאַרן אייגנטום, רעליגיעזע פרייהייט, און פרייהייט פון קאָמערץ.

ב.

## די ווידער־דעראָבערונג

די ענגלישע הערשאַפט איז בכלל נישט געפעלן געוואָרן די בוענאָס איירע־סער איינוווינער. האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן אַ גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט פאַר דער ווידער־דעראָבערונג פון דער שטאָט. אין דער דאָזיקער גרופּע האָבן זיך אויסגעצייכנט: כואַן מאַרטאַן דע פּועירעדאָן און סאַנטיאַגאָ דע ליניערס. פּועירעדאָן האָט צונויפגענומען עטלעכע הונדערט פויערים אין דעם גוט פּ ע ר־ ד י ע ל. זיי זיינען אָבער שנעל צעטריבן געוואָרן דורך בערעספאָרדס סאָל־דאַטן. מער מזל האָט געהאַט ליניערס. דער מאָנטעווידעער גובערנאַטאָר האָט געשטעלט צו זיין דינסט 1.000 פּערזאָן, און אויסנוצנדיק אַ געדיכטן נעפּל, איז אים געלונגען, אַז אָט די קליינע אַרמיי זאָל לאַנדן אין טיגרע, אומבאַמערקטער־הייט פאַר די ענגלענדער. פון דאָרט האָבן זיי זיך געלאָזט גיין קיין בוענאָס איי־רעס. אויפן וועג זיינען צו זיי צוגעשטאַנען פּועירעדאָנס פויערים, און זיי אַלע

זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג פון די בוענאָס איירעסער איינוווינער.

ליניערס האָט אויפגעשטעלט זיין לאַגער אין די קאָראַלן פון „מיסערערע״ (די פּלאַסאַ אָנסע). דעם 11־טן איז ער אַריינגעדרונגען אין שטאָט מיט 2 באַטאַליאָנען. נאָך אַן עקשנותדיקער שלאַכט אין די גאַסן פון בוענאָס איירעס, האָבן די ענגלענדער זיך פאַרמאַכט אין דער פעסטונג, און אַרויסגעהאָנגען די פאָן, אויף אונטערצוהאַנדלען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די ענגלענדער האָבן זיך אַלע איבערגעגעבן אַלס געפאַנגענע.

דערפאַר ווערט דער 12־טער אויגוסט אָנגערופן: „דער טאָג פון דער ווידער־דעראָבערונג״.

ג.

# די צווייטע ענגלישע אינוואַזיע

ניט קוקנדיק אויף דעם זיג, האָט דער ענגלישער פּלאַן זיך ניט צוריקגע־צויגן פונעם לאַ פּלאַטאַ טייך.

די בוענאָס איירעסער איינוווינער האָבן פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף זיך ריכטן אויף אַ צווייטער אינוואַזיע. האָבן זיי זיך געגרייט צום ווידערשטאַנד. אונטער ליניערס אָנפירונג, האָבן זיך אָרגאַניזירט באַטאַליאָנען פון „קריאָזשאָס״ און שפּאַניעס, און די צאָל פון קעמפער, האָט דערגרייכט צו 8.000.

דערווייל האָבן די ענגלישע חיילות אַטאַקירט מאָנטעווידעאָ און זי פאַרנו־מען. (דעם 3־טן פעברואַר פון יאָר 1807).

דער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע, האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן אַלס דער זעל־בער פייגלינג, וואָס אין בוענאָס איירעס.

אין אַ צייט אַרום איז אָנגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ דער ענגלישער גענע־ראַל ווייטלאָק מיט פריש מיליטער, וועמענס צאָל עס האָט דערגרייכט ביז 12.000 פערזאָן.

דער גענעראַל ווייטלאָק, אַלס שעף פון די ענגלישער כחות, האָט אין יוני 1807 געלאַנדעט אין „ענסענאַדאַ דע באַראַגאַן״ און זיך געלאָזט גיין אויף בוע־נאָס איירעס. ליניערס האָט אים אָפּגעוואַרט אויף דעם דרום־ברעג פון ריאַ־טשועלאָ, אָבער דורך אַ געלונגענעם מאַנעוור זיינען די ענגלענדער אַריבער דעם טייך אין אַן אַנדער אָרט, און זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין.

ליניערס איז אַוועק נאָך זיי. און ביי די „קאָראַלן פון מיסערערע״ איז פאָר־געקומען אַ שלאַכט צווישן ביידע אַרמייען און ליניערס מיליטער איז צעשלאָגן געוואָרן.

ד.

## די פאַרטיידיקונג

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דורך ליניערס מפּלה, איז אַלץ פאַרלוירן געגאַנגען. די ענגלענדער זיינען אָבער באַגאַנגען אַ פעלער, מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך נישט געריררט פונעם אָרט. די בוענאָס איירעסער באַפעלקערונג האָט זיך אָרגאַניזירט פאַר דער פאַרטיידיקונג. בראש פון דער אַרבעט איז געשטאַנען דער „אַלקאַלדע״, דאָן מאַרטין דע אַלסאַגאַ.

אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין די צוגרייטונגען. אַפילו די פרויען האָבן אָנגעזאַמלט ציגל, שטיינער און זודיק וואַסער צו קענען אַטאַקירן דעם שונא. פון אַלע זייטן זיינען געקומען וואָלונטירן וואָס האָבן געבעטן וואָפן. דער קאָמאַנדאַנט פון די חיילות איז ווידער געווען ליניערס, וועלכער האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין.

נאָך אַ בלוטיקן קאַמף האָט ווייטלאָק פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ פאַרלוירענער, און ער האָט קאַפּיטולירט. לויטן אָפּמאַך וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן, דעם 7־טן יולי, האָבן זיך די ענגלענדער פאַרפליכטעט, זיך צוריקצוציען פון בוענאָס איירעס און מאָנטעווידעאָ אין משך פון צוויי חדשים.

ה.

## די רעזולטאַטן פון די ענגלישע אינוואַזיעס

די ענגלישע אינוואַזיעס האָבן געהאַט זייער אַ גרויסן איינפלוס אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם „ווירעינאַט״.

נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעשלאָגן די אינוואַזיע, איז פאָרגעקומען די ערשטע עפנטלעכע פאָלקס־פאַרזאַמלונג (קאַבילדאָ אַביערטאָ), וואָס האָט אַראָפּגעזעצט סאָברעמאָנטען און איבערגעגעבן די מיליטערישע מאַכט ליניערסן, דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט געוואַגט אַראָפּצוזעצן אַ שני למלך.

די פאָרמירונג פון „קריאָזשאָ״ באַטאַליאָנען, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט, דער אַזוי גערופענער, „פון די פּאַטריסיאָס״, אָנגעפירט פון דאָן קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ, האָט אויפגעוועקט, ביי די הי־געבוירענע, דעם באַוווסטזיין פון זייער אייגענער ווערט, און האָט געוועקט ביי זיי דעם חשק צו פרייהייט, און די זיכערקייט — אַז זיי זיינען פעאיק צו זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַ חוץ דעם, די געציילטע טעג פון בערעספאָרדס הערשאַפט האָבן דערוויזן די נוצן פון פרייער קאָמערץ. און אין מאָנטעווידעאָ האָט זיך געגרינדעט אַ צייטונג „דער דרום שטערן״, וואָס האָט פאַרשפּרייט ליבעראַלע אידייען.

דאָס אַלץ האָט געפירט צו דעם, אַז צווישן דער באַפעלקערונג האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי שטרעמונגען: די „קריאָזשאָס״, אָנגעפירט פון ליניערס און די שפּאַניער — פון אַלסאַגאַן.

## די פּרעלודיע צו דער מאַי־וואָך

שטייענדיק פאַר געשעענע פאַקטן, האָט דער שפּאַנישער „הויף״ באַשטימט ליניערסן, אַלס פּראָוויזאָרישן וויצע־פּרעזידענט.

ווען די באַשטימונג איז אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס, איז שוין שפּאַניע געווען פאַרנומען פון די פראַנצויזן; האָבן די בוענאָס איירעסער שפּאַניער זיך פאַרזאַמלט און געפאָדערט, אַז ליניערס זאָל רעזיגנירן, ווייל ער איז אַ פראַנצויז.

ווען ליניערס איז שוין געווען גרייט דאָס צו טאָן, איז אָנגעקומען דער „פּאַטריציער רעגימענט״ און צעטריבן די אויפשטענדלער. נישט קוקנדיק אויף דעם דורכפאַל, האָבן די שפּאַניער פאַרגעזעצט זייער שתדלנות און ס׳איז זיי געלונגען, אַז די צענטראַלע מאַכט וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין סעוויזשע, זאָל באַשטימען פאַר וויצע־קעניג דאָן הידאַלגאָ דע סיסנעראָס.

ווען סיסנעראָס איז אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס, האָט געבריזט די אונטערערדישע אַרבעט פון באַפרייאונג. ער האָט זיך פון דעם דערוווסט און פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף האַנדלען פּאָרזיכטיק. אָבער די דרינגענדיקסטע פּאָדערונג פון די „קריאָזשאָס״ איז געווען: פרייע קאָמערץ. דער אַדוואָקאַט מאַריאַנאָ מאָרענאָ, האָט אין נאָמען פון די פּי־ציכטלער און אַגריקולטאָרן געפּאָדערט ביים וויצע־קעניג, פרייע קאָמערץ מיט די ענגלענדער און פּאָרטוגעזן. די פּאָדערונג איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „די רעפּרעזענטאַנץ פון די גוט־באַזיצער״.

סיסנעראָס האָט אויפגעעפנט דעם בוענאָס איירעסער פּאָרט פאַר די אויסלענדישע שיפן. די רעזולטאַטן האָבן זיך באַלד געלאָזט פילן: די אויסלענדישע סחורות זיינען געוואָרן ביליקער און די אינלענדישע פּראָדוקטן האָט מען פאַרקויפט פאַר העכערע פרייזן. דורך דעם זיינען די הכנסות אין צאָל־אַמט („טאַמאָזשנע״) אויסערגעוויינלעך געשטיגן.

אין דער זעלבער צייט האָבן נאַפּאָלעאָנס חיילות אינוואַדירט שפּאַניע. פערנאַנדאָ דער זיבעטער איז גענומען געוואָרן געפאַנגען און נאַפּאָלעאָנס ברודער, כאָסע באָנאַפּאַרט, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס קעניג פון שפּאַניע. פאַרשידענע רעגירונגען האָבן זיך געביטן אין שפּאַניע, אויף צו פאַרבייטן דעם געפאַנגענעם מלך. די באַרימטסטע פון זיי איז געווען „די צענטראַלע מאַכט פון סעוויזשאַ״, די וואָס האָט באַשטימט סיסנעראָסן פאַר שני־למלך.

די פראַנצויזישע חיילות האָבן אָבער אויפגעלייזט די אַלע „רעגירונגען״ איינס נאָך דער צווייטער.

דעם 14־טן מאַי פון יאָר 1810 האָט מען זיך דערוווסט אין בוענאָס איירעס, אַז אויך די רעגירונג פון סעוויזשאַ איז געפאַלן. דאַן האָט דאָס פאָלק דערקלערט,

אַז סיסנעראָס האָט נישט קיין רעכט צו רעגירן, אויב די מאַכט וואָס האָט אים באַשטימט עקזיסטירט שוין נישט. נאָך אייניקע וואָקלענישן האָט דער וויצע־קעניג נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי מעלדן דורך אַן עפנטלעכער פּראָקלאַמע אָט די אַלע געשעענישן (דעם 18־טן מאַי 1810) און אין איר האָט ער געבעטן, אַז דאָס פֿאָלק זאָל בלייבן טריי דער שפּאַנישער מאָנאַרכיע.

## די עפנטלעכע פֿאַרזאַמלונג פֿונעם 22־טן מאַי

די פּאַטריאָטן האָבן געבילדעט אַ געהיימע געזעלשאַפֿט וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער פֿאַריין פֿון די זיבן". מיטגלידער פֿון דער זעלבער זייַנען געווען: בעלגראַנאָ, פּאַסאָ, קאַסטעלי און אַנדערע. זיי פֿלעגן זיך פֿאַרזאַמלען אינעם הויף פֿון ראָדריגעז פּעניאַ אָדער אין דער פֿאַבריק פֿון וויעיטעס.

ווען עס זייַנען באַקאַנט געוואָרן די וויכטיקע פּאַסירונגען אין שפּאַניע, זייַנען זיי געקומען צום באַשלוס, אַז עס מוז באַלד אויסברעכן די רעוואָלוציע, שטיצנדיק זיך אויף דעם „פּאַטריציער רעגימענט" וואָס סאַאַוועדראַ האָט אָנגעפֿירט. נאָר ווילנדיק פֿאַרמיידן בלוט־פֿאַרגיסונגען, האָבן זיי באַשלאָסן בעטן סיסנעראָסן, אַז ער זאָל דערלויבן, אַז דער שטאָט־ראַט (קאַבילדאָ) זאָל איינלאַדן די חשובסטע שכנים, כדי אַלע צוזאַמען זאָלן באַשטימען צי דער וויצע־קעניג דאַרף ווייטער רעגירן.

אונטערן דרוק פֿון די אויפֿגעברויזטע געמיטער, האָט סיסנעראָס נאָכגעגעבן. אויפֿן 22־טן מאַי האָט דער שטאָט־ראַט איינגעלאַדן 450 שכנים פֿון וועלכע מער ווי העלפֿט זייַנען געקומען. די וויכוחים האָבן זיך פֿאַרצויגן פֿון 9 אינדערפֿרי ביז האַלבער נאַכט. די שפּאַניער האָבן געטענהט, אַז דער וויצע־קעניג מוז בלייבן אויף זיין אַמט. די „קריאָזשאָס" — אַז דער וויצע־קעניג דאַרף פֿאַרלאָזן די מאַכט און אויף זיין אָרט זאָל באַשטימט ווערן אַ דערווײלטע רעגירונג. ביי דער אָפּשטימונג איז באַשלאָסן געוואָרן פֿאָלגנדעס:

א) דער וויצע־קעניג פֿאַרלאָזט די מאַכט.

ב) דער שטאָט־ראַט באַשטימט אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג וואָס וועט הערשן אין נאָמען פֿון פֿערנאַנדאָ דעם זיבעטן.

אין יענעם אָוונט האָבן זיך אויסגעצייכנט די „קריאָזשאָ"־רעדנער פּאַסאָ און קאַסטעלי.

די אויסגעקליבענע רעגירונג האָט געדאַרפֿט איינלאַדן אַלע פּראָווינצן, אַז זיי זאָלן שיקן פֿאָרשטייער צו אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס, אויף וועלכן עס זאָל באַשלאָסן ווערן די אַנטגילטיקע פֿאָרם פֿון דער רעגירונג.

# די רעוואָלוציע און די אומאָפּהענגיקייט

די באַשלוסן פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון 22־טן מאַי זיינען געשטאַנען אין געפאַר אויסגעלאַכט צו ווערן דורך די מיטגלידער פון דעם שטאָט־ראַט (קאַ־בילדאָ), וועלכע זיינען געווען געניגט לטובת דעם וויצע־קעניג.

צוליב דעם האָבן זיי באַשטימט אַ קרייז פון פינף פּערזאָן, אונטערן פאָרזיץ פון סיסנעראָסן. אים האָבן באַגלייט צוויי „קריאָזשאָ" וואָקאַלן און צוויי שפּאַניער.

דער קרייז האָט נישט גושא־חן געווען, נישט ביים פאָלק און נישט ביים „קריאָ־זשאָ"־מיליטער, ווייל ס'איז געווען קעגן אַלע באַשלוסן פון דעם 22־טן מאַי, דאָס וואָס סיסנעראָס האָט זיך ווידער געפונען בראש פון דער רעגירונג.

די אַלץ וואַקסנדע פאָלקס־אויפרעגונג, האָט געבראַכט דערצו, אַז דער גאַנ־צער קרייז האָט געמוזט פאַרלאָזן די אַמטן.

דעם 25־טן מאַי, אינדערפרי, האָט דער שטאָט־ראַט זיך פאַרזאַמלט צו באַ־האַנדלען די רענונסיע פונעם קרייז.

פון גאַנץ פרי אָן, — כאָטש ס'האָט גערעגנט און אַ קאַלטער ווינט האָט גע־בלאָזן — איז דאָס אויפגעברויזטע פאָלק שוין געשטאַנען אויף דעם בולוואַר וואָס אַרום דעם ראָט־הויז.

צוויי יונגע פּאַטריאָטן, פרענטש און בערוטי, האָבן מיט זייערע ווערטער גע־מוטיקט דעם המון און צעטיילט ווייס־בלויע סטענגעס, אַלס אָפּצייכענונג, צווישן זייערע אָנהענגער.

דערווייל האָט דער שטאָט־ראַט אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי זיך קאָנען קעגנצושטעלן דעם פאָלקס־ווילן.

צוליב אָט דעם צוועק. האָבן זיי איינגעלאַדן די מיליטער־שעפן אָנפרעגנדיק זיך ביי זיי, אויף וועמעס צד דאָס מיליטער געפינט זיך. דער ענטפער איז געווען, אַז דאָס חייל איז מיטן פאָלק.

די מאַסע האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן אויף אַ הויכן קול, וואָס האָט זיך גע־לאָזט הערן פון אַלע עקן בולוואַר, אַז סיסנעראָס זאָל זיך פאַרנעמען...

נישט באַקומענדיק קיין ענטפער איז בערוטי אַריין אין דעם זיץ־זאַל און דאָרט צוגעטראָגן אַ רשימה פון פּערזאָנען, וואָס דאַרפן צוזאַמענשטעלן דעם נייעם קרייז (כונטאַ).

דער נייער שטאָט־ראַט איז געווען געצוווּנגען אָנצונעמען די רשימה, און דער נייער קרייז איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַזוי:

פּרעזידענט — קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ.

סעקרעטאַרן — מאַריאַנאָ מאָרענאָ און כאָסע פּאַסאָ.

וואָקאַלן — מאַנועל בעלגראַנאָ, כואַן כאָסע קאַסטעלי, מ. אַזקועאַנאַגאַ, מ. אַלבערטי, ד. מאַטהעאו און כ. לאַררעאַ.

נאָך מיטאָג פונעם זעלבן טאָג, האָבן די מיטגלידער פונעם זעלבן קרייז אָפּגע־



דאָס פֿאָלק וויל וויסן וואָס ס'קומט פֿאָר...

געבן די שבועה פרן שטאַט־ראַט, און די ערשטע פּאַטריאָטישע רעגירונג איז אַזוי אַרום געשאַפן געוואָרן.

לפּנים האָט עס נאָך געהייסן, אַז דער קרייז רעגירט אין נאָמען פון פערנאַנ־דאָ דעם זיבעטן; דער אמתער ציל אָבער איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען: דער־גרייכן דורך אַלע מיטלען, די אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד.

## די פאַרשידענע עטאַפּן פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג

אין דעם ערשטן פּאַטריאָטישן־קרייז (פּרימעראַ כונטאַ) האָבן פונעם אָנהויב אָן זיך אויסגעצייכנט צוויי פּערזענלעכקייטן, וועמענס אידייען־גאַנג איז געווען קעגנזעצלעך: סאַאַוועדראַ און מאָרענאָ.

דער ערשטער האָט זיך געשטעלט בראש פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, און מאָרענאָ — פון דער דעמאָקראַטישער.

די קאָנסערוואַדאָרן האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אָנהאַלטן דעם רעזשים וואָס שפּאַניע האָט איינגעפירט, און, אַז די גאַנצע רעוואָלוציע איז נישט מער ווי אַ פּשוטער בייט פון פּערזאָנען. און די דעמאָקראַטן האָבן פאַרקערט, געפאָדערט, גרויסע שינויים.

פאַרבייטן דעם אַלטן רעזשים אויף אַן אַנדערן, וועמענס גרונט־פּרינציפּן זאָלן זיין: די פרייהייט און די גלייכהייט. דאָס האָט נאַטירלעך געדאַרפט ברענגען מיט זיך דעם איבערבייט פונעם רעגירונגס־סיסטעם, פון די געזעצן און פון די מנהגים.

כדי באַקאַנט צו מאַכן דעם ברייטן פּובליקום זיינע דעמאָקראַטישע אידייען, האָט מאָרענאָ געגרינדעט אַ צייטונג מיטן נאָמען: „לאַ גאַזעטאַ דע בוענאָס איי־רעס“.

מאָרענאָ איז געווען יונג, געבילדעט און ענערגיש, און איז אייגנטלעך גע־ווען די נשמה פונעם קרייז. אָבער אינגיכן איז צוליב דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די מיינונגען פון ביידע פּאַרטייען, געוואָרן שווער די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון דער רעגירונג. ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען קיין בוענאָס איירעס די דעפּו־טאַטן פון אינלאַנד, וועלכע האָבן געדאַרפט בילדן דעם צוקונפטיקן קאָנגרעס, האָבן די קאָנסערוואַדאָרן געוואָלט, אַז די דאָזיקע דעפּוטאַטן זאָלן גלייך אַריינגענומען ווערן אין דער כונטאַ. מאָרענאָ האָט געהאַלטן, אַז די דעפּוטאַטן דאַרפן בילדן אַ באַזונדערן קאָנגרעס. אַזוי ווי די מערהייט האָט געשטימט קעגן זיין מיינונג — האָט מאָרענאָ דימיטירט. אין אייניקע טעג אַרום האָט מען אים געשיקט אין אַ ספּעציעלער דיפּלאָמאַטישער שליחות קיין ענגלאַנד, און אויפן וועג איז ער גע־שטאָרבן.

עס זיינען באַרימט זיינע לעצטע ווערטער:

„לעבן זאָל מיין פּאַטערלאַנד, כאָטש איך קום אום“!

זיינע אידייען זיינען מיט אים נישט געשטאָרבן. זיינע פּאַרטיי־לייט האָבן געגרינדעט אין בוענאָס איירעס די פּאַטריאָטישע געזעלשאַפט וואָס האָט פאָרגע־זעצט דעם קאַמף.



## מאנועל בעלגראנאָ (דער 3-טער יוני)

— א. —

דער 3־טער יוני פון יאָר 1770, איז אין בוענאָס איירעס געבוירן געוואָרן דער פאַטריאָט מאַנועל בעלגראנאָ. זיין דערציונג האָט ער באַקומען אין דער שולע סאַן־קאַרלאָס. שפּעטער האָט ער זי דערגענצט אין שפּאַניע, באַקומענדיק אין דער שטאָט „וואַזשאַדאָליד" דעם אדוואָקאטן־טיטל.

אומקערנדיק זיך קיין בוענאָס איירעס, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער קאָנסערוואטאָריע. אויף זיין עפנטלעכן אַמט, האָט ער באַלד אַרויסגעוויזן זיינע ליבעראלע אידייען. אַלץ וואָס ס׳האָט געהאָלפן בליען די אינדוסטריע און איז געווען גינסטיק פאַרן לאנד, האָט געקראָגן זיין אויפריכטיקע שטיצע. זיין פּרינציפּ איז געווען, אַז „קיין שום זאך איז נישט אַזוי וויכטיק פאַר אַ פּערזאָן, ווי דאָס גליק פון זיינע מיטמענטשן".

אַ גאָר לעבעדיקן אינטערעס האָט ער אַרויסגעוויזן פאַר דער שאַפונג פון פאָלקס־שולן, וועלכע — לויט זיין מיינונג — האָבן געדארפט זיין צאָלרייך און אומזיסטיקע. ער איז געווען דער העכסטער ביישפּיל פון נישט זוכן קיין אייגן־נוצן אין זיין טעטיקייט.

ער איז געווען דער שעפער פון דער אַרגענטינער פאָן.

— ב. —

דורך זיין עקספּעדיציע קיין פּאַראַגוויי — פון גרויסע נוצן, כאָטש מיליטעריש האָט זי קיין דערפאָלג ניט געהאט — איז אים געלונגען צו פאַרשפּרייטן

די פרייהייטס־אידייע אין יענע מקומות; און טאַקע אין גיכן, איז דאָרט פאָרגע־קומען דער אויפשטאַנד, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט די אומאָפּהענגיקייט פון פּאַראַגוויי.

דעם 27־טן פעברואר פון יאָר 1812, האָט גענעראַל בעלגראַנאָ באַנייט די באַטעריעס: „אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט", וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אויף די ברעגן פון דעם טייך פּאַראַנאַ, ניט ווייט פון ראָזאַריאָ, כדי נישט צו דער־לאָזן, אַז דעם שונאס שיפן זאָלן קענען דורכגיין. ביי אָט דער געלעגנהייט, האָט ער „צום ערשטן מאָל" אַרויפגעצויגן די ווייס־בלויע פאָן, וואָס ער האָט געשאַפן.

ביז אָט דעם טאָג, האָט די רעוואָלוציע נישט געהאַט קיין סימבאָל, וואָס זאָל זי פּרעזענטירן. דעריבער האָט בעלגראַנאָ ביי אָט דער געלעגנהייט פאָרגעשלאָגן דער רעגירונג צו שאַפן אַן עסקאַראַפּעלאַ פון ווייסע און בלויע קאָלירן. דעם 18־טן פעברואר פון יאָר 1812 איז זיין פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרן און עס איז דעק־רעטירט געוואָרן דאָס באַנוצן זיך מיט דער נייער עסקאַראַפּעלאַ. דאָס האָט אָבער נישט אינגאַנצן באַפרידיקט בעלגראַנאָן; און כדי זיינע סאָלדאַטן זאָלן ניט דאַרפן באַנוצן די זעלבע פאָן וואָס די שפּאַניער, האָט ער אַרויפגעצויגן, צום ערשטן מאָל, די נאַציאָנאַלע פאָן און האָט אַוועקגעשיקט דער רעגירונג אָט אַזאַ מעלדונג:

„אַזוי ווי עס איז נויטיק אַרויפצוציען אַ פאָן און אַזוי ווי מיר פאַרמאָגן ניט אַזאַ, האָב איך געהייסן מאַכן אַזעלכע פון ווייס־בלויע קאָלירן, לויט די קאָלירן פון דער נאַציאָנאַלער עסקאַראַפּעלאַ".

אָט די מוטיקע האַנדלונג וואָס האָט באַדייט אַן אַבסאָלוטע אומאָפּהענגיקייט, איז ניט גוטגעהייסן געוואָרן פון דער רעגירונג, און זי האָט אים באַפוילן די פאָן אַרונטערצוציען.

בעלגראַנאָ האָט אָבער אין דער צייט געדאַרפט איבערנעמען די אָנפירונג פונעם מיליטער פון צפון און איז אַוועק אַהין, דערפאַר איז פאַרבליבן אומבאַ־קאַנט דער פאַרבאָט פון דער רעגירונג.

אין 1812, ווען מען האָט געפייערט דעם 2־טן יאָרטאָג פון דער רעוואָלו־ציע, אין דער שטאָט כוכוי, האָט בעלגראַנאָ ווידער פאָרגעשטעלט פאַר די סאָל־דאַטן די פאָן וואָס ער האָט געשאַפן. דערזעענדיק זי, האָבן די סאָלדאַטן אויס־געשריען:

— אונדזער בלוט ווען מיר פאַרגיסן פאַר אָט דער פאָן!

ביי די ברעגן פון דעם טייך כוראַמענטאַ, האָט ער דעם 13־טן פעברואר פונעם יאָר 1913, קורץ פאַר דעם זיג פון סאַלטאַ, אָפּגענומען ביי זיינע סאָלדאַטן אָט די שבועה:

— דאָס וועט זיין דער קאָליר פון אונדזער נייער פאָן, מיט וועלכער ס'וועלן זיין אין קאַמף די סאָלדאַטן פונעם פאָטערלאַנד!

דער היסטאָרישער קאָנגרעס פון טוקומאַן האָט אין זיין סעסיע פון 25־טן יולי פונעם יאָר 1816 אָנגענומען די ווייס־בלויע פאָן, אַלס דעם נאַציאָנאַלן סימבאָל.

אין דער גרעסטער אָרעמקייט איז אין דער שטאָט בוענאָס איירעס, דעם 20־טן יוני פון דעם יאָר 1820, געשטאָרבן דער גענעראל מאַנועל בעלגראַנאָ. ער איז אויסגעגאַנגען אַרום 7 אַזייגער אינדערפרי, שעפּטשענדיק:

— אוי, פאָטערלאַנד מיינס!...

ביי דער אוטאָפּסיע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין הארץ איז געווען גרעסער ווי אַ געוויינלעך מענטשלעך האַרץ.

שטיל, אין אַ פּשוטן קאסטן פון יאַדלע־האָלץ, האָבן זיינע ברידער און אייניקע געציילטע חברים אים אַוועקגעטראָגן צום קבורה־פּלאץ, וואָס האָט זיך געפונען אַ האַלבן קווארטאַל פון זיין הויז.

„די איינוווינער פון בוענאָס איירעס, האָבן זיך אַפילו נישט דערוווסט פון דעם טויט פונעם ריינסטן און גרעסטן פון זיינע העלדן".

אונדזער גרויסער שרייבער, מיטרע, רעדנדיק וועגן בעלגראַנאָן, זאָגט אַזוי:

„בעלגראַנאָ איז איינער פון די סימפּאַטישסטע אַרגענטינער פיגורן און איינער פון די ריינסטע רומען פון אַמעריקע.

„ניט נאָר צוליב זיינע אומפאַרגעסלעכע דינסטן פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט, נאָר אויך — און דער עיקר — צוליב דער דערהויבענער מאָראַל פון זיין כאַראַקטער און דער לויטערקייט פון זיינע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן".

## עטאַפּן פון דער רעוואָלוציע

דער ערשטער טריאומוויראַט האָט זיך פאַרפליכטעט צו פאַררופן אַ קאָנגרעס וואָס זאָל אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע פונעם לאַנד. ער האָט אָבער זיין צוזאָג נישט מקיים געווען.

צוליב דעם, איז דעם 8־טן אָקטאָבער פונעם יאָר 1812, אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד אָנגעפירט פון מאָנטעאַגודאָ, סאַן מאַרטין און אַלוועאַר, וועלכע — אַלס דעמאָקראַטן — האָבן פאַרלאַנגט אומאָפּהענגיקייט און אַ קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער טריאומוויראַט, אין באַשטאַנד פון כ. כ. פּאַסאָ, מ. ראָדריגעז פּעניאַ און אַ. אַלוואַרעז כאָנטע.

צווישן די ערשטע באַשלוסן פון דער נייער רעגירונג האָט פיגורירט אַ דעקרעט וועגן דעם פאַררוף פון אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס, וועמענס אויפגאַבע זאָל זיין די שאַפונג פון דער קאָנסטיטוציע און וועמענס מיטגלידער עס האָבן געדאַרפט דערוויילט ווערן פונעם פאָלק.

דער קאָנגרעס איז באַקאַנט, אַלס די פאַרזאַמלונג פון יאָר 13, ווייל זי האָט זיך פאַרזאַמלט אין יאָר 1813.

## די פאַרזאַמלונג פונעם יאָר XIII

דער צווייטער טריאומוויראַט האָט פאַררופן דאָס פאָלק צו וויילן די דעפּוטאַ־טן וואָס האָבן געבילדעט די אַלגעמיינע קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג.

דעם 31־טן יאַנואַר פונעם יאָר 1813, האָט די דאָזיקע אָנגעהויבן אירע זיצונ־גען. אַלס הויפּטציל האָט זי זיך געשטעלט צו דיקטירן אַ קאָנסטיטוציע, לויט וועל־כע דאָס לאַנד זאָל רעגירט ווערן.

אין דערווירקלעכקייט אָבער, האָט זי דאָס נישט דערגרייכט. דערפאַר אָבער, האָט זי באַשטעטיקט אַ סך געזעצן פון אויסערגעוויינלעכער וויכטיקייט וואָס האָבן זי באַרימט געמאַכט אין אונדזער געשיכטע.

ביז דאַן האָבן די פּאַטריאָטישע רעגירונגען געהאַנדלט ווי גלייך זיי זאָלן ריידן אין נאָמען פון פערנאַנדאָ דעם זיבעטן, ווי דאָס האָט באַשטימט די אָפענע פאַרזאַמלונג פון 22־טן מאַי.

די פאַרזאַמלונג פון יאָר 13, כאָטש זי האָט נישט פּראָקלאַמירט די אומאָפּ־הענגיקייט, האָט זי אָנגענומען באַשלוסן דורך וועלכע ס'איז געוואָרן קלאָר דער פאַרלאַנג זיך צו באַפרייען פון שפּאַניע.

די געזעצן זיינע פאָלגנדע:

1) עס ווערט באַזייטיקט דער נאָמען פונעם שפּאַנישן קעניג, פון אַלע עפנט־לעכע דאָקומענטן.

2) עס ווערט געשאַפן דער נאַציאָנאַלער הערב.

3) אַרויסלאָזן מטבעות מיט דעם הערב אויפן אָרט פון דעם בילד פון די שפּאַנישע מלכים.

4) עס ווערט דערקלערט דער 25־טער מאַי, אַלס נאַציאָנאַלער יום־טוב.

5) עס ווערט אָנגענומען אַלס נאַציאָנאַלער הימן, דער, וואָס עס האָט גע־שאַפן וויסענטע לאָפּעז אי פּלאַנעס, מיט דער מוזיק פון בלאַס פּאַרערא.

6) עס ווערן דערקלערט פריי אַלע שקלאַפן־קינדער וואָס וועלן געבוירן ווערן אין דער צוקונפט.

7) עס ווערן אָפּגעשאַפט די טיטלען פון די אדללייט און די שקלאַפעריי פון די אינדיאַנער.

8) עס ווערט פאַרבאָטן דאָס באַנוצן טאָרטורן בעת די משפּטים און עס ווערן צעשטערט אַלע עינויים ־ אינסטרומענטן.

9) עס ווערט דערקלערט פרייהייט פון קאָמערץ און דרוקעריי.

10) עס ווערט געשאַפן אַן אויספיר־מאַכט פון איין פערזאָן אויפן אָרט פון דריי, און וועלכע באַקומט דעם נאָמען „דירעקטאָריום“.



# גענעראל דאָן כאָסע דע סאַן מאַרטין

סאַן מאַרטין איז געבוירן געוואָרן אין זשאפּעזשו, אין דער פּראָווינץ קאָ־ריענטעס, דעם 25־טן פעברואר פון דעם יאָר 1778.

זיין מיליטערישע קאַריערע האָט ער דורכגעמאַכט אין שפּאַניע, דינענדיק יענעם לאַנד ביז זיין עלטער פון 34 יאָר.

אינעם יאָר 1812 קומט ער קיין בוענאָס איירעס, מיט דעם געדאנק, זיך אָנ־צושליסן אין דעם קאַמף פאַר דער פרייהייט, און ער באַקומט פון דעם טריאומווי־ויראַט די אויפגאַבע צו שאַפן אַ קאַוואַלעריע־קאָרפּוס, און אַזוי, איז אַ דאנק אים אַנטשטאַנען דער באַרימטער רעגימענט פון די „רייטער־גראַנאַדירן".

זיין ערשטע מיסיע איז געווען, צו געבן אַ לעקציע די שפּאַנישע באַהערדן, וועלכע האָבן נישט דערלאָזט, אַז די באַלאַגערטע אין מאָנטעווידעאָ זאָלן באַקומען די נויטיקע שפּייזן, נאָר פאַרקערט, זיי פלעגן נאָך אָוועקרויבן די אַרגענטינער פּי־פון די גיטער, אויף די ברעגן פון פּאַראַגוויי און פּאַראַנאַ.

סאַן מאַרטין האָט מיט 120 גראַנאַדירן זיך באַהאַלטן נעבן דעם מאָנאַסטיר פון סאַן לאָרענסאָ, און ווען די שפּאַניער זיינען געקומען נעמען די בהמות וואָס מען האָט ספּעציעל צוגעגרייט אַלס פּאַסטקע, האָט סאַן מאַרטין זיי אַטאַקירט און האָט אָפּגעהאַלטן דעם ערשטן זיג (דעם 3־טן פעברואר פונעם יאָר 1813).

אין אָט דער שלאַכט האָט סאַן מאַרטין שיעור ניט פאַרלאָרן זיין לעבן. גע־ראַטעוועט האָט אים דער סערזשאַנט קאַבראַל, וועלכער האָט אים מיט זיין אייגע־נעם קערפּער פאַרשטעלט פון די שונאים. אין עטלעכע שעה אַרום איז קאַבראַל גע־שטאָרבן מיט די ווערטער:

„איך שטאַרב צופרידן! מיר האָבן צעשלאָגן דעם שונא!"

סאַן מאַרטין איז די ליכטיקסטע מיליטערישע פיגור אין אונדזער געשיכטע. עס זיינען באַרימט זיינע נצחונות אין טשאקאבוקאָ און מאיפו. ער איז דער באפרייער פון דריי פעלקער:

ארגענטינע, טשילע און פערו.

די נאָבלקייט פון זיין כאַראַקטער האָט זיך אַמבעסטן אַרויסגעוויזן אין באַרימטן צוזאמענטרעף פון גוואַזשאקיל, ווו ער האָט אָפּגעטראָטן דאָס פּלאַץ באָליוואַרן — כדי אויסצומיידן אַ ברידער־מלחמה — און אַליין איז ער אַוועקגעפאָרן קיין פראנקרייך, ווו אין דעם שטעטל בולאָן סור מער, איז ער געשטאָרבן אין אָרעמקייט און אַ פאַרגעסענער, דעם 17־טן אויגוסט פונעם יאָר 1850, אין דער עלטער פון 72 יאָר.

## דער 9־טער יולי — טוקומאַנער קאָנגרעס

אַזוי ווי די איבעריקע פּראָווינצן איז נישט געווען אָנגענעם דאָס וואָס אַלע פאַרזאמלונגען זיינען פאַרגעקומען אין בוענאָס איירעס, האָט מען באַשטימט, אַז דער אלגעמיינער קאָנגרעס זאָל פאָרקומען אין דער שטאָט טוקומאַן.

גענעראַל אַרטיגאַס, דער אורוגווייער „קאודיזשאָ", האָט דעמאָלט באַהערשט די פּראָווינצן: ענטרע ריאָס, קאָריענטעס, סאַנטאַ־פע און באַנדאַ אָריענטאַל, און האָט נישט דערלאָזט, אַז זיי זאָלן אויספאָלגן בוענאָס איירעסער אָנווייזונג. זייער שווער איז געווען די סיטואַציע פונעם לאַנד אינעם יאָר 1816. פון אויסלאַנד האָבן זיך אָנגערוקט געפאַרן: די שפּאַניער האָבן געזיגט אין טשילע און הויך־פערו איבער די פּאַטריאָטן; און פערנאַנדאָ דער זיבעטער האָט צוריק פאַרנומען זיין טראָן און געדראָט מיט שיקן אַן עקספּעדיציע צום לאַ פּלאַטאַ טייך. פון אינווייניק האָט דער ציווילער קאַמף און די אַנאַרכיע זיך גענומען אויסשפּרייטן איבערן לאַנד, צוליב די פּראָווינציעלע „קאודיזשאָס".

געעפנט זיינע זיצונגען האָט דער טוקומאַנער קאָנגרעס, דעם 24־טן מערץ פון יאָר 1816. איינע פון זיינע ערשטע באַשלוסן איז געווען צו באַשטימען כ. מ. דע פּועירעדאָן, אַלס דעם העכסטן דירעקטאָר פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן.

---

דעם 9־טן יולי פון יאָר 1816, איז דער קאָנגרעס צוגעטראָטן צו באַהאַנדלען די טעמע פון דער אומאָפּהענגיקייט. פּרעזידענט פון דער זיצונג איז דעמאָלט געווען גאַרסיאַ לאַפרידא און דער סעקרעטאַר כ. כ. פּאַסאָ האָט געפרעגט די דעפּוטאַטן:

— ווילן די פאַרייניקטע פּראָווינצן זיין אַ פרייע פאָלק און אומאָפּהענגיק פון די קעניגן פון שפּאַניע?

אויפשטעלנדיק זיך מיט אַמאָל, האָבן אַלע געענטפערט:

— יאָ!!

באַלד איז געמאַכט געוואָרן דער געהעריקער אַקט, וועלכן אַלע ביייוועזנדע דעפּוטאַטן האָבן געחתמעט.

דעם 21־טן יולי איז געשווירן געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט. דעם 25־טן איז אָנגענומען געוואָרן די בלוי־ווייסע פאָן וואָס בעלגראַנאָ האָט געשאפן.

שפּעטער איז מען איבערגעגאַנגען צום פּונקט: ,,וועלכע זאָל זיין די רעגי־רונגס־פאָרם", אָבער מ'איז צו קיין שום הסכם נישט געקומען. די מערהייט איז געווען פאַר דעם מאָנאַרכיסטישן סיסטעם. דער גלח סאַנטא־מאַריאַ האָט פאַרגע־לייגט, אַז מען זאָל פרעגן ביים פאָלק און דער ענין איז אָפּגעלייגט געוואָרן. אין יאָר 1817 האָט דער קאָנגרעס זיך אַריבערגעטראָגן קיין בוענאָס איירעס און אויס־געארבעט דעם ,,פּראָוויזאָרישן רעגלאַמענט" וואָס האָט געדארפט הערשן, ביז עס וועט אויסגעארבעט ווערן די קאָנסטיטוציע.



(דאָס היסטאָרישע הויז)



## ריוואדאוויאַ

דעם 20־טן מאַי פון יאָר 1780, איז אין בוענאָס איירעס געבוירן געוואָרן בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ.

ער האָט זיך באַטייליקט אינעם קאַמף מיט די ענגלענדער, אָנטייל גענומען אין די ערשטע נאַציאָנאַלע רעגירונגען, דורכגעפירט דעליקאַטע דיפּלאָמאַטישע מיסיעס און אין פעברואר פונעם יאָר 1826, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פונעם לאַנד.

דעמאָלט איז די שטאָט בוענאָס איירעס דערקלערט געוואָרן אַלס די הויפּטשטאָט פון דער נאַציע.

אַלס רעגירונגס־מענטש האָט ער דורכגעפירט נוצלעכע איניציאַטיוועס און געמאַכט פּלענער פאַר אנדערע, וואָס זיינען שפּעטער רעאַליזירט געוואָרן. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט ריוואַדאַוויאַ געשענקט דער עפנטלעכער בילדונג, ער האָט געגרינדעט שולן, אויסגעבעסערט די טעקסטן און אויך די שולבנינים.

ריוואַדאַוויאַ איז געווען דער מענטש פון דער צוקונפט. דערפאַר האָט זיין עפּאָכע אים נישט אָפּגעשאַצט, און ער האָט אינעם לעבן נישט געהאַט קיין גליק.

אין יאָר 1827 האָט ער אויף אייביק פאַרלאָזט אונדזער לאַנד, באַזעצנדיק זיך אין בראַזיל ווו ער האָט געלעבט איינזאַם. מען דערציילט, אַז צוויי אַרגענטינער יונגעלייט האָבן אים געוואָלט באַזוכן, אָבער ער האָט זיי נישט אויפגענומען, נאָר זיי געשיקט זאָגן:

— פאַר די ארגענטינער לעבט שוין נישט בערנאַרדינאָ ריוואַדאוויאַ!

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1845 אין דער שטאָט קאַדיז. זיין ארון האָט מען שפּעטער געבראַכט און באַערדיקט אין זיין באַליבטער שטאָט בוענאָס איירעס.

אויף זיין מאָנומענט איז אויפגעשריבן מיטרעס אַ פראַזע:

„די גרעסטע ציווילע פּערזענלעכקייט פון דער אַרגענטינער ערד“.

# HIMNO NACIONAL ARGENTINO

(LAS ESTROFAS QUE SE CANTAN)

Oíd, mortales, el grito sagrado:
¡Libertad! ¡Libertad! ¡Libertad!
¡Oíd el ruido de rotas cadenas!
¡Ved en trono a la noble igualdad!

Ya su trono dignísimo abrieron
Las Provincias Unidas del Sud.
Y los libres del mundo responden:
Al gran pueblo argentino ¡Salud!

CORO

*Sean eternos los laureles*
*Que supimos conseguir:*
*Coronados de gloria vivamos*
*O juremos con gloria morir.*

## דער נאַציאָנאַלער הימן

(זיין שאַפונג)

דער אַלגעמיינער קאָנגרעס פון די פּאַרייניקטע פּראָווינצן פון לא פּלאַטא־טייך, האָט פאַרגעבן דעם יונגן וויסענטע לאָפּעז, די אויפגאַבע, צו שאַפן אַ פאָלקס־ליד, וואָס זאָל דערמוטיקן די העלדישקייט פון אונדזערע חיילות און זאָל וועקן אין האַרץ פון די בירגער דעם ענטוזיאַזם פאַר דער פרייהייט.

דער מחבר דערציילט, אַז אים איז אָנגעקומען זייער שווער צו קריגן די בוי־טיקע ווערטער, וואָס זאָלן פאַרמאָגן דעם גלאַנץ און די פּראַכט וואָס די דערגריי־כונגען פון דער רעוואָלוציע האָבן פאַרדינט. נעמענדיק אין אַכט די שוין באַרימטע נצחונות פון הויך־פּערו, טוקומאַן, סאַלטאַ און סאַן לאָרענסאָ.

און דער פּאָעט האָט שוין געמיינט, אַז זיין מוזע האָט אים פאַרלאָזט, און פּראַי קאַזשעטאַנאָ, וועלכער האָט אויך באַקומען די זעלבע אויפגאַבע, וועט זיין זער, וואָס וועט פאַראייביקן זיין נאָמען מיט דער שאַפונג פון דעם אומשטערבלעכן הימן.

וועלנדיק זיך אַביסל צעשטרייען, איז וויסענטע לאָפּעז אַוועק דעם 8־טן מאַי אין טעאַטער אריין. אָבער ביים צווייטן אַקט פון דער פאָרשטעלונג, האָט ער פאַר־לאָזט דעם זאַל מיט אַן איבערגעפולט האַרץ און מיט אַ ברענענדיקן מוח. עפּעס אַ מאָדנער געפיל האָט אים אינגאַנצן באַהערשט. קומענדיק אַהיים, האָט ער זיך צו־געזעצט נעבן זיין קליין טישל און ביי דער שיין פון אַ ליכט האָבן אָנגעהויבן גע־בוירן צו ווערן די רומפולע שורות פון דעם פּאַטערלאַנדס ליד, דאָס ליד וואָס האָט אים אַריינגעשריבן אין אַלע אייביקייטן.

אויף דער גאַס פּערו, צווישן ווענעסועלאַ און מעקסיקאָ, אין אַ קאָלאָניאַל הויז, איז אין אַ מאָמענט פון גרויסער עמאָציע, געבוירן געוואָרן דער אַרגענטינער הימן, אַ שאָד וואָס דאָס הויז עקזיסטירט שוין נישט. דאָס הויז ווו דער פּאָעט איז גע־בוירן געוואָרן און ווו ער האָט געענדיקט די ליכטיקע טעג פון זיין עלטער.

ווען וויסענטע לאָפּעז האָט אָנגעשריבן דעם הימן, איז ער אַלט געווען 29 יאָר. דעם 11־טן מאַי האָט וויסענטע לאָפּעז פּרעזענטירט דאָס ליד פאַר דער פאַרזאַמ־לונג. מיט גרויס ענטוזיאַזם האָבן אַלע איינשטימיק און פייערלעך דערקלערט, אַז דאָס ליד איז דאָס איינציקע פּאַטריאָטישע געזאַנג. די מוזיק צו אונדזער הימן האָט געשאַפן בלאַס פּאַררערא.

## דער נאַציאָנאַלער הערב

איינע פון די באַשלוסן, וואָס די פאַרזאַמלונג פון דעם 13־טן יאָר האָט אָנ־גענומען, איז געווען די שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַלן הערב, וואָס זאָל סימבאָליזירן די אידייען פון דער רעוואָלוציע און אומעטום זי פאָרשטעלן.

עס איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדער הערב:

אַן אָוואַל אַרומגערינגלט מיט צוויי לאָרבער קרענץ, וועלכע סימבאָליזירן דעם נצחון. אינעווייניק, אינעם אָוואַל, געפינען זיך צוויי הענט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די אידייע פון ברודערשאַפט און פריינטשאַפט. ביידע הענט האַלטן אַ שטעקן, אויף וועלכן עס איז אָנגעטון דאָס פריגיער היטעלע, וואָס סימבאָליזירט די פריי־הייט.

דער אָוואַל איז צעטיילט אין צווייען:

אויבן — דער הימל, אונטן — די וואַסערן פונעם לאַ פּלאַטאַ־טייך. אויף דעם שפּיץ פונעם אָוואַל, צווישן ביידע לאָרבער־קרענץ, געפינט זיך די אויפגייענדיקע זון, וואָס באַלייכט דעם רומפולן געבורט פון דער אַרגענטינער נאַציע. אונטן זיינען ביידע לאָרבער־קרענץ פאַרייניקט דורך דער ווייס־בלויער אַרגענטינער פאָן.

## דער טאָג פון דער קאָנסטיטוציע

אין דער שטאָט סאַנטאַ פע, האָט זיך אין דעם יאָר 1852, פאַרזאַמלט דער אַל־געמיינער קאָנסטיטואירנדער קאָנגרעס, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען, שאַפן אַ קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער אונדזער לאַנד זאָל רעגירט ווערן.

פאַרשיידענע פּאָליטישע מאָמענטן האָבן באַשווערט די אַרבעט פונעם קאָנ־גרעס. אָבער סוף כל סוף, איז דעם 1טן מאַי פון יאָר 1853, אָנגענומען געוואָרן די קאָנסטיטוציע וואָס רעגירט אונדז איצטער, און וועמעס הויפּט־פּרינציפּן זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אונדזער גרויסן דענקער און פרייהייטס־גייסט כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי.

די פאַרזאַמלונג האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט דער קאָנסטיטוציע ווערט נישט דערגרייכט די פולקאָמענהייט פון דער געזעלשאַפט. נאָר זייער פאַרלאַנג איז גע־ווען צו געבן דער נאַציע די רעגירונגס־מיטלען, וואָס ס׳האָבן געפאָדערט די דעמאָלס־דיקע ספּעציעלע באַדינגונגען, די פאָלקס־קולטור און זיינע טראַדיציעס.

גענעראַל אורקיסאַ האָט באַפוילן, אַז דעם 25סטן זאָל מען דורכפירן אין דער גאַנצער טעריטאָריע פונעם לאַנד דאָס העכסטע געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1טן מאַי.

דעם 9טן יולי פון דעם זעלבן יאָר, איז אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון די פּראָווינצן, דורך פאָלקס־זאַמלונגען, געשווירן געוואָרן טרייהייט דער אָנגענו־מענער קאָנסטיטוציע.

נישט געטאָן דאָס זעלבע האָט בלויז די פּראָווינץ בוענאָס איירעס, וואָס איז ביזן יאָר 1860 געבליבן דערווייטערט פון דער פאָלקס־פאַרייניקונג, און זיך צו־ריק אומגעקערט, נאָכדעם ווי אייניקע אַרטיקלען פון דער קאָנסטיטוציע זיינען גע־ענדערט געוואָרן.

# די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע

## הקדמה

„מיר, די פאָלקס־פאַרטרעטער פון דער אַרגענטינער נאַציע, פאַרזאַמלט אין דעם אַלעמיינעם קאָנסטיטואירנדן קאָנגרעס, דורכן ווילן און דערוויילונג פון די פּראָווינצן וואָס בילדן זי, דערפילנדיק פריער־עקזיסטירנדע אָפּמאַכן, מיטן ציל צו בילדן די נאַציאָנאַלע אייניקייט, באַפעסטיקן די יוסטיץ, פאַר־שטאַרקן דעם אינערלעכן שלום, באַזאָרגן די געמיינזאַמע פאַרטיידיקונג און פאַרזיכערן די אינערלעכע פרייהייטן, פאַר אונדז, פאַר אונדזערע קומענדיקע דורות און פאַר אַלע מענטשן פון דער וועלט וואָס וועלן באַוווינען די אַר־גענטינער ערד, פאַררופנדיק זיך אויף דעם געטלעכן שוץ, דער קוואַל פון אַלע רעכטן און גערעכטיקייטן: פאַראָרדענען מיר, דעקרעטירן און שטעלן איין די דאָזיקע קאָנסטיטוציע פאַר דער אַרגענטינער נאַציע."

אַרט. 14: „אַלע איינוווינער פונעם לאַנד, געניסן פון פאָלגנדע רעכטן, אין איינקלאַנג מיט די געזעצן וואָס רעגלאַמענטירן זייער אָנווענדונג; דאָס זיינען: אַר־בעטן און פּראַקטיצירן יעדער דערלויבטע מלאכה, מאַכן שיף־רייזעס און האַנדלען, זיך ווענדן מיט פּעטיציעס צו דער מאַכט; אַריינקומען, בלייבן, דורכפאָרן און אַרויס־פאָרן פון דער אַרגענטינער טעריטאָריע; פאַרעפנטלעכן זייערע אידייען דורך דער פּרעסע אָן אַ פּאָרויסיקער צענזור; זיך באַנוצן און האָבן אין באַזיץ זייער אייגנ־טום; זיך פאַראייניקן צוליב נוצלעכע צוועקן; דינען פריי זייער קולט; אונטערריכטן און זיך לערנען.

אַרט. 16: „די אַרגענטינער מלוכה אָנערקענט נישט קיין פּאָרצוגלעכע רעכט פון יחוסדיקן בלוט אָדער געבורט: נישטאָ אין איר קיין פּערזענלעכע פּריווילעגיעס און אַדלטיטלען. אַלע איינוווינער זיינען גלייך פאַרן געזעץ און ווערן אָנגענומען אויף אַמטן אָן קיין שום אַנדערן באַדינג, אַ חוץ זייער פעיקייט. די גלייכהייט איז די באַזע פון דעם שטייער און פון די מלוכהשע לאַסטן.

אַרט. 20: „די אויסלענדער געניסן אויף דער טעריטאָריע פון דער מלוכה אַלע ציווילע בירגער־רעכט: זיי קענען פּראַקטיצירן זייער מלאכה, האַנדל און פּראָפעס־סיע; באַזיצן אומבאַוועגלעכע גיטער, זיי קויפן און פאַרקויפן; פאָרן אויף שיפן אי־בער די טייכן און ים־ברעגן; פריי פּראַקטיצירן זייער קולט; שרייבן צוואות און חתונה האָבן אין הסכם מיט די געזעצן; זיי זיינען נישט געצוווּנגען אָנצונעמען די בירגערשאַפט און נישט צו צאָלן אויסערלעוויינלעכע צוואַנג־שטייערן; זיי באַקו־

מען בירגערשאַפט נאָך צוויי יאָר כסדרדיקן וווינען אינעם לאַנד; אָבער די מאַכט קען פאַרקירצן דעם טערמין לטובת דעם וואָס בעט עס, אָנגעבנדיק און באַשטע־טיקנדיק זיינע דינסטן פאַר דער רעפובליק״.

אַרט. 21: „יעדער אַרגענטינער בירגער איז פאַרפליכטעט זיך צו באַוואָפּענען צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, און די דאָזיקע קאָנסטיטוציע, אין איינקלאַנג מיט די געזעצן וואָס דער פאַרלאַמענט וועט צו דעם צוועק אַרויסגעבן, און מיט די דעקרעטן פון דער נאַציאָנאַלער אויספיר־מאַכט. די נאַטוראַליזירטע בירגער זיינען פריי צו לייסטן די דינסט אָדער נישט, אין משך פון 10 יאָר, רעכענענדיק פון דער צייט וואָס זיי האָבן באַקומען זייער בירגער־ביכל״.

אַרט. 22: „דאָס פאָלק באַשליסט נישט, און רעגירט בלויז דורך זיינע פאַר־טרעטער און דורך דער מאַכט, וואָס ווערט געשאַפן פון דער דאָזיקער קאָנסטיטו־ציע. יעדע באַוואָפנטע קערפּערשאַפט אָדער גרופּע פּערזאָנען, וואָס נעמט זיך דאָס רעכט פונעם פאָלק און פאָדערט אין זיין נאָמען, באַגייט אַ פאַרברעכן פון אויפ־שטאַנד״.

# דער קאַמף אַרום דער קאָנסטיטוציע

פון דעם 12טן אַפּריל 1854 זיינען אין אַרגענטינע געווען ווי צוויי כמעט אומאָפּהענגיקע „שטאַטן":

פון איין זייט די אַרגענטינער קאָנפעדעראַציע וואָס האָט אָנגענומען די קאָנסטיטוציע פון ערשטן מיי; פון דער צווייטער זייט — די פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

די אַזוי גערופענע צוויי „שטאַטן" האָבן געשלאָסן צווישן זיך קאָמערציעלע אָפּמאַכן און זיך פאַרפליכטעט געמיינזאַם צו קעמפן קעגן יעדן אויסערלעכן שונא, און פאַרטיידיקן די אומבאַרירקייט פון דער אַרגענטינער טעריטאָריע.

שטילערהייט האָבן עקזיסטירט אין ביידע „שטאַטן" צווייערליי פּאַרטייען: די ערשטע האָט געוואָלט עס זאָל בלייבן אַלץ ווי עס איז און האָט געזוכט שלום; די צווייטע פּאַרטיי האָט געזוכט אַרויסצורופן קאָנפליקטן.

פאַרשאַרפט דעם מצב האָט דער אונטערשייד אין דער פינאַנציעלער לאַגע פון די ביידע „שטאַטן".

בוענאָס איירעס האָט געהאַט רייכע הכנסות פון צאָלאַמט, דאקעגן די קאָנפעדעראַציע איז געווען אָרעם.

דער געזעץ וועגן „דיפערענצירטע רעכטן" האָט פאַרשאַרפט די לאַגע און ס'איז אויסגעבראָכן דער קאָנפליקט. דער קאָנגרעס פון פּאַראַנאַ האָט באַפוילן דעם גענעראַל אורקיסאַ, אַז ער זאָל מיט אַ באַוואָפנטן כוח אונטערטעניק מאַכן דעם „שטאַט" בוענאָס איירעס.

דעם 23סטן אָקטאָבער פון 1854 איז צעשלאָגן געוואָרן דאָס מיליטער אָנגעפירט פון גענעראַל מיטרע, אין דער שלאַכט פון סעפּעדאַ.

דעם 11טן נאָוועמבער איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן ביידע צדדים לויט וועלכן בוענאָס איירעס שליסט זיך אָן אין דער קאָנפעדעראַציע מיטן באַדינג, אַז אין משך פון 20 טעג זאָל זיך פאַרזאַמלען אין דער שטאָט אַן אַסיפה פון פאַרשטייער פון אַלע פּראָווינצן וועלכע זאָלן דורכפירן די נויטיקע רעפאָרמען אין דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע.

דעם 5טן יאַנואַר פון 1860 האָט די פאַרזאַמלונג אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן מיט דער באַטייליקונג פון באַרימטע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן

ווי: מיטרע, סאַרטיענטאָ, אַדאַלפאָ אַלסינאַ, מאַרמאָל, עליזאַלדע, וועלעס סאַרספיעלד א"אַ.

די הויפּט־רעפאָרמעס וואָס זיינען פאַרגעשלאָגן געוואָרן זיינען געווען:

א) עס דאַרף ווערן די הויפּטשטאָט פון דער רעפּובליק, דאָס אָרט וואָס דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס וועט באַשטימען מיט דער הסכמה פון דער פּראָווינציעלער לעגיסלאַטור. דאָס דאָזיקע פּלאַץ וועט פעדע־ראַליזירט ווערן.

ב) די הכנסות פון דעם צאָלאַמט פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס — דאַרפן נאַציאָנאַליזירט ווערן. דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס דאַרף פאַרזיכערט ווערן איר ביודזשעט אויפן משך פון פינף יאָר.

צום באַדויערן זיינען אויסגעבראָכן מיספאַרשטענדענישן און קאָנפליקטן, וואָס האָבן געבראַכט צו נייע שלאַכטן.

דעם 17טן סעפּטעמבער פון 1861 האָט מיטרע צעשלאָגן דאָס מיליטער פון דער פעדעראַציע אין די פעלדער פון פּאַוואָן.

נאָך דעם זיינען פאַרגעקומען די נויטיקע אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן סוף־כל־סוף געבראַכט צו אַן איינפאַרשטענדעניש צווישן ביידע צדדים, און באַרטאָלאָמע מיטרע ווערט פּראָקלאַמירט דעם 5טן אָקטאָמער פון 1862 אַלס פאַרדינסטפולער, נאַציאָנאַלער טוער פאַרן פאָטערלאַנד און ווערט אויס־געקליבן אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.



# ד ע ר  1 1 ט ע ר  ס ע פּ ט ע מ ב ע ר

(סאַרמיענטאָ און לערער־טאָג)

צופוסנס פון די אַנדן־בערג, איז אין סאַן־כואַן, דעם 15טן פעברואַר פון דעם יאָר 1811, געבוירן געוואָרן דער גרויסער אַרגענטינער שטאַטס־מאַן און דערציער, דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ, און איז געשטאָרבן אין אַסונסיאָן פון פּאַראַגוויי דעם 11טן סעפּטעמבער 1888.

זיין ערשטע בילדונג האָט ער באַקומען אין זיין געבורטס־שטאָט. ס'איז באַ־קאַנט זיין גרויסע ליבע צו דער שול און צום לייענען. אַ דאַנק זיינע בעסטע חברים, די ביכער, האָט ער באַקומען אַ רייכע און אַלזייטיקע בילדונג, כאָטש ער האָט קיינמאָל נישט באַזוכט קיין העכערע שול. צו 15 יאָר לערנט ער שוין מיט שילער, וואָס זיינען אַ סך עלטער פון אים. 16 יאָר באַטייליקט ער זיך אין דעם קאַמף צווישן די פעדעראַלן און „אוניטאַריאָס“. ווען פאַקונדאָ קיראָגאַ ווערט באַלעבאָס פון דער געגנט, עמיגרירט סאַרמיענטאָ קיין טשילע, און אַרבעט דאָרטן אַמאָל אַלס לערער און אַמאָל אַלס מינען־אַרבעטער.

אינעם יאָר 1836 איז ער צוריק דאָ אין סאַן כואַן און גרינדעט דאָרט אייניקע שולן און די צייטונג „על סאָנדאָ“.

אינעם יאָר 1842, איז ער ווידער אין טשילע, וווּ ער שרייבט אָן זיין באַרימט ווערק „פאַקונדאָ“ און גרינדעט די ערשטע צייטונג אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע.

שפּעטער רייזט ער איבער נאָרד אַמעריקע און אייראָפּע, גרינדעט דערנאָך אין טשילע נייע צייטונגען אין וועלכע ער באַקעמפט ראָסאַסעס הערשאַפט.

ווען אורקיסאַ מאַכט דעם אויפשטאַנד קעגן ראָסאַסן קערט זיך סאַרמיענטאָ אום קיין אַרגענטינע און באַטייליקט זיך אין דער שלאַכט פון קאַסעראָס.

אַלס אַלגעמיינער דירעקטאָר פון די שולן, טוט ער זייער אַ סך אויף פאַר דער אויסבעסערונג און פאַרפולקאָמונג פון דער אונטעררייכט.

שפּעטער באַטייליקט ער זיך אַקטיוו אין דעם פּאָליטישן לעבן פון דעם לאַנד. ער פאַרנעמט די אַמטן פון גובערנאַטאָר און אַמבאַסאַדאָר.

פון 1868 ביז 1874, איז ער פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק, און אין דער צייט ווערן געגרינדעט אַ סך מיטל־שולן, ביבליאָטעקן, מיליטערישע שולן און די אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַטאָריע אין קאָרדאָבאַ.

ביז אין יאָר 1879, זעצט ער ווייטער פאָר זיין אינטענסיוו־פּאָליטיש לעבן, ביז ער דערפילט זיך שלאַף און פאָרט אַריבער קיין אַסונסיאָן זוכנדיק אין יענעם וואַרעמען קלימאַט אַ פאַרלייכטערונג צו זיין קרענק, און שטאַרבט דאָרט אין עלטער פון 77 יאָר.

---

דער טאָג פון סאַרמיענטאָס טויט, איז באַשטימט געוואָרן אַלס לערער־טאָג, ווייל „סאַרמיענטאָ איז געווען דער לערער פון דער שול פון דעם אַרגענטינער פאָלק".

אַ באַגריף פון סאַרמיענטאָס אינטענסיווער אַרבעט לטובת דער אַרגענטינער פאָלקס־בילדונג, שאַפט דער פאַקט, וואָס אונטער זיין פּרעזידענץ איז די צאָל תלמי־דים אין די אַרגענטינער שולן געוואַקסן פון 30.000 ביז 100.000.

ווען סאַרמיענטאָ וואָלט געקענט אויפשטיין און זען, וואָס פאַר אַ רייכע פרוכטן עס טראָגן די זוימען, וואָס ער האָט פאַרזייט!

---

## באַרטאָלאָמע מיטרע

דעם 26סטן יוני פונעם יאָר 1821, איז געבוירן געוואָרן אין בוענאָס איירעס, באַרטאָלאָמע מיטרע און איז געשטאָרבן אין דער זעלבער שטאָט דעם 19טן יאַ־נואַר 1906.

זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט אין פּאַטאַגאָניע, ביי די ברעגן פונעם ריאָ נעגראָ. זיין דערציונג האָט ער באַקומען אין בוענאָס איירעס און אין מאָנטעווידעאָ.

צו 17 יאָר הויבט ער אָן זיין דאָפּלטע קאַריערע אַלס מיליטאַר און אַלס פּאָעט.

בעת ראָסאַסעס חיילות האָבן באַלאַגערט מאָנטעווידעאָ האָט ער זיך אויסגע־צייכנט מיט זיין מיליטערישן מוט און מיט זיין שאַרפער פען, ווייל מיט ביידע האָט ער באַקעמפט ראָסאַסן.

אין דעם יאָר 1845 גרינדעט ער אין באָליוויע די מיליטער־שול; עמיגרירט קיין טשילע, וווּ ער גיט זיך אָפּ מיט פּעריאָדיזם.

אין דער שלאַכט פון קאַסעראָס געפינט ער זיך נעבן אורקיסאַן.

פונעם יאָר 1852 נעמט ער אָן אַקטיוון אָנטייל אינעם פּאָליטישן לעבן פון אונדזער לאַנד.

פון 1862 ביז 1868 איז ער פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק.

בעת דער מלחמה מיט פּאַראַגוויי איז ער דער אויבער־קאָמאַנדיר פון די פּאַר־אייניקטע חיילות פון אַרגענטינע, אורוגוויי און בראַזיל.

אין דעם יאָר 1891 ווייל מען אים נאָכאַמאָל אויסוויילן אַלס פּרעזידענט, נאָר ער זאָגט זיך קאַטעגאָריש אָפּ פון דעם.

עס איז באַרימט מיטרעס פּרעכטיקע לידער־זאַמלונג אונטערן נאָמען „רימאַס", זיין איבערזעצונג פון ד. אַליגיעריס „געטלעכע קאָמעדיע" און זיינע גרויסע היס־טאָרישע ווערק איבער סאַן מאַרטין און בעלגראַנאָ.

ער האָט געגרינדעט די צייטונג „לאַ נאַסיאָן", וועלכע איז איינע פון די פּראַכט־פולסטע אויסדרוקן פונעם אַרגענטינער צייטונגס־וועזן.

# אַלבערדי

איינער פון די ליכטיקסטע גייסטער פון אַרגענטינע, איז געווען כואַן באַו־טיסטאַ אַלבערדי.

אַלבערדי האָט ניט פאַרנומען קיין שום אָפיציעלן אַמט און האָט ניט רעגירט איבערן לאַנד פון עפנטלעכע פּאָזיציעס וואָס ווערן געשטיצט פון באַשטימטע כו־חות. אַלבערדיס אויטאָריטעט שטאַמט פון גאָר אַן אַנדער קוואַל, און דאָך האָט ער געהאַט איינע פון די גרעסטע, דויערהאַפטיקסטע ווירקונגען אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזער לאַנד; ווייל אַלבערדי האָט באַצייכנט די וועגן אויף וועלכע ס'האָט זיך אַנטוויקלט די עקזיסטענץ פון דעם אַרגענטינער פאָלק, דורך דעם כוח פון זיי־נע אידייען, דורך דער פאַרשפּרייטונג פון זיינע געדאַנקען, און דורך דער ווירקונג פון זיינע דעמאָקראַטישע געפילן.

דאָס אַלץ דורך דעם קולטורעלן ווערק און ווירקנדיקער פּראָפּאַגאַנדע וואָס ער האָט דורכגעפירט אַלס פּובליציסט.

אין דעם זין איז ער געווען און וועט זיין אַ שטערבלעכער וואָס הערשט און באַפעלט; אַ שטענדיקער און אומדערמידלעכער רעגירער פאַר אַלע צייטן און אין אַלע הינזיכטן פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן.

אַלבערדיס ביאָגראַפיע ווערט ניט צוזאַמענגעשטעלט דורך די, אָדער יענע האַנדלונגען, נאָר דורך שריפטן; זי באַשטייט ניט פון פאַקטן, נאָר פון געדאַנקען.

אַלבערדי נעמט ניט אַנטייל אין קיין שום שלאַכט, ער איז ניט קיין קאַנדי־דאַט פאַר רעגירונגס־אַמטן. ער טראַכט און שרייבט. פון אויסלאַנד דינט ער זיין פאַטערלאַנד מיט דער אויסערגעוויינלעכער קראַפט פון זיין אינטעליגענץ און זיין קולטור.

פאַר דער זעלטענער פּערזענלעכקייט פון דעם מחבר פון „לאַס באַסעס" האָבן זיך געבויגן מיט אַ יראת הכבוד אפילו זיינע גרעסטע קעגנער, ווייל ער איז געווען דער קינסטלער און אין דער זעלבער צייט דער אויספירער פון דער מאָראַלישער גרויסקייט וואָס איז דער כבוד פון אונדזער טראַדיציע.

על פי וו. ס. גאַזשאָ

# די באַפעסטיקונג פון דער נאַציאָנאַלער אייניקייט

נאָך סאַרמיענטאָס פּרעזידענץ הייבט זיך אָן אין אונדזער לאַנד די צייט פון ריכטיקן פּראָגרעס. אַלע פּרעזידענטן וועגן וועלכע מיר וועלן שפּעטער רעדן, ווי אַוועזשאַנעדאַ, ראָקאַ, איריגאָזשען א״אַ, האָבן פאָרגעזעצט סאַרמיענטאָס פרוכט־באַרע טעטיקייט: מען האָט אַנטוויקלט די אַגריקולטור, פּיצוכט און קאָמערץ.

אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט מען געשענקט דער דערציִונג פון די פאָלקסמאַסן; די באַנליניעס האָבן זיך אַלץ טיפער געצויגן צו די ווייטסטע ווינקלען פון אונדזער לאַנד.

די שטאָט בוענאָס איירעס, אַלס הויפּטשטאָט פון דער רעפּובליק, און אָפּגע־טיילט פון דער פּראָווינץ מיטן זעלבן נאָמען, איז געוואַקסן און איז שענער גע־וואָרן פון יאָר צו יאָר.

מע קען זאָגן, אַז אין דער דאָזיקער עפּאָכע האָט זיך פאַרפעסטיקט די אייני־קייט פון דעם אַרגענטינער פאָלק: עס זיינען מער ניט געווען קיין רעוואָלוציעס וואָס זאָלן אויסברעכן צוליב קאָנפליקטן פון איין פּראָווינץ מיט דער צווייטער. אויך דער עקאָנאָמישער פּראָגרעס איז אין דער זעלבער צייט געווען אַן אויסער־געוויינלעכער. אונדזערע רחבותדיקע פעלדער, באַאַרבעט דורך אַרגענטינער און אויסלענדער וועלכע האָבן דאָ געמאַכט זייער היים, האָבן דערמעגלעכט, אַז אונדזער לאַנד זאָל פאַרנעמען איינעם פון די הויפּטפּלעצער פון די פּראָדוצירער פון תבואות און פלייש.

די ווערק פון די פּראָסערס ווי ריוואַדאַוויאַ, מיטרע און סאַרמיענטאָ, האָבן געשאַפן פאַר אונדזער לאַנד די פונדאַמענטן פון איר רייכטום. רייכטום אין צווייער־ליי הינזיכטן: ערשטנס — די מאַטעריעלע גיטער, די פּראָדוקטן פון דער ערד, די אינדוסטריע און קאָמערץ; צווייטנס — די גייסטיקע אוצרות.

די דערציאונג פון די פאָלקסמאַסן מיט וועלכער ס׳האָבן געטרוימט מאָרענאָ, ריוואַדאַוויאַ און סאַרמיענטאָ, איז היינט אַ זיכערעווירקלעכקייט.

אונדזערע גרויסע פאַרגייערס האָבן ניט געזייט אומזיסט.

די טויזנטער פאָלקסשולן, די הונדערטער מיטלשולן, די פאַרשיידענע הויכ־שולן און אוניווערזיטעטן וואָס געפינען זיך אין אַרגענטינע, דערציילן אַז דאָס גייסטיקע לעבן פון אונדזער לאַנד שפּאַנט מיט ריזיקע טריט פאָרויס.

אַז ניט נאָר די אָנפאַנגס־בילדונג, נאָר אויך די מיטלבילדונג ווערט איצט דער קנין פון דעם גרעסטן טייל פון דער אַרגענטינער יוגנט אין אונדזערע שטעט.

אויך אונדזערע אוניווערזיטעטן שאַפן אונדז אַ שם צווישן די אַלע ערשט־ראַנגיקע וויסנשאַפטלער. די געלערנטע פון דער גאַנצער וועלט נעמען אויף מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און רעספּעקט זייערע אַנטדעקונגען און אָנ־ווייזונגען.

# ווייטערדיקע פרעזידענטן

נאָך סאַרמיענטאָן איז געווען פּרעזידענט דער גרויסער טריבון אַוועזשאַנעדאַ (1880 — 1874). אין זיין פּעריאָד האָט זיך פאַרענדיקט די דעראָבערונג פון „מדבר", און די שטאָט בוענאָס איירעס איז דעפיניטיוו פעדעראַליזירט געוואָרן און אָנערקענט געוואָרן אַלס די הויפּטשטאָט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק.

אונטער דער פּרעזידענץ פון כוליאָ אַ. ראָקאַ (1886 — 1880 און 1904 — 1898), ווערט אָנגענומען דאָס געזעץ פון אָבליגאַטאָרישע און אומזיסטיקע בילדונג פאַר קינדער פון 6 און 14 יאָר. אונטער דער פּרעזידענץ פון ראָקע סאַענס פּעניאַ (1914 — 1910), ווערט סאַנקציאָנירט דאָס וואַל־געזעץ וואָס שטעלט פעסט די געצוונגענע און געהיימע שטימרעכט.

אין דער צייט ווען היפּאָליטאָ איריגאָזשען (1922—1916 און 1930—1928), איז געווען פּרעזידענט, קומט פאָר די ערשטע וועלט־מלחמה און איריגאָזשענען געלינגט איינצוהאַלטן די נייטראַליטעט פון אַרגענטינע, נישט קוקנדיק וואָס א סך אַנדערע אַמעריקאַנער לענדער האָבן זיך באַטייליקט אין קאָנפליקט.

דעם 4טן יוני 1943, ברעכט אויס אַ מיליטערישע רעוואָלוציע וועלכע דערפירט דערצו, אַז דר. קאַסטיזשאָ, וועלכער איז געווען פּרעזידענט פון 1942 ביז 1943, זאָל צושטעלן זיין רעזיגנאַציע דעם 5טן יוני.

דעם 7טן יוני ווערט געשאַפן אַ רעגירונג אונטער דער פּרעזידענץ פונעם גענעראַל ראַמירעז.

דעם 9טן מאַרץ 1944, ווערט פּרעזידענט גענעראַל עדעלמיראָ כ. פאַררעל.

ח. נ. ביאַליק　　　　יידיש — ש. צעסלער

# דער אלף בית

גלייך דעם ערשטן טאָג, ווען דער באַהעלפער האָט מיר געוויזן דעם טאָוול מיטן „אַלף־בית“ מיט זיינע גלייכע שורות אותיות — האָט מיר באַלד אַ בליץ געטאָן אין מיין פאַנטאַזיע, און פאַר מיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן: פּאָלקן, פּאָלקן מיט סאָלדאַטן, ענלעך צו יענע, וועלכע מאַרשירן אַמאָל דורך פאַרביי אונדזער שטוב, מיטן פייקלער בראש:

— טאָם! טאַ־ראַ־ראָם!

באַזונדער ענלעך צו דעם, זיינען מיר אויסגעקומען די שורות „אַלפן“ און „גימלען“ מיט די „קבוצן“ פון אונטן, זיי האָבן מיר אויסגעוויזן ממש ווי זעלנער באַוואָפנט פון קאָפּ ביזן פוס. אָט די „אַלפן“ מיט זייערע רוקזעק פון הינטן, גייען אַ ביסל איינגעבויגן אונטער זייער משא, ווי סאָלדאַטן, וועלכע ציען צום קריג. און אָט די „גימלען“ מיט געשטרעקטע פיס פאָרויס, שטייען גרייט צום פאַראַד־מאַרש.

מיינע אייגעלעך האָבן אָנגעהויבן אַרומצוואַנדערן און זוכן אויף די זייטן פונעם טאָוול און אויף זיינע ברעגן.

— וועמען זוכסטו? — גיט מיר אַ פרעג דער באַהעלפער.

— דעם באַראַבאַנטשיק! — — — ענטפער איך און מיינע אייגעלעך הערן נישט אויף צו זוכן.

דער באַהעלפער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר מיין גאָמבקעלע, פאַרריסן מיין קעפּעלע אַ ביסל אַרויפצו און אויסגעגלאָצט אויף מיר אַ פּאָר בהמהשע אויגן אָבעו', גלייך איז ער געקומען צו זיך און אויסגערופן:

— אַוועק! אַרונטער!

באַלד איז אַרויף אויף דער באַנק אַ צווייט קינד, אויף מיין פּלאַץ, און איך בין אַ צעקלעמטער אַרונטער פון דער באַנק און זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקעלע, נישט פאַרשטייענדיק וואָס דער באַהעלפער פאַרלאַנגט פון מיר.

דעם גאַנצן טאָג, האָב איך געהאַלטן אין איין קלערן וועגן פּאָלקן און וועגן סאָלדאַטן. און אויף מאָרגן, ווען איך בין ווידער אַרויף אויף דער באַנק, האָט דער באַהעלפער מיר געוויזן אַן „א“ און געזאָגט:

— דו זעסט אַ קאָראָמיסלע מיט צוויי עמערס? — — —

— „אמת, כ'זאָל אַזוי לעבן, אַ קאָראָמיסלע מיט צוויי עמערס“ — — —

— דאָס איז אַן „אַלף“ — באַשטעטיקט דער באַהעלפער.

— דאָס איז אַן „אַלף“ — זאָג איך אים נאָך.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט מיך, דער באַהעלפער ווידער.

— אַ קאַראַמיסלע מיט צווײ עמערס! — רוף איך זיך אָן און קוועל פון גרויס הנאה, וואָס דער רבונו של עולם האָט מיר דאָ צוגעגרייט אָט די שײנע כלים.

— נײן, זאָג: „אַלף״! — חזרט איבער דער באַהעלפער, און איך נאָך אים.

— געדענק: „אַלף״, „אַלף״!

— „אַלף״, „אַלף״ — — —

און ווי נאָר איך בין אַרונטער פון דער באַנק און אַוועק פונעם באַהעלפער, איז באַלד די „אַלף״ מיר אַרויסגעפלויגן פונעם קאָפּ און אויף איר פּלאַץ איז געקומען מאַרוסיע די וואַסער־טרעגערין. אַ גאַנצן טאָג איז זי נישט אַוועק פון מײנע אויגן. כ׳האָב זי געזען ווי זי שטײט און גײט: מיט אירע באָרוועסע פיס, גראָבע קליידער, און מיט דער קאַראַמיסלע און עמערס אויף אירע אַקסלען.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט מיך דער באַהעלפער צומאָרגנס און ווײזט מיר אויף דער „אַלף״.

— אוי, מאַרוסיע! — — — שרײ איך אויס אַ פרײלעכער פון מײן אַנטדעקונג.

דער באַהעלפער האָט מיך אָנגענומען פאַר מײן גאָמבקע און אויסגערופן:

— גוי! — „אַלף״! „אַלף״! — — —



## אברהם רייזען

# דער גמרא־ניגון

וואָס זשע קלאָגסטו ביי דער גמרא,
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער?
און דיין ווייענדיקער ניגון
אין מיין האַרצן גייט אַריבער;

און מיין אויג איז פייכט געוואָרן,
מיט אַ טרער איז עס פאַרלאָפן.
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער,
זאָג, וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?

צי דו בענקסט אַהיים נאָך דיינע
טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער —
וואָס אָן זיי ביסטו געבליבן,
ווי אַ שיפל אָן אַ רודער?

אָדער, אויפן טאָג ביי לייבן,
ביסט אַ לאַנגע צייט געזעסן,
ביז מען האָט געזאָגט: „נו, בחור,
נעם די קוואָרט און וואַש זיך עסן?!"

אָדער אפשר, גלאַט, דו שעמסט זיך
עסן ברויט אויף פרעמדע טישן,
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן,
שלינגסט אַראָפּ דו יעדן ביסן?

אָדער ס'פעלט דיר אויס אַ „מאָנטיק",
און עס האָט דיר שוין געטראָפן
נישט איינמאָל, זיך לייגן הונגעריק,
אויף דער האַרטער באַנק צו שלאָפן?

און דו האָסט זיך איצט דערמאָנט אַלץ
און דו קאָנסט עס נישט פאַרטראָגן,
און ביי רבא'ן, ביי רב פפא'ן,
ווילסטו איצט דיין ווייַ אויסקלאָגן?

הייב זשע העכער אויף דעם ניגון,
שטאַרקער, העכער, דריי די טרעלן;
ועסט דיין בענקעניש פאַרגעסן,
און דער הונגער וועט נישט קוועלן.

---

## שלום עליכם

# דאָס מעסערל

— א —

צו קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי קיין חשק נישט געהאַט, ווי צו אַ מעסערל; קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי נישט געגאַרט צו האָבן ווי אַ מעסערל, אַן אייגן מעסערל. דאָס מעסערל זאָל זיך ליגן אין קעשענע, און ווען איך וויל זאָל איך מיר דאָס אַרויסנעמען, און וואָס איך וויל, זאָל דאָס מיר שניידן — און לאָזן מיינע חברים וויסן! איך האָב נאָר וואָס אָנגעהויבן גיין אין חדר צו יאָסל דרדקי, האָב איך שוין געהאַט אַ מעסערל, דאָס הייסט, כמעט ווי אַ מעסערל. איך האָב דאָס מיר טאַקע אַליין געמאַכט. איך האָב אויסגעריסן אַ געגדזענע פעדער פון

אַ פלעדערוויש, פון איין זייט אָפּגעהאַקט, פון דער אַנדערער זייט אויסגעגלעט און האָב מיר פאַרגעשטעלט, עלעהיי ס׳איז אַ מעסערל און ס׳שניידט...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פעדער, וועלכע שוואַרצע יאָר?! וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרומטראָגן זיך מיט פעדערן? —פרעגט מיך דער טאַטע, אַ קראַנקער ייד מיט אַ געל אויסגעטריקנט פּנים און פאַרהוסט זיך. — נאַ דיר גאָר פעדערן, שפּילעכ־לעך — קהע־הע־הע־הע!

— וואָס אַרט דיך, אַז דאָס קינד שפּילט זיך? — ענטפערט אים די מאַמע, אַ בּידעריטשקע יידענע מיט אַ זיידן טיכל אויפן קאָפּ, — אַבי אויסעסן זיך דאָס האַרץ, מיינע שונאים!

שפּעטער אַז איך האָב שוין געהאַלטן ביי ,,חומש מיט חיבור״ האָב איך שוין געהאַט כּמעט אַן אמתדיק מעסערל, אויך מיין אייגענע מלאָכה. איך האָב דערטאַפּט אַ שטיקל שטאָל פון דער מאַמעס ,,קרינעלינע״ און האָב דאָס איינגע־זעצט זייער קונציק אין אַ שטיקל האָלץ. דאָס שטיקל שטאָל האָב איך רעכט אָנ־געשאַרפט אָן אַ טאָפּ און האָב איך זיך דערביי, געוויינטלעך, צעשניטן אַלע פינגער.

— זע נאָר, זע, ווי ער האָט זיך דאָס אַביסל צעבלוטיקט, דער קדיש דיינער, — שרייט דער טאַטע און נעמט מיך אָן ביי די פינגער אַזוי, אַז די ביינדלעך קנאַקן: — אַ שיינער בחורקענע קהע־הע־הע!

— אוי, אַ דונער איז מיר! — זאָגט די מאַמע און נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערל און וואַרפט דאָס אַריין אין אויוון אַריין, קוקט נישט אויף מיין געוויין: — אַצינד וועט דאָס האָבן אַן עק, ווייי איז מיר נישט!

איך האָב אָבער גיך באַקומען אַן אַנדער מעסערל, טאַקע אויף דער רעכטער אמת אַ מעסערל, אַ הילצערנער קלעצל, אַ קיילעכיקס, אַ בייכיקס, ענלעך אויף אַ פעסל, מיט אַ האָרבאַטע קלינגל, וועלכעס האָט זיך אי געעפנט אי פאַרמאַכט. איר ווילט וויסן ווי אַרום האָב איך דאָס באַקומען? איך האָב מיר צונויפגעשלאָ־גן אַ קאַפּיטאַל פון די אָנבייסנס און האָב אָפּגעקויפט ביי שלמהלען פאַר זיבן גראָשן מזומן און דריי בין איך אים געבליבן שולדיק.

אוי, האָב איך דאָס ליב געהאַט! אוי, האָב איך דאָס ליב געהאַט! געקומען אַהיים פונעם חדר, אַ הונגעריקער, אַ שלעפעריקער, איז דאָס ערשטע געווען — אַרויסנעמען דאָס מעסערל פון אונטער דער שוואַרצער שאַפע (דאָרט איז דאָס געלעגן אַ גאַנצן טאָג, מחמת אין חדר האָב איך דאָס נישט געטאָרט האַלטן און אין דער היים, האָט אוודאי קיינער נישט געטאָרט וויסן, אַז איך האָב אַ מעסע־רל); נאָכדעם האָב איך דאָס גענומען אויסגלעטן, איבערשניידן אַ שטיקל פּאַפּיר, איבערהאַקן אַ שטרוי אויף דער האַלב און ערשט נאָכדעם צעשניידן מיין חלק ברויט אויף קליינטשינקע שטיקלעך, אויפשטעכן אויפן שפּיץ פון קלינגל און ערשט נאָכדעם לייגן אין מויל אַריין.

שפּעטער, פאַרן שלאָף, האָב איך דאָס אויסגערייניקט, אויסגעשייערט, אויסגעפּוצט, גענומען דאָס שאַרפשטיינדל וואָס איך האָב געפונען ביי אונדז

אויפן בוידעם, אָפּגעשפּיגן און גענומען זיך שטילערהייט צו דער אַרבעט — שאַרפן דאָס מעסערל, שאַרפן, שאַרפן...

דער טאַטע מיט דער יאַרמלקע אויפן קאָפּ זיצט איבער אַ ספר, לערנט און הוסט, הוסט און לערנט.

די מאַמע איז אין קיך, פּאָרעט זיך ביי דער חלה. איך הער נישט אויף דאָס מעסערל צו שאַרפן, שאַרפן..

פּלוצלונג כאַפּט זיך אויף דער טאַטע פונעם שלאָף.

— ווער פּישטשעט דאָרטן? ווער אַרבעט דאָס? וואָס טוסטו, דו ש־היי־היי־געץ איינער?

ער גייט צו צו מיר און בייגט זיך אָן איבער מיין שאַרפשטיינדל און כאַפּט מיר פאַרן אויער און פאַרהוסט זיך.

— א־א־א? מעסערלעך!? ע־ע־ע! — זאָגט דער טאַטע — און נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערל מיטן שאַרפשטיינדל. — אַזאַ יונגאַטש, קאָן נישט נעמען אַ ספר אין האַנט, קהע־הע־הע.

איך הייב אָן צו וויינען אויף אַ קול; דער טאַטע פאַרבעסערט מיר מיט עטלעכע פּעטש און די מאַמע לויפט אַריין פון קיך מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל מיט אַ געוואַלד:

— שא, שא, וואָס איז דאָרט אַזעלכעס? פאַרוואָס שלאָגסטו אים? גאָט איז מיט דיר! וואָס האָסטו צום קינד! ווי איז מיר ניט!...

— מעסערלעך?... שרייט דער טאַטע און פאַרהוסט זיך, — אַ ברעקעלע קינד?... אַזאַ יונגאַטש!... קהע־הע־הע! קאָן ניט נעמען אַ ספר אין האַנט? אַ בחורל פון אַכט יאָר!... איך וועל דיר געבן מעסערלעך, דו פוסטער בחור איינער, אין מיטן דרינען גאָר מעסערלעך, קהע־הע־הע!...

געוואַלד, וואָס האָט ער געהאַט צו מיין מעסערל? וואָס האָט דאָס ביי אים אַזוינס פאַרזינדיקט?... פאַרוואָס איז ער אַזוי אין כעס!...

איך געדענק מיין טאַטן כמעט שטענדיק קראַנק, שטענדיק בלאַס, געל און תמיד אין כעס, תמיד ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט. פאַר אַ מינדסטן נאַרישקייט ווערט ער אָנגעצונדן און וויל מיך גאָר דורס זיין. אַ גליק, וואָס די מאַמע פאַרהיט מיך, זי לייזט מיך אויס פון זיינע הענט.

און דאָס מעסערל מיינס האָט מען פאַרוואָרפן, פאַרוואָרפן אַזוי ווייט, אַז איך האָב דאָס אַכט טאָג כסדר געזוכט און האָב דאָס נישט געקאָנט געפינען אין ערגעץ! צו וועמען וועל איך זיך קערן און ווענדן? עלנט בין איך געבליבן אָן דעם האַרבאַטן מעסערל, עלנט ווי אַ יתום און קיינער, קיינער האָט נישט געזען מיינע טרערן וועלכע איך האָב שטילערהייט פאַרגאָסן ביי זיך, אויף מיין בעטל, ביי־נאַכט, קומענדיק פונעם חדר. שטיל האָב איך מיך אויסגעוויינט, אויסגעווישט די אויגן, אַנטשלאָפן געוואָרן, און אויף מאָרגן פרי, ווידער אין חדר אַריין, ווידער דעם טאַטנס כעס, דעם טאַטנס הוסט, דעם טאַטנס קללות, ווידער נישטאָ קיין

פרייע מינוט, קיין פריילעכע מינע, קיין שמייכעלע, קיין איינציק שמייכעלע פון קיינעם — איינער אַליין, עלנט, אויף דער גאַנצער וועלט!...

— ב —

פון יענער צייט אָן איז איבערגעגאַנגען אַ יאָר און אפשר אַנדערהאַלבן. איך האָב שוין כמעט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן דאָס האָרבאטע מעסערל. עס ווייזט אויס, אַז מיר איז אָבער אָנגעצייכנט געוואָרן מן השמים, אַז מיינע אַלע קינדער־שע יאָרן זאָל איך אָפּקומען פאַר מעסערלעך; איז געבוירן געוואָרן אַ ניי מע־סערל, אויף מיין אומגליק, גאָר אַ שפּאָגל־ניי מעסערל, אַן אַנטיקל, אַ חריפות, ב׳לעבן, אַ זעלטן מעסערל, מיט צוויי קלינגלעך, טייערע שטאָלענע קלינגלעך, שארפע ווי חלפים, מיט אַ ווייס ביינערן קלעצל, מיט אַ מעשענעם „קאַסטן״, מיט רויטע מעשענע שטיפטיקלעך — איך זאָג אייך אַן אנטיקל, אַן אמתדיקס, אַ „זאוויאלאָווס״.

ביי אונדז איז געשטאַנען סטאַנציע אַ יידישער דייטש, אַ פּאָדריאַטשיק, הער הערץ הערצנהערץ. דער טאַטע האָט אים תּמיד אָפּגעטראָטן דעם אויבנאָן און אויך אַלע אנדערע יידן וואָס פלעגן אַריינקומען צו אונדז אין שטוב אַריין, פלעגן אים שטארק אָפּגעבן כבוד: — שלום עליכם! רב הערץ הערצנהערץ, ברוך הבא! רב הערץ הערצנהערץ! זיצט, רב הערץ הערצנהערץ!

איינמאָל, גיי איך אַריין אין זאַל אַריין און פאַרגנבע זיך אין אַ ווינקעלע און הער זיך צו ווי מען רעדט ביי אונדז, ווי דער הער הערץ הערצנהערץ לאַכט אויף אַ קול און רויכערט גראָבע, שוואַרצע ציגארן, וואָס שמעקן מחיה נפשות... פּלוצלונג גייט צו צו מיר דער טאַטע:

— אַוועק! וואָס פּלאָנטערסטו זיך דאָ אַרום, וועלכע שוואַרצע יאָר? קענסט ניט נעמען אַ ספר אין האַנט? קהע־הע־הע!

— ווידער אַ ספר? רבונו של עולם! איך וויל אויך זען, איך וויל אויך הערן, וואָס ער רעדט...

דער הער הערץ הערצנהערץ שטעלט זיך איין פאַר מיר: „אָבער לאַסן זי אים, לאַסן זי אים!״ נאָר עס העלפט נישט, דער טאַטע טרייבט מיך אַרויס.

איך נעם אַ „ספר״ אין האַנט, נאָר עס ווילט זיך מיר פּאָרט נישט קוקן אין ספר אַריין, וואָס טוט מען?... איך גיי פון איין חדר אינעם אנדערן ביז איך קום צו דעם שענסטן פון אַלע חדרים, דאָרט, ווו עס שלאָפט תּמיד דער הער הערץ הערצנהערץ; אַך, ווי שיין, ווי ליכטיק דאָרט איז! די לאָמפּן ברענען און די שפּיגלען גלאַנצן, אויפן טיש אַ גרויסער, אַ זילבערנער טינטער מיט שיינע פּע־נעס; מענטשעלעך מיט פערדעלעך, מיט צאצקעלעך, מיט ביינדלעך, מיט שטיינ־דלעך און... אַ מעסערל. אָך, וואָס פאַר אַ שיין מעסערל! ווען איך, אַ שטייגער, זאָל האָבן אַזאַ מעסערל! ווי גליקלעך וואָלט איך געווען! וואָס פאַר אַ מינים זאַכן וואָלט איך מיט דעם אויסגעשניצט, אַנו, מען דאַרף דאָס פּרווון, עס איז

עפּעס שאַרף?... אַך! עס כאַפּט אַ האָר! עס האַקט איבער אַ האָר! איי־איי־איי, אַ מעסערל!!...

איין מינוט — דאָס מעסערל איז ביי מיר אין האַנט; איך קוק זיך אַרום אויף אַלע זייטן און פּרוּוו זיך דאָס אַריינלייגן אויף אַ מינוטקעלע צו זיך אין קעשענע... עס ציטערט מיר די האַנט... עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק, אַז איך הער, ווי עס מאַכט: „טיק־טיק־טיק־טיק"!... איך הער, ווי עמיצער גייט, עמיצער סקריפּעט מיט די שטיוול; דאָס איז ער, דער הער הערץ הערצנהערץ! אי־אַי, וואָס טוט מען? דאָס מעסערל לאָז זיין ביי מיר, איך וועל עס נאָכדעם צו־ריק אַנידערלייגן, דערווייל דאַרף מען אַרויסגיין, אַוועקגיין פון דאַנען, אַנטלויפן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— ג —

— קום נאָר אַהער, תכשיט מיינער! — מאַכט צו מיר אויף מאָרגן דער טאַטע: — האָסטו נישט געזען ערגעץ דאָס מעסערל?...

תחילת בין איך געווען זייער דערשראָקן; עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער ווייסט, אַז זיי ווייסן אַלע... שיר־שיר האָב איך זיך נישט אַרויסגעכאַפּט: האַ? דאָס מעסערל? אָט איז דאָס... עס האָט מיך עפּעס ווי אַ וואַרג געטאָן אין האַלדז און איך האָב מיט ציטערניש געענטפערט:

— ווו — וואָסער מעסערל?...

— ווו — וואָסער מעסערל! קרימט מיך איבער דער טאַטע: — ווו — וואָ־סער מעסערל! דאָס גילדענע מעסערל! אונדזער אורחס מעסערל, דו בחורעץ, דו שייגעץ איינער, קהע־הע־הע!

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צום קינד! — מישט זיך אַריין די מאַמע: — דאָס קינד ווייסט ניט פון קיין פּותר און פון קיין חלום און ער דולט אים אַ כּפּאָדיק. — מעסערל, מעסערל!

— מעסערל, מעסערל! וואָס הייסט ער ווייסט נישט? — זאָגט דער טאַטע מיט כעס: — אַ גאַנצן פרימאָרגן הערט ער, ווי מען שרייט: „מעסערל, מעסע־רל! מעסערל!" מען קערט איבער די שטוב נאָך דעם מעסערל, פרעגט ער ווו — וואָסער מעסערל! גיין שוין, גיי וואַש זיך, דו פוסטער בחור איינער, דו גוי — גויעץ, קהע־הע־הע!

איך דאַנק דיר, רבונו של עולם, וואָס זיי האָבן מיך כאָטש נישט באַזוכט! נאָר וואָס טוט מען ווייטער? מען באַדאַרף דאָס מעסערל באַשטאַטן ערגעץ אויף אַ גוט אָרט... ווו באַהאַלט מען דאָס? אַהאַ — אויפן בוידעם! איך כאַפּ דאָס אַרויס פון קעשענע און טו דאָס אַ שטופּ אין שטיוול אַריין... איך עס און ווייס נישט וואָס איך עס; איך וואַרג זיך...

— וואָס כאַפּסטו זיך אַזוי, וועלכע שווארצע יאָר? — פרעגט מיך דער טאַטע.

— איך אייל מיך אין חדר אַריין, — ענטפער איך אים — און פיל אַז איך ווער רויט ווי פייער...

— אַ מתמיד געוואָרן, וואָס זאָגסטו אויף דעם צדיק? — וואָרטשעט ער און ער קוקט אויף מיר בייז...

קוים, קוים דערלעבט אָפּעסן, אָפּבענטשן...

— נו, פאַרוואָס גייסטו שוין נישט אין ח...חדר. צדיק מיינער? — פרעגט מיך דער טאַטע.

— וואָס טרייבסטו אים אַזוי? — פרעגט אים די מאמע, — לאָז דאָס קינד זיצן אַ מינוט!

איך בין שוין אויפן בוידעם.... ווייט, ווייט אין קראָקווע ליגט דאָס ווייסע מעסערל; עס ליגט און שווייגט...

— וואָס קלעטערסטו אויפן בוי... בוידעם? — שרייט דער טאַטע: — דו יונגאַטש איינער, דו בר־מצווה יונג, קכע־הע־הע־הע!

— איך זוך דאָ עפּעס... — ענטפער איך אים און פאַל שיר ניט אום פאַר שרעק.

— עפּעס? וואָס הייסט „עפּעס״? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „עפּעס״?

— אַ... אס... ספר אַ... אַ.... אַן אַלטע ג.., גמרא;

— האַ? אַ ג... גמרא? אויפן בוידעם? אַ דו היצל! קריך שוין אַראָפּ, קריך וועסט שוין לייזן, דו הינטשלעגער, דו כ... כלובניק איינער, קהע־הע־הע...

נאָר עס אַרט מיך נישט אַזוי דעם טאַטנס כעס, ווי עס אַרט מיך דאָס, וואָס איך האָב מורא, טאָמער געפינט מען דאָס מעסערל; אַ קשיא אויף אַ מעשה? טאָ־מער גראָד היינט קריכט מען ארויף אויפן בוידעם גרעט אויסהענגען? אָדער די לעזשניעס פאַרשמירן?... מען דאַרף דאָס פון דאָרטן אַראָפּנעמען און באַשטאַ־טן אויף אַ בעסער אָרט!... איך גיי אַרום אין איין ציטערניש; יעדער קוק פון טאַטנס אויגן ווייזט מיר אויס, אַז ער וויס שוין, אַז אָט־אָט טוט ער מיך אַ כאַפּ מכח דעם אורחס מעסערל... איך האָב שוין אַן אָרט אויף דעם, אַ טייער אָרט. ווו? — אין דער ערד, אין אַ גריבל ביי דער וואַנט אַריינגעשטעקט און פון אויבן רעכט פאַרשאַרט מיט שטרוי פאַר אַ סימן... געקומען פונעם חדר, כאַפּ איך זיך באַלד אַרויס אין הויף אַריין, איך נעם מיר פּאַוואָליע אַרויס דאָס מע־סערל און איך האָב קיין צייט אַפילו רעכט אָנשפּיגלען זיך אין דעם, הער איך שוין דעם טאַטנס געפילדער:

— ווו ביסטו ערגעץ דאָרט? פאַרוואָס גייסטו שוין נישט דאַוונען, דו בעל עגלה יונג, דו ווא... וואַסער־פירער, קהע־הע־הע!

נאָר וויפל דער טאַטע רודפט מיך און יאָגט, וויפל דער רבי הרגעט מיך און שלאָגט מיך, איז דאָס בלאָטע קעגן יענע פאַרגעניגנס וואָס איך האָב בשעת איך קום פונעם חדר און זע מיך מיט מיין טייערן, מיין איינציקן ליבן חבר — מיט מיין מעסערל! די פאַרגעניגנס זיינען אָבער — אוי וויי! — אויסגעמישט מיט יסורים, פאַרביטערט, מיט מרה־שחורה, מיט שרעק, מיט גרויסע פחדים!

זומער־לעבן. די זון זעצט זיך, די לופט ווערט עטוואָס קילער. דאָס גראָז שמעקט, די זשאַבעס קוואַקען און שטיקער כמאַרעס פליען דורך אָן רעגן, פאַר־ביי דער לבנה, ווילן זי איינשלינגען. די ווייסע זילבערנע לבנה באַווייזט זיך אַלע מינוט און באַהאַלט זיך ווידער, דאַכט זיך, זי שוועבט און שוועבט און שטייט אויף איין אָרט. דער טאַטע זעצט זיך צו אויפן גראָז אין אַ כאַלאַט, האַלב נאַקעט, מיט אַ ווייסן טלית־קטן, האַלט איין האַנט אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האַנט שאַרט ער ביי דער ערד און קוקט אויפן אויסגעשטערנטן הימל און הוסט; דאָס פּנים אַקעגן דער לבנה איז טויט, פאַרזילבערט; ער זיצט פּונקט אויף דעם אָרט וווּ דאָס מעסערל ליגט באַגראָבן, און ער ווייסט גאָרנישט וואָס אונטער אים טוט זיך. אַך, ווען ער זאָל אַ שטייגער וויסן? וואָס וואָלט איך גע־האַט?

— אַהאַ, טראַכט איך מיר אין האַרצן, האָסט מיר פאַרוואָרפן מיין האָר־באַטע מעסערל, האָב איך איצט אַביסל אַ בעסערס, אַ שענערס! דו זיצסט אויף דעם, און דו ווייסט גאָרנישט! אוי טאַטע! טאַטע!...

— וואָס גלאָצסטו אויף מיר די אויגן, ווי אַ קאָ... קאָטער?. כאַפּט מיך אָן דער טאַטע: — וואָס זיצסטו צונויפגעלייגט די הענט ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס? קאָנסט זיך שוין גאָר קיין ארבעט ניט אָפּזוכן? און „קריאת־שמע" לייענען ביס־טו פּטור? פאַרשרפעט זאָלסטו ניט ווערן, יונגאַטש איינער, קהע־הע־הע!

אז ער זאָגט: פאַרשרפעט זאָלסטו „ניט" ווערן, איז דאָס אַ באַווייז, אַז ער איז נישט אַזוי שטאַרק אין כעס; אַדרבא, דאָס איז אַ סימן, אַז ער איז אויפגע־לייגט. און באמת טאַקע: קאָן מען דען זיין ניט אויפגעלייגט אין אַזאַ שיינער, ווונדערלעכער זומער־נאַכט, ווען עס ציט יעדן באַזונדער און עס טרייבט אים אַרויס אויף דער גאַס, אויף דער לופט, אויף דער ווייכער, פרישער, אויסגעציי־כנטער לופט? אַלע, אַלע זיינען אַצינד אין דרויסן. דער טאַטע, די מאַמע, די קלענערע קינדער, וואָס זוכן קליינע שטיינדלעך און שפּילן אין זאַמדלעך. דער הער הערצנהערץ דרייט זיך אויך אַרום איבערן הויף אָן אַ היטל, רויכערט אַ ציגאַר און זינגט אַ דייטשיש לידל, קוקט אויף מיר און לאַכט... דאָס לאַכט ער פון מיר אַ פּנים, וואָס דער טאַטע טרייבט מיך. איך לאַך אָבער פון זיי אַלע. אָט באַלד וועלן זיי אַלע גיין שלאָפן, וועל איך מיך דעמאָלט אַרויסכאַפּן אין הויף אַרויס (איך שלאָף אין הויז, פון פאָרנט אויף דער ערד, וואָרים אין שטוב איז די היץ שרעקלעך גרויס), איך וועל מיך שוין אָנקוויקן, אָנשפּיגלען אין מיין מע־סערל!...

דער עולם שלאָפט. שאַ, שטיל אַרום און אַרום. פּאַוואָלינקע הייב איך מיך אויף אויף אַלע פיר און שטיל, ווי אַ קאַץ, גנבע איך מיך אַרויס אין הויף אַרויס. די נאַכט איז שטיל, די לופט איז פריש, מחיה נפשות. פּאַמעלעך קריך איך צו צו יענעם אָרט, וווּ דאָס מעסערל ליגט באַגראָבן. פּאַוואָליע גראָב איך דאָס אויס פון דאָרטן און באַטראַכט דאָס ביי דער לבנה; עס גלאַנצט, עס בליש־

טשעט ווי גיגגאָלד, ווי אַ ברילִיאַנט; איך הייב אויף די אויגן אַרויף און דערזע — די לבנה קוקט גלייך אַראָפּ צו מיר אויף מיין מעסערל... וואָס קוקט זי זיך אַזוי איין? איך דריי מיך אויס צוריק — זי קוקט מיר נאָך; איך פאַרשטעל דאָס מעסעריל מיטן העמדל — זי קוקט מיר נאָך; זי ווייסט געוויס, וואָס דאָס איז פאַר אַ מעסערל און ווו איך האָב דאָס גענומען... גענומען?, איך האָב דאָס גע־גנבעט!

דאָס ערשטע מאָל, פון זינט דאָס מעסערל איז מיינס, קומט מיר דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט אויף די געדאנקען, געגנבעט? בין איך דאָך, הייסט דאָס, אַ גנב! פּשוט אַ גנב? אין דער תורה שטייט געשריבן, אין די עשרת הדברות, מיט גרויסע אותיות:

— ל א  ת ג נ ו ב !

זאָלסט נישט גנבענען! און איך האָב געגנבעט! וואָס וועט מען מיר דערפאַר טאָן אין גיהנום? אוי, וויי! מען וועט מיר אָפּהאַקן די האנט, די האנט, וואָס זי האָט געגנבעט... מען וועט מיך שמייסן מיט אייזערנע ריטער... מען באַדאַרף אָפּגעבן דאָס מעסערל, מען באַדאַרף אַנידערלייגן צוריק דאָס מעסערל. מען באַ־דאַרף נישט קיין גנביש מעסערל. מאָרגן לייג איך אַנידער צוריק דאָס מעסערל!

אַזוי טראַכט איך מיר און נעם דאָס מעסערל צו זיך אין בוזים אַריין. איך פיל, אַז ס׳בריט מיך, סע בראָט מיך. ניין, מען באַדאַרף עס צוריק באַהאלטן, באַגראָבן אין דער ערד אַריין ביז מאָרגן!... און די לבנה פון אויבן קוקט אויף מיר. וואָס קוקט זי? די לבנה זעט, זי איז אַן עדות... איך קריך צו פּאַוואָלינקע צוריק אין הויז אַריין אויף מיין געלעגער און לייג זיך שלאָפן און קען נישט אַנטשלאָפן ווערן. איך קאַטשע זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און איך קען נישט שלאָפן... מיט טאָגלעך שוין בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן און עס האָט זיך מיר געחלומט אַ לבנה, און עס האָבן זיך מיר געחלומט אייזערנע ריטער, און עס האָבן זיך מיר געחלומט מעסערלעך.. גאַנץ פרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, אָפּגעדאַוונט געשמאַק מיט כוונה און אָפּגעכאַפּט דעם אָנבייסן אויף איין פוס און מאַרש אין חדר אריין.

— וואָס כאַפּט דאָס דיך אַזוי אין חדר אַריין? — שרייט אויף מיר דער־טאַטע, — וואָס יאָגט דאָס דיך אַזוי? וועסט נישט אָנווערן די תורה דיינע שפּע־טער אויך; בענטש בעסער ווי עס קער צו זיין און היפּער נישט קיין ווערטער! וועסט נאָך צייט האָבן זיין אויסגעלאָזט, דו הולטיי איינער, דו אַפּיקורוס, טריי... טרייפיניאק איינער, קהע־הע־הע־הע!

— ה —

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? טו נאָר אַ קוק אַהער? — האַלט מיך דער רבי פּיר און ווייזט מיר אָן מיטן פינגער אויף מיין חבר, „בערל דעם רויטנס", וואָס שטייט אין אַ ווינקעלע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ: — זעסט, ווייסער חברהניק? זאָלסטו וויסן זיין, אַז פון היינט אָן און ווייטער איז שוין זיין נאָמען

ניט „בערל דעם רויטנס", ווי ער האָט געהייסן ביז אַהער; ניין! ער הייסט אַצינד אַ שענערן נאָמען; אַצינד הייסט ער: בערעלע דער גנב! — שרייט־זשע, קינדער: בערעלע דער ג־א־א־נב! בערעלע דער גנב!

די דאָזיקע ווערטער ציט אויס דער רבי מיט אַ ניגון און אַלע תלמידים כאַפּן אים אונטער ווי משורים:

— בערעלע דער ג־א־א־נב! בערעלע דער גנב!

איך בלייב אַ פאַרשטיינערטער און אַ פראָסט גייט איבער אויפן לייב. איך פאַרשטיי ניט, וואָס דאָס באַטייט...

— וואָס שווייגסטו, דו שייגעץ איינער? רופט זיך אָן דער רבי צו מיר, — וואָס שווייגסטו, דו גויעץ? דו הערסט דאָך, אַז אַלע זינגען. העלף זינגען מיט אַלע גלייך: „בערעלע דער ג־א־א־גב, בערעלע דער ג־א־א־נב!"

עס ציטערן מיר הענט און פיס; עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אויף אַ צאָן; נאָר איך העלף זינגען: „בערעלע דער ג־א־א־נב"!

— העכער, שייגעץ איינער! — טרייבט מיך אונטער דער רבי, — שטאַר־קער — שטאַרקער!...

און איך מיטן גאַנצן כאָר זינגען אויף אַלערליי קולות: „בערעלע דער ג־א־א־נב! בערעלע דער ג־אא־א־נב!"...

— שששששששששאַאַאַאַ! — שרייט אויס פּלוצים דער רבי און טוט אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערן טיש: — שאַ! אַצינד וועלן מיר זיך נעמען צום משפט.

בערל רירט נישט קיין אבר, די אויגן אַראָפּ, — אַ געשטאָרבענער, אַ טויטער!...

דער רבי רופט אַרויס איינעם פון די גרעסערע תלמידים:

— אַנו, הערשעלע, דער גרויסער, גיי נאָר אַרויס פונעם טיש, אַהער, צו מיר, געשווינטער, אָט אַזוי, און דערצייל אונדז אָקאָרשט די מעשה פון אָנהויב ביזן סוף ווי אונדזער בערעלע איז געוואָרן אַ גנב; הערט, חברה, מיט קאָפּ!

און „הערשל דער גרויסער" הייבט אָן צו דערציילן אַ מעשה ווי אַזוי בערל האָט זיך דערשלאָגן צו ר' מאיר בעל הנס פּושקע, וואָס זיין מאמע וואַרפט אַהין אַלע פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן אַ קאָפּיקע און אַמאָל צוויי; ווי אַזוי בערל האָט זיך דאַביוועט צו דער דאָזיקער צדקה־פּושקע, אויף וועלכער עס הענגט אַ שלע־כעלע; ווי אַזוי בערל האָט מיט אַ שטרויעלע מיט סמאָלע אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַלע קאָפּיקעס איינציקווייז ביז לעצט; ווי אַזוי די מאמע זיינע, „זלאַטע די הייזעריקע" האָט זיך געכאַפּט, געעפנט די דאָזיקע צדקה־פּושקע; דאָרט איז געלעגן אַ שטרוי איינגעטונקען אין סמאָלע, ווי אַזוי זלאַטע די הייזעריקע האָט אים „צוגעשטעלט אַ בענקעלע"; ווי אַזוי בערל האָט זיך באַלד נאָך דער רבינס שמיץ מודה געווען, אַז אַ גאַנץ יאָר, אַ קיילעכיק יאָר, האָט ער געשלעפּט פון דער פּושקע די קאָפּיקעס; ווי אַזוי ער האָט זיך יעדן זונטיק געקויפט צוויי לעקעכלעך מיט אַ באָקסער; ווי אַזוי... און אַזוי ווייטער און ווייטער...

— אַצינד, קינדער, משפּט אים! לאָז יעדער זאָגן זיין משפּט, וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

הערשל דער קליינער ענטפערט הויך אויף אַ קול:

— אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע, קומט... מען זאָל אים קאַטעווען, ביז בלוט זאָל גיין.

— משה׳ל, וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

— אַ גנב, — זאָגט משה׳ל מיט אַ ווייבעדיק קול, — אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע קומט, מען זאָל אים אַנידערלייגן צוויי אויפן קאָפּ, צוויי אויף די פיס און צוויי זאָלן אים שמייסן מיט אייגעזאַלצענע ריטער...

— טאָפּעלע טוטאַריטו, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

קאָפּל קוקאריקו, אַ ייִנגל וואָס קאָן נישט אויסריידן קיין קוף און קיין גימל, ווישט אויס דאָס נעזל און זאָגט זיין משפּט מיט אַ קוויטש:

— אַ דנב, וואָס שלעפּט טאָפּיטעס פון אַ פּושטע, טומט אים, אַז אַלע ייִנדלאַך זאָלן צודיין צו אים נאָענט און אים זאָדן אים דלייך אים פּנים דריי מאָל אויף אַ טאָל: דנב! דנב! דנב!

אין חדר ווערט אַ געלעכטער. דער רבי ווענדט זיך צו מיר:

— זאָג נאָר, דו, שלומניו, מיין טייערינקער, דיין פּסק, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

איך וויל ענטפערן — פּאָלגט מיך ניט די צונג; איך ציטער ווי אין אַ קדחת, עס וואַרגט מיך אין האַלדז; אַ קאַלטער שווייס באַשלאָגט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ; עס פייפט מיר אין די אויערן; איך זע שוין פאַר זיך ניט דעם רבין ניט דעם נאָקעטן „בערל דעם גנב", ניט קיין חברים; איך זע פאַר זיך נאָר מעסערלעך, מיט אַ סך קלינגלעך... און דאָרט ביי דער טיר, הענגט די לבנה, זי שמייכלט און קוקט אויף מיר ווי אַ מענטש... עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ, דער גאַנצער חדר, מיטן טיש, מיט די ספרים, מיט אַלע חברים, מיט דער לבנה, וואָס הענגט אויף דער טיר און מיט אַלע מעסערלעך... איך פיל ווי די פיס ווערן מיר אונטערגע־האַקט, נאָך אַ מינוט — פּאַל איך אום. נאָר איך שטאַרק זיך מיט אַלע כוחות און האַלט זיך איין, איך זאָל נישט פאַלן...

פאַרנאַכט קום איך אַהיים און פיל, אַז דאָס פּנים ברענט מיר, די בעקלעך כלאַמען און אין די אויערן רווישט מיר. איך הער, מען רעדט צו מיר, נאָר וואָס — ווייס איך נישט. עפּעס זאָגט דער טאַטע, עפּעס בייזערט ער זיך, וויל מיר געבן פּעטש; די מאַמע שטעלט זיך איין פאַר מיר; איך הער גאָרניט, איך וויל גאָרניט הערן, איך וויל נאָר ס׳זאָל שוין ווערן גיכער נאַכט, איך זאָל קאָנען מאַכן אַן עק מיטן מעסערל... וואָס טוט מען מיט דעם? מודה זיין זיך און אָפּגעבן דאָס? וועל איך האָבן בערלס פּסק... אונטערוואַרפן דאָס? טאָמער כאַפּט מען מיך... פאַר־וואַרפן און אַן עק, אַבי פּטור ווערן!... ווהין פאַרוואַרפט מען דאָס, אַז מען זאָל דאָס נישט געפינען? אויפן דאַך, וועט מען הערן אַ קלאַפּ, אין גאָרטן? וועט מען

דאָס געפינען... אַהאַ! איך ווייס שוין, איך האָב אן עצה: אַריינגוואַרפן אין וואַסער אַריין! אַ טייערע עצה כ׳לעבן — אין וואַסער אַריין, אין ברונעם טאַקע אָט דאָ ביי אונדז אויפן הויף!... דער דאָזיקער געדאַנק געפעלט מיר אַזוי שטאַרק, אַז איך וויל גאָר לאַנג ניט קלערן; איך כאַפּ דאָס מעסערל און לויף גלייך צום ברונעם און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין די הענט ניט קיין מעסערל, נאָר עפּעס אַ מיאוסקייט, אַ מין שרץ, פון וועלכן עס ווילט זיך מיר וואָס גיכער צו באַפרייען זיך, פּטור ווערן. נאָר סע טוט מיר באַנג — אַזאַ טייער מעסערל! אַ מינוט שטיי איך פאַרטראַכט און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין האַנט אַ לעבעדיקע זאַך... דאָס האַרץ טוט מיר ווי אויף דעם: ס׳טייטש, ס׳טייטש, עס קאָסט מיר אַזוי פיל מי, עס איז אַ צער בעלי חיים... איך נעם זיך אָן מיט האַרץ און לאָז דאָס מיט אַמאָל אַרויס פון די פינגער — „פּליאַך״!... עס טוט אַ פּלעשטשע דאָס וואַסער און מער הערט מען נישט... ניטאָ קיין מעסערל! איך שטיי נאָך אַ מינוט ביים ברונעם און הער זיך צו — מע הערט גאָרנישט. דאַנקען גאָט, פּטור געוואָרן! כאָטש דאָס האַרץ קלעמט מיר, טוט מיר ווי: סטייטש, אַזאַ מעסערל, אַזאַ מעסערל!...

איך גיי צוריק צו מיין געלעגער און זע, ווי די לבנה קוקט מיר נאָך, און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט געזען אַלץ, וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטאָן, און איך הער ווי אַ קול פון ווייטנס: „אָבער דו ביסט פאָרט אַ גנב!... כאַפּט אים, קלאַפּט אים, ער איז אַ גנב! אַ ג־א־א־נבֿ!״ איך גנבע זיך צוריק אַריין אין הויז אַריין און לייג זיך שלאָפן און עס חלומט זיך מיר, אַז איך לויף, איך שוועב, איך פלי אין דער לופטן מיטן מעסערל און די לבנה קוקט אויף מיר און זאָגט: „כאַפּט אים, קלאַפּט אים, ער איז אַ גנב! אַ ג־א־א־נבֿ!״...

אַ לאַנגער, אַ לאַנגער שלאָף! אַ שווערער, זייער אַ שווערער חלום!...

איך עפן אויף איין אויג און דאָס אַנדערע אויג... וווּ בין איך? דאַכט זיך, אויף אַ בעט?

מע דרייט זיך אַרום מיר; מען קוקט אויף מיר; יעדער גייט צו און טוט מיך אַ טאַפּ ביים קאָפּ; מען שפּרעכט מיך אָפּ, מען שעפּטשעט מיך, מען לעקט מיך דעם שטערן און מען שפּייט אויס און מען פּילנעוועט מיך; מען גיסט מיר אין מויל אַריין זודיקע יויך און מען שטופּט מיר מיט לעפעלעך איינגעמאַכץ; אַלע דרייען זיך אַרום מיר, מען היט מיך אָפּ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג; מען האָדעוועט מיך מיט יאַיכלעך און מיט קאַטשקעלעך ווי אַ פּיצעלע קינד און מען לאָזט מיך ניט אַליין; עס זיצט תמיד לעבן מיר די מאַמע און דערציילט מיר איבער אַלעמאָל איבעראַנייס די גאַנצע געשיכטע: ווי אַזוי מען האָט מיך אויפגעהויבן פון דער ערד כמעט אַ טויטן; ווי אַזוי איך בין געלעגן צוויי וואָכן כסדר אין איין הייליש פייער און האָב נאָר געקוואַקעט ווי אַ זשאַבע און עפּעס כסדר גערעדט פון שמיץ און פון מעסערלעך... מען האָט שוין גערעכנט אַז איך בין שוין חלילה געשטאָרבן, און נאָכדעם, פּלוצלונג, האָב איך אַ ניס געגעבן זיבן מאָל, ממש פון טויט לעבעדיק געוואָרן...

און דער טאטע גייט צו צו מיר פּאוואָליע, לייגט אַרויף זיין בלייכע, קאַלטע האַנט מיר אויפן שטערן און זאָגט צו מיר שוין ווייך אָן אַ שום כעס:

— אײ, האָסטו אונדז איבערגעשראָקן, דו שקאָץ איינער, קהע־העי־הע־הע!

אויך דער יידישער דייטש, אָדער דער דייטשער ייד, הער הערץ הערצנהערץ, מיט אַ ציגאַר אין די ציין, בייגט זיך אָן מיט זיין געגאָלטער מאָרדע איבער מיין בעטל און טוט מיך אַ גלעט איבערן בעקל און זאָגט:

— גוט, גוט! געזונט, געזונט!...

☆

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך מיין אויפשטיין פון בעט רופט זיך אָן צו מיר דער טאַטע:

— נו, מיין זון, אַצינד גיי אין חדר און האָב שוין מער נישט אין זינען קיין מעסערלעך מיט קיין נאַרישקייטן... שוין צייט, זאָלסט שוין אָנהויבן ווערן אַ שטיקל מענטש: אם ירצה השם איבער דריי יאָר ווערסטו שוין בר־מצווה, צו הונדערט און צוואַנציק יאָר קהע־הע־הע־הע!

מיט אַזעלכע זיסע ווערטער שיקט מיך דער טאַטע אַרויס אין חדר אַריין צו אַ נייעם מלמד. דאָס ערשטע מאָל הער איך פון מיין בייזן טאַטן אַזעלכע גוטע ווייכע ווערטער און איך פאַרגעס אין איין מינוט אַלע זיינע רדיפות מיט אַלע זיינע קללות, מיט אַלע זיינע פּעטש, גלייך ווי ס'איז גאָרנישט געווען אויף דער וועלט. איך זאָל מיך ניט שעמען, וואָלט איך אים אַרומגעכאַפּט קושן. נאָר כיי־כי כי — ווי אַזוי קושט מען אַ טאַטן?...

די מאַמע גיט מיר מיט אין חדר אַריין אַ גאַנצן עפּל מיט צוויי גראָשן, און אויך דער דייטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קניפּ אין בעקל, רעדט אויף דייטש:

— היבשער קנאַבע! גוט, גוט!...

איך נעם די גמרא אונטער דער האַנט, און גיי אין חדר אַריין ווי אַ ניי געבאָרענער, מיט אַ ריין האַרץ, אַ גרינג האַרץ, אַ לויטערן, קלאָרן קאָפּ, מיט נייע מחשבות, מיט פרישע, ערלעכע פרומע געדאַנקען. די זון קוקט אַראָפּ און גריסט זיך צו מיר מיט אירע וואַרעמע שטראַלן, דאָס ווינטעלע פאַרגנבעט זיך צו מיר אונטער אַ פּאה, די פייגעלעך פּישטשען: „טיף־טיף־טיף־טיף!"... עס הייבט מיך, עס טראָגט מיך, אין דער לופט, עס ווילט זיך מיר לויפן, שפּרינגען, טאַנצן!... אָך, ווי גוט, ווי זיס דאָס איז, אַז מען לעבט און מען איז אַן ערלעכער, מען איז ניט קיין גנב, ניט קיין ליגנער!

איך קוועטש די גמרא צום האַרצן שטאַרק־שטאַרק און לויף אין חדר אַריין געשמאַק־געשמאַק און איך שווער ביי דער גמרא, אַז איך וועל קיינמאָל־קיינמאָל ניט אָנרירן קיין פרעמדס, קיינמאָל־קיינמאָל ניט גנבענען, קיינמאָל־קיינמאָל ניט לייקענען, תמיד זיין אַן ערלעכער, אַן ערלעכער, אַן ערלעכער!...

ח. נ. ביאַליק

# דער מתמיד

עס הערט זיך פֿון ווייטן אַ טרויעריקע שטימע,
און ס'זעען אַ שיין פֿון אַ ליכט דיינע אויגן,
דאָרט, ווייט דורך אַ פֿענצטער. אים רייסט דורך אַ שאָטן,
וואָס וויגט זיך אַהער און אַהין, מיט האַלב־שיין באַצויגן;

וואָס נעמט אָן ביים האַרצן, אין שטילקייט פֿון נאַכט:
און ס'טראָגט זיך אַ ניגון, אַ ווייגענדער ניגון,
דאָס זעסטו אַ מתמיד, וואָס האָט זיך אין תּפֿיסה,
אין פֿינצטערער תּפֿיסה גוטוויליק פֿאַרמאַכט!

אָט דאָרט אין דעם הויז איז אַוועק נישט איין טאָג אים,
נאָר גאַנצע זעקס יאָר זיינען דאָרטן פֿאַרפֿלויגן;
אָט דאָרט איז זיין יוגנט און קינדהייט פֿאַרלאָפֿן,
פֿאַרלאָשן דאָס ליכט פֿון די לויטערע אויגן.

קיין טאָג — נאָר זעקס יאָר, זייט ער האָט דאָ צום ווינקל,
צום פֿינצטערן ווינקל, געווענדעט זיין געזיכט;
געזען פֿאַר זיך האָט ער אַ וואַנט נאָר און שפּינוועבס,
קיין איינציקן שטראַל נישט, קיין אָפּגלאַנץ פֿון ליכט.

זיין שטענדיקער הונגער, נישט שלאָפֿן, זיין וועלקן —
וואָס האָט ביי דעם יינגל דאָס אַלץ פֿאַר אַ ווערט?
צי ווייסט ער דען נישט ווי אַמאָל פֿלעגט מען לערנען?
צי ווערט נישט ביי יידן אַ למדן פֿאַרערט?

אין שטייענד־פֿאַרשימלטן זומפּ, אין ישיבה,
פֿאַלט אויך ווען אַ נייעס אין לויף פֿון די יאָרן;
נאָר איינער שטייט אַלץ צו זיין אָרט צוגעשלאָגן,
די מעשים, די יאָרן, אַהינטער אים פֿאַלן;

און פֿאַר אים? פֿאַר אים שטייט אַ וואַנט ווי פֿון אייזן,
אַ טונקעלער ווינקל, אָן ליכט און אָן שטראַלן!
זינט ס'האָט זיך דאָס יינגל אין ווינקל פֿאַרקליבן,
האָט קיינער באַמערקט זיין אַוועקגיין, זיין קומען;

דער שמש צומאָל נישט געוווסט האָט די שעה,
ווען ער גייט אַהיים רוען און טוט צוריק קומען;
און שטערן נאָר זעען אים הויך פונעם הימל,
אין הימל, אין טיפן, אָן שיעור און אָן ברעג.

עס הערשט אין ישיבה אַ הייליקע שטילקייט,
דער ערשטער צעשטערט זי דער מתמיד, דאָס יינגל;
עס וואַרטן אויף אים דריי חברים, מיט וועלכע
ער איז שטאַרק באַפריינדעט אין פינצטערן ווינקל:
דער שטענדער, דאָס ליכט, און די ברייטע גמרא.
ער איילט צו די פריינד, קיין מינוט צו פאַרלירן,
און הייבט גלייך אָן לערנען מיט לוסט און מיט חשק.
דאָרט עסט ער אין ווינקל זיין שטיק שוואַרצן ברויט. —
ס'איז שטאַרקער פון שטיין און פון אייזן אַ יינגל,
אַ יידישס, וואָס לערנט די תורה דורך נויט!

אַזוי שטייט דאָס יינגל טאָג־טעגלעך אין ווינקל,
פון פריאיקן מאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט;
ער טיילט איין זיין טאָג: איינס פאַר זיך,
און דריי האָט ער אַ קרבן דער תורה געבראַכט.
און איינזאַם געשמידט צו זיין ווינקל, דאָרט שטייט ער,
דאָס פּנים געקנייטשט, מיט אַ בלאַסקייט באַגאָסן;
ער האָט אין דער גמרא זיין גאַנצע נשמה
אויף אייביק, אויף אייביק, פאַרזונקען, פאַרשלאָסן! —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווער האָט אייער שטימע מיט גיפט אָנגעטרונקען?

וואָס יאָמערט און קלאָגט אייער טרויעריק געזאַנג?
באַוויינט איר דאָס אייערע באַגראָבענע יאָרן,
צי ס'איז אייך אויף אייער פאַרגאַנגענהייט באַנג?
צי דערויף, וואָס ס'איז חרוב די וועלט אייך געוואָרן,
צי דערויף, וואָס די יוגנט איז פון אייך פאַרפלויגן?
צי ווילט איר אויפלעבן די ווערטער, וואָס האָבן
דעם מאַרך אייך פון אייערע קעפּ אויסגעזויגן?
צי שרייט איר צו הילף און איר רופט אייער גואל,
ער זאָל אייך באַפרייען פון שרעקלעכן שמאַרץ?
אומגליקלעכע מענטשן... עס הערט נישט קיין אויער!
אַזוי ווי אַ תפילה, וואָס לאַנג איז געוואָרן
פאַרטראָגן פון ווינט און פאַרגעסן פון מענטשן,
אַזוי גייט אייער ביטערער זיפץ אויף פאַרלאָרן.

מיין מזל באַשערט האָט נישט, אָרעמע מענטשן,
אַז איך זאָל אינאיינעם מיט אייך גיין פאַרלאָרן.
געפעלשט איז מיין תורה. אין אַנדערע וועגן
בין איך אַליין איינזאַם פאַרלאָרן געוואָרן.
ס'איז אַנדערע צייטן... און ווייט פון אייך האָב איך
אין אַנדערע ערטער געשטעלט מיין מזבח.
נאָר געדענקען געדענק איך אייך אַלעמען אייביק,
עס גייט אייער בילד נישט אַרויס פון מיין מוח!
כ'געדענק אויך, ווי שטאַרק און געזונט איז דער קערן,
די זריעה, וואָס ליגט ביי אייך אין פעלד טיף באַהאַלטן.
ווי גרויס וואָלט געווען די ברכה, ווען ס'וואָלט אייך
איין איינציקער, וואַרעמער זון־שטראַל אויפשפּאַלטן:
פיל וואָלטן מיר גאַרבן מיט שמחה געשניטן,
ווען ס'וואָלט אויף אייך איין מילדער ווינטל געבלאָזן,
און אָפּגערוימט וואָלט ער דעם וועג צום ישיבה,
וואָס איז אַזוי ווילד און אומטענטשלעך פאַרלאָזן.
און כ'ווייס — אייער סוף ווי פאַרשווערט איז און שרעקלעך.
מיין אומגליקלעך פאָלק, אָ, ווי לייד טוסטו מיר!
ווי טרוקן, פאַרשאָלטן דאַרף זיין שוין די נחלה,
אויב קערנער אַזעלכע פאַרשימלען אין איר!...



יוסף אָפּאַטאָשו

# מרדכיס יחוס

(פונעם ראָמאַן „אין פוילישע וועלדער")

מרדכי, זיין טאַטע, זיין זיידע, זיין עלטער זיידע, ביז דעם זעקסטן דור, זיי־בען אַלע געבוירן געוואָרן אין די ליפּאָווצער וועלדער, חתונה געהאַט צווישן זיך, געלעבט משפּחהווייז. יעדן חנוכה זיינען זיי זיך צונויפגעפאָרן צום עלטסטן אין דער משפּחה און זיך געחשבונט.

אין די אַלטע, גוטע צייטן פלעגן זיי קומען איבער הונדערט. איינס באַאיינס געקליבענע, ווי די ביימער. זיי זיינען געזעסן ביז האַלבער נאַכט איבער דעמבאָווע טישן, געשריבן מיט קרייט פּאַסקעלעך מיט רינגעלעך און געגעסן גריוון, געבראָ־טענע קאַטשקעס, אַז די ווייבער זיינען אַזש מיד געוואָרן פּליקן די פעדערן.

זיי האָבן פאַרטרונקען מיט היימישן ביר, זיך געקריגט אויף וואָס די וועלט שטייט. כהנים געווען, זיך אָפּט צעדמט, באַלד זיך איבערגעבעטן, געשלאָסן צווישן זיך שדוכים און זיך צעפאָרן.

האָט זיך ביי איינעם געמאַכט אַ חתונה (און דאָס זייער אָפּט), זיינען זיך צונויפגעפאָרן בלויזע מחותנים איבער דריי הונדערט.

יעדע משפּחה האָט זיך מיטגעבראַכט פון איר געגנט דעם רב און אַ קאַפּעליע קלעזמאָרים — האָט מען געשפּילט אונטערן פרייען הימל, זיך געקריגט, תמיד געוואָלט אָפּלאָזן דעם שידוך פאַר דער חופּה, תמיד זיך איבערגעבעטן און גע־טאַנצט אין אַלע צימערן, אין די שייערן און אין וואַלד.

פון צופּיל ווילטאָג און ליידיקגיין האָט דאָס יונגוואַרג זיך געהאַלטן אין איין ליבן, תמיד געסטראַשעט די עלטערן, אַז אויב מ׳וועט זיי שטערן, וועלן זיי זיך סמען. די עלטערן פון זייער זייט האָבן תמיד געשלאָגן, אַרויסגעיאָגט פון שטוב און דאָס יונגוואַרג האָט זיך תמיד איבערגעבעטן און צוריקגעקומען.

און אַז עס האָט איינמאָל פּאַסירט — אַ פישער־שייגעץ, פון דער צווייטער זייט ווייסל, האָט זיך פאַרליבט אין זייערס אַ טאָכטער און מיט איר אַ חופּה גע־שטעלט אין אַ נאָענטן „קאָשציאָל", האָט דאָס יונגוואַרג אָפּגעוואַרט דאָס פּאָרל אויפן טראַקט, אָפּגעשלאָגן די מויד פון דעם שייגעץ, נישט געוואָלט האָבן אַ משומדת אין דער משפּחה. פון חרפּה האָט די מויד זיך געוואָרפן אין דער ווייסל, אָפּגעוואַשן דעם פלעק.

אַזוי האָט מרדכיס משפּחה, פּראָסטע, גוטע יידן, געלעבט אין די ליפּאָווצער וועלדער ביז אין די גרויסע יאָרן אַריין. האָבן פיינט געהאַט אַ למדן, דרך־ארץ געהאַט פאַר אַ רב, וויניק געזאָרגט, געפּראַפּט די קופּערס מיט כל־טוב, זיך גע־מערט, געהאַלטן מלמדים צו די קינדער ביז איבער זעכצן יאָר און מער ווי דאָווע־

נען און מעביר סדרה זיין און זעלטן ווען, לייענען די תורה, האָט דאָס יונגוואַרג זיך נישט אויסגעלערנט.

איינמאָל אַ חנוכה, ווען דער עולם האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אָפּגעקריגט און פאַרעסן מיט פעטע קאַטשקעס, איז מרדכיס עלטער־זיידע, דעמאָלט דער עלטסטער אין דער משפחה, מיטאַמאָל אַוועקגעפאַלן. די אַלטע פישערס, דער רופא, דער שטאָ־טישער־דאָקטאָר — קיינער האָט נישט געהאָלפן און דער קראַנקער איז געווען חרוב פאַרביי. די וואַלד־יידן זיינען געזעסן אַרום דעם קראַנקן, געפּיפּקעט שאַרפן טאַ־באַק, זיך שוין געהאַט מיאש געווען, און יעדער איינער האָט ביי זיך געטראַכט, ווער עס וועט ירשענען די ספרי־תורות, (די ספרי־תורות פלעגן איבערגיין צום עלטסטן פון דער משפחה, ווו מען איז זיך צונויפגעפאָרן חנוכה חשבונען) איז ווי דורך אַ נס פונקט דעמאָלט פאַרפאָרן אונטערן פענצטער אַ בויד מיט צוויי פערד. אַ ייד איז אַרויס פון דער בויד און געבעטן, מע זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן. ער פאָרט מיטן לובלינער. גלייך ווי דער רבי איז אַריין אין שטוב און אַרויפגע־לייגט דעם קראַנקן די האַנט אויפן קאָפּ, איז דער חולה בעסער געוואָרן און ער האָט זיך אויפגעזעצט.

פון דעמאָלט אָן האָט ר׳ מרדכיס משפחה גענומען פאָרן נאָך לובלין, דער־נאָך נאָך פשיסכע, דערנאָך קאָצק.

און אַזוי ווי זיי זיינען געווען וואַרעמע יידן, אַזוי זיינען זיי געוואָרן הייסע חסידים, געזעסן ביים רבין אויבנאָן, אויפגעהערט צו שליסן שדוכים צווישן זיך, און אַז מע האָט געהאַלטן ביי אַ שידוך, איז מען געפאָרן צום רבין.

ביסלעכווייז האָבן די וואַלד־יידן אָנגעהויבן אַרויסצושיקן די זין אין אַנדערע גובערניעס, אַראָפּגעבראַכט פאַר די טעכטער חסידישע לומדים, וואָס האָבן זיך באַלד נאָך דער חתונה באַזעצט אין די אַרומיקע שטעט, נישט געוואָלט וווינען אין וואַלד. האָבן זיך די וואַלד־יידן זיך צעשאָטן איבער פוילן, איבער וואָלין, זיך אויפ־געהערט צו מערן. יעדעס יאָר חנוכה צום חשבונען איז די משפחה געוואָרן קלע־נער. ביז אין אַ משך פון צוויי דורות איז אין די ליפּאָווצער וועלדער געבליבן בלויז מרדכיס פאָטער.

דורות לאַנג האָט מרדכיס משפחה געוווינט אין די ליפּאָווצער וועלדער. און כאָטש זיי זיינען נאָר געווען „שרייבער" — האָבן זיי פונדעסטוועגן די חזקה גע־האַט איבער די וועלדער און זיך גערעכנט פאַר די אמתע באַלעבאַטים. ווו נאָר אַ נייע קהלה, האָט מרדכיס משפחה געשיקט פאַרטיק געהילץ — פאַרזאָרגט אַ שטיק פוילן מיט שולן, בתי־מדרשים, ווו יידן האָבן געדאַוונט. ווו נאָר אַ תלמוד־תורה, אַ בית־המדרש האָט פאַרלאַנגט אויף ווינטער האָלץ, האָט מרדכיס משפחה געשיקט — באַהייצט אַ האַלבע גובערניע.

די פויערים פון דער אַרומיקער אָקאָליצע האָבן פראַנק און פריי געקליבן די צווייגן פון די אַראָפּגעלאָזטע ביימער, און ווו נאָר אַ מת ביי אַן אָרעמען פויער — האָט מרדכיס משפחה געגעבן ברעטער אויף אַ טרומנע.

משה קולבאַק

# מע קאָסיעט היי

אין פעלד האָט גענומען שוין ציען מיט נעפּלען פון אָסיען...
אַרוים איז דער זיידע פאַרטאָג, צום געמויזעכץ, דאָס היי אַראָפּקאָסיען,
איז מען ביים שאַריען אויף טאָג שוין געווען בגילופין אזוי ווי די
אמתע קלעזמער.
מען האָט זיך צעשטעלט זאלבעאכצעט, דער זיידע בראש, און אַוועק
איז אַ מזמור:
אַ שפּרייז, און אַ קער מיט די פּלייצעס, אַ שווישטש, פּונקט עס
טאַנצן אין זומפּ אַרום בליצן.
פאַר דאָס שטיקעלע ברויט — האָט דער זיידע געזאָגט — מוז מען,
קינדערלעך, שוויצן...
און ס'האָבן זיך בלאנקער די קאָסעס צעפּייפט, די קאפּאָטעס אַראָפּ,
מיט באַוואקסענע גלידער,
אזוי ווי די האָריקע יאָדלעס — אַ מאַטע אן אלטער מיט זיבעצן
לייבלעכע ברידער...
עס צופּן די קאָסעס, ס'צעשפּריצט זיך דער טוי און עס פאַלן די
גרעזער אויף גרעזער אַנידער,
אַ פייגעלע זינגט אויף אויף אַ נוס־בוים דערביי, אַז דער זיידע קאָן פּשוט
קיין אָרט נישט געפינען:
„וואָס זאָגסטו דערצו? נא דיר גאָר אַ קאַנאַריק, אַ חזן, אין מיטן
דערינען"...
באַווייזט זיך, פאַרשווינדט צווישן גראָז, טוט א בלאַנק — אַכצן
קאָסעס כסדר!...
און ס'בויגן זיך זיכער די הענט, אָ, עס קנאקן די שענקלען, און פּעסט
זיצט אַ יעטוועדער גווידער — —
אזוי ביז דער עולם דערזעט, ווי דער רויטער פאַרנאַכט לייכט זיך אָפּ
אין די קאָסעס,
טוט חברה אַ שמייכל, מען זעט שוין דעם הערינג דעם ברייטן, דער
באַבעשים קעז־סאַלטענאָסעס,
דערלאנגט מען א נעם די קאַפּאָטעס, מע גייט, און מע הערט, צו די
וואכטלען, וואָס שרייען,
מען גייט מיט די קאָסעס פאַרלייגט אויף די פּלייצעס, מע קוקט און מע
שווייגט, ווי די שלייען...

### שלום אַש

# פרייטיק אין שטעטל

זומערדיקע פרייטיקס־נאָכמיטאָג!

חדר־יינגלעך זאָגן אָפּ די הפטורה, זיינען מעביר די סדרה און גייען אַהיים מיט די סדורימלעך, חומשים און מיט די גמרות, אויף מאָרגן צום פאַרהער. גע־קומען אַהיים, שלעפּט מען אַרויס יאַגדעס. די מאַמע גיט דעם יאַגדע־סטאַניק און מען שמירט זיך דאָס גאַנצע פּנים איין. מען גנבעט אַרויס פון קעלער אַ פּאָר מע־רן. די מאַמע נעמט צו די שטיוול מיט די רעקלעך און שליסט זיי איין אין קאַסטן, אויף מאָרגן צום דאַווענען. נאָר באַרוועס און האַלב־נאַקעט, האלא, אין גאַס אַריין הינטער דעם שול־פּלאַץ, — דאָרט וואַרט שוין חברה. מיט פּעק שטיינער לויפט מען אויפן מארק און מען צעטרייבט דעם בעקערס טויבן, וואָס פליען איבערן מאַרק אַרום, און דער בעקער לויפט אַרויס יאָגן, כאַפּט מען די פּיס און מען מאַכט פּליטה...

דאָס שטעטל, וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן, איז האַלבס צוגעלאַטעוועט. דאָ און דאָרט זעט מען חורבות, אַרומגעקלאַפּט מיט האַלב־אָפּגעברענטע ברעטער. יעדנס רשות איז באַזונדער אין אַ צוים איינגעצוימט. דאָ און דאָרט זיינען אָפּגע־לייגטע קלעצער און ברעטער. ביי דער געביידע זיצן יידן ליידיק־גייערס, אָן פּר־נסהדיקע, קוקן ווי די גויים אַרבעטן און גיבן עצות ווי מען דאַרף מאַכן די פענצ־טערלעך, די טירן. יידן שפּארן זיך איבער די געביידעס און די גויים מאַכן פון זיי חוזק. אויפן מארק זיינען שוין דאָ גרינע עפּעלעך, שיינע בארנעלעך — אַ פּאָר אַ צווייער׳. אַ יינגל בלאָזט אין אַ גאָרגל פון אַ געשאָכטענע קאַטשקע, און חברה נאָך אים כרר... כרר... עס לויפט פאַרביי אַ מיידל אין בית המדרש אַריין צו פרעגן אַ שאלה אויף אַן עוף. און דאָ ווייזט זיך אַ יידענע מיט אַ טרפה׳ר קאַטשקע אויף אַ טעלער׳, טראָגנדיק זי צום גוי׳שן בעקער. טאַטעס און יינגלעך גייען צוריק פון שערער מיט אָפּגעגאָלטע קעפּלעך, ווי די שעפּסן לכבוד שבת־נחמו. פון וועג, קומען אָן צוגיין יידן אורחים מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, אין שטאָט אַריין אויף שבת. פורן קומען צופאָרן אין מיטן מארק אַריין, אָנגעפּאַקט מיט חסידים, אַלטע יידן און בחורים און יינגלעך, וואָס קומען אויף שבת־נחמו צום רבין. די שטאָט ווערט פול מיט פּנים חדשות. יידן גייען אַרום, ווי אין ירושלים, פּראַנק און פריי, מיט שטריימלעך, שיך און זאָקן, מיט פּאות און ליולקעס... עס ווערט לע־בעדיק, פרייטיקדיק אין שטעטל. מען לויפט, מען איילט זיך, מען דערקענט. אַז עס איז ערב־שבת, ערב אַ גרויסן טאָג. די זון ציט זיך איבערן שטעטל אויף עפּעס אַזוי פרייטיקדיק, גיסט מיט ליכט און איז נישט מקפּיד, ווו אירע גינגאָלדענע שטראַלן פאַלן אַריין, און וועמען זיי באַלויכטן. פון דער שענק פאָרן אַהיים

שכורע פויערים, שכורע פויערטעס אין רויטע טיכער און ווייסע כאלאטן. זיי קושן זיך, וויינען און לאכן, נעמען זיך אַרום און טאנצן. די פערד זייערע, די פולע, רונדיקע פערד, זייַנען אויסגעפּוצט מיט בענדער, ווי מען פּאָרט אויף אַ חתונה. זיי פּאָרן מיט רעש אַרויס פון שטעטל, קלאַפּן איבער די שטיינער, און די חזירים'לעך אויף די פורן קוויטשען מיט, און חדר־יינגלעך מיט די אַרויסגעשלעפּטע העמ־דער פון די הויזן־שפּאַלטן לויפן זיי נאָך און מאכן גרויסע גוואלדן: בע! הורא! עס קומט צופאָרן לייבל וואַסער־פירער מיט זיין פעסל וואַסער פון טייך, באַפּאַלן אים די קינדער און צופּן פון פערדל די האָר אויף טערונעס צו פידעלעך. לייבל שילט, קנאַלט מיטן בייטש, נאָר ווער קוקט אויף אים, מען צופּט ווייטער דאָס פערדל און מען פּאַשעט עס מיט יאגדעס, מיט בולקע־פּוטער, און דאָס פערדל פּאַרדייעט אַלעס...

עס ווייזט זיך דער רב פון שטאָט. ער גייט מיט אַ חברה אורחים אַרום אין די הייזער און שטעלט יעדערן אָפּ אַן אורח אויף שבת.

אין געסל קומט צו פּאָרן פון וועג דער גביר ר' יחזקאל מיט זיין מענטש נאָטע. אויף שבת אַהיים געאיילט זיך. נאָטע שפּאַנט די פערד אויס און רייט מיט זיי איבערן געסל צום וואַסער אַראָפּ, און ר' יחזקאל זעצט זיך פאַר דער טיר, און בעט אין האַרצן, אַז גאָט זאָל אים צושיקן אַ ייד אויף שבת.

אַלעס אין דער גאַס איז פּרייטיקדיק. די הימלען ציען זיך אַזוי לאַנג און ברייט אַוועק, ציען זיך, אום ערגעץ ווו אויף שבת אַהיימצוקומען. וואָס ווייטער ווייזן זיך אַלץ מער יידן אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, אין שיך און זאָקן. יינגלעך אין אַטלעס און אין זיידנס, גייען מיט פּעקלעך צום וואַסער באָדן זיך. דאָס זייַנען חסידימלעך, יונגע חסידימלעך, וואָס זייַנען געקומען צום רבין אויף שבת־נחמו.

און היימלעך ווערט אין שטעטל, היימלעך. בעלי־מלאכות טראָגן אָפּ די לעצטע אַרבעט, יונגען כאַפּן בירגעלט, לויפן אין די קראָמען נאָך קראַגנדלעך מיט שניפּסלעך, און מען לויפט צום וואַסער באָדן זיך לכבוד שבת.

די זון הייבט זיך שוין אָן צו זעצן ווייט אויפן לינטשענער וועג. עס ווערט פאַרנאַכט. ביים וואַסער הייבט אָן רואיקער צו ווערן. מען איילט זיך אַהיים. צום טייך קומען שוין נאָר די לעצטע פורמאַנס, וואָס זייַנען שפּעט אין שטעטל אָנגע־קומען, און בעלי־מלאכות וואָס האָבן שפּעט די מלאכה געענדיקט. פון מאַרק צענע־מען די יידענעס זייער סחורה און טראָגן זי אַהיים. אויסגעבאָדענע יינגלעך לויפן איבער דער גאַס מיט פלעשלעך צו ווייַנשטיינען נאָך ווייַן אויף קידוש. די געוועל־בער פאַרמאַכן זיך אייַנציקווייַז. אין עק גאַס, ביים גרויסן אַריינפאָר־הויז, אויף דעם וועג צום בית־עולם, צעפלאַקערט זיך אַ רויט געשטאַלט אין אַ וואָלקן פון גינ־גאָלד שטויב... דער הימל ווערט איבערן שטעטל טונקל. מען הייבט אָן קלאַפּן אין שול אַריין. אין טייל פענצטער ווייזן זיך שוין שבת־ליכטלעך, נאָר די האַלב־אייַנ־געפאַלענע הייזלעך, דער רעשט חורבות זעען אויס עפּעס נעבעכדיק, ווי אָרימע מחותנים, וואָס זייַנען אין צעריסענע בגדים און נאָר אין סאַמעטענע, שבתדיקע היטלען געקומען אויף דער חתונה... פאַר טייל הייזער ווייזן זיך שוין שבתדיקע

בנֵלי־ביתטעס מיט זייערע טעכטערלעך. אָפּגעוואַשן, אויסגעקעמט, זיצן זיי פּאַר דער טיר׳...

און שטיל און רואיק איז אין געסל. דער שבת קומט אָן מיט רואיקע טריט, און פאַרשפּרייט מנוחה. ווי אַליין פאַר זיך קלינגט דער קירכן־גלאָק, רופט מיט אַ פרום געבעט אין קירכע אַריין. פון דעם קליינעם בית־המדרשל פינקלען זיך אַרויס די שבת־ליכטלעך און עס דאַכט זיך, אַז זיי האַלטן מלחמה — דער קירכן־גלאָק מיט די שבת־ליכטלעך. יעדעס ציט צו זיך. דורך דאָס שטילע שטעטל גייען פרומע קריסטן, מענער מיט פרויען, גייען אין קירכע אַריין. און אָפּגעוואַשענע יידן מיט ווייסע קראַגנס פון די העמדער, איבער די שבתדיקע קאַפּאָטעס פאַר־בויגן, גייען אין בית־המדרש אַריין. חסידים אין אַטלאַס און אין זיידנס, אין שיך־און־זאָקן, גייען צום רבין. און שטילער, רואיקער, שבתדיקער, ווערט דאָס שטעטל, ווי עס וואָלט זיך איינגעטיילט דאָס בית־המדרשל מיט דער קירכע, יעדע גענומען זיך דאָס איריקע. פון די אָפּגעוואַשענע פענצטער פינקלען די ליכטלעך און די לייכטערלעך אַרויס. מיידלעך הייבן זיך אָן צו ווייזן אין געסל שפּאַצירנדיק, און דעם חזנס „לכה דודי” זינגט אין געסל און דער קירכן־גלאָק קלינגט מיט: די קו־לות מישן זיך אויס און עס ווערט איין שטילע תפילה צו איין גאָט...

---

ח. נ. ביאַליק

# מיין מאַמע זכרונה לברכה

מיין מאַמע, זכרונה לברכה, געווען איז אַ גרויסע צדקת,
אַ וויסטע אַלמנה געזעסן.
איין פרייטיק פאַרנאַכט — ס׳גליט די שקיעה אין שפּיצן פון ביימער —
און אין שטוב — נישטא קיין ליכט, נישט קיין עסן.

זי זוכט — און מיט נסים פון הימל — געפונען צוויי פּרוטות —
„ברויט אָדער ליכט”? — מיט דער דעה געשלאָגן.
זי לויפט, קומט צוריק — אין איר מאָגערער האַנט אַ מתנה:
צוויי ליכט אויף צום בענטשן געטראָגן.

דער הימל פאַרמאָגט זיבן שטערן, דער שבת, דער מאַמעס,
האָט אויך זיבן ליכט, זיבן שטראַמען:
ווער גאָט דען פאַרשטערן זיין שבת? — און וואָס קען זי העלפן?
געלויבט פאַר די צוויי איז זיין נאָמען!

זועט בענטשן די ליכט אויף אַ ליידיקן טישטעך, אָן חלה —
פֿאַרפּוצט זיך אין הויב אין דער ברייטער;
געביטן איר קלייד און זיך מכין געווען פֿאַר גאָט.
פֿאַרן הייליקן שבת אַ גרייטע.

געצונדן די ליכט — האָט זי מער ניט געקענט זיך באַהערשן,
ווייל ס'האַרץ האָט מיט בלוט זיך באַגאָסן;
אַרויס מיט געוויין, און אַ טרער איז אַרונטערגעפֿאַלן —
איין ליכט איז געוואָרן פֿאַרלאָשן.

פֿאַרשעמט, איז דער שבת, אויף איין אויג אַ בלינדער, געשטאַנען —
די פֿרוי איז פֿאַרציטערט געבליבן:
„פֿאַרשעמסטו אַן אלמנה אַ גאָט? אויב דיין דינסט האָט געזינדיקט,
צו וואָס נאָך דעם שבת באַטריבן?

וואָס האָסטו זיין אויג אויסגעשטאָכן?" — מיט אויגן פֿאַרמאַכטע,
פֿאַרדעקט מיט די הענט און פֿאַרביטערט,
אין פֿאַרקלעמטן געוויין, און אין פֿלאַמיקער תּפֿלה
האָבן פּלייצעס און הויב אומגעציטערט.

אין האַרץ האָבן תּהומען געברויזט, די אמהות און כּרובים
זיי האָבן פֿון האַלדז זיך געריסן —
ס'האָט די שכינה נאָך קיינמאָל געהערט און געזען,
ווי אַ מענטש טוט אַזוי זיך צעגיסן.

און דאַן איז נאָך איינע אַ טרער פֿון צדקת געפֿאַלן,
אַ זודיקער פֿלאַם פֿון די גרונטן —
און טאָפּלט איז ליכטיק געוואָרן: ס'פֿאַרלאָשענע ליכטל
האָט נאָכאַמאָל זיך אָנגעצונדן.

און ווען ס'האָט די מאַמע געעפֿנט די אויגן, האָט ליכט פֿון בראשית
פֿון זיי זיך געגאָסן אין שטראָמען —
ווייל ס'האָט זיי די שכינה געקושט. — דער זכות פֿון צדקת זאָלביישטיין
אונדז און אַלע יידן. אָמן.

ש. י. עגנון (יידיש: י. י. שוואַרץ)

# די מטבע

אַ מעשה מיט איינעם אַן אָרעמאַן, וואָס איז פרייטיק־צו־נאַכט געגאַנגען אַהיים פון שול און דערזען אַ מטבע אויפן וועג. האָט דער אָרעמאַן געטראַכט: דאָס הייסט אַביסל מזל; אָבער וואָס טוט מען, אַז היינט איז שבת און איך טאָר זי נישט רירן פון פּלאַץ. ווען כ׳געפין זי אַ שטייגער איידער ס׳איז פינצטער געוואָרן, וואָלט איך מיר געקויפט עטלעכע ראָזשינקעס און וואָלט מיר געמאַכט ווייַן אויף קידוש, אָדער כ׳וואָלט מיר געקויפט אַביסל ווייצנמעל, צי עפּעס אַנדערש פאַר עונג שבת. איז ער אַוועק אַהיים און אויפגענומען דעם שבת אָן ווייַן און אָן חלה און אָן אַנדערע זאַכן פון וואָס מ׳קען שבת הנאה האָבן און געמאַכט קידוש אויף שוואַרץ ברויט.

אינדערפרי, גייענדיק אין שול אַריין, האָט דער אָרעמאַן צו זיך געזאָגט: לאָמיר גיין אַ קוק טאָן, צי זי ליגט נאָך ווו זי איז געלעגן. אויב דער שבת־גוי האָט זי נישט דערזען, וועל איך זי געפינען אויפן אייגענעם פּלאַץ. ווען ער איז צוגעגאַנגען אַהין — זעט ער, אַז ס׳איז נישט קיין קופּערנע, נייערט אַ זילבערנע מטבע. האָט זיך דער אָרעמאַן געטראַכט: דאָס מזל האָט זיך אָפּגעמזלט! געפונען אַ קופּערנע — צום סוף איז דאָס גאָר אַ זילבערנע! פאַר אַ גרויסן נסיון האָט מיך הקדוש ברוך הוא אַוועקגעשטעלט. גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און אַוועק אין שול אַריין.

נאָכן דאַווענען האָט זיך דער אָרעמאַן געטראַכט: אַצינד וועל איך זי שוין אַוודאי נישט געפינען. אַ סך מענטשן זיינען דורכגעגאַנגען און האָבן זי געזען, נאָר אפשר האָבן זיי זי נישט באַמערקט, און זי נישט אויפגעהויבן. פונדעסטוועגן, דאַרף מען צוגיין אַהין, וועל איך זען, צי דאָס איז באמת אַ זילבערנע מטבע; און אויב מ׳האָט זי שוין צוגענומען, וועל איך פטור ווערן פון שלעכטע מחשבות און כ׳וועל מער פון דעם נישט טראַכטן.

ווען ער איז צוגעקומען אַהין — האָט ער זי געפונען אויפן אייגענעם פּלאַץ. ווו זי איז נעכטן געלעגן און ווו זי איז געלעגן אינדערפרי. נאָר די נעכטיקע איז געווען פון קופּער און די אינדערפריאיקע איז געווען פון זילבער און די איצטיקע איז פון גאָלד. אויב עס שטעקט נישט אין דעם קיין כשוף — איז דאָס אַוודאי פון דער זון, ווייל די מיטאָגדיקע זון שיינט אויף דער מטבע און זי זעט אויס פון גאָלד. און אויב ס׳איז נישט פון גאָלד — פון זילבער איז זי אַוודאי.

האָט דער אָרעמאַן געטראַכט ביי זיך אין האַרצן, וויפל זאַכן ער וואָלט געקענט קויפן פאַר דער דאָזיקער מטבע. איך דאַרף זי בלויז אויפהייבן און דערפאַר

האָבן אַלע גוטקייטן פון דער וועלט: חלה און אַ טראָפּן בראָנפן און אַ הערינג און אַנדערע גוטע זאַכן מיט וואָס מ׳קען האָבן אַן עונג שבת און אַן עונג פאַרן גוף, להבדיל. האָט זיך דער אָרעמאַן איינגעבויגן איינמאָל און נאָכאַמאָל. אָבער די אימה פון שבת איז אויף אים געווען און ער איז אַוועק אַהיים מיט ליידיקע הענט.

מנחה־צייט איז ער שוין צו דער מטבע נישט געגאַנגען. ער האָט זיך גע־טראַכט: ווער ווייסט צי כ׳וועל קענען ביישטיין דעם יצר־הרע. שבת, ווען די קראָ־מען זיינען פאַרמאַכט האָב איך געקענט זיך איינהאַלטן, אָבער איצט, מנחה־צייט, איז אַנדערש. אַביסל שפּעטער, וועלן זיך עפענען די קראָמען און ריחות פון עסן און טרינקען טוען אַ שלאָג אין נאָז אַריין. כ׳האָב זייער שטאַרק מורא, כ׳וועל נישט קענען ביישטיין דעם נסיון.

אָבער דעם מענטשס יצר־הרע איז גאַנץ אָפט שטאַרקער פונעם מענטשן. ער וויל פאַררעדן דעם יצר־הרע, נאָר דער יצר־הרע פאַררעדט אים. ער זאָגט צו אים: איך זאָג דיר דען, זאָלסט אָננעמען די מטבע מיט דער האַנט? מ׳שאַרט זי נאָר אַוועק מיטן פוס אַן אַ זייט. אָדער, מ׳קייקלט אַרויף אַ שטיין אויף איר, אַז קיין צווייטער זאָל נישט קומען און זי צונעמען. נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דאַווענען מנחה — האָט ער זיך מישב געווען און אַוועק צו יענעם פּלאַץ. אָנקוקן — איז נישט קיין עבירה.

ביי יענער צייט איז שוין געווען בין־השמשות. די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגייען און גילדענע פונקען זיינען פון איר געגאַנגען. ווען דער אָרעמאַן איז צוגעקומען נאָענט צו דער מטבע — האָט ער זי געפונען אויף אַן אָרט, נאָר ס׳איז שוין נישט געווען אַן איינציקע מטבע, נייערט אַ סך, אַ סך מטבעות. קען זיין, קען זיין נישט קיין ממשותדיקע מטבעות, נאָר די דאָזיקע מטבע האָט אָפּגעשלאָגן מיט ליכט אַרום איר, ווי דער שטייגער פון אַ מטבע וואָס ליגט אויפן מיסט און דאָס גאַנצע מיסט אַרום צעשטראַלט זיך. על־כל־פּנים, די דאָזיקע מטבע איז געווען אַ גילדענע. ווען ער בייגט זיך איין און הייבט זי אויף, וואָלט ער געקענט האָבן חיונה אויף אַ צוויי־דריי וואָכן. וויפל, מ׳שטיינס געזאָגט, דאַרף אַן אָרעמאַן האָבן, מיט איין גילדערנעם רענדל קען מען אים דערהאַלטן ביים לעבן כמה וואָכן.

האָט זיך דער אָרעמאַן געטראַכט: ס׳איז גוט, וואָס אין שטוב איז נישטאָ וואָס צו בייסן און שניידן און איך בין פּטור פון דער דריטער סעודה — בין איך מיר פריי, צו שטיין אַזוי און אָנצוקוקן אַ צורת־מטבע. דער מענטש וואָס האָט דאָ אַוועקגעשטעלט זיין געלט אויפן מיסט איז אַ שוטה. צי דען מיינט ער, אַז דאָס געלט זיינס וועט דאָ וואַקסן און ברענגען פּירות? איך, אויף זיין אָרט, וואָלט דאָס געטראָגן אין אַ בייטעלע אויפן האַרצן. ווען מיין ווייב און מיינע קינדער וואָלטן געבעטן עסן, וואָלט איך צו זיי געזאָגט: פרעסער, וואָס איר זענט, איר ווילט עסן? און וואָלט תיכף גענומען אַ גילדערנעם רענדל, געגאַנגען אין קראָם אַריין און געגעבן דעם קרעמער. איך וואָלט געשווירן, אַז צו „מודים" בייגט ער זיך נישט אַזוי פיל מאָל, וויפל ער וואָלט זיך בייגן פאַר מיר.

נאָר איידער דער אָרעמאַן האָט איינגעבויגן זיין גוף, ווי דער קרעמער וואָס דערזעט אַ גילדערנע מטבע — איז אים געקומען אויפן זינען, אַז אפשר איז דאָס נישט מער ווי דעם בעל־דבר׳ס אַ שפיצל, אַז דער שטן האָט דאָס אוועקגעלייגט גאָר פאַר אים, כדי אים צו ברענגען צו אַן עבירה. האָט ער זיך תיכף אויסגע־גלייכט און געזאָגט: אַזאַ מין לץ, האָט זיך אויסגעצויגן אויפן מיסט און מאכט חוזק פון אַ יידן. ער איז פּטור פון דאַוונען און האָט צייט פאַר זיינע מחזקות, אָבער איך דאַרף גיין דאַוונען מעריב און האָב קיין צייט נישט פאַר ליצנות. האָט זיך דער אָרעמאַן אָפּגעריסן פון פּלאַץ און געלאָפן אין שול אַריין.

נאָך מעריב האָט ער שוין אַפילו נישט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף די מטבעות. ער האָט זיך געטראַכט: זיי זיינען מיר גענוג דערגאַנגען די יאָרן דורכן גאַנצן טאָג. נאָר וויבאַלד ער האָט אָפּגעקערט פון זיי זיינע אויגן האָבן זיי צו אים אַרויפ־געקוקט, געפינקלט ווי גילדערנע רענדלעך. דערזען אַזוי — האָט ער געטראַכט: אַצינד, ווען דער שבת־קודש איז פאַרביי, לאָמיך צוגיין אַ קוק טאָן, וואָס פינקלט דאָרט אַזוי.

האָט ער זיך איינגעבויגן און דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס קיין אויג האָט נאָך נישט געזען און קיין האַנט האָט נאָך נישט געציילט. האָט ער אויסגעשרעקט די הענט און אַריינגעשאָטן אַלע רענדלעך אין זיינע קעשענעס, ביז זיי זיינען גע־וואָרן פול. ווערט איר דאָך אפשר מיינען, אַז זיינע קעשענעס זיינען געווען קליי־נע? — איז ניין! ער האָט דווקא געהאַט גרויסע קעשענעס. ווערט איר אפשר מיי־נען, אַז די רענדלעך זיינען געווען לייכטע? — איז גייט זעט, וואָס ער האָט גע־קויפט פאַר איין רענדל. ווייַן אויף הבדלה און ווייצענע ברויט און אַ הערינג און אַנדערע זאַכן, וואָס זיינען גוט פאַרן גוף און טוען דער נשמה קיין שלעכטס נישט, און ס׳איז אים נאָך אַרויסגעקומען רעשט פונעם רענדל.

איז ער געקומען אַהיים שטאַרק אויפגעלייגט. און ווייל ער האָט נאָך געזונ־גען „איש חסיד״, האָט דאָס ווייב געגרייט פאַר אים אַ פולן טיש. האָט ער גע־וואַשן די הענט צום עסן, ער און זיין הויזגעזינט, געגעסן און געטרונקען און גע־דאַנקט און געלויבט גאָט.

פון דעמאָלט אָן האָט שוין דעם שבת גאָרנישט געפעלט. און אים און זיין הויזגעזינט האָט שוין קיינמאָל נישט געפעלט. דערפאַר וואָס ער האָט אָפּגעהיט איין שבת אין אָרעמקייט — האָט ער זוכה געווען צו אַ סך שבתים אין רייכקייט.

## שלום אַש

# שבת אין דער פּרי

שבת אין דער פרי. די זון גייט אויף אויפן הימל, און איבערן שטעטל ציט זיך דער ליכטיקער טאָג. אַליין ווערט עס טאָג, פון שטעטל העלפט קיינער נישט צו. די געוועלבער זיינען פאַרמאַכט, פאַרהאַקט, עס וועקט זיך קיינער נישט. קומט אַ פּויער אין גאַס אָן צו פאָרן מיט זיין פור, זעט עס קיינער נישט אָן, ער שטעלט זיך אָפּ די פערד פאַשען און „האַלט שבת" אין מיטן גאַס... ווו נישט ווו, און ווען נישט ווען, ווייזט זיך אַ ייד אַ בעל־הבית פאַר דער טיר, און גענעצט פראַנק און פריי אין דער וועלט אַריין. דאָרט גייט אַ ייד, אַ חסיד, צוריק פון מקוה און טראָפּנס וואַסער רינען אים פון די נאַסע פּיאות אויף דעם פרישן געוואַשענעם קאַל־נער פון העמד, וואָס פאַרלייגט זיך מיט אַ באַזונדער בעל־הביתישקייט איבערן קאָלנער פון פאַלטאָ. אין מיטן מאַרק ווייזט זיך פּלוצלינג אַ הויכער, דאַרער ייד, מיט אַ לאַנגער ברייטער באָרד, און עפנט אַ גרויס מויל אויף, און ציט אויס ווי אַ לאַנגן שנור:

— אין שול־ל־ל אַ־ר־יין!

הייבן זיך אָן ווייזן יידענעס אין ווייס געפּרעסטע ספּאָדניצעס, לויפן צו אוז קלאַפּן אין לאָדן אַריין: שרהלע, מען האָט שוין גערופן! האַקן זיך פרענטן אייזן, עפענען זיך לאָדן, און עס ווייזן זיך ווייסע שלאָף־מיצן פון די אויפגעעפנטע פענצטער. קוקן צום שטאָט־זייגער, וואָס איז אויפן טורעם פון שפּיץ ראָט־הויז: ווי שפּעט איז?

הייבן זיך אָן צו ווייזן אויסגעפּוצטע ווייבער. יידישע קינדער ליבן זיך צו פּוצן פון איין שבת צום צווייטן; אין אַלעם שענסטן וואָס אַ יידענע האָט, וועט זי זיך אין דעם אויסצירן צו ווייזן זיך אין גאַטס הויז.

די יינגלעך פאָרויס, טראָגנדיק דער מאַמען, אָדער דער מומען דאָס סידורל מיט דער תחינה, פאַרבונדן אין אַ נאָזטיכל. עס האָבן זיך געלאָזט יידן בעלי־בתים, אין שבתדיקע קאַפּאָטעס, אין ריינע שטיוול, מיט די קעלנער פון די געוואַשענע העמדער. טייל אין טלית אָנגעטאָן, נאָך טייל האָבן די יינגלעך די טליתים מיט די חומשים נאָכגעטראָגן. עס האָבן זיך געלאָזט חסידים אין די אַטלעסענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך און ווייסע געפּרעסטע קראַגנדלעך מיט זיידענע שניפּסלעך, (וועל־כעס האָט צווויסן געגעבן פון בעל־הביתישקייט אין דער היים). טייל אין מקוה, טייל פון דער מקוה. די גאַס איז וואָס אַמאָל באַלעבטער געוואָרן, היימישער און שבתדיקער, די זון האָט זיך ליכטיק צעגאָסן איבערן הימל, אַ פרישע, אַ ליכטיקע, אַ נייע אָנגעקומענע אויף שבת. און זי האָט באַגאָסן מיט ליכט איין רייע הייזער,

און די צווייטע זייט איז אין שאָטן געלעגן. און אויף די בלעטער פון די בליענדע ביימער פאַר דער טיר, האָט זיך נאָך דער נאַכט־טוי אויפגעהאַלטן.

נאָו' די שול איז נעבעך געשטאַנען וויסט, אַ חורבן, און אַרומגעצוימט מיט ברעטער, אַ קבר פון אַ שול... און די איינציקע וואַנט, וואָס איז נאָך שטיין גע־בליבן פון דער שריפה — אַ „כותל מערבי", אַ מצבה אויף אַ שול. — און יידן, גייען דורך, קרעכצן און גייען דאַוונען אין בית־המדרש אַריין.

אין בית־המדרש האָט מען שוין געדאַוונט. דער שול־חזן האָט זיך אָנגעגרייט בייע „שטיקלעך" פאַרן עולם, וואָס קומט צום רבין. דער חזן, אַרום די משוררים, די ייִנגלעך, די קוויטשערלעך, וואָס אַ גאַנץ יאָר טוען זיי זיך אין די גאַסן אַרומ־וואַלגערן, קיינער קוקט נישט אויף זיי, הייַנט מיט איינמאָל, זיינען זיי גרויס געוואָרן, מאַכן פריילעך, מאַכן וויינען דעם עולם, און טראָגן זייער געבעט אין הימל אַריין...



# די פּורים־שפּילער

— א —

— „געקומען די פּורים־שפּילערס! געקומען די פּורים־שפּילערס!"

דערהערט פּורים־שפּילערס, שפּרינגען מיר, קליינוואַרג, אַלע אין איין רגע אַרויס פונעם טיש, און מיר שטייען שוין אַלע אַרום דעם קיניג אחשורוש מיט דער גילדענער קרוין.

— „גוט יום־טוב!" — שיסן אויס די חברה אַלע מיט אַ מאָל גאַנץ פריילעך, און מען שטעלט זיך אויס אין צוויי ציילן. אויף אַ גילדענעם שטול זיצט דער קיניג אחשורוש און עס טרעט אַרויס אויף איין פוס ממוכן (חיים שמייסער), ער זינגט אַ לידל.

---

— „דו ביסט יוסף הצדיק?" — רוף איך מיך אָן צו פּייוול דעם יתום, וואָס שטייט ביי דער זייט מיט אַן אויסגעשמירט, פאַריאָמערט פּנים.

— „יוסף הצדיק" — מאַכט צו מיר פּייוול.

— „דו וועסט אויך שפּילן?" — פרעג איך אים.

— „אַז מע וועט מיר הייסן שפּילן, וועל איך שפּילן — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק, און בייגט זיך אָן צו מיר אויפן אויער — גיב מיר אַ שטיקל קוילעטש, פון אייער פּורים קוילעטש."

— „מע וועט דערזען, וועט מען זיך בייזערן", — מאַך איך צו אים שטילערהייט.

— „שלעפּ אַוועק אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט זען", — זאָגט ער צו מיר און די אייגעלעך בלישטשען.

— „גנבענען?" — זאָג איך.

— „דאָס הייסט דען געגנבעט?" — מאַכט ער.

— „וואָס דען — זאָג איך — הייסט דאָס? געלקחנט?"

— „איך בין טויט־הונגעריק — זאָגט ער צו מיר שטילערהייט און ער עסט דעם קוילעטש מיט די אויגן — פון גאַנץ פרי אָן נאָך אין מיין מויל נישט געהאַט.

דער גאַנצער עולם איז פאַרטיפט אין דער „שפּיל"; גיי איך צו פאַמעלעך צום טיש, פאַרלייג די האַנט אַרונטער, שלעפּ אַוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס אים אַריין אין האַנט אַריין. יוסף הצדיק לאָזט אַראָפּ קונציק דאָס שטיקל קוילעטש אין קעשענע אַריין און טוט מיך אַ קוועטש ביי דער האַנט:

— „ביסט אַ וווילער יינגל, געבן זאָל דיר גאָט אַלדאָס גוטס!"

— „אפשר ווילט איר, מיר זאָלן אייך שפּילן „מכירת יוסף" אויך?" — רופט זיך אָן דער קיניג אחשורוש און טוט אויס די גילדענע קרוין און טוט אָן אַ פּראָסט היטל.

— „גענוג, גענוג," — מאַכט דער זיידע און ער גיט דעם קיניג אחשורוש אין האַנט אַריין אַ זילבערנע מטבע, און הייסט דעם משרת, ער זאָל נעמען אַ בעזעם און אויסראַמען די בלאָטע, וואָס די פּורים־שפּילערס האָבן אָנגעמאַכט... אין שטוב ווערט אַ רוקעריי מיט די בענקלעך, און בשעת די משפּחה האַלט אין אויסזעצן זיך צוריק אויף די ערטער, כאַפּ איך מיך דערווייל אַרויס אויף אַ מיגוט, באַגלייטן די „חברה".

— „קום! — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק, און נעמט מיר אָן ביי דער האַנט — פאָלג מיך, קום מיט מיר, איך האָב דיך ליב, ביסט אַ וווילער יינגל, זייער אַ וווילער."

— „וווהין?" — זאָגט איך און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר.

— „צום קיניג אחשורוש — מאַכט ער צו מיר — מיר שפּילן שוין מער היינט נישט. דאָס גייען מיר צום קיניג אחשורוש צו דער סעודה.

יוסף הצדיק נעמט מיך אָן ביי דער האַנט און מיר שפּאַנען איבער דער בלאָטע.

די נאַכט רוקט זיך אָן נעפּלדיק און נעבעכדיק, די בלאָטע ווערט וואָס ווייטער אַלץ טיפער. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגל, עס טראָגט מיך אין דער לופטן, אָט הייב איך אָן פליען... שוועבן...

— „איך האָב מורא", — זאָג איך צו יוסף הצדיק און האַלט אים צו ביי דער האַנט.

— „וואָס האָסטו מורא, נאַרעלע? — און קייט בשעת־מעשה דאָס שטיקל קוילעטש, וואָס איך האָב אים געגעבן. — דאָרט וועט זיין אַ סעודה, נאַרעלע, דאָרט וועסטו הערן ווי מיר זינגען לידער... אוי, וואָס פאַר אַ קוילעטש ביי אייך איז! טעם גן־עדן! צעגייט זיך אין מויל ווי אַ פּוטער! איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי זעט מען פאַר זיך אַזאַ אַנטיק און מען עסט דאָס נישט?"

— „אַ טייערע מציאה! — זאָג איך — ביי אונדז עסט מען אין דער וואָכן אויך קוילעטש."

— „אַלע מאָל קוילעטש? — זאָגט יוסף הצדיק, און באַלעקט זיך. — און פליישׂ?"

— „אַלע טאָג — זאָג איך.

— „אַלע טאָג — מאַכט ער און טוט אַ שלונג, — און איך עס פלייש נאָר איין מאָל אין וואָך, שבת; אי דאָס נישט אַלע שבת."

— „ווו איז דיין טאַטע? — פרעג איך אים.

— „איך האָב נישט קיין טאַטן."

— „ווו איז דיין מאַמע?"

— „איך האָב נישט קיין מאַמען.“

— „דער זיידע? די באָבע?“

— „איך האָב נישט קיין זיידן, איך האָב נישט קיין באָבען.“

— „אַ פעטער? אַ מומע?“

— „איך האָב נישט קיין פעטער, איך האָב נישט קיין מומע.“

— „אַ ברודער? אַ שוועסטער?“

— „איך האָב נישט קיין ברודער, איך האָב נישט קיין שוועסטער, איך האָב קיינעם נישט, קיינעם נישט, איך בין אַ יתום בין איך!“

איך כאַפּ אַ קוק אויף זיין פּנים און אויף דער לבנה, און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער' און די לבנה האָבן איין קאָליר... איך רוק מיך צו צו אים נאָך נענטער און מיר' לויפן נאָך דער „חברה“ מיט אונדזערע קליינע פּיסלעך גאַנץ. געשמיידיק.

## י. ל. פּרץ

# דער קונצנמאַכער

— א —

אין אַ שטעטל איז אַמאָל געקומען אַ קונצן־מאַכער.

און כאָטש עס איז געווען פאַר פּסח, ווען אַ ייד האָט מער זאָרג, ווי האָר אויפן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען אַ גרויסן רושם געמאַכט.

אַ רעטעניש פון אַ מענטש! אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, מיט אַ צילינדער, אַפילו אַ צעקנייטשטן, אויפן קאָפּ, אַ יידיש פּנים — און אַ געגאָלטע באָרד! און עסן האָט אים קיינער נישט געזען, נישט קיין כשרס, נישט קיין טריפהס. גיי ווייס, וואָס ער איז?! מען פרעגט אים: פון וואַנען? זאָגט ער: „פון פּאַריז!“ ווהין? — „קיין לאָנדאָן!“ ווי קומט איר אַהער? זאָגט ער: „פאַרבלאָנדזשעט!“ אַ פּנים, צופוס געגאַנגען! און שטייט מען צו אים צו, מאַכט מען אַרום אים אַ רעדל, ווערט ער פּלוצים נעלם, גלייך די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען, און שווימט אַרויס אויף יענער זייט מאַרק.

דערווייל האָט ער זיך געדונגען אַ סאַליע און אָנגעהויבן צו מאַכן קונצן. אָבער קונצן! ער האָט געשלונגען ברענענדיקע קוילן, פון מויל אַרויסגעצויגן אַלערליי בענדער, רויטע, גרינע, וואָס פאַר אַ קאָליר מען האָט נאָר געוואָלט. פון די שטיוול וואַרפט ער אַרויס זעכצן פאַר אינדיקעס, אָבער אינדיקעס — ווי בערן, און לעבעדיקע, און זיי צעלויפן זיך איבער דער סצענע; דערנאָך הייבט ער אַ פוס און קראַצט אָפּ פון דער פּאָדעשווע גאָלדענע רענדלעך, אַ גאַנצע שיסל גאָלדענע רענדלעך! פּאַטשט מען „בראַוואָ“, גיט ער אַ פייף, לויפן זיך אין דער לופט צו־זאַמען חלות און קוילעטשן, ווי די פייגל, און הייבן אָן טאַנצן אונטער דער סטע־ליע, און גיט ער דעם צווייטן פייף, ווערט דאָס אַלץ גלייך פאַרשווונדן, ווי נישט געווען! אויס קוילעטשן, אויס בענדער, אויס אינדיקעס — גאָרנישט!

איז אָבער די שאלה: פאַרוואָס איז ער אַליין אַזאַ גרויסער אָרעמאַן? אַ מענטש שאַרט רענדלעך און האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער אכסניה. מיט אַ פּייף באַקט ער אַן מער קוילעטשן און חלות, ווי דער גרעסטער בעקער, אינדיקעס ציט ער אַרויס פון די שיך, און אַ פּנים האָט ער — אַן אויסגעצויגנס, אַז שענערע לייגט מען אין דער ערד אַריין, און דער הונגער ברענט אים אין די אויגן ווי אַ פלאַקער! ווערטלט מען זיך: „די פינפטע קשיא צו „מה נשתנה"!...

נאָר איידער עס קומט צו „מה נשתנה", ווען מיר איבערלאָזן דעם קונצן־מאַכער און איבערגיין צו חיים־יונהן און זיין ווייב רבקה־ביילע.

— ב —

חיים־יונה איז אַמאָל אַ וואַלד־סוחר געווען, האָט ער איינמאָל געקויפט אַ וואַלד אין גלייכן געלט, האָט מען דעם וואַלד פאַרמאַכט, איז ער אַרויס „אין איין העמד". איז ער געוואָרן וואַלד־שרייבער, האָט ער די שטעל פאַרלוירן: זיצט ער שוין אַ שיינע פּאָר חדשים אָן פּרנסה. נאָך ווינטער גייט אָבער פּסח! און פאַר־זעצט איז שוין פון העגגלייכטער ביזן לעצטן קישן.

זאָגט רבקה־ביילע: גיי און נעם מעות־חיטין. זאָגט חיים־יונה, אַז ער האָט בטחון, אַז גאָט וועט העלפן, און דאָס פּנים פאַרשוואַרצן וועט ער זיך נישט.

גייט רבקה־ביילע און זוכט נאָכאַמאָל אין אַלע ווינקעלעך, און געפינט אַן אַלטן אָפּגעריבענעם זילבערנעם לעפל, יאָרן זינט דער לעפל איז פאַרלוירן גע־וואָרן! גייט חיים־יונה נעמט דעם לעפל, פאַרקויפט אים און טראָגט אַריין די פּאָר גראָשן אויף מעות־חיטין פאַר אָרעמעלייט. אָרעמעלייט, זאָגט ער, זיינען בילכער.

די צייט דערווייל רוקט זיך. שוין אינגאַנצן נישט מער ווי אַ פּאָר וואָכן צו פּסח. ער האָט בטחון גאָט, זאָגט ער, פאַרלאָזט נישט!

מילא, רבקה־ביילע שווייגט: אַ ווייב מוז פאָלגן אַ מאַן. עס גייט אָבער אַוועק נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ טאָג, רבקה־ביילע ווייסט נישט פון קיין שלאָף, און ווײנט שטילערהייט, חיים־יונה זאָל נישט הערן, און אויף פּסח איז קיין צייכן נישטאָ. און טעג האָט זי ערגערע ווי נעכט, — ביינאַכט וויינט זיך אַ מענטש כאָטש אָפּ דאָס האַרץ, בייטאָג אָבער מוז מען קנייפּן די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין! שכנות קוקן איר נאָך און גאַפּן, און קוקן זיך די אויגן אויס, און שטעכן זי מיט רחמנות־בליקן ווי מיט נאָדלען... אַנדערע פרעגן: ווען באַקט איר מצות? די נענטערע זאָגן: — סטייטש, וואָס טוט זיך מיט אייך, רבקה־ביילע? פעלט אייך, וועלן מיר אייך באָרגן...

חיים־יונה וויל אָבער נישט קיין מתנות פון מענטשן, און רבקה־ביילע וועט קעגן איר מאַן נישט גיין — זוכט זי אויס תירוצים פון אונטער דער ערד, און דאָס פּנים פלאַמט און פלאַמט.

זעען די שכנים, אַז עס איז נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין, נעמען זיי און לויפן צום רב: — סטייטש? דער רב, נעבעך, הערט אויס, קרעכצט אָפּ און פאַר־

קלערט זיך, און סוף־כל־סוף ענטפערט ער, אַז חיים־יונה איז אַ גאָטספאַרכטיקער און אויב ער האָט בטחון, האָט ער...

רבקה־ביילע איז אַפילו אָן בענטש־ליכט געבליבן...

און — שוין פסח!

— ג —

חיים־יונה גייט פון בית המדרש אַהיים, זעט ער, אַז אַלע פענצטער אין מאַרק שיינען אַרויס מיט פרייד פון יום־טוב, און נאָר זיין דירה שטייט ווי אַ בלינדע צווישן זעענדיקע. ער פאַלט אָבער ביי זיך נישט אַראָפּ: „אַז גאָט וועט וועלן, וועט נאָך זיין פסח!" — טראַכט ער.

ער גייט אַריין און זאָגט פריילעך: „גוט יום־טוב!" און נאָכאַמאָל: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!" און רבקה־ביילעס קול ענטפערט אים, אָנגעזאָפּט מיט טרערן, פון אַ פינצטער ווינקל אַרויס: „גוט יום־טוב, גוט יאָר!" און אירע אויגן ברענען אַרויס פון פינצטערן ווינקעלע, ווי צוויי ברענענדיקע קוילן.

גייט עס צו צו איר און זאָגט איר: „רבקה־ביילע, היינט איז יום־טוב, פאַר־שטייסט? טרויערן טאָר מען נישט! און וואָס איז דאָ צו טרויערן? אויב גאָט האָט נישט געוואָלט מיר זאָלן האָבן אונדזער סדר, מוז מען אָננעמען פאַר ליב און זיין ביי אַ פרעמדן סדר. וועלן מיר גיין ערגעץ אַנדערש צום סדר! מען וועט אונדז אַריינלאָזן אומעטום... טיר און טויער שטייען אָפן... יידן זאָגן: „ווער עס איז הונגעריק, זאָל אַריינקומען עסן." קום, נעם אויף דיר דעם שאַל, וועלן מיר גיין צום ערשטן, בעסטן יידן..."

און רבקה־ביילע, וואָס טוט שטענדיק דעם ווילן פון איר מאַן, האַלט איין מיט אַלע כוחות דאָס געוויין, וואָס רייסט זיך איר צום האַלדז, נעמט אויף זיך אַ צעריסענעם שאַל און וויל שוין גיין, — אין דער זעלבער רגע עפנט זיך אָבער די טיר, און עמעצער קומט אַריין און זאָגט:

— „גוט יום־טוב!"

ענטפערן זיי: „גוט יאָר." נישט זעענדיק ווער עס איז צו זיי אַריינגעקומען.

זאָגט דער, וואָס איז אַריינגעקומען: „איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!"

ענטפערט חיים־יונה: „מיר האָבן אַליין קיין סדר נישט..."

ענטפערט יענער, אַז ער האָט מיטגעבראַכט דעם סדר מיט זיך.

— „אין דער פינצטער!" — האַלט זיך שוין רבקה־ביילע נישט איין און שלוכצט.

— „חלילה! — ענטפערט דער אורח, — עס וועט זיין ליכט." — און ער גיט אַ מאַך: האָקוס־פּאָקוס! און עס באַווייזן זיך צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיט אָנגעצונדענע ליכט אין מיטן שטוב אין דער לופטן! עס ווערט ליכטיק. חיים־יונה און רבקה־ביילע דערזעען, אַז דאָס איז דער קונצן־מאַכער און זיי גאַפן און קענען פאַר וואונדער און שרעק קיין איינציק וואָרט פון מויל נישט אַרויסברענגען.

זיי כאַפּן זיך אײנס דאָס צווייטע אָן ביי די הענט און שטייען מיט אויפגעריסענע אויגן און אָפענע מײַלער.

דער קונצן־מאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען פאַר־שעמט אין אַ ווינקעלע, און זאָגט צו אים: „נו, בחורל, באַדעק דיך און קום אַהער!" און אַזוי ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, פאַלט פון סטעליע אויפן טיש אַראָפּ אַ שניי־ווייס טישטעך און באַדעקט אים, און דער באַדעקטער טיש הייבט זיך אָן רירן און גייט און קומט אין מיטן שטוב אַריין און פאַרהאַלט זיך פּונקט אונטער די ליכט און די זילבערנע לייכטער לאָזן זיך נידעריקער אַראָפּ און שטעלן זיך אַני־דער אויפן טיש.

— „אַצינד, — זאָגט דער קונצן־מאַכער, — פעלן נאָך הסב־בעטן. זאָלן זיין הסב־בעטן!" — גייען דריי בענקלעך, פון דריי עקן פון שטוב, און גייען צו צום טיש און שטעלן זיך אויף זייערע דריי זייטן. הייסט ער, דער קונצן־מאַכער, זיי זאָלן ברייטער ווערן. ציען זיי זיך אויס אין דער ברייט, און עס ווערט פון זיי פּאָטער־שטולן. רופט ער אויס: „ווייכער!" באַדעקן זיי זיך מיט רויטן סאַמעט, אין גלייך פאַלן אויף זיי פון סטעליע אַראָפּ ווייסע, שניי־ווייסע קישנס און לייגן זיך אויף די פּאָטער־שטולן און — עס ווערן הסב־בעטן! עס באַווייזן זיך באַלד אויך רויטע כוסות מיט פלעשער וויין און מצות, און אַלץ, וואָס מען דאַרף צו אַ כשרן און פריילעכן סדר, אַפילו הגדות מיט אַ גאָלדענעם שניט.

— „און וואָסער צו וואַשן האָט איר? — פרעגט דער קונצן־מאַכער, — איך קאָן ברענגען וואַסער אויך!"

דעמאָלט האָבן זיי זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון גאַפן. און רבקה־ביילע פרעגט חיים־יונהן אויפן אויער: „מעג מען? וואָס?" און חיים־יונה ווייסט איר נישט וואָס צו ענטפערן. ראָט זי אים: „גיי, מיין מאַן, און פרעג דעם רב." ענטפערט ער, אַז ער קאָן זי מיטן קונצן־מאַכער אַליין נישט איבערלאָזן. וויל ער, זי זאָל גיין. זאָגט זי, אַז אַ נאַרישער יידענע וועט דער רב נישט גלייבן, ער וועט מיינען, אַז זי איז פון זינען אַראָפּ. גייען זיי ביידע צום רב און לאָזן דעם קונצן־מאַכער מיטן סדר.

האָט דער רב געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ווערט געמאַכט מיט כשוף, האָט קיין ווערט נישט, וואָרעם כשוף איז אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן, הייסט ער זיי אַהיימגיין, און אויב די מצה וועט זיך לאָזן אָפּברעכן, דער וויין — גיסן אין די כוסות אַריין און די קישנס פון הסב־בעט — אָנטאַפּן, איז גוט... איז עס פון גאָט, מוזן זיי געניסן.

אַזוי האָט דער רב געזאָגט. גייען זיי מיט האַרץ־קלאַפּעניש אַהיים. קומען זיי אַריין, איז דער קונצן־מאַכער שוין נישטאָ, און דער סדר שטייט, ווי ער איז געשטאַנען. די קישנס, לאָזן זיך אָנרירן, דער וויין גיסט זיך, די מצות ברעכן זיך... האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אליהו הנביא, און האָבן געהאַט אַ פריילעכן יום־טוב!

# הגדה

הא לחמא עניא די
אכלו אבהתנא ב
בארעא דמצרים
כל דכפין ייתי ויכול
כל דצריך יתי וי
ויפסח השתא הכא
לשנה הבאה בארע

אברהם רייזען

# דער אורח ביים סדר

דער שענסטער כוס פון אַלע איז געווען אליהוס —
דער טאַטע פלעגט דעם כוס אַליין צום סדר גרייטן,
עס איז געווען אַ כוס געמאָלט אין שיינע קווייטן —
מען האָט אים נישט פאַרביטן, נישט געמאַכט קיין טעות.

דער טאַטע פלעגט אים אָנגיסן הויך ביז צו די ברעגן!
און פאַרזיכטיק און מילד אַזוי פלעגט ער אים גיסן,
דעם פיינעם וויין, פון ראָזשינקעס, דעם זיסן,
פאַר אליהון אַליין, פאַר זיינעטוועגן...

די קינדער פלעגן אין געדאַנקען ווייט פאַרזינקען,
דער שפּיל איז געווען זיי אַזוי געפעלן,
נישט מער — זיי וואָלטן זען בלויז איינמאָל וועלן,
ווי אליהו קומט פון כוס אַביסל טרינקען...

און איינמאָל האָט מיטגעבראַכט פון שול דער טאַטע
אַן אורח, וואָס מען האָט געגעבן אים צום סדר
ער איז געווען געקליידט אין אַנדערשדיקע קליידער —
די באָרד אַ לאַנגע, גראָע און די אויגן מאַטע.

מען האָט אַ כוס געשטעלט פאַר אים, ווי ס'פּאַסט פאַר לייטן,
נישט ווייט פון אליהוס כוס, אין טיש אין מיטן,
מען האָט צו יעדן פאַל געדאַרפט אים היטן
ער זאָל, חלילה, נישט זיין כוס פאַרבייטן...

און נאָכן סדר איז דער אורח שטיל פאַרשוואונדן,
באַטראַכט האָט יעדערער די כוסות אין דעם שיסל
מען זעט, עס פעלט פון אליהוס כוס אַביסל —
און דעם אורחס אָבער פול און רויט געצונדן...

דער טאַטע האָט געשמייכלט מיט הנאה,
די מוטער איז פאַרחלומט אומגעגאַנגען,
און מיר, די קינדער. האָבן ווי געהערט געזאַנגען
און שוועבן ווי געזען דעם אורח — אליהו!

ל. חיין

# פסח אין גליל העליון

אין אויבערשטן גליל.

בערג און טאָל זיינען באַצירט אין גרינס און בלומען. די יונגע תבואות צוואָגן זיך אין דער שפּעטיקער ליכט. די שיטערע ביימער נייגן זיך אַהין און אַהער אין אַ חנעוודיקן שפּיל מיטן ווינט און שושקען דערביי סודותדיקע לידער.

מזל־ברכהדיקע קוואַלן ציען זיך צעזילבערט פון בערג אַראָפּ אין דעם ברוגז־דיקן חולה און צעגיסן זיך העט ווייט אין אַ זילבער ציטערדיקן שפּיגל, באַשיצט מיט ריזיקע זומפּן און גרויסע מרחקים אַרום. דער אַלטער חרמון מיט זיין שניי־קרישטאָלענעם קאָפּ ליגט צעלייגט בהרחבה אין אַ מאַיעסטעטישן שווייגן:

קלינגט פייערלעך אַ גלאָק פון ווייט.

טפּרר — — — טפּררר — — — ציען די בראַנדזענע יונגען מיט כוח לע־דערנע לייצעס אויף צוריק, די פאַרעקשנטע פּרדות גיבן אַ דריי די האַלב־אייז־לישע, האַלב פּערדישע קעפּ. דאָ אַהין, דאָ אַהער. מען שפּאַנט די פּרדות אין ווע־געגער און מען ציט זיך דורך וועגן און שטעגן צו דער הייך פון תל־חי, און ווייטער אַרויף אין כפר־גלעדי.

די וועגן לעבן אויף מיט ברוינע פאַרשוויצטע יונגען פון אַלע זייטן. די קאַסעס אין די זאַפטיקע גראָזן הערן אויף צו קלינגען, די וועגענער ווערן דערלאָדן ביז צום הימל אַרויף, וויא־א־א.

און דער גלאָק קלינגט פייערלעך מונטער.

בום־בום־בום־בום־בום — — — — — —

אין דעם גרויסן קי־שטאַל „כשרט" מען דעם דיל, מען גרייט נאַכטלעגער פאַר די קי. אין לאַנגן פערדן־שטאַל — איז אויך שוין אַלץ גרייט פאַר די יונגע פאַרהאָרעוועטע בהמות, וואָס ציען זיך פון פעלד אַהער.

אין דער דערבייאיקער שעפּסן־ציגן שאָפּע, וויינען די עופהלעך, זיי קאָנען זיך ניט דערוואַרטן אויף די מידע זאַטע מאַמעס.

אין וואַש־שטוב האָבן די חברטעס שווער געהאָרעוועט ביז מען האָט די בערג־לייוונטענע בגדים אויסגעבלאַנקט און אויסגעלאַטעט און אויסגעצערעוועט. די נייע בגדים געענדיקט. די שפּייז־קאַמער איז פאַרפּולט מיט פריילעכע פּעק־לעך. די מעלקעריי בלאַנקט פון ריינקייט און די פאַליצעס זיינען פול פון אויבן ביז אַראָפּ מיט מילכיקס.

די קיך רוישט ווי אַ בינשטאָק. די גרויסע, רחבותדיקע קיך זינגט און פּרעגלט זיך מיט יום־טובדיקע שמעקעדיקע מאכלים: אַלטע טאַטע־מאַמע שמייען אַרום מיט אויסגעשווענקטע פלעשער צו זיך אין די שטיבלעך.

אין וואַש־צימער שערט מען לויטן טור אַלעמען: אַלט און יונג, מאַמעס און קינדעו׳, דעם זיידן און די אייניקלעך. לכבוד יום־טוב האָט מען דעם גרויסן קעסל אויפגעקאָכט, לכבוד יום־טוב האָבן אַלע נייע מעסערלעך צו ראַזירן, באַקומען.

בין־השמשות אין אויסגעהאָרעוועטן גליל. ערב־פסחדיקער בין־השמשות.

די זון האָט צעצונדן די מתול׳ער בערג אין גאָלדענע שרפות, פאַררוקט אַראָפּ צום ים כנרת, פון כנרת צום כרמל — פון כרמל אין ים אַראָפּ. דער אַלטער חרמון נעמט אָנפּאַסן זיינע בייגאַכטיקע בגדים.

די ביימעו׳, די גראָזן, די וועלדלעך און גערטנער, די בליענדיקע מאַנדלען און שפּראָצנדיקע עפּל פאַרוויגן מיט דופטן דעם גאַנצן גליל:

שאַ, ס׳איז יום־טוב היינט, יום־טוב פון מענטשן נאָך אַ יאָר שווערער, ביטערעו׳ פּראַצע, פון שווייס, פון דוחק, פון שרפותדיקע טעג און פראָסטיקע נעכט!

גלין־גלאַן־גלין גלאַן־גלין־גלאַן — — —

ס׳ציען זיך פון צוויי עקן בערג אין צוויי שטומע שטעגן, באַטאַליאָנען אַלטע שעפסן, בראָש מיטן באַראַן פון חשובן עלטער.

בינו, בים, באַם בים, באַם, גלין...

ס׳ציען זיך פון צוויי עקן באַרג, מחנות זאַטע קי מיט פולע אייטערס, אויסגעבענקטע, אויסגעפּאַשעטע, זאַטע און מידע.

פון אונטן בחורים, יידישע פּאַסטוכער, מיט לאַנגע שטעקנס און זעקלעך אויף די פּלייצעס. און שמחה אין שעפּסן־ציגן־שטאַל איז אין לשער: קונדסים שפּרינגען אויף די ווענט, און די גאַנצע מחנה זאָגט די הגדה — מע...

די עס־שטוב מיט די ברידער־טישן פון כפר־גלעדי בלאַנקט פון ווייסקייט און יום־טוב; דער יום־טוב שטראַלט אַרויס פון יעדן פּיצל, פון יעדן ווינקל. די טישן אין ווייסן, די ווענט מיט עטלעכע שטיקלעך אייגענעם גרינס צוגעשפּילקעט מיט אַקאַציעס, און פון די ווענט קוקן אַראָפּ בילדער, פון פינף לעבעדיקע, אַמאָל געפאַלענע ברידער צוזאַמען מיט אַ יידישער שוועסטער אין אַ צניעותדיקן שאַל געהילט.

און די פינף לעבעדיקע, אַמאָל געפאַלענע ברידער מיט דער שוועסטער נידערן אַראָפּ פון די ווענט אין דעם זשומענדיקן עולם מיט די ווייסע העמדלעך, וואָס זיצן צעזונגען אַרום די פריילעכע טישן און קוקן צעשטראַלטע, מיט טאַטעשע און מאַמעשע הערצער אויפן סדר־קטן צווישן די טישן: אַ רונדער טיש, מיט אַ קראַנץ קינדער אַרום, לכבוד יום־טוב אין דער גרויסער עס־שטוב, די קינדעו׳ רוישן און שטיפן, אַ פאַרבענקטע באַבע־זיידע כאַפּן זיך אַראָפּ פון צימער אַ קוק טאָן אויף די נייע אייניקלעך, די געזונטע, די פרישע יידישע קינדער פון אויבערשטן גליל...

די חברים און חברטעס אין קיך האָבן שווער געהאָרעוועט אין ערב־יום־טוב און מיט אַלע קרעפטן געזוכט וואָס בעסער צו באַטעמען די ברידער־טישן; נישט אומזיסט האָבן זיי פאַרשוואַרצטע, מיט פריידיקע פּנימער אַ יעדע רגע פאַררוואָרפן

אַ קוק צו די ברידער־טישן. דאָס געזונטע קייען מיטן זאַפּטיקן סמאַקעווען האָט זיי באַלוינט פאַר דער שווערער אַרבעט פון אַ גאַנצן טאָג, פון אַ גאַנץ יאָר.

נאָכן סדר פאַרגעסט מען די מידקייט פון אַ גאַנצן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר, עולי־רגלים, וואָס זיינען פון ווייטע שטעט און דערפער געקומען אויף פּסח אין גליל, צוזאַמען מיט די ברידער טראָגן די טישן אַרויס אין דרויסן, צעשטעלן די בענק אין די זייטן. איין ווינקל זינגט, דער צווייטער דערציילט, דער דריטער הערט נייעס פון די שטאָטישע ברידער, פון די עולי־רגל אין גליל.

די זילבערנע הויב פון חרמון נעמט מיטאַמאָל זיך רויטלען, אַ פייערדיק גאָלד־ליכט צעשפּרייט זיך איבערן הימל, וואָס נידערט אַראָפּ אין דעם נאַכטיקן חולה־זומפּ. אין דער עס־שטוב וואַקסט זיך פונאַנדער אַ גרויסער ראָד פון יונגע בחורים, חברים און חברות. דאָ זינגט מען נישט דעם שטאָטישן „ווער וועט בויען דעם גליל". ניין, די בויער פון גליל שפּילן פּשוט אויס, אויף אַ האַרמאָשקע, אייגענע ניגונים, און דער ראָד פלאַקערט!

בעת דער ראָד פלאַקערט, דריידלט זיך אין מיטן אַ קראַנץ פון יוגנט און איינעם אַזעלכן פאַרווילט זיך — דרייט ער אַריין אין דעם קראַנץ זיין באַזיל־בערטע באָרד, און אַזוי דרייט זיך דער סימבאָל פון היינט, פון מאָרגן, פון מוט און פון אַרבעט, ביז דער ריטם פאַרכאַפּט דעם שפּילער אויף דער האַרמאָשקע, דרייט ער זיך אויך מיט...

אין דער גרויסער קיך וואַרפן אַוועק די ברידער שוועסטער דאָס וואַשן די כלים, פאַרוואַרפן פאַרטוכער אויפן אַקסל און דרייען זיך מיט נייע רעדער, מיט נייע קרענץ, טאַטע־מאַמע כאַפּן זיך אויך אַראָפּ אין דער עס־שטוב, און אין ריטם, צוטופּנדיק מיט די אַלטע פיס פאַרלירט מען אַ טרער אין די קנייטשן פון פּנים, אַ טרער וואָס מען רופט: נ ח ת .



י. ל. פרץ

# צוויי ברידער

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנען אַמאָל,
אויף הינערשע פיסלעך, אַ הייזל, אין טאָל.
געשטאַנען זיך פראָסט, אָן עזות, אָן שטאָלץ,
אָן פוצעכץ, אָן צירונג — פון ליים און פון האָלץ!
אַ פענצטער אַ קליינטשיקס, נאָר חנעוודיק־האָלד;
די זון — זי באַשיט עס טאָג־טעגלעך מיט גאָלד!
לבנה און שטערן
פאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן!

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט!
עס האָבן אין הייזל צוויי ברידער געוווינט.
עס האַלטן צוויי הערצער צוזאַמען געטריי,
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט זיך פריי!
ליים איז דאָס מעבל, מיט קלייען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז בשותפות — די פרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר כשרן פאָדעם!

נאָר איינמאָל באַווייזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל;
פול גינגאָלד, שמאַראַגדן, עס פינקלט זיין פעל!
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פראַכט.
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות פאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך, אָרעמער מאַן,
כ'פאַרקויף אים, וואָס נישט?
כ'וואָלט אויפן יאַריד
געקויפט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען — זיי ווייסן וואָס ס'טראַכט זיך ביי לייט;
זי ווינקט אים און רופט אים אַוועק אָן אַ זייט
און זאָגט אים: „אַי, ברודער! וואָלסטו נאָר געוואָלט,
וואָלסטו געהאַט שוין פול פעסער מיט גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן אַ וועלט,
און אַלץ, וואָס מען קאָן נאָר באַקומען פאַר געלט!

איך מאַך נישט קיין שפּאַס,
איך ווייס שוין דעם סוד,
איך קאָן אים דיר זאָגן אין וואַלד!"

די שלאַנג איז אַוועק, און דער ייִנגערער קלערט:
„ווי גאָט האָט זיך יעדן זיין שיינקייט באַשערט!
גיי, פרעג אים: דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?"
ביים עלטערן פלאַמט שוין די תאווה אין אויג:
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן — אַך, גאָט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סוד!
ער קוקט אויפן וואַלד,
און געזעגנט זיך באַלד
פון ב ר ו ד ע ר אַרויס צו דער ש ל אַ נ ג !

די זון גייט שוין אונטער, פאַרגילדט נאָך די זוים
פון וואָלקן אין הימל; און אונטער אַ בוים
זיצן שוין ביידע, — דער מענטש און די שלאַנג;
זיי זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייסט נישט — פאַר פרייד, צי פאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיטן עק
און רעדט פון דיאַמאַנטן,
קרעלן, בריליאַנטן:
„אַלץ וועסטו האָבן גאָר גרינג!"

באַטראַכט נאָר דיין ברודער: דאָס איז אַ פאַבריק
פון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן און גליק!
עס טריפט זיך, ער אַרבעט, און וואונדערלעך הייס
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס...
עס טריפן די טראָפּן... ער ווישט מיט דער האַנט.
לאָז נישט! דער טראָפּן — דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
נאָר אַרבעטן הייס!
קלויב אויף דעם שווייס!

שיטסטו אָן פעסער דיאַמאַנטן!
עס טרעפט — און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער;
דו, שוטה, דו מיינסט, עס איז וואַסער, נישט מער,
און טרייסט אים, און האַלדזסט אים; דו האַלטסט עס נישט אויס
און קושסט אים די טרערן פון ד'אויגן אַרויס!
פאַרשווענדסט דיין פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז וויינען! און קלויב יעדן טראָפּ!

אַ טראָפּ — האָב פאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ ברילִיאַנט!
רייך וועסטו זיין ווי אַ קעניג!

דערנאָך — האָט דיין ברודער אַן איידעלע פעל:
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז עס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאָפּ.
דו נאַר! עס איז קרעלן, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן, און בלוטן נישט קאַרג!
אָנשיטן וועסטו שוין קרעלן אַ באַרג!
דו האָסט אַ פאַבריק
און מאַך דיר דיין גליק;
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!

די ליפּן פאַרביסן, די פויסטן געבאַלט,
גייט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד.
די אויגן, זיי ברענען און זוימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ.
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נאָר מאַכן אַ פּרוּוו;
אַ שטאָך וועל איך געבן, אַ קליינעם, נישט טיף;
מיין ברודער? איך ווייס!
נאָר טרערן און שווייס,
הערסטו דאָך — זיינען ברילִיאַנטן!"

עס הערט די לבנה נאָך די אייגענע נאַכט,
ווי מ'האָט אינעם שטיבל געוויינט און געלאַכט.
עס קוקן די שטערן אין פענצטער אַריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער ביים ברודערס געוויין?!
די זון האָט צומאָרגנס געוואונדערט זיך שטאַרק:
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלייך
דעם וואַלד און דעם טייך:
וואָס איז עס אין שטיבל געשען?

און עס איז געקומען אויף ביידן גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פאַרשוואונדן, עס ווייכט זיי דער שלאָף.
אַוועק איז די ליבע, דער פרידן אַוועק.
דער שלאָפט נישט פאַר וויטיק, דער צווייטער פאַר שרעק.
דער שרייט: ס'איז מיין עשירות, מיין רייכטום, מיין גוט!
און יענער: ס'איז טרערן, מיין שווייס און מיין בלוט!
דיאַם, דיאַם, דיאַם!
אויף יענער זייט ים
רייסט מען זיך שוין ביי די האָר!

# מיר אַרבעטן אין שאַפּ

(פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אַמעריקע")

ווי אַזוי מען אַרבעט אין שאַפּ — קאָן איך אייך אַקוראַט נישט זאָגן. וואָרום איך ווייס אַליין נישט. מען לאָזט מיך נאָך אַהינצו נישט אַריין. איך ווייס נאָר דאָס, וואָס איך הער פון מיין ברודער אליהו און פון אונדזער חבר פּיניע. אַלע אויפדערנאַכט, אַז זיי קומען אַהיים פון שאַפּ, דערציילן זיי אונדז וווּנדער. זיי קומען אַלע מאָל אויסגעמאַטערט און הונגעריק, און מיר זעצן זיך עסן וועטשערע.

מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע אַרבעטן אין צוויי באַזונדערע שעפּער. איינער איז אַן „אָפּערייטער", דאָס הייסט, אַ שניידער. דער אַנדערער איז אַ „פּרעסער". אַן אָפּערייטער דאַרף נישט נייען מיט די הענט, ער שטעפּט ביי דער מאַשין. דאָס דאַרף מען אויך קאָנען. עס שטעפּט זיך נישט אַליין. ווי זשע קומט דאָס צו מיין ברודער אליהו, אַז אונדזער טאַטע און אונדזער טאַטנס טאַטע און אונדזער טאַטנס טאַטנס טאַטע, איז קיינמאָל קיין שניידער נישט געווען, און אַ מאַשין קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען? איז דאָס אָבער אַמעריקע. אין אַמע־ריקע איז נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס אַ מענטש זאָל נישט קאָנען. אין אַמעריקע לערנט מען זיך אויס.

ווי אַזוי האָט זיך מיין ברודער אליהו אויסגעלערנט שטעפּן? איז אליהו טאַ־קע נעבעך גוט אויסגעריסן געוואָרן. מע האָט אים געגעבן איבערגעבליבענע שטיק־לעך, ער זאָל זיי איבערגיין מיט דער מאַשין. איז ער דורכגעגאַנגען עטלעכע מאָל הין און צוריק און איז געוואָרן אַלרייט. אויף מאָרגן האָט ער שוין געשטעפּט. מאָלט אייך, אַז אַך און ווי איז געווען צום שטעפּן. נאָר גוט איז דאָס. למאי פּי־ניע האָט דאָס אויך נישט געקאָנט באַווייזן! נישט מחמת ער האָט זיך געפוילט אַרבעטן. חס־וחלילה! פּיניע וועט אייך גיין אַרבעטן טאַטשקע־אַרבעט! אַבי מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע. איז די צרה, וואָס ער האָט אַ נידעריקע ראיה און טוט אַלצדינג כאַפּנדיק. מע האָט אים אויך אָוועקגעזעצט ביי דער מאַשין ווי מיין ברו־דער אליהו. מע האָט אים אויך געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין הין און צוריק מיט דער מאַשין. האָט זיך געטראָפן מיט אים אַן אומ־גליק. אונדזער חבר פּיניע האָט אין איילעניש פאַרטשעפּעט דעם פּידזשאַק און האָט צוגעטשעפּעט דעם לינקן אַרבל צו דער מאַשין. אַ גליק כאָטש, וואָס נישט די האַנט. וויי־וויי, וואָס מען האָט זיך אָנגעלאַכט פון אים! חברה שניידערס האָבן אויפגעהויבן אַ הוראַ! „גרינהאָרן" האָבן זיי אים אַ נאָמען געגעבן.

בקיצור — פּיניע איז נישט געוואָרן קיין אָפּערייטער. ער גייט אָוועק אין אַן אַנדער שאַפּ און באַשטעלט זיך דאָרט פאַר אַ פּרעסער; אַן אונטערפּרעסער דער־

ווייל. אַז ער וועט זיך אויסלערנען די אַרבעט, וועט ער גיין העכער און העכער. ביז וווהין?

מע קאָן נישט וויסן. — זאָגט פּיניע. — קיינער ווייסט נישט וועמענס מאַרגן ס׳איז. נישט קאַרנעגי, זאָגט ער, נישט וואַנדערבילד, נישט ראָקפעלער האָבן געוווסט, אַז זיי וועלן אַמאָל זיין דאָס וואָס זיי זיינען...

דערווייל ווערט נאָך פּיניע גוט פאַרשוואַרצט, און אַלץ איבער זיין טבע, וואָס ער האָט ליב טאָן אַלצדינג כאַפּנדיק. און דערצו נאָך זיין נידעריקע ראיה. ער קומט אַלע טאָג אַהיים אַ צעבריטער.

איינמאָל איז ער געקומען מיט אַ צעקאַלעטשעטער נאָז. וואָס איז די מעשה? ער האָט זיך ביים פּרעסן אָפּגעבריט די נאָז. ווי קומט דאָס פּרעסל צו זיין נאָז? זאָגט פּיניע, אַז זיין נאָז האָט נישט געוואַרט, ביז דאָס פּרעסל וועט זיך מטריח זיין צו איר. ער קאָן באַשטיין, זאָגט ער, אַז זיין נאָז זאָל גיין צום פּרעסל. ווי קומט זי, די נאָז, צום פּרעסל? לאָזט זיך אויס, אַז פּיניע האָט נאָר געזוכט אַ שטיקל אַרבעט, און ווייל ער האָט אַ נידעריקע ראיה, האָט ער זיך דעריבער אָנ־געבויגן האַרט צום טיש און האָט געטראָפן מיטן שפּיץ נאָז גלייך אויפן אָנגעגליטן פּרעסל.

אַ שלימאַזל, אַז ער פאַלט אין שניי, טרעפט ער אויך אויף אַ שטיין...

איך האָב מורא אַז מיר וועלן זיך מיטן שאָפּ נישט עלטערן. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז די אַרבעטער האָבן צרות פונעם „פאָרמאַן". אויף דעם שטאָק וווּ אליהו אַרבעט, איז דער פאָרמאַן אַ רשע. ער איז אַמאָל אַליין געווען אַן אָפּריי־טער, נאָר ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און איז געוואָרן אַ „פאָרמאַן". די אַרבע־טער זאָגן, אַז ער איז ערגער פונעם „באָס". מע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אין שאָפּ, אַז דער „פאָרמאַן" רוקט דעם זייגער; אַזוי אַז ווען איר זאָלט נישט קומען וועט איר פאַרשפּעטיקן... און אונדזער חבר פּיניע דערציילט פון זיין שאָפּ נאָך שענערע מעשיות. זייער „פאָרמאַן", זאָגט ער, לאָזט נישט דעם אַרבעטער אַ קוק טאָן אין אַ „פּייפּער" אַריין. לייענען אַ צייטונג ביי דער אַרבעט — חיות נישט זיכער! רייכערן שמועסט מען נישט. אַ וואָרט טאָר מען נישט אַרויסריידן צווישן זיך. ס׳איז אַזוי שטיל, — זאָגט ער, — אַז מע קאָן הערן אַ פליג! אויסער דעם טראַסק מיטן גרעגערן פון די מאַשינען. נאָך אַ מעלה האָט זיין שאָפּ: דאָרט ווערן די פּרעסלעך אָנגעוואַרעמט מיט גאַז.

און דאָס גאַז פון די פּרעסלעך פאַרהאַקט אַזוי דעם קאָפּ, אַז די אַרבעטער אין שאָפּ פאַלן חלשות און מיזן „סטאָפּן" די אַרבעט. רעכנט מען זיי אָפּ פון דער „פּיידע". דאָס הייסט, אַז עס קומט צום אָפּנעמען פאַר דער וואָך, וואָס מע האָט פאַרדינט, ווערט אַ לאָך. דאָ האָט איר פאַרשפּעטיקט פינף מינוט — אַראָפּ אַ האַלבן טאָג. דאָ זייט איר צו פרי אַוועקגעגאַנגען — אַראָפּ אַ האַלבן טאָג. דאָ זייט איר געפאַלן אין חלשות — פאַרפאַלן אַ טאָג.

— גייך. מען קאָן שוין מער נישט אַריבערטראָגן. מע וועט מוזן אַרויס אין שטרייק.

מ. ראָזענפעלד

# מיין יינגעלע

איך האָב אַ קליינעם יינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פיין!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט;
איך טרעף אים שטענדיק שלאָפנדיק,
און זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס
און לאָזט מיך שפעט צוריק;
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב;
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים,
אין פינצטערניש געהילט;
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפילט,

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ „פעני" מיר
מיין גוטער, גוטער פאַ?"

איך הער עס צו און אייל — עס מוז,
יאָ, יאָ, עס מוז געשען!
די פאָטער־ליבע פלאַקערט אויף:
עס מוז מיין קינד מיך זען!...

איך שטיי ביי זיין געלעגערל,
און זע, און הער, און שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפעלעך:
„אָ, ווו איז, ווו איז פאַ?"

איך קוש די בלויע אייגעלעך,
זיי עפענען זיך — „אָ קינד!" —
זיי זעען מיך, זיי זעען מיך
און שליסן זיך געשווינד.

„דאָ שטייט דיין פאַפאַ, טייערער,
אַ פעניעלע דיר, נאַ!"
אַ טרוים באַוועגט די ליפעלעך:
„אָ, ווו איז, ווו איז פאַ?"

איך בלייב צעווייטיקט און צעקלעמט,
פאַרביטערט און איך קלער:
„ווען דו דערוואַכסט אַמאָל, מיין קינד,
געפינסטו מיך נישט מער..."

משה נאַדיר

# מיין ערשטער דעפּאָזיט

איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען. ווי ס׳איז מיר גאָר איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק — צו נעמען מיינע בלוטיקע געלטער און זיי אָנגעטרויען אַ באַנק! אָבער עס איז געשען. מוצאי־חנוכה פון היינטיקן יאָר, האָב איך גענומען מיינע שווער פאַרהאָרעוועטע געלטער — מיינע צוואַנציק דאָלאַר — און זיי אַוועקגעטראָגן אין באַנק אַריין, און אָנשטאָט געלט, לעבעדיק געלט, וואָס מען קאָן דערמיט קויפן וואָס מען וויל, האָב איך געקראָגן עפּעס אַ גרין ביכעלע צונויפגעלייגט אין אַ געל קאָנווערטל, און — דאָס אַלץ. אַז איך האָב דאָס דערזען, איז מיר איינגעפאַלן ס׳האַרץ, און איך האָב שוין חרטה געהאַט אויפן גאַנצן ענין.

ערשטנס איז מיר נישט געפעלן געוואָרן דאָס בחורל וואָס ס׳שטייט ביים פענצטערל און נעמט צו ס׳געלט. אַ יונג בחורל, נישט קיין פאַרהייראַטס. וואָס טו איך אים, אַז ער נעמט צו ס׳געלט און אַנטלויפט? און צווייטנס איז מיר נישט געפעלן געוואָרן, ווי אַזוי ער האָט מיך באַהאַנדלט: צוגענומען ס׳געלט, אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ ביכעלע, אַריינגעשריבן דאָרטן וואָס נישט איז, דערלאַנגט דער־מיט אַ קנאַק אויפן פענצטערל און אַ זונג געטאָן: „נעקסט!״...

אַזוי גיך ווי איך האָב געקראָגן ס׳ביכעלע, האָב איך אַ קוק געטאָן אינעווייניק און... ס׳איז מיר פאַרקילט געוואָרן ווו איך האָב געהאַט אַ טראָפּן בלוט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין געשריפטס? און ווי אַזוי וועט ער עס קאָנען איבערלייענען? און פון וואַנען ווייס ער אַז עס מאַכט צוואַנציק?... „העי!״ — האָב איך געטראַכט, — „עפּעס געפעלט מיר נישט דער גאַנצער עסק!״... און איך בין צוגעלאָפן צום פענצטערל, אַוועקגעשטופט דעם יידן, וואָס איז געשטאַנען אין דער ריי, און אַריינ־געשריגן צו דעם בחורל דאָרטן אינעווייניק: „העי!״ — האָב איך אים אַריינגע־שריגן, — „איך האָב אייך אָקאָרשט אַוועקגעגעבן צוואַנציק דאָלאַר!״

—„וואָסזשע ווילט איר?״ — מאַכט צו מיר דאָס קאַסירערל און פאַרשניצט זיך אַ בלייפעדער.

— איך וויל, איר זאָלט נישט זיין אַזאַ עזות־פּנים! — זאָג איך.

מאַכט ער צו מיר: „מיסטער, וואָס ווילט איר? איך האָב אייך געגעבן אַ ביכל? באַסטאַ!״

— גענוג! — זאָג איך. — איך וויל מיט דיר מער נישט רעדן, דו בלוטזוי־גער — זאָג איך — וואָס דו ביסט. איך זע שוין, — זאָג איך, — אַז איך בין דאָ אַריינגעפאַלן אין די ריכטיקע הענט. גיב מיר צוריק — זאָג איך — מיינע צוואַנ־ציק דאָלאַר!

מאַכט ער צו מיר: „אימפּאָסיבל!״

זאָג איך: איך וועל דיר באַלד געבן אַ „אימפּאָסיבל“, אַז דער גוטער יאָר וועט דיך צונעמען. שווינדלער — זאָג איך — וואָס דו ביסט. מיט מיר — זאָג איך — וועסטו נישט מאַכן אַזעלכע שטיק. גיב אַהער דאָס געלט, — זאָג איך, — איידער — זאָג איך — איך שריי גוואַלד. ג־וו־אַל־ד! — צעשריי איך זיך אויפן קול — ג ־ וו ־ אַ ־ ל ־ ד !

דערהערט, אַז איך שריי גוואַלד, איז ער שוין געוואָרן אַביסל ווייכער — דער בחור — און מיר געגומען געבן צו פאַרשטיין, אַז איצט קאָן ער מיר נישט צוריקגעבן דאָס געלט, אַז איך מוז וואַרטן צוויי וואָכן.

זאָג איך: אויב אַזוי, טאָ לייענט זשע מיר איבער, וואָס איר האָט אַריינגעשריבן אין ביכעלע. לאָמיר זען, — זאָג איך, — צי איר ווייסט, וואָס איר האָט דאָרטן אַריינגעשריבן. עפּעס — זאָג איך — האָט איר עס מיר געמאַכט צו שנעל. עס גלויבט זיך מיר נישט, — זאָג איך, — אַז מע זאָל אַזוי גיך קענען פאַרשרייבן אַזויפיל געלט.

נעמט ער ביי מיר צו דאָס ביכעלע און לייענט איבער: צוואַנציק טולער.

זאָג איך: אָלרייט. געדענקט זשע! ס׳איז צוואַנציק טולער! און זאָלן די יידן, — זאָג איך, — וואָס שטייען לעם פענצטערל זיין עדות. יידן! — זאָג איך, — זייט עדות, אַז איך האָב דאָ אין באַנק צוויי קנאַקנדיקע צענערלעך!

און איך גיי אַהיים מיטן ביכעלע.

מילא, פאַרשטייט זיך, אַז פון שלאָפן איז געווען אָפּגערעדט; אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז רויבער זיינען באַפאַלן די באַנק און אויסגערויבט ווי אַ סענט. עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט האָב איך זיך אויפגעוועקט און געשריגן גוואַלד׳. און אַז ס׳איז געוואָרן טאָג, האָב איך די ערשטע זאַך געכאַפּט דעם טראַמ־ווייי און אַוועקגעלאָפן צו דער באַנק.

זי איז געווען גאַנץ, נישט אויסגערויבט. אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פון האַרץ.

נאָר אַזוי ווי איך בין אַזוי געשטאַנען ביי דער באַנק און באַטראַכט דאָס פענצטער׳, איז מיר איינגעפאַלן, אַז די גראַטקעס זיינען צו שוואַך, און אַז מען דאַרף האָבן נייע גראַטקעס.

בין איך שוין אַזוי געשטאַנען מיטן פעקל עסן אין האַנט און געוואַרט, ביז דער פרעזידענט פון באַנק וועט אָנקומען.

אַז דער פרעזידענט איז אָנגעקומען, האָב איך אים פאַרנומען אָן אַ זייט און אים געזאָגט, אַז ער מוז האָבן נייע גראַטקעס פאַר דער באַנק און נאָך מיין מיי־נונג — זאָג איך — איז די גאַנצע געביידע אַ שוואַכע און מען דאַרף זי איבער־בויען׳. מען דאַרף זען — זאָג איך — די גאַנצע געביידע זאָל זיין פון סאַמע מירמל־שטיין, ווייל מירמלשטיין — זאָג איך — איז האַרט.

מאַכט ער צו מיר: אָלרייט. איך דאַנק אייך פאַר דער עצה.

זאָג איך: געדענקט זשע, למע״ה! אַ נייע געביידע פון מירמלשטיין! און נייע גראַטקעס... און סע זאָל זיין — זאָג איך גוט באַוואָרנט... איך בין עקסטרע

— זאָג איך — געקומען צולויפן פון בראָנזוויל, ווייל ס'האָט זיך מיר — זאָג איך — געחלומט, אַז מען האָט אונדז באַגנבעט...

און איך לויף אַוועק צו דער אַרבעט.

פאַרנאַכט, אַז איך דאַרף אַהיימפאָרן, טראַכט איך: איכ'ל פאַרבייגיין די באַנק, זען, וואָס סע הערט זיך. מען קען קיינמאָל נישט וויסן, — טראַכט איך, — ווי אַזוי אַ זאַך מאַכט זיך. ס'אַמעריקע! — טראַכט איך.

איך קום אַזוי צו צו דער באַנק און גיב אַ קוק, זע איך: עפּעס אַ ייד פּליט אַרויס פון דער באַנק און — הייבט אָן לויפן.

הייב איך אָן שרייען „גוואַלד!" און — איך לויף אים נאָך... אַזוי לאַנג ביז וואַנען אַ פּאָליציימאַן האָט אים אָפּגעשטעלט. און מיינט איר, וואָס האָט זיך אַרויס־געוויזן? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער ייד איז אַנגעשטעלט אין באַנק, און ער איז געלאָפן כאַפּן אַ טראַמוויי, ווייל די ווייב איז אים קראַנק געוואָרן.

האָב איך מיך אַ קאַפּעלע פאַרשעמט און אַהיימגעפאָרן.

אָבער שלאָפן האָב איך ווידער נישט געקאָנט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר אַלץ אויסגעדאַכט, אַז דאָס קאַסירערל, וואָס האָט מיר געגעבן ס'ביכל, האַלט אין דער האַנט אַ זעקל מיט געלט און לויפט, און איך נאָך אים... און איך האָב ווידער עטלעכע מאָל געשריגן גוואַלד פון שלאָף און געוואָרפן מיט די הענט, און שיר נישט דערהרגעט דאָס קינד...

צומאָרגנס גאַנץ פרי בין איך אַוועק צו אַ לאַנדסמאַן, וואָס וווינט גראָד אַנט־קעגן דער באַנק, און איך האָב אים צוגעזאָגט דרייסיק פּראָצענט פון דעם פאַר־לוסט, אַבי ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף דער באַנק און ער זאָל זי היטן.

„היט! — האָב איך געבעטן. — זיץ און היט! לאָז נישט אַראָפּ — זאָג איך — אַן אויג פון דער באַנק, און אַזוי גיך, — זאָג איך, — ווי גאָט וועט מיר העלפן, אַז די צוויי וואָכן וועלן בשלום אַריבער, כאַפּ איך גלייך אַרויס — זאָג איך — די צוואַנציק טולער, און לאָזן זיך — זאָג איך — אָנצינדן אַלע בענק. מער — זאָג איך — טרעט איך דאָרט נישט אַריבער די שוועל!"

דערווייל גייען אַוועק נאָך צוויי טעג; לייען איך אין די „פּייפּערס", אַז מען האָט באַגנבעט אַ באַנק, ערגעץ אין די בראָנקס. לויף איך אַוועק צום פּרעזידענט פון מיין באַנק און זאָג אים:

— ס'איז ביטער!

מאַכט ער צו מיר: „וואָס איז דער מער?"

זאָג איך: „מען האָט באַגנבעט!"

זאָגט ער: „ביי מיר וועט מען נישט גנבענען! מיין באַנק איז באַוואָרנט".

זאָג איך: „נו, און וואָס טוט איר, למשל, אַז אייער קאַסירעלע כאַפּט דאָס געלט און אַנטלויפט?"

זאָגט ער: „מיסטער, איר ווייסט נישט, וואָס איר רעדט!"

זאָג איך: „נו, מילא... ווייס איך נישט, וואָס איך רעד... אָבער נייע גראַטעס האָט איר געמאַכט?..."

זאָגט ער: „ניין!"

זאָג איך: „נו, און די געביידע האָט איר איבערגעבויט, צי אויך נישט?"

מאַכט ער: „טוט אַ טובה, הערט אויף נודיען!"

זאָג איך: „אויב איר האָט נישט געמאַכט קיין נייע גראַטקעס, און די געביידע נישט איבערגעבויט, און דאָס שיינע קאַסירערל אייערס האָט איר נישט אָפּגעשאַפט, טאָ גיט זשע מיר אַהער — זאָג איך — דאָס געלט!".

זאָגט ער: „איר מוזט וואַרטן ביז עס וועט זיין פולע צוויי וואָכן".

זאָג איך: „אָלרייט. איך וועל וואַרטן. אָבער ווייסט איר, וווּ איך וועל וואַרטן? אָט דאָ אין דרויסן, פאַר דער באַנק, וועל איך וואַרטן. איר וועט ביי מיר — זאָג איך — קייען די ערד, און קיין זאַך — זאָג איך — וועט איר ביי מיר נישט אויספירן. איך זאָל אַפילו וויסן, אַז מיינע קינדער זאָלן בלייבן אָן אַ טאַטן, וועל איך מיך נישט רירן פון דרויסן, ביז וואַנען איך וועל נישט האָבן צוריק ס׳געלט. איכ׳ל נישט איבערלאָזן — זאָג איך — די באַנק אויף הפקר. איך — זאָג איך — וועל היטן, און מיין לאַנדסמאַן, וואָס וווינט קעגנאיבער וועט היטן... סעט זיך טאָן — זאָג איך — חושך! אָט אַזאַ מין ייד בין איך!.. איכ׳ל דאָ שטיין אין דרויסן — זאָג איך — אין די גרעסטע פרעסט, און לאָמיך זען, — זאָג איך, — טוט מיר עפּעס!"

מאַכט ער צו מיר: „איר זייט אַ מאָדנער מענטש; קומט אַראָפּ מיט מיר אונטן אין באַנק, וועל איך אייך הייסן אויסצאָלן — זאָגט ער — אייערע צוואַנציק דאָלאַר".

אַזוזוי! — זאָג איך — אַזעלכע שטיק גייען ביי מיר נישט, און ווייל — זאָג איך — איר ווילט מיר צוריקגעבן ס׳געלט, וויל איך עס דווקא נישט נעמען. איר קענט מיך — זאָג איך — נישט צווינגען דערצו"...

זאָגט ער: „אָלרייט, נעמט נישט אַרויס ס׳געלט".

זאָג איך: „ס׳הייסט, „נעמט נישט אַרויס ס׳געלט", אַז איכ׳ל ווען, וועל איך אַרויסנעמען".

זאָגט ער: „פעטער, גייט אַרויס און הערט אויף נודיען!"

זאָג איך: „אָלרייט, איך גיי, אָבער איכ׳ל שטיין אין דרויסן. אין די גרויסע פרעסט וועל איך שטיין אין דרויסן און היטן מיינע געלטער. און מיין אומשולדיק בלוט — זאָג איך — און דאָס בלוט פון מיינע אומשולדיקע יתומים וועט פאַלן — זאָג איך — אויף אייערע קעפּ. באַנדיט — זאָג איך — וואָס איר זייט! טויטשטראָף — זאָג איך איז פאַר אייך ווייניק... היצעל! מערדער! גוואַלד!"

און איך נעם שרייען מיט אַלע כוחות.

דער סוף איז געווען, אַז מע האָט מיר אָפּגעגעבן די צוואַנציק דאָלאַר, און ווען איך בין אַהיים געגאַנגען פון דער פאַבריק, האָט מען זיי ביי מיר אַרויסגעגנבעט פון קעשענע.

און פון דעמאָלט אָן (אַזוי ענדיקט דער ייד וואָס דערציילט די דאָזיקע געשיכטע) פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך געגעבן אַ שבועה, אַז מיין פוס זאָל נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ באַנק. ס׳זיינען אמתע באַנדיטן, זיינען זיי! קעשענע־גנבים! לאָזן זיי זיך אָנצינדן!



י. ל. פּרץ

# דער משולח

ער גייט, און דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס און די ווייסע באָרד.

אַלעמאָל כאַפּט ער זיך אָן מיט דער רעכטער האַנט אין דער לינקער זייט! עס גיט אים אַלעמאָל דאָרט אַ שטאָך. ער וויל זיך דאָך נישט מודה זיין; ער וויל זיך דווקא איינרעדן, אַז ער טאַפּט נאָר ביי דער בוזים־טאַש.

— איך זאָל נאָר דעם קאָנטראַקט מיט דעם געלט נישט פאַרלירן! — אָט פאַר דעם מכלומרשט ציטערט ער.

— און אַפילו עס שטעכט, איז אויך אַ נאַרישקייט! איך האָב נאָך, געלויבט איז גאָט, גענוג כוח אויף אַזאַ שליחות. אַנדערע אין מיינע יאָרן וועלן שוין קיין וויאָרסט נישט אָפּגיין; נאָר איך, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, דאַרף נאָך נישט צו קיין מענטש און פאַרדין מיר אַליין מיין ברויט... געלויבט איז גאָט, מען געטרויט מיר געלט!

— ווען איך האָב מיין אייגנס, — טראַכט ער וויטער, — וואָס מען געטרויט מיר, וואָלט איך אין שליחות צו זיבעציק יאָר נישט געגאַנגען; ווייל אָבער דער רבונו של עולם אַזוי, איז אַזוי גוט!

עס הייבן אָן צו פאַלן גראָבע פלאַכעס שניי; ער ווישט זיך אַלע מאָל דאָס פּנים.

— איך האָב נאָך — טראַכט ער — אין גאַנצן אַ האַלבע מייל, אַ וואָ! אויך מיר אַ גאַנג! אַ סך נענטער ווי ווייטער! — ער דרייט זיך איבער. מען זעט שוין אַפילו נישט דעם סטאַטישן זייגער, נישט דעם קלויסטער, נישט די קאַזאַרמע. „נו, שמריה, פאָר!"

און שמריה פאָרט אין דעם נאַסן שניי; די אַלטע פיס קאָפּען זיך אַריין און אַרויס. — „געלויבט איז גאָט, עס איז קיין גרויסער ווינט נישטו!"

גרויס האָט אַ פּנים ביי אים געהייסן אַ שטורעמווינט; דער ווינט איז געווען גענוג שטאַרק און געיאָגט גלייך אין פּנים אַריין, אַז עס האָט אים אַלע מאָל אָטעם פאַרפעלט; ער האָט אים אַרויסגענאַרט אַלע טרערן פון די אַלטע אויגן, וואָס האָבן אים געשטאָכן ווי שפּילקעס. נאָר אויף די אויגן ליידט ער תמיד.

פאַרן ערשטן געלט, פאַלט אים איין, קויפט ער זיך וועג־ברילן, — אַזוינע גרויסע, קיילעכדיקע; זיי זאָלן די גאַנצע אויגן פאַרשטעלן.

ער דאַרף אַפילו אַ שטיקל פעלצל אויך. עס וואָלט אים לייכטער געווען אויף דער ברוסט... ער רעכנט איבער, אַז דערווייל האָט ער נאָך אַ וואַרעמע קאַפּאָטע!

— זי זאָל זיך נאָר נישט רייסן וואָלט זי גאָר ווויל געווען. — ער שמייכלט מיט פאַרגעניגן: „דאָס, — טראַכט ער, — איז נישט קיין היינטיקע קאַפּאָטע. קיין קיי און שפּיי, קיין שפּינוועבס! נאָר פאַרצייטישער לאַסטיק; דאָס וועט מיך איבער־לעבן! און אָן אַ שפּאַלט, דאָס איז אויך אַ מעלה; זי צעפּליט זיך נישט אַזוי ווי אַ היינטיקע סחורה, און פון פאָרנט פאַרלייגט זי זיך אויף אָן איילן!"...

— אַ פעלצל — טראַכט ער ווייטער — איז אייגנטלעך בעסער. אַ פעלצל איז וואַרעם, גוט וואַרעם, נאָר אַלץ פריער ברילן. אַ פעלצל איז נאָר גוט ווינטער, און ברילן דאַרף מען תמיד; וואַרעם זומער עס מאַכט זיך אַ ווינט און יאָגט דעם שטויב גלייך אין די אויגן אַריין, איז ערגער ווי ווינטער.

און עס בלייבט, אַז פריער זיינען ברילן, דערנאָך ערשט אַ פעלצל!

און ער שליאָפּעט ווייטער; און דער נאַסער שניי פּאַטשט אים אין פּנים אַריין, דער ווינט ווערט אַלע מאָל שטאַרקער, און די זייט שטעכט אַלע מאָל מער.

— דער ווינט זאָל זיך נאָר וועלן איבערדרייען! נאָר מן־הסתם — טראַכט ער — איז אַזוי גלייכער; צוריקצוועגס וועל איך מער מיד זיין, וועל איך אים דעמאָלט האָבן פון הינטן! אָ, דעמאָלט וועט עס גאָר אַנדערש גיין! אַלץ פאַרזאָרגט! גרינג אויפן האַרצן!

ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אַ רגע און דעם אָטעם כאַפּן. דאָס שרעקט אים אַביסל איבער:

— וואָס איז אַזוינס מיט מיר געשען? וויניק פרעסט און ווינטן האָב איך אויסגעהאַלטן אַלס קאַנטאָניסט? — פרעגט ער זיך טרויעריק און האַלב דער־שראָקן.

און ער דערמאָנט זיך זיין „סלוזשבע" אַלס ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. פינף און צוואַנציק יאָר ריינע „סלוזשבע" אונטער דער ביקס, חוץ די קינדערשע יאָרן אַלס קאַנטאָניסט. ער איז זיך גענוג אָנגעגאַנגען אין זיין לעבן, געמאַרשירט אי־בער בערג און טאָל, אין שניי און פראָסט און אַלערליי זאַווערוכעס. און וועלכע שנייען, וועלכע פרעסט! די ביימער פלעגן פלאַצן, פייגעלעך פלעגן טויטע אַראָפּ־פאַלן אויף דער ערד — און דער רוסישער סאָלדאַט איז געגאַנגען פריש, לעבעדיק און נאָך דערצו אַ לידעלע געזונגען, מיט די פיס צוגעקלאַפּט.

דעו' געדאַנק אַז ער האָט גאַנצע פינף און דרייסיק יאָר אויסגעהאַלטן די פּאַר־צייטיקע „סלוזשבע", אויסגעשטאַנען אַלע צרות, אַלע שנייען, אַלע ווינטן, אַלע שלעק, הונגער, דאָרשט און נויטן, און אַ געזונטער אַהיים געקומען, — דער גע־דאַנק מאַכט אים גרויס! ער הייבט אויף דעם קאָפּ מיט גדלות און גייט מיט נייעם כוח.

ער גייט; דער ווינט ווערט אַביסל שטילער, עס ווערט אַלע מאָל טונקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

„אויף מיר אַ טאָג, — טראַכט ער, — אַ טל־ומטר׳ל!... און ער הייבט זיך אָן מער צו יאָגן, עס זאָל אים נישט די נאַכט באַפאַלן.

ער פילט אַביסל הונגער, און אַ טבע האָט ער, אַז ווען ער ווערט הונגעריק, ווערט ער לוסטיק! ער ווייסט, אַז אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך; זיינע סוחרים, וואָס שיקן אים אין שליחות, וויינען תמיד נאָר אויף דעם, וואָס זיי זיינען קיינמאָל נישט הונגעריק! ער האָט, ב"ה, אַפּעטיט! אויסער, אַז ער איז נישט בקו־הבריאה. ווי למשל, נעכטן: ער איז קראַנק געווען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס ברויט איז זויער'.

— נאָר געלויבט איז דער, וואָס ער איז נישט ווערט זיין נאָמען צו געדענ־קען, עס טרעפט זיך אים זעלטן!

אַצינד האָט ער אויך אַפּעטיט; ער האָט אפילו אין קעשענע ברויט מיט אַ שטיקל קעז... דאָס שטיקל קעז האָט אים דעם סוחרס ווייב געגעבן, לעבן זאָל זי און געזונט זיין! זי איז טאַקע אַ בעל־צדקה, זי האָט אַ יידיש האַרץ.

— זי זאָל נאָר נישט אַזוי קללהן, — טראַכט ער, — וואָלט זי געווען גאָר אַ ווילע יידענע!... — ער דערמאָנט זיך אָן זיין געשטאָרבענער ווייב.

— גאָר מיין שפּרינצע! זי האָט אויך געהאַט אַזאַ גוט האַרץ און אַזאַ טבע צו קללה׳ן! וואָס פאַר אַ קינד איך האָב אַוועקגעשיקט אין דער וועלט אַריין, האָט זי געוויינט ווי אַ ביבער, כאָטש אין דער היים האָט זי זיי געשאָלטן מיט טויטע קללות! ווער שמועסט, — דערמאָנט ער זיך, — אַז איינס איז געשטאָרבן! זי האָט זיך געוואָרפן גאַנצע טעג ווי אַ שלאַנג אויף דער ערד, געהאַקט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט וואַרפן אַ שטיין אין הימל אַריין!

„אַ שיינע גבורה האָט געשטעקט אין דער שפּרינצען!... עס האָט זיך געדאַכט אַ פליג, און אַזאַ כוח, אַזאַ כוח!..."

— פאָרט, זי זאָל עס מיר מוחל זיין, אַ גוטע געוועזן! זי האָט אַפילו מיך אויך נישט פיינט געהאַט, כאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט נישט גע־געבן!

— פעו! — האַקט ער זיך אַליין איבער די געדאַנקען. — וואָס מיר קומט אַלץ אין קאָפּ אַריין! דורך די פּוסטע זאַכן גיי איך פאַמעלעך.

— נו, זעלנערישע פיס, טראָגט ווייטער! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — אַרום און אַרום שניי; אויבן אַ גראָער הימל מיט שוואַר־צע שמאַטעס געלאַטעט. — גאָר מיין אונטערשטע קאַפּאָטע! — טראַכט ער.

דערווייל נעמט אַ פראָסט. די באָרד און די וואָנסעס זיינען אייז. אין גוף איז אַפילו נישקשה, דער קאָפּ איז גאָר וואַרעם, אויפן שטערן פילט ער טראָפּן שווייס; נאָר די פיס ווערן וואָס אַמאָל שוואַכער און קעלטער.

שוין נישט ווייט, ער האָט דאָך חשק זיך אָפּצורוען און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל דאַרף ער זיך אָפּרוען ביי אַ שליחות פון צוויי מייל וועג. ער וויל זיך נישט מודה זיין אַז ער איז אַן אַכציקער און עס איז שוין צייט דערויף.

ניין, ער מוז גיין... נאָר גיין... כל־זמן מען גייט, גייט מען, עס טראָגט זיך, קוים גיט מען נאָך דעם יצר הרע און מען רוט זיך אָפּ, ווערט מען שוין אַ לייט!

— מען קען זיך גלאַט פאַרקילן. — שרעקט ער זיך אַליין איבער און וויל זיך אַלץ אויסרעדן דעם שטאַרקן חשק צום אָפּרוען.

— נישט ווייט שוין צום דאָרף, דאָרט וועל איך זיך אויך צייט האָבן!

— דאָס — טראַכט ער — וועל איך טאָן: איך וועל נישט גיין גלייך צום פריץ... ביים פריץ מוז מען וואַרטן אַ שעה אין דרויסן... נאָר גלייך צום יידן.

— כאָטש גוט, — טראַכט ער, — וואָס איך האָב נישט קיין מורא פאַר דעם פריצס הונט; פונדעסטוועגן, ביינאַכט, אַז מען לאָזט אָפּ דעם בורן, איז פאָרט אַ סכנה; איך האָב מיט אַפילו מיין וועטשערע, און בורי האָט ליב קעז. פאָרט בעס־סער פריער אויסרוען די ביינער! איך וועל מיר פריער אַריינגיין צום יידן אָנוואַרע־מען זיך, וואַשן, עפּעס עסן...

און עס קומט אים וואַסער אין מויל אַריין; ער האָט פון אינדערפרי אָן נישט געגעסן. נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט, אים אַרט נישט, וואָס ער איז הונגעריק; ער האָט הנאה דערפון: אַז מען איז הונגעריק איז אַ סימן, אַז מען לעבט! נאָר די פיס!...

ער האָט נאָך איינגאַנצן אַ צוויי ווערסט; ער זעט שוין אַרויס דעם פריצס גרוי־סע שאָפּע... נאָר די פיס גייען נישט, זיי ווילן זיך דווקא אָפּרוען!

— און ווידער פאַרקערט, — טראַכט ער זיך, — וואָס איז, אַז איך וועל זיך אַביסל אָפּרוען? אַ מינוט, אַ האַלבע מינוט! אפשר יאָ? לאָז מיך נאָר פּרוּוון! אַזוי לאַנג פאָלגן מיך די פיס, וועל איך זיי אויך אַמאָל פאָלגן!

און שמריה זעצט זיך אין דער זייט אויף אַ בערגל שניי. אַצינד הערט ער

ערשט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים ווי אַ האַמער און עס שטעכט, און דער קאָפּ שוויצט...

ער דערשרעקט זיך... צי ווערט ער נישט קראַנק? ער האָט ביי זיך פרעמד געלט! ער קאָן בלייבן, חס ושלום חלשות... און ער טרייסט זיך: געלויבט איז גאָט וואָס קיינער גייט נישט! און אַפילו עמיץ זאָל גיין, וועט אים אויך נישט איינפאַלן, אַז איך האָב געלט ביי מיר... מ׳שטיינס געזאָגט, ווּעמען מע געטרויט געלט!... נאָר אַ קאָפּ זיצן, דערנאָך גיי!

נאָר די ברעמען פאַלן אים צו ווי בליי.

— גיין, הייב זיך אויף, שמריה! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

קאָמאַנדירן קען ער נאָך, אָבער אויספירן נישט; ער קען נישט רירן. אים דאַכט זיך דאָך, אַז ער גייט, אַז ער גייט אַלע מאָל שטאַרקער! אָט זעט ער שוין אַלע הייזלעך... דאָ ווינט אַנטעק, דאָרט באַזילי; ער קען זיי אַלע, ער דינגט ביי זיי פורן... צום יידן איז נאָך ווייט, נאָר גלייכער צום יידן... און אים דאַכט זיך אַז ער גייט צום יידנס הייזל; נאָר עס רוקט זיך אָפּ אַלע מאָל ווייטער, ווייטער... מן־הסתם דאַרף אַזוי זיין... עס ברענט דאָרט אַ פריילעך פייערל אויפן קוימען — דאָס גאַנצע פענצטערל איז לוסטיק און רויט; די גראָבע מירל שוימט אוודאי אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל און זי איז אים שטענדיק מכבד מיט אַ קאַרטאָפל; אַ פאַרגעניגן אַ הייסע קאַרטאָפל! — און ער רוקט זיך ווייטער. אַזוי דאַכט זיך אים, הגם ער זיצט אויף איין אָרט.

— דער פראָסט האָט אַביסל געלאָזט; עס הייבן אָן פאַלן ברייטע, דיקע פלאַ־כעס שניי.

אים איז אפנים אויך וואַרעמער געוואָרן אין דער שניי־קאַפּאָטע. און עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז שוין ביים יידן אין שטוב. מירל זייט די קאַרטאָפל; ער הערט, ווי דאָס וואַסער גיסט זיך: זיור, זיור, זיור, זיור, און אַזוי גיסט זיך פון זיין לאַסטיקע־נער קאַפּאָטע אויך. יונה גייט אַרום און זינגט אונטער דער נאָז (זיין שטייגער איז צו זינגען נאָך מעריב, ווייל דעמאָלט איז ער הונגעריק) און מאַכט אַלע מאָל: „נו, מירל!״.

נאָר מירל יאָגט זיך נישט: „פּאַמעלעך טוט זיך בעסער!״

— צי שלאָף איך און עס חלומט זיך מיר? — ווערט ער ראַפּטאָם פריילעך־דערשראָקן. עס דאַכט זיך אים, אַז עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין זיין עלטערער זון... חנאָ! חנאָ! ער דערקענט אים! וואָס טוט ער דאָ? נאָר חנאָ דערקענט אים נישט, און ער מאַכט זיך נישט ווויסנדיק... כאַ, כאַ, כאַ! ער דערציילט יונהן, אַז ער פאָרט צום טאַטן; ער פרעגט אויס אויפן טאַטן, ער האָט דעם טאַטן נישט פאַרגעסן! און יונה זאָגט אים נישט, אַז דער טאַטע זיצט אויפן באַנק־בעטל!... מירל האָט צו טאָן: זי איז פאַרנומען ביי די קאַרטאָפל, זי וועט נישט מפסיק זיין; זי שמייכלט נאָר, זי רייבט די קאַרטאָפל מיטן גרויסן הילצערנעם לעפל און שמייכלט!

— אָ! חנא מוז זיין רייך, גאָר רייך! אַלץ איז אויף אים גאַנץ, און אַ קייט!...
אפשר טאמבאק?... ניין, אַוודאי גאָלד! חנא וועט נישט טראָגן קיין טאמביקענע קייט, ח"ו כאַ! כאַ! כאַ! — ער גיט אַ קוק אויפן פּיעקעליק... כאַ! כאַ! כאַ! זיי האָבן זיך באַהאַלטן אויפן פּיעקעליק. דאָס זיינען גנבים! כאַ! כאַ! כאַ! אַ שאָד, פרינצע, אַ שאָד! זי וואָלט כאָטש אויך האָבן אַ נחת! דערווייל באַשטעלט חנאַ צוויי גענדז. „חנאָ! חנאָ! דערקענסט מיך נישט? איך בין עס!..." און אים דוכט זיך אַז ער צעקושט זיך מיט חנאַן...

— הערסטו, חנאַ, אַ שאָד די מאַמען. זי זאָל דיך זען!... יאַנקל, בערל, זכריה! אַראָפּ פון פּיעקעליק! איך האָב אייך באַלד דערקענט! קומט אַראָפּ, איך האָב גע־ ווּסט אַז איר וועט קומען! והא־ראיה, איך האָב אייך מיטגעברענגט קעז, אמתן שאפענעם קעז! זעט נאָר, קומט, קינדער! איר האָט דאָך עפּעס ליב זעלנעריש ברויט. וואָס? אפשר נישט? אמת, אַ שאָד די מאַמען?!!

און עס דאַכט זיך אים, אַז אַלע פיר קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט און האַלדזן אים און קושן און דריקן זיך צו אים צו.

— נא וואָלנע, קינדערלעך, וואלנע! דריקט מיך נישט צו שטאַרק! איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן, איך בין אַן אַכציקער!...

וואלנע, איר דושעט מיך, וואלנע, קינדערלעך... אַלטע ביינער! וואלנע, איך האָב געלט אין קעשענע! מיר, ב"ה, געטרויט מען געלט!... גענוג, קינדערלעך, גע־ נוג!...

און עס איז געוואָרן גענוג... ער איז געבליבן פאַרשטאַרט מיט דער האַנט אויף דער בוזעם־קעשענע.

מ אַ נ י ל ײ ב

# אין שניי

בלימעלעך, קרענצעלעך, מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט.
גוט איז אונדז איצטער ביים פּרייַלעכן פייער אין הויז!
ביזקל דער נאַפט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער מיט ברוגזלעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צייט שוין צו ליגן איך ווייכן, אין וואַרעמען בעט!" —
וועל איך ביים וואָיען און בלאָזן פון ווינט
מעשהלעך, לידעלעך זינגען, דערציילן מיין קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזן אַ ייד.
אונטערן אָרעם אַ פּעקל, טויט־הונגעריק, מיד;
נאָר מיט ביטחון אין האַרצן צום האַר פון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלנד אין אָפענעם, שנייאיקן פעלד.

פעלד הינטער אים און פאַר אים; אין דער ווייט, אין דער ברייט,
שנײ איז אים איבער די קני, און דער וועג איז פאַרווייט;
און ווי אַ פויגל אַ ווילדער טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט אָן שנײ, גיט אַ דריי אין דער לופט, און פאַרשווינדט,
קומט באַלד צוריק, רייסט דעם יידן די פּאָלעס און באָרד,
קוים מיט די כוחות דער ייד האַלט זיך איין אויפן אָרט.

הייבט אויף דער ייד צו דעם הימל מיט רחמים זיין בליק:
גאָטעניו, ברענג דו בשלום אַהיים מיך צוריק;
נאָר איבער אים איז דער הימל אַ גרויער ווי בליי,
און אַרום אים טראָגט דער ווינט זיך אַ ווילדער און פריי.
הערט נישט דער הימל דעם יידנס געבעט און געשריי,
שטויסט אים דער ווינט און ער וואַרפט אים אַ מידן אין שנײ.
אויפשטיין פון שנײ האָט שוין מער נישט קיין כוח דער ייד,
עפּעס אַ פוילקייט אַ זיסע פילט אָן יעדעם גליד.
און אין די ביינער צעגיסט זיך אַ וואַרעמע רו,
אָט, און די אויגן פאַמעלינקע שליסן זיך צו.

פלוצלונג — ער גלויבט זיך אַליין נישט: אַ קרעטשמע זאָל זיין?
ס'שלאָגט אין דער נאַכט פון אַ פענצטער אַ פריילעכער שיין,
ס'ריפּעט דער ווינט מיטן טויער, מאַכט צו, עפנט אויף,
שליטנס געלאָדן מיט סחורות פול שטייען אין הויף,
און ביי די שליטנס פאַרבונדענע שטייען די פערד,
עסן דעם האָבער און רייסן דעם שנײ ביז דער ערד.
פרייט זיך דער ייד, וואָס דער בורא האָט אין אַזאַ נאַכט
אים צו אַ מענטשלעכן ישוב בשלום געבראַכט.
קלאַפּט ער אין טיר, און מען עפנט אים באַלד — ס'אַראַ פרייד!
פריילעכע יידישע פּנימער, יידישע רייד!
איבער דער שטוב גיסט די הענג־לאָמפּ אַ ליכטיקייט אויס,
ס'טראָגט זיך אַ ריח פון טאַבאַק און בראָנפן און שווייס.
גיבן די יידן אים „שלום": „פון וואַנען אַ ייד?"
לאַכט ער: אַז ער האָט געלאָזט זיך צופוס פון יאַריד,
און אַז דער וועג איז געווען אַ ביסעלע שווער,
האָט ער געבלאָנדזשעט, ביז ער האָט געטראָפן אַהער.
לאַכן די יידן מיט אים, נאָר זיי ווערן באַלד שטיל...
יעדערנס האַרץ פילט אָן אַ רחמנות־געפיל,
יעדערנס פּנים און שטערן ווערט כמורנע פאַרטראַכט:
„ווי לאָזט אַ ייד זיך צופוס גיין אין אָט אַזאַ נאַכט?!"

ווערט באַלד דער טיש מיט מאכלים און בראָנפן געגרייט,
וואַשט זיך צום עסן דער ייד, מאַכט המוציא אויף ברויט,
זאָגט צו די יידן: — „לחיים!“ — „לשלום ר׳ ייד!“
עסט ער און טרינקט, און אַ וואַרעמע זאַטיקע פרייד
גיסט זיך, צעגייט אין זיין האַרץ, אַזש ס׳לייב ווערט אים הייס,
ווישט מיטן האַנט ער פון פנים דעם וואַרעמען שווייס.
עסט ער און טרינקט און ער עסט, אַזש עס גייט שוין ניט מער.
בענטשט ער, און ס׳שיינט אין זיין אויג אַ גאָטספאָרכטיקע טרער.
איצטער וואָלט ער מיט די יידן געשמועסט ביז שפּעט!
אָבער עס וואַרט און עס ווינקט אים די פּוכאָווע בעט,
אָבער די ביינער, דערוואַרעמטע, גאַרן צו רו,
און ווי פון זיך זיינע אויגן האַלב שליסן זיך צו,
און צו דעם קישן עס ציט זיך און נייגט זיך דער קאָפּ,
פאַלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט ווי אַ סנאָפּ.

פלוצלונג דערפילט ער — זיין האַלדז ווערט צוזאַמענגעדריקט,
עמיצער וואַרפט זיך אויף אים, אַזש דער אָטעם פאַרשטיקט!!!
און ער דערזעט באַלד זיין ווייב און די קינדערלעך שטיין,
ברעכן די הענט, ברעכן אוים אין אַ ביטער געוויין.
אָ! ניט געוויינט האָט זיין ווייב און זיין ליבלעכעס קינד,
נאָר אָ, איבער אים, אויפן פעלד, האָט געוואָיעט דער ווינט.

מאָרגן, פרימאָרגן, ווען שטיל נאָך געשלאָפן איז גאָט,
זיינען שוין גויים מיט שליטנס געפאָרן אין שטאָט;
האָבן די גויים געפונען דעם יידן פאַרווייט.
האָבן די גויים געפונען דעם יידן שוין טויט.
האָבן די גויים אַרום זיך דעם טויטן צעשטעלט.
האָבן זיין פעקל צעעפנט: „האָ, האָ, וויפל געלט!“
האָבן די גויים זיין טלית און תפילין באַטראַכט.
איינער אַ גוי האָט גאָר גראָב אויפן קול זיך צעלאַכט,
אָבער די אַנדערע זיינען געשטאַנען ווי שטום
און נאָכאַנאַנד זיך געצלמט, דערשראָקן און פרום.

בלימעלעך, קרענצעלעך, מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט, —
גוט איז אונדז איצטער ביים פריילעכן פייער אין הויז!
ביזקל דער נאַפט אין דעם שטילנקן לעמפל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפטשענען: — „שפּעט,
צייט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין וואַרעמען בעט!“ —
וועל איך ביים וואָיענדן בלאָזן אין קוימען פון ווינט
מעשהלעך, לידעלעך זינגען, דערציילן מיין קינד.

הר׳ אַסף

# רבי שמעון בר יוחאי

ר׳ שמעון האָט געלעבט אין מיטן פון צווייטן יאָרהונדערט. ער האָט דעריבער פּערזענלעך בייגעלעבט דעם מאַרטירער־טויט פון גרויסן און געליבטן רבי ר׳ עקיבא, און אַלע רוימישע רדיפות און גזירות אויף די יידן אין ארץ־ישראל; ער איז דערפאַר געווען דורכגעדרונגען מיט שנאה צו דער הערשנדער רוימישער רע־גירונג. אַ קורצע צייט נאָך ר׳ עקיבאס העלדישן מאַרטירער־טויט, האָבן די יידי־שע געלערנטע אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט ר׳ יהודה בר׳ אלעי, ר׳ יוסי און ר, שמעון בר, יוחאי, און צווישן זיי אויך יהודה בן גרים. האָט ר׳ יהודה בר׳ אלעי אָנגעהויבן מיט גוטע ווערטער פאַר די רוימער. ר׳ יוסי האָט געשוויגן און רשב״י האָט זיי געזידלט. איז געגאַנגען יהודה בן גרים און האָט זייערע רייד איבערדערציילט. האָט זיך פון דעם דערוווסט די רוימישע רעגירונג און זי האָט אַזוי געזאָגט: יהודה, וועלכער האָט געלויבט און געהויבן די ווערט פון די רוימער — זאָל דערהויבן ווערן; יוסי, וועלכער האָט געשוויגן — זאָל פאַרטריבן ווערן קיין צפורי; שמעון, וועלכער האָט געזידלט — זאָל געהרגעט ווערן. איז רשב״י אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין אַ הייל נעבן חרובא, אָדער כפר חרוב.

יאָרן לאַנג איז ער דאָרט געזעסן און זיך געגערט מיט די באָקסערן, און זיין דורשט פלעגט ער שטילן מיטן וואַסער פונעם קוואַל נעבן דער הייל. איינמאָל האָט ער זיך איינגעשטעלט און איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין באַהעלטעניש. האָט ער גע־זען ווי אַזוי פייגעלעך אַנטלויפן פון אַ נעץ. האָט ער זיך געטראַכט: אָט, ווערט דאָך אַ פויגל אַפילו נישט געכאַפּט אין נעץ, אויב גאָט וויל דאָס נישט, טאָ פאַר־וואָס זאָל אַ מענטש נישט גלויבן אַז גאָט וועט אים מציל זיין? איז ער אַרויס פון הייל און ער האָט זיך דערוווסט, אַז אינעם לאַנד איז שלום, אַז דער קיסר איז געשטאָרבן און די שמד־גזירות זיינען שוין בטל געוואָרן...

דער יאָרצייט פון רשב״י, וועלכער ווערט אומעטום באַצייכנט אַלס „הילולא דרשב״י״ ווערט שוין דערמאָנט אין תלמוד. און דער מנהג פון קומען אין מירון און דאָרט פאַרברענגען ל״ג בעומר אין פייערלעכקייט און פרייד איז שוין באַ־שריבן פונעם איטאַליענישן רייזנדן אינעם יאָר 1322.

א. ליעסין

# רבי עקיבא

דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט, בר כוכבא איז שוין טויט;
דער לעצטער שטראַל יהודהס טונקלט און פאַרגייט;
די לעצטע פעסטונג ביתר שטירצט, אין בלוט דערטרונקען;
עס ליגט דאָס הייליקע לאַנד צום דעספּאָטס פיס געזונקען.

עס טראָגט דער אָדלער רוימס פאַרוויסטונג, טויט און בראַנד;
עס פאַלט אַרויס דער שווערד ביים מוטיקן פון האַנט.
דער שוואַכער און דער שטאַרקער לויפן זיך באַהאַלטן
אין וועלדער און אין היילן און אין פעלדזן־שפּאַלטן.

עס בלייבט נאָך רבי עקיבא — איינער אין דעם פעלד:
עס לויפט ניט פאַר דעם פיינד דער אַלטער תנא־העלד!
עס קומט צוגיין דער פיינד און נעמט דעם גרייז געפאַנגען;
עס הייסט דער רשע רופוס רייסן אים מיט צוואַנגען.

דאָך רואיק קוקט דער גרייז ביים תליון אין די הענט,
און ווילד און ווילדער אַלץ דעם זיגערס כעס ברענט.
„די ערגסטע שווערסטע מיתה!" — איז דער רשע גוזר. —
„יהודהס גרעסטן מאַן זאָל זיין דער סוף וואָס בייזער!"

און ווילד און ווילדער אַלץ, פון בלוט און ראַכע שיכור,
דער תליון רייסט זיין לייב און צופּט און פליקט אויף שטיקער.
דאָך מונטער קוקט דער גרייז: עס רייסט דער צוואַנג פון אים
קיין איינציק וואָרט אַרויס, קיין קרעכץ, קיין זיפץ, קיין קרים.

דער תליון בלייבט דערשטוינט, פאַרוווּנדערט בלייבט דער פיינט.
דאָך פריילעך קוקט דער גרייז און שטראַלט מיט גליק און שיינט.
און זעלבסט דער רשע רופוס קוקט אים אָן דערשראָקן,
דעם בלוט־שטראַלנדן, דעם גרויסן וווּנדער־זקן.

— ווער ביסטו, זאָג, ווער ביסטו, שטאָלצער גרייז־רעבעל?
צי ביסטו אַ מכשף, צי גאָר אַ שד פון העל?
און מיט אַ מילד־אַנטציקטער, הימליש־העלער מינע,
געלייטערט אין דעם טויט־שמערץ, לויכטנד ווי די שכינה,

דער תנא טוט אַ בליק, און ווי אַ הייליק שיין
עס גיסט זיך שטיל זיין וואָרט און דרינגט אין האַרץ אַריין:
— אָ, שוואַרצן כישוף, רופוס, שוואַרצע שדים־טומאה
געפינסטו נישט אין מיר, געפינסט נישט אין מיין אומה!

אָ, נישט גיהנום־פייער, אַ הימליש־זיסע גלוט
דורכגעפלאַמט מיין לעצטע שעה, מיין לעצטע טראָפּן בלוט!
עס גליט אין מיר דער ווּנטש, עס פלאַמט אין מיר דאָס שטרעבן,
אין קדושה פאַר מיין גאָט מיין נפש אָפּצוגעבן.

איך האָב אויף דעם געוואַרט אַ גאַנצן לעבן לאַנג,
געטרוימט פון אָט דער שעה, פון תליון און פון צוואַנג.
געוואָלט האָט אָבער גאָט באַלאָדן מיך מיט יאָרן
און מאַכן מיך דעם עדות פון זיין גרויסן צאָרן.

איך האָב געזען דעם חורבן אונטער טיטוס׳ס האַנט;
איך האָב געזען דעם מקדש קראַכנדיק אין בראַנד.
איך האָב מיין פאָלק געמונטערט, דאָך אין האַרצנס ברומען
גערופן צו דעם טויט: דער טויט איז נישט געקומען.

איך האָב געזען אין רוים דעם ווילדן טריומף און גלאַנץ —
דעם מערדער פון מיין פאָלק אין פּראַכט און לאָרבער־קראַנץ.
עס האָבן אַלע זקנים וויסט די הענט פאַרבראָכן;
איך איינער האָב געשמייכלט, שטאַרק אין מיין ביטחון.

איך האָב געזען די חורבות אויף דעם הר־הבית;
איך האָב געזען אין מקדש ווּינען ווילדע חיות.
עס האָבן אַלע זקנים ביטערלעך געקלאָגט;
איך איינער האָב געשמייכלט, טרייסט־ווערטער געזאָגט.

דאָך האָב איך טיף געפילט אַ קנאה צו די שטיינער,
וואָס ליגן אויסגעמישטע מיט די קדושימס ביינער.
גאָט ווילן איז געווען — איך האָב געלעבט, געלעבט,
ווען טויזנט טויטן האָבן איבער מיר געשוועבט!

איך האָב געלעבט צו זען דעם בלוט־מאַרשרוט דעם רויטן,
דעם וועג פון גלות־פאָלק וואָס רייסט זיך פון די קייטן.
איך האָב געלעבט צו זען בר־כוכבאן אין זיין קאַמף,
צו זען מיין פאָלק גייט אויס אין לעצטן פרייהייטס־קראַמף!

איך האָב געדערט צום פאָלק, געוועקט זיין גלויבן, האָפן,
ווען ענדלעך האָט מיך דאָ דער תליון אָנגעטראָפן.
אָ, זיי געגריסט דו תליון, זיי געגריסט, דו לייד!
איך האָב אויף אייך געוואַרט, איך נעם אייך אויף מיט פרייד!

אָ, זיי געגריסט דו מיתה, זיי געגריסט, באַשערטע!
איך גיב זיך איבער דיר, געווינטשטע און באַגערטע!
וואָס הער איך? לוויים־קלאַנג! עס זינגט צו מיר און שאַלט!
וואָס זע איך? לבנון־שניי? עס בליצט פאַר מיר און שטראַלט!

דאָס רופט מען מיך, איך גיי, דערפילט איז מיין פאַרלאַנגען.
געבענטשט זיי גאָט, אחד!

דער גרייז איז אויסגעגאַנגען.

שלום עליכם

# ל״ג־בעומר

— א —

— אַנו, קומט נאָר אַהער, קינדער, איך באַדאַרף אייך זאָגן עפּעס אַ בייעס! — אַזוי רופט זיך אָן צו אונדז אַ טאָג פאַר ל״ג בעומר דער רבי יודל, און מיר שטעלן זיך אויף מויל און אויערן, וואָס וועט אונדז עפּעס דער רבי זאָגן פאַר אַ „בייעס״?

— וואָס פאַר אַ טאָג האָבן מיר מאָרגן? — פרעגט אונדז דער רבי מיט אַ ניגון, בויגט־איין דעם קאָפּ און מאַכט צו איין אייגל.

— ל״ג בעומר! — שרייען מיר אויס אַלע אין איין קול, ווי די ציגעלעך, אַז זיי שרייען: „מעעעע!״...

— וואָס איז ל״ג בעומר? — פרעגט ער אונדז ווייטער מיטן אייגענעם נוסח.

— דריי און דרייסיק טעג אין דער ספירה! — ענטפערן מיר אים.

— וואָס טוען חדר־ייִנגלעך ל״ג בעומר?

— חדר־ייִנגלעך, ל״ג בעומר, לייגן זיך צונויף אַלע אינאיינעם און מאַכן אַ סעודה.

— וואָס נאָך טוט מען ל״ג בעומר?

— מען נעמט די „פיילבויגנס" מיט די „ראדביקסלעך" און מען גייט גע־וואָפנט מיט כלי־זין און מיט געזאַנג ווייט־ווייט הינטערן שטאָט אַרויס.

— אָט אַזוי — רופט זיך אָן דער רבי און עפנט דאָס אייגל — אָט אַזוי האָב איך אייך ליב! אָט אַזוי זענט איר ווילע יינגלעך! און דערפאַר לאָז איך אייך אָפּ פריי כמעט אויף אַנדערהאַלבן מעת־לעת.

דערהערט דאָס וואָרט „פריי" און נאָך אויף „אַנדערהאַלבן מעת־לעת", טוען מיר אַ שטיי אויף אַלע פון די ערטער און ווילן זיך לאָזן לויפן אַהיים; נאָר איין קוק פונם רבין איז גענוג, אַז מיר זאָלן בלייבן אויף אונדזערע ערטער.

— אַהאַ! — רופט זיך אָן דער רבי שוין גאָר מיט אַן אַנדער נוסח. זע נאָר זע! איר האָט נאָר דערהערט דאָס וואָרט „פריי", האָט איר שוין פאַרגעסן דעם עול פונעם חדר.

— ווייסט איר וואָס, קינדער? וואָס טויג אונדז ווערטער? מוסר? שטראָפע־ריי? — נאַרישקייטן וועט איר דאָך געוויס נישט פאָלגן, ווועל איך דאָך אייך נאָכ־דעם געוויס דאַרפן שמייסן, אָבער, לייגט זיך שוין אייינציקווייז אַנידער, לאָמיך אייך געבן לעת־עתה צו עטלעכע שמיצלעך, אַן אדערויף הייסט דאָס... אי וואָס? טאָמער וועט דאָס זיין קאַרגלעך? האָט קיין יסורים נישט: אם ירצה השם, נאָך ל"ג בעומר וועל איך אייך, נישקשה, פאַרבעסערן. אַצינד, קינדערלעך, וואַשט די הענט און דאַוונט אייך אָפּ מנחה און — מאַרש אַהיים. נאָר שטיל, פיין, שיין, אַזוי ווי איך האָב ליב... און, אם ירצה השם, איבערמאָרגן גאַנץ פרי זאָלט איר מיר זיין אָט דאָ אַלע אויפן אָרט, נאָר ווי עס געהער צו זיין, פיינטשיק! איר האָרכט, וואָס מען רעדט צו אייך? לאָם איך זען אויף עמיצן אַ שפּרינקעלע! אַ האָר!!.... אַ גוטע באַכט, גייט געזונט, און האָט אייך אַ פריילעכן יום־טוב!

— ב —

אויף מאָרגן האָט גאָט אַרויסגעצויגן די זון פון איר פוטערפאַס און האָט אונדז געשענקט אַ שיינעם, אַ ליכטיקן, אַ פריילעכן זומערטאָג, איינעם פון יענע שיינע ליכטיקע זומער־טעג, ווען די לופט איז שמעקנדיק, פריש, מחיה־נפשות. דער הימל איז לויטער בלוי. די פייגעלעך זינגען. עס גלוסט זיך אין דרויסן אַרויס, אויף דער לופט. עס צ״ט אַהין, ווייט, ווייט פון דאָרט, ווו עס שפּראָצט אַ גרעזעלע, און דיביימער זיינען באַדעקט מיט גרינע בלעטעלעך, דאָרט, ווו גאָטס פייגעלעך טאַנצן און שפרינגען, פישטשען און זינגען. אין יענעם פרימאָרגן האָבן מיר זיך געכאַפּט, איך און מיין ברודער מאָטל, אויפשטיין וואָס פריער, אָפדאַוונען וואָס גיכער, נעמען דאָס אָנבייסן מיט זיך — און מאַרש צו ליפא שלום־אייזיקס! וואָס עפּעס צו ליפא שלום־אייזיקס? ווייל, ערשטנס, איז ליפא שלום־אייזיקס דער עלטס־טער פון די תלמידים, אַ בר־מצוה יינגל, און אַ חתן דערצו, מיט אַ זייגער און מיט אַ זילבערנער קאפּערטע; און צווייטנס, איז דאָרט פאַראַן אַ הויף אַ גרויסער, וואָס

דאָרט פלעגן מיר פאַרברענגען דעם אַנדערן האַלבן פרייען טאָג, שפּרינגען אויף איין פוס, שפּילן אין „באַהאַלטערלעך" אָדער אין „טרעפעניש"... אַז מיר זיינען געקו־מען איך און מיין ברודער מאָטל, צו ליפּא שלום־אייזיקס, האָבן מיר שוין דאָרטן געטראָפן די גאַנצע חברה (אַרום און אַרום זיינען מיר געווען פיר און פערציק פאַרשוין, תלמידים פון צוויי חדרים: פון רב יודל און פון רב אפרים).

— אָט זיינען שוין די „יאָסעלעך" מיט די „מאָטעלעך" אויך דאָ! ווייזט, וואָס האָט איר געבראַכט? — רופט זיך אָן ליפּא שלום־אייזיקס, און הייבט אָן צו־נויפנעמען די מתנות, וואָס יעדער האָט געבראַכט צו דער סעודה, און אויסרופן אויף אַ קול עטלעכן צום גראַם: — מענדל, מע מעג עסן פון דיין פענדל? אַנו, ווייז וואָס האָסטו דאָרטן? צוויי אייער־בייגל, אַ שטיק לעקעך, איין איי מיט זעקס גראָשן.

— איציק־שפּיציק, נאָדל־טעשל! גיי אין קלייט, כאַפּ אַ פלעשל! עפּעס זע איך ביי דיר, קיין עין־הרע נישט, אַ גאַנצן אוצר: צוויי קיכלעך, דריי אייער, אַ שטיק דאַרע קישקע, עטלעכע צוקערלעקעכלעך מיט מאַנדלבייגעלעך, און האָזענע ניסלעך עפּעס גאָר אַ גוזמא — אהא — און נאָך צען גראָשן דערצו! מאַלאָדיעץ!...

— יענקעלע־בענקעלע־פלעשעלע — בול־בול־בול! באַווייז זיך אַרויס מיט דיין גוטס: אַ בולקע אַ גאַנצע, אַ פערטל עוף, אַ גלעזל געגדזנשמאַלץ — וואָס איז דאָס? אַ פלעשל מעד? הערסט, דו ביסט דאָך עפּעס גאָר אַ מזיק, כ׳לעבן!...

משהלע־שטויסעלע, קלאַפּ אין שיל! אַלטע ווייבער שלאָפן! קום נאָר אַהער האָסט געבראַכט בראָנפן? — האָב איך דיך ליב, וואָרום ווו האָט איר געזען אַ „סעודה" אָן בראָנפן?...

אבי־פּאָטער, קלמן־טאָטער, טאָלער־קלמן, שניאור־זלמן, זלמן־שניאור, שלאָף אין שלייער! באַווייז, באַווייז, שעם זיך נישט! אַ האַלב איי סך־הכל? אַ שטיקל ברויט מיט האָניג?... אויך אַ מטבע! גיב אַהער, נישקשה, עס מאַכט נישט אויס! דערויף איז דאָס ל"ג בעומר, אַ שותפותדיקע סעודה!...

— טאָפּעלע טוטאריטו! ווייז וואָס האַלטסטו דאָרטן? אַ טאָפּיטע, מיט אַ שטיטל בולטע, מיט אַ טעפּל טנאָבל? וואָס האָט דיר די מאַמע אַזוי ווינציק דע־דעבן?... ליפּא שלום־אייזיקס מאַכט אים נאָך, ווי ער רעדט מיט דער „טוף", און חברה קאַטשען זיך פאַר געלעכטער, און קאָפּל אַליין לאַכט אויך.

— יואליק־בייליק האָט דעם גרעסטן חלק! דו ביסט דאָך עפּעס אַ נגידס אַ יינגל, ביי דיר קען אוודאי זיין אַ גאַנצער אוצר פון ביצים און פון שמאַלץ, פון וויין און פון בראָנפן און פון כל־טוב! איאָ, איך האָב געטראָפן? צוויי בולקעס, אַ גאַנצע האַלבע געבראָטענע קאַטשקע, אַהאַ! אַ צענדליק אייער, און טיי און צוקער, היינט ניסעלעך, מיט באָקסערן, מיט ראָזשינקעס מיט מאַנדלען, און פּאָמעראַנצן, און אַ לימענע אויך — נישט געדאַכט זלסטו ווערן! קום אַהער, לאָם איך דיר זאָגן כאָטש אַ דאַנק! יואליק דעם נגידס גייט צו, די הענט אין די קעשענעס, מיט גרויס

גדלות, און ליפּא שלום־אייזיקס דערלאַנגט אים אַ שנאַל אין נעזל אַריין. צווישן עולם ווערט אַ געלעכטער.

— אַצינד, קינדער, זעצט זיך אויס אַלע דאָ, צווישן די קלעצער, — זאָגט ליפּא שלום־אייזיקס, — לאָמיר אָקאָרשט זיך נעמען צו דער סעודה! בראָקט און עסט און „לאָז אייך ווויל באַקומען", ווי דער רבי זאָגט, אַז ער שמייסט אונדז אָפּ... ווער האָט אַ גלעזל? גיב אַהער לאָמיר טרינקען לחיים! לחיים, מלך! אַז מען טרינקט, איז מען פריילעך! לחיים, נח, פון פלעשל ציט מען כוח! קום אַהער ניסל, נעם בראָנפן אַביסל! לחיים, שעפּסל, מאַך אַ שנעפּסל! לחיים, אברהם־משה! דו האָסט דאָך ליב אַ כוסה אַ גרויסע! לחיים, טאָפּעלע, דאָס זאָל דעבן דעזונט מיט דליט מיט אַלדאָס דוטס! טרינט־אויס דאָס דאַנצע דלעזל, אַניט דיס איך דיר אַריין אין דאָרדל מיט דוואַלד, וועסט דו ערדער מאַכן!...

אַלע לאַכן, און קאָפּל אַליין לאַכט אויך.

— קינדער! זאָגט, וווהין גייען מיר הייבטיקס יאָר? — טוט אַ פרעג ליפּא שלום־אייזיקס נאָך דער סעודה.

עס ווערט אַ געשריי, געפּילדער. איטלעכער זאָגט זיין מיינונג, וווהין מען זאָל גיין.

— אויף יענער זייט בית־עולם! זאָגט מלך דער אַלמנהס.

צו דער ציגעלני! שרייט אויס אברהם־משה דעם ווייבערס אויף אַ הילכיק קול.

— צו דער ציגעלני! צו דער ציגעלני! העלפן אים אונטער עטלעכע קולות מיטאַמאָל.

— דאָרטן איז פאַראַן הינט, איר האָט שוין פאַרגעסן? רופט זיך אָן ניסל, אַ יינגל אַ בלייכס מיט אַן איבערגעשראָקענעם קוק.

— ווער האָרכט זיי? ווער האָט מורא פאַר הינט? זאָגט יואליק דעם נגידס מיט שטאַרקייט.

— דו אַליין האָסט מורא פאַר הינט אימת־מות! — האַקט אים איבער דודל צעהאַקטע ליפּ.

— נישט פאַר הינט, אפילו פאַר אַ קאַץ!... כאַפּט אונטער שעפּסל, אַ יינגל מיט איין אָפּגעבריטער באַק, און צווישן חברה ווערט אַ געלעכטער.

יואליק דעם נגידס ווערט אָנגעצונדן, למאי מע לאַכט פון אים, גייט ער צו צו שעפּסלען מיט דער אָפּגעבריטער באַק און טראָגט אים אונטער אַ פייג גלייך אונטער דער נאָז; כאַפּט ער אַ זעץ פון דודל צעהאַקטע ליפּ אין זייט אַריין; ענטפערט ער צוריק; הייבט ער אָן כאַפּן פעטש פון אַלע זייטן... אין אַן אַנדער צייט וואָלט זיך קיינער נישט איינגעשטעלט אַרויסצוטרעטן פראַנק און פריי קעגן אַ נגידס אַ יינגל, נאָר ל״ג בעומר מאַכט נישט אויס, ל״ג בעומר איז מען פריי...

— שאַט! רופט זיך אָן ליפּא שלום־אייזיקס — גענוג אייך קריגן זיך! ווייסט איר, וווהין מיר זאָלן גיין הייבטיקן ל״ג בעומר?

— וווהין? וווהין?

— קיין גאלאגאנאווקע!

— קיין גאלאגאנאווקע! קיין גאלאגאנאווקע! שרייען אַלע אין איין קול, און אפילו קאָפּל קוקאריקו העלפּט קוויטשען אויף זיין קולכעל: „דאלאדאנאווטע! דא־לאדאנאווטע!... און ס'איז געבליבן, אַז מיר גייען קיין גאלאגאנאווקע.

---

מיכל אַראָנסאָן

# נעמי און רות

כי אל אשר תלכי אלך ובאשר תליני
אלין, עמך עמי, ואלקיך אלקי.
(רות א' 16)

נעמי: — איך ווייס, מיין קינד, דו ביסט מיר טריי,
דיין האַרץ איז גינגאָלד־ריין,
נאָר קער זיך אום צום פאָטערס הויז —

רות: — ווו דו גייסט, וועל איך גיין!

נעמי: — דער הונגער הערשט ביי מיר אין לאַנד,
איך האָב קיין שטוב, קיין דאַך, —

רות: — ווו דו וועסט שלאָפן וועל איך אויך
מיר שרעקט נישט אָפּ קיין זאַך.

נעמי: — מיין פאָלק איז נישט מיט פעלקער גלייך,
אַן אָפּגעזונדערט שטאַם,
און שונאים רינגלען אים אַרום
ווי אינדזלען פון דעם ים...

רות: — אומזיסט, אומזיסט דיין ריידן גאָר,
ניט שרעק מיר, מוטער, איין,
דיין פאָלק, דיין אָפּגעזונדערט פאָלק,
וועט מיינער, מוטער, זיין.

נעמי: — מיין גאָט איז שטרענג, זיין שטראָף איז שווער
פאַר ברעכן זיין געבאָט...

רות: — אָ, מוטער, רייד נישט מער,
דיין גאָט וועט זיין מיין גאָט.




א. ליעסין

# בכורים

איך בין אין די בלויע פאַרטאָגן
אַרויס די בכורים צו טראָגן.
איך בין ווי אין חלום געגאַנגען
אַרויפצו צום באַרג צום געזוכטן,
געטראָגן די ערשטע זאַנגען,
געטראָגן די ערשטע פון פרוכטן.

געטראָגן די ערשטע פון פריידן,
די אָפּפער־עקסטאַזן פון לעבן,
געגעבן זיך פריידיק אין ליידן,
אין גאַנצן זיך איבערגעגעבן.

איך האָב די פאַרנעפלטע וועגן
נאָך קוים־וואָס געקאָנט אונטערשיידן,
דאָס בין איך מיין שטערן אַנטקעגן
געגאַנגען אין פלייצנדע פריידן.

איך האָב זיך אַלץ העכער געהויבן,
און ראָזיקער האָט זיך אַלץ אויפן
צעגליט דער פרימאָרגן פון גלויבן.

און מיטגייער האָב איך געטראָפֿן,
פֿון פֿריידיקן אויפֿגאַנג געפֿירטע,
און גלויבן און האַרץ אַזוי אָפֿן,
געהייליקטע און עקזאַלטירטע.

זיי האָבן געזאָגט: לאָמיר קומען
מיט שמחה צו גאָט אין די הויפֿן!
און אונטער די פֿיס האָט גענומען
דער בערגיקער שווינדל־וועג לויפֿן.

מיר האָבן אין שטראַלנדיקן ציטער
געשוועבט אין אַ וועלט אַ צעגליטער,
די היטער, פֿון מאָרגן די היטער.

מיר האָבן געזען פֿאַר זיך ווייען,
אין ווייטן, און הויכן, פֿאַרטרוימטע,
לאַזור־בלאָ, די קליידער פֿון כּהן,
פֿון פּורפּורנע שיינען באַזוימטע.

און לויטער און ווייטער אַ ווײַלע,
איז פֿלאַמיק אין גאָלד אויפֿגעגאַנגען
דער זוניקער מקדש של מעלה,
דער מקדש פֿון אונדזערע פֿאַרלאַנגען.

אָט הויבט אין אַ תּפֿילה אַ הייסער
דער כּהן שוין אויף די געשאַנקען,
אָט טאָגט שוין דער יום־טוב דער גרויסער!..
מיר שטייען אַנטציקטע און דאַנקען.

ווי גיך, אָ, ווי גיך איז אַריבער
דער חג הבכּורים, דער ליבער!

ז. ראָזענטאַל

# דער בכורים יום־טוב אין חיפה

פאַר מיינע אויגן שטייט אַ צויבערנד בילד, וועלכעס איך האָב בייגעוועזן, זייענדיק אין ארץ־ישראל אויף דעם דאָזיקן באַנייטן ביכורים יום־טוב.

נאָך ערב שבועות, איז אין דער שטאָט חיפה געווען גרויס די באַוועגונג, באַזונדערס האָט זיך די פריילעכע באַוועגונג געפילט אויפן הר־הכרמל. געסט און געסט פון אַלע עקן לאַנד. די פריילעכע, די מונטערע, די זאָרגלאָזע יוגנט. אויף דער הערצל־גאַס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן צוויי גרויסע טויערן מיט אויפשריפטן דורך גרויסע אותיות „ברוכים הבאים“.

איין טויער האָט געהאַט די פאָרם פון צוויי לייבן מיט גרויסע פליגל, דער צווייטער — די פאָרם פון אַ גרויסן קראַנץ וויינטרויבן מיט צוויי טויבן פוןביידע זייטן. אין אָוונט אַ ים פון שטאַרקן עלעקטרישן ליכט. לעבן טעכניקום שטייט אַ גרויסע בינע אויפגעשטעלט. די בינע איז באַפּוצט און באַצירט מיט גרינע צווייגן און גרויסע בלעטער. דאָס פאָלק גייט. די מאַסע וואַקסט. עס גייען יונג און אַלט, פרויען און קינדער אין די טויזנטער. פון אַלע עקן פון הינטערלאַנד איז מען געקומען: פון דעם עמק הירדן פון עמק יזרעאל, פון דעם גליל העליון און דעם גליל התחתון, פון מפרץ חיפה, פון זכרון־יעקב, פון עטלית, פון חדרה. אָט גייען זיי די יונגע קאָרבן־טרעגער, די שוואַרץ־ברוינע, שוואַרץ־אויגיקע, פון דער זון אָפּגעברענטע, מוסקול־שטאַרקע קינדער, די אייניקלעך פון ישי פון בית־לחם, די אייניקלעך פון נעמי און אלימלך, די אייניקלעך פון מכלון און כליון, מיט קאָרבן גרינע אויף די קעפּ. און אין די קאָרבן ליגן זאַנגען תבואה, ירקות אַלערליי. פּירות, עופות, מילגראָמען און טייטלען. אויף אייזלען רייטנדיק האָט מען עס געבראַכט, אין די פורן.

און קליינוואַרג גייט ביי דער זייט, אָנגעטון אין לאַנגע, ליכטיק־בלויע קיטלען, מיט קראַנצן צווייגלעך אויף די קעפּ, און מ׳איז מקבל די ביכורים, וואָס גייען לטובת דעם נאַציאָנאַלן באָדן פאַרן פאָלק.

שאַט. שטיל. שטייט אַלע אויף די שפּיץ פינגער: ס׳זינגען די קליינע „לוויים“ „ארמי אבד אבי“. אַ ווייך אַלטל פון יענעם קליינעם יידיש ייִנגעלע פון גוש עיך־חרוד, וואָס האָט זיך צעלאָזט מיט זיין זיס מיילעכל. דער קליינער „לוי“ זינגט, און די איבעריקע לוימלעך טאַנצן דעם גאַרבן־טאַנץ. אין אָנפאַנג — רואיק, שטיל, געלאַסן, אָבער וואָס ווייטער — שטאַרקער און שטאַרקער, הייסער, גליענדער, ליידנשאַפטלעך ביז גאָר. דער טרומייט לאָזט זיך הערן פון ווייט, ווייט.

איך האָב זיך אויסגעדרייט אין אַ זייט מ׳זאָל מיך נישט באַמערקן, און זיך באַגעגנט מיט אַ פריינט, וואָס האָט געטון דאָס זעלבע: אויך ער האָט זיך אויס־

געדרייט און אָפּגעווישט די טרערן פון די אויגן, טרערן פון העכסטער זעלישער פרייד, ריינער, זיסער, שטילער פרייד. פרייד איבער ריח פון ערד, און ריח פון פעלד, וואָס גאָט האָט אים געבענטשט. געדענקט איר נאָך, חדר־ייִנגלעך, ווען מיר האָבן אַמאָל ביים רבין אויסגעזונגען אין די טעג דעם פרק גימל פון דער מסכתא ביכורים:

„הקרובים מביאין התאנים והענבים, והרחוקים מביאין גרוגרות וצמוקים“. „די נאָענטע ברענגען פייגן און וויינטרויבן, און די ווייטע ברענגען געטרוקנטע פייגן און ראָזישנקעס“.

און דער אָקס גייט פאָרויס, פאַר זיי, און זיינע הערנער זיינען באַדעקט מיט גאָלד, און אַ קרויץ פון אָליוון אויף זיין קאָפּ. ס'שפּילט דאָס פייפעלע, ביז מען גרייכט נאָענט קיין ירושלים“...

---

## מ. מ. ראָזענבאום

# יונגע ביימעלעך

### (פון דער געשיכטע פון אַ קבוצה)

עס איז ווידער פרילינג. די אַרבעט קאָכט אין אַלע ווינקעלעך, סיי אין גן־הדר, סיי אין אייגענעם משק פון דער קבוצה. די שפע פון וואַסער, וואָס מען האָט געפונען אין די טיפענישן פון דער ערד, האָט אַריינגעבראַכט אַ געפיל פון זיכער־קייט אין דער צוקונפט פון דער אונטערנעמונג און פאַרטאָפּלט אין אַלעמען די שאַפונגס־ענערגיע. די ריחות פון דער אויפגעאַקערטער ערד וועקן אַ פאַרלאַנג צו באַלעבן זי מיט זאָמען און פלאַנצונגען, וואָס זאָלן אַריינלאָזן וואָרצלען אין דעם פעטן באָדן, ציען פון איר יניקה, און באַגרינען כאָטש אַ טייל פון דער וויס־טעניש אַרום.

דער וואדי — דער טיפער גראבן אויסגעוואשן אין משך פון יאָרן דורך די שטראָמען רעגנוואַסער — וואָס האָט דורכגעשניטן די אויפגעאַקערטע 200 דו־נאַם לאַנד אין גן הדר, ווערט פאַרשאָטן מיט דער הילף פון גראַב־מאַשין. דער גאַנצער שטח ווערט אויסגעגלייכט, און די גענויע פּלעצער, ווו די ביימלעך דאַרפן אַריינגעפלאַנצט ווערן, ווערן אָנגעצייכנט מיט, אין דער ערד אַריינגעשטעקטע ווייסע שטעקעלעך. מען וואַרט מיט אומגעדולד, אַז די טויטע ווייסע שטעקעלעך זאָלן פאַרביטן ווערן מיט לעבעדיקע גרינע ביימעלעך.

ענדלעך קומט אָן דער געגאַרטער פרימאָרגן. עס דערהערט זיך דאָס טראָ־מייטן פון אונדזער ערשט־געקויפטן (אויף באָרג, פאַרשטייט זיך) לאַסט־אויטאָ־מאָביל, וואָס קלינגט אַזוי יום־טובדיק אין אונדזערע אויערן, אַזוי ווי עס וואָלט געווען דער שופר של משיח. און אָט שטייט שוין דער אויטאָמאָביל ביים צוגע־גרייטן שטח, און ירושלמי, אונדזער העלדישער שאָפער, מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל אויף זיין ברייטן קינדערשן פנים, דערלאַנגט די גרינע ציטרוס־שתילים צו דער פריילעכער חברה, וואָס צעטראָגט און צעלייגט זיי פלינק גלייך לעבן די ווייסע שטעקעלעך. מען צעטיילט זיך אין פּאָרן, און עס הייבט זיך אָן די ערשטע פלאַנצונג. איינער עפנט די ערד מיט אַ רידל, און דער צווייטער שטעלט אַריין דאָסביימעלע און פאַרקלאַפּט מיטן פוס די ערד אַרום די וואָרצלען. פאַרנאַכט שטייען שוין לאַנגע גרינע שורות פון יונגע אַפּעלסינען־ביימעלעך, און קרישטאָ־לענע ריטשקעלעך לויפן פריילעך ביי יעדער שורה און פילן אָן די „צלחות" — די צוגעגרייטע טעלער־פאָרמיקע פאַרטיפונגען — אַרום יעדן ביימעלע. מען קוקט מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן, ווי די רויטלעכע ערד זאַפּט אין זיך אַריין די וואַסער פון „צלחות", און עס דוכט זיך, אַז מען זעט בפועל ממש ווי די דינע וואָרצל־פעדעמלעך זויגן אַריין אין זיך די מים חיים מיט די זאַפטן פון דער ערד און גיסן אַריין חיות אין יעדן יונגן ביימעלע, אין איטלעכער גרינער בלעטעלע.

אויך אין אייגענעם משק זיינען שוין געווען אויפגעאַקערט און צוגעגרייט 20 דונאַם באָדן פאַר פּרדס. ווי נאָר מען האָט פאַרענדיקט פלאַנצן די 200 דונאַם פאַר גן־הדר, האָט מען זיך גענומען פלאַנצן דעם אייגענעם פּרדס. צו דער זעל־ביקער צייט גרייט מען צו עטלעכע דונאַם פון דעם שוואַרצלעכן באָדן פאַר אַ גאָרטן, וווּ עס וועלן פאַרזייט און פאַרפלאַנצט אַלערליי גרינסן.

ערד, וואַסער און זון; ערד, וואַסער און זון — און אַרבעט, — און אַלץ וואַקסט און גרינט, גרינט און וואַקסט.

דוד אײנהאָרן

# קאָרנשוועסטערלעך

קענט איר, קינדערלעך,
די קאָרנשוועסטערלעך?
זיי זיינען בלימעלעך
אין פֿרייען פֿעלד.
עס גיבן בלאָינקע,
עס גיבן רויטינקע,
אויך גיבן געלינקע,
ווי אייך געפֿעלט.
זיי וואַקסן טויזנטער
אין אַלע ווינקעלעך,
ווו זאַנגען וויגן זיך
און תּבֿואה בליט.
גאָטס וועלט באַקרוינען זיי,
זיין ברויט באַשיינען זיי,
און בליען לוסטיקע
פֿון זון געהיט.

די ערשטע, ווייסט איר דאָך,
זיי זיינען בלאָינקע,
מע רופֿט זיי בלימעלעך
פֿון קאָרן דאָ.
און ווען דער זאַנג צערייסט
זיין גרינע העמדעלע,
דאַן ווערט דאָס פֿעלד פֿון זיי
אינגאַנצן בלאָ.
פֿול בלאָע קעפּעלעך
פֿון גוטע שוועסטערלעך,
וואָס נויגן, גריסן זיך
צו יעדן זאַנג,
און ווינטשן שטילערהייט
אים וואָכן ליכטיקע
און רעגנס זעטיקע,
זיין זומער לאַנג.

די צווייטע זיינען דאָס
די קאָרנרעדעלעך,
וואָס קומען אָנזאָגן
דעם ערשטן גאָלד,
וואָס נעמט באַשימערן
ביים זאַנג די הערעלעך,
און גאָלדיק גריניק ווערט
דאָס פֿעלד באַמאָלט.
זיי שיסן אויף אין הויך
ווי פּורפּור־פֿלעמעלעך,
די בעכערס אָפֿענע
פֿאַר טוי און שיין,
און שלאַנקע שטייען זיי
אַזוי דעם זומער אָפּ,
ביז וואַן דער שניטער קומט
אין פֿעלד אַריין.

די פֿעלדער שפּרייטן זיך
שוין אָפּגעשניטענע,
עס ליגט דער קאָרן שוין
און וואַרט אין מיל.
געבליבן זיינען נאָר
אין פֿעלד די געלינקע,
די שוועסטער־ברידערלעך,
וואָס וואַקסן שטיל:
דריי געלע פֿליטערלעך,
צוויי ווייסע פֿליטערלעך,
פֿאַראייניקט שפּראָצן זיי
צווישן שטרוי,
און וויינען, טרויערן
אויף אַלע בלימעלעך
און וועלקן שטילינקע
אין קאַלטן טוי.

## אברהם טקאַטש

# דער רויזנשטרויך

טיף אין געדיכטן וואַלד, איז אַ רויזן־שטרויך געוואַקסן. דיביימער, וואָס האָבן אַליין נישט געוווסט ווי אַזוי ער איז געקומען אַהין, האָבן זיך צונויפגערוקט און אַרום אים אַ פרייען אָרט געלאָזט, כדי די זונען־שטראַלן זאָלן קאָנען גלעטן און קושן זיינע צאַרטע בלעטלעך, און אַלע אינדערפרי, די טוי־טראָפּעלעך פון זיי־נע קנאָספּן אויסטרינקען. און ליב געהאַט האָבן די אַלטע, ערנסטע ביימער, דעם רויזן־שטרויך, אַ שטייגער ווי אַן אַלטער זיידע האָט ליב זיין יונג אייניקל, דעם שטיפער. און ווען די אַלטע סאָסנע איז געשטאַנען פאַרטיפט אין אירע טרויעריקע געדאַנקען, פלעגט אַ יונג צווייגל פונעם שטרויך נעמען זיך פלעכטן אויף זיינעם אַ צווייג און אים קושן מיט סאַמעטענע רויזן־ליפּעלעך, פלעגט די אַלטע דאַן אָנ־הייבן צו שמייכלען, זיך פילן פריילעכער און שטיפעריש נעמען שטעכן דאָס צווייגעלע מיט אירע נאָדלען־בלעטער.

פלעגט אַ שטורעם איבערן וואַלד זיך דורכטראָגן, פלעגן די ביימער זייערע שפּיצן צונויפבייגן און איבער דעם צאַרטן רויזן־שטרויך אַ סוכה מאַכן, אים פון צו גרויסע טראָפּנס און האָגל פאַרהיטן. און נאָכן שטורעם, פלעגן די קנאָספּן אויפן נאָענטן דעמב אַרויפקלעטערן, קאָקעטיש זיך שפּיגלען אינעם דערבייאיקן טייכל און קרייזלען זייערע בלעטלעך.

ביינאַכט פלעגן צאַרטע ווינטעלעך קומען צו פליען, פאַרוויגן די רויזן און וווּנדערלעכע וואַלד־לעגענדעס זיי דערציילן. און ווען אַלע רויזן פלעגן שוין שלאָפן, האָבן זיי מיט נעפּל־שלייערס זיי איינגעדעקט, און אַליין שטילערהייט אַוועקפליען, שטעלנדיק דעם נאַכטיגאַל אַלס שומר.

נאָר ס׳איז דאָך באַוווּסט, אַז קיינער איז נישט צופרידן מיט דעם וואָס ער פאַרמאָגט; שטענדיק פעלט עפּעס. און דער רויזן־שטרויך איז אויך אומצופרידן געווען. ער בענקט, פלעגט ער זאָגן. און אַז די אַרומיקע ביימער האָבן געפרעגט נאָך וועמען? האָט ער שטיל, פאַרחלומט אַרויסגעזאָגט: נאָך קינדער. אומעטיק, האָט ער געזאָגט, איז אים דאָ צווישן די גרויסע ערנסטע ביימער. אמת, אַלע האָבן אים ליב; אַלע באַשיצן אים. אפשר שוין צו פיל; אָבער ער וויל געזאַנג, געלעכ־טער, שטיפעריי, און דאָס קענען נישט די אַלטע ביימער.

אַזוי פילט זיך אַ קינד ווען עס קומט צו גאַסט צום זיידן. די באָבע גיט פאַר־נעם בעסטן; דער זיידע שמייכלט דורך דער גרויער באָרד און צערטלט ווען נישט ווען. אָבער אַלץ איז דאָרט אַזוי ערנסט, אַזוי רואיק, אַזוי סטאַטעטשנע...

און דער רויזן־שטרויך פלעגט בענקען, און פון בענקשאַפט האָבן זיינע צוויי־געלעך גענומען דאַרן, און זיינע בלומען פאַרוועלקט ווערן.

אומזיסט האָט זיך צו אים דערווילדער באַרן־בוים צוגעבויגן, און אים אַ גלעט־טועדיק מיט אַ נאַר־וואָס צעעפנט בלימעלע, אים געזאָגט: „קינד מיינס, זאָל דיך גאָט אויסהיטן פון די שטיפערס! אויב דו ווילסט וויסן וואָס פאַר אַ באַשע־פעניש די קינדער זיינען, טאָ פרעג מיך. איך וועל דיר דערציילן. די גרוסן וואָס מיין שוועסטער־קינד, דער עפּלבוים, וואָס וואַקסט אין שטאָט־גאָרטן, שיקט מיר איבער, ווערסטו הערן ווי אַזוי אומרחמנותדיק זיי פליקן אַרום זיינע בלומען, באַ־רויבן ביי אים זיינע בעסטע פּרוכטן און ברעכן זיינע זאַפטיקסטע צווייגן. דאַנק און לויב גאָט, וואָס ביסט דאָ, צווישן אונדז, ווייט פון די מחבלים!"

נאָר דער רויזן־שטרויך האָט זיך כמעט נישט צוגעהערט צו די קלוגע רייד... אין טרויער האָט ער זיין באַבלומטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און געהאַט צום האַר פון דער וועלט אַ שטילע טענה: צו וואָס האָט ער אים באַשאַפן, אויב ער דאַרף קיינ־מאָל נישט געגלעט ווערן פון קינדער־הענטעלעך, נישט געצערטלט ווערן פון קינ־דער ליפּעלעך...

און אַז דער רויזן־שטרויך האָט געטרויערט האָט זיך ווי אַ טונקעלע מרה־שחורה איבערן וואַלד פאַרשפּרייט, און אין שווייגנדיקן אומעט האָבן די אַלטע ביימער זייערע צווייגן צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט.

אָבער אין איין שיינעם זומער־פרימאָרגן, איז עפּעס אויסערגעוויינלעכעס אין וואַלד געשען. אומבאַקאַנטע קלאַנגען האָבן זיך איבער אים צעטראָגן און זיך אַלץ דערנענטערט צום אָרט ווו אונדזער רויזן־שטרויך איז געוואַקסן. דערשטוינטע, פול מיט דערוואַרטונג, האָבן די ביימער זייערע צווייגן אָנגעשפּיצט. נענטער, נענ־טער האָט זיך דאָס גערויש געריקט, און העלער און קלאָרער האָבן זיך די קלאַנגען געצומען אַרויסטיילן. און אָט דערקענט מען שוין דעם רעגלמעסיקן אָפּקלאַנג פון מאַרשירנדע פיס: פּטאַק־טאַק: פּטאַק־טאַק, קלאַפּט עס אָפּ פאַרדומפּן אין דער ווייכער ערד. דערנאָך ווערט דאָס מאַרשירן איבערגעריסן, אַ שניידנדיקער באַ־פעל דערהערט זיך און נאָך אים אַ טופּעניש, אַ לויפעניש, אַ גערודעריי דורכגע־פלאָכטן מיט געזאַנג, פריילעכע אויסרופן און הילכיקן געלעכטער.

די אַלטע ביימער האָבן זיך איבערגעשושקעט, און ערנסטע און דערשראָקענע האָבן זיי פאַרהאַלטן זייער שאָקלען זיך. די מערהייט פון זיי האָבן זיך דערמאָנט אין די צייכנס וואָס זיי טראָגן פון אַן ענלעכן גערויש פון פאַר דריי יאָרן. אויך דאַן האָט אַ פריילינגס־עקסקורסיע פון אייניקע שולעס צווישן זיי אַ טאָג פאַר־בראַכט, און געגנוג צעבראָכענע צווייגן און פאַרוויסטע נעסטן זיינען נאָך איר אי־בערגעבליבן.

היט זיך! האָבן די ביימער אָנגעזאָגט דעם רויזן־שטרויך, די מזיקים זיינען דאָ! אָבער ער האָט זיך אפילו אויף זיי נישט אומגעקוקט. אינגאַנצן אַן אויפגעצי־טערטער און פול מיט דערוואַרטונג איז ער געשטאַנען. די קינדערשע קולות האָבן זיך שוין געהערט גאָר נאָענט, אָבער ער האָט נאָך די זכיה נישט געהאַט זיי צו זען! ווי אין כעס איז דאַן דער רויזן־שטרויך געוואַן אויף די הויכע ביימער פאַר־

וואָס זיי פאַרשטעלן אים פון זיינע ליבלינגען; און טאָמער גייען זיי אַוועק אָן דעם, אַז ער זאָל זיי האָבן געזען??!

אָבער דאָס איז אים אַ פּנים, נישט באַשערט געווען.

די קינדער האָבן זיך אין באַהעלטעניש געשפּילט: זייערע טריט האָבן זיך דאָ דערנענטערט, דאָ דערווייטערט פונעם רויזן־שטרויך. אָט, האָט ער זיי שוין גאָר איינגאַנצן אויפגעהערט צו הערן. נאָר פּלוצלונג, האָט ער איינגאַנצן אַ צאַפּל־געטון: אומגעריכט איז צווישן צווייגן אַ גאָלד־געלאָקט קעפּל דערשינען. די אייגעלעך אין וועלכע אונדזער רויזן־שטרויך האָט געמיינט צו דערקענען דעם הימל וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין טייכל, האָבן אַנטציקט אויף אים געקוקט, און די ליפּעלעך, ווי זיינע רויזן־בלעטעלעך, זיינען האַלב־געעפנטע, פון דערשטוינונג, פאַרבליבן.

פאַרבליפט איז דאָס קינד געבליבן פון דער ווילדער שיינקייט פונעם רויזן־שטרויך. פאַרצאַפּלט האָט זיך דער רויזן־שטרויך אַנטקעגן דער צאַרטער שיינקייט פון זיין, אַזוי־געטרוימטן, און אין איינזאַמקייט געגאַרטן, קינדער־פּנימל. און ביי־דע, ווי באַצויבערטע, האָבן אַ לאַנגע ווײַלע זיך באַטראַכט און שטיל געצויגן איי־נער צום אַנדערן.

ביז דאָס קינד האָט דעם כישוף איבערגעריסן און מיט אַ מעלאָדיש שטימעלע אויסגערופן: קינדער, אַהער קומט, זעט, וואָס פאַר אַ שיינער רויזן־שטרויך!

און באַלד האָט זיך דער רויזן־שטרויך געפונען אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער כאָפּטע מיידעלעך און ייִנגעלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אים, געטאַנצט, גע־פּאַטשט מיט די הענט און יעדער האָט אויף זיין שטייגער אויסגעדריקט זיין באַ־וווּנדערונג און אַנטציקונג:

— וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע רויזן!

— וואָס פאַר אַ גרויסע!

— אין שטאָט האָב איך קיינמאָל אַזעלכע נישט געזען!

— זעט נאָר דעם קאָליר, רויט ווי בלוט!

געשמייכלט האָט זיך געפילט דער רויזן־שטרויך וואָס זיינע געטרוימטע ליב־לינגען געפינען אים אַזוי שיין און נאָכאַמאָל האָט ער באַטראַכט זיין אָפּשפּיגלונג אין טייכל.

און די קינדער האָבן באַטאַפּט די רויזן, געשמעקט זייער דופט און זיינען גע־ווען איבערגליקלעך.

פּלוצלונג רופט זיך אָפּ אַ צוועלף־יעריק מיידעלע: איך וועל פון זיי אַ קראַנץ פאַר מיין לערערקע מאַכן; און איך פאַר מיינער — רופט זיך אָפּ אַ צווייטע. און אַ צען יעריק ייִנגעלע זאָגט: וואָס פאַר אַ פּרעכטיקן בוקעט איך וועל פון זיי אַהיים־ברענגען פאַר מיין קראַנק שוועסטערל!

אַזוי האָט יעדער איינער געפונען וועמען מיט בלומען צו באַטיילן אויפן רויזן־שטרויכס חשבון.

און די קינדער האָבן גענומען רייסן, פליקן, אָפּצופּן פון דעם רויזן־שטרויך

זיינע שענסטע בלומען. ווער ס׳האָט געריסן נאָר די רויזן מיט די שטענגלעך, און ווער ס׳האָט גאַנצע צווייגלעך געבראָכן — כדי דער קראַנץ זאָל אויסקומען פּרעכ־טיקער...

אַז די כאָפּטע האָט זייער אַרבעט פאַרענדיקט, האָט זי געגעבן צו וויסן די חברים וועגן דער עקזיסטענץ פון דעם ווונדערלעכן רויזן־שטרויך, און אַן אַנדערע קאָמפּאַניע האָט זייער פאַרוויסטונגס־אַרבעט פאָרגעזעצט.

אַזוי דעם גאַנצן טאָג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז די זון האָט שוין די שפּיצןביימער מיט בלוט באַפּאַרבט, האָט שוין אין וואַלד אַ שטילקייט געהערשט, און שאָטנס, טונקעלע און פייכטע, האָבן אין אים זייער ממשלה גענומען אויסשפּרייטן.

נאָר דאָרט, ביים טייכל, צווישן דעם דעמב און דער סאָסנע, איז שוין דער פּרעכטיקער רויזן־שטרויך נישט געווען, עטלעכע דאַרע שטעכנדיקע שטענגלעך און ריטער האָבן אָנגעוויזן ווו ערשט אינדערפרי האָט אַזוי פיל לעבן און שיינקייט געבליט; און אויפן שוואַרצן וואַסער פון טייכל זיינען עטלעכע בלומען־שיסעלעך, ווי וואָגלענדיקע נשמהלעך, שטיל אומגעשוווּמען.

און דערציילט האָבן זיי, וועגן שיינע האָפענונגען מיט טרויער באַזוימטע, און וועגן דער פריידיקער גסיסה פון אַ רויזן־שטרויך, כדי צו באַלייכטן מיט אַ זוניקן שמייכעלע, דאָס בלייכע פּנימל פון אַ קראַנק שוועסטערל...



א. אלמי

# לך לך



לך־לך — אברהם, גיי!
גיי אין זון, אין ווינט, אין שניי — —
און אברהם נעמט דעם שטעקן,
שרה — קישנס, פאַן און בעקן
און מען וואָגלט טריט ביי טריט,
און פון הינטן גייען מיט:
יצחק, רבקה, יעקב, לאה,
רחל, שאָף און רינד — א מאה;
און מע וואַנדערט און מע שפּאַנט —
שטאָט נאָך שטאָט, און לאַנד נאָך לאַנד

משה זעט — פון סיני הויך
אבות גייען — גייט ער אויך.
גייען אהרן און ציפּורה,
גייט די שכינה און די תורה;
מרים — מיט איר פּויק פאָרויס,
און נאָך איר גייט קליין און גרויס:
שישים ריבוא יידן גייען,
גייען, גייען לאַנגע רייען;
מיט געפּעק און מיט געזאַנג
אין געדראַנג, אין ווייטן גאַנג.

הערט דער מלך שלמה טריט,
יידן גייען — גייט ער מיט.
שפּאַנט דער בלינדער צדקיהו,
שפּאַנט דער נביא אליהו,
און שולמית, פלינק און גרינג,
שפּאַנט און טראַכט פון שלמה׳ס רינג,
און זי הערט נישט ווי ישעיה
רעדט פון פרידן, פעלקער פרייע
אין די קומענדיקע טעג —
ווי עס פירט דער וואַנדער־וועג.

וואַקסט און וואַקסט אַלץ דער פּאַראַד
פון די דורות נע־ונד —
גייט נחמיה, גייט אביי,
רב אבטליון און רב שמעיה,
טרומפּעלדאָר און משה העס,
גייט רבי מאיר דער בעל־נס,
גייט רב נחמן פון בראָצלאַווע,
גייען שטאָלץ חלוצים בראַווע
נאָכן בת־קול: לך־לך — —
און קיין רו איז אַלץ נישטאָ.

ח. נ. ביאַליק

# מיין גאָרטן

ווילט איר אפשר זיין אַ בעלן
אָנקוקן מיין שיינעם גאָרטן —
זייט־זשע מוחל, קומט אַרויס,
קוקט אים אָן — אָט שטייט ער דאָרטן!

אָן עין־הרע גרויס און רייך —
כ'זאָג אייך, איינער אין דעם שטעטל!
זעט נאָר, ווי עס קוועלט אין אים
יעדער בוים און יעדעס בלעטל...

אויסגעצוואָגן פון דעם טוי,
פון די שטראַלן אויסגעבאָדן,
שטייען ביימער אַלערליי
מיט די פירות אָנגעלאָדן.

שוואַרצע עפּל, רויטע עפּל
בייגן צו דער ערד די צווייגן,
און די באַרן — זעט נאָר באַרן —
הענגען שטיל זיך דאָרט און שווייגן.

שוואַרצע ווײַנשל בלינצלען עפּעס
ממזור'ש, גנבה'ש, ווי מיט אויגן...
נו, און פלוימען — אָט די פלוימען —
מיט אַ בלויען הויך באַצויגן...

הייסט די פערשקעס —
איינמאָל פערשקעס!
פּוכלע, האָריג, פריש און איידל,
פּונקט ווי קיילעכיקע בעקלעך
פון אַ פּופּצן־יעריק מיידל...

יאָ, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען,
כ'האָב אַ רייכן, שיינעם גאָרטן!
אָן עין־הרע אָנגעפּאַקט
פירות, פרוכט, מכל הסאָרטן.

כ'האָב אים, אָט דעם שיינעם גאָרטן,
ס'זאָל אים קיין בייז אויג נישט שאַטן,
ליב דאָס לעבן; שייך ליב? —
כ'זאָג אייך: עפּעס ווי אַ טאַטן...

— — — — — — — — — — — —

אין די ווינטער־נעכט די גרויסע,
קומען גוטע ברידער שמועסן,
מיך מהנה זיין; דערווייל
טאַקע, עפּעס גוטס געניסן...

זיי אַרומזיצן ביים טיש,
ווער איך אַ געשריי טאָן: „פּאַני"!
— „מיינע", הייסט דאָס —
נו, באַווייז זיך,
זיי מכבד „די קאָמפּאַני"!

מילא, רעדט מען נישט פון טיי,
קיכלעך, קאָרזשעס, פלאָדן, טאָרטן
און כדומה דאָרט געבעקסן —
נאָכדעם — יעמוד מיין גאָרטן!

און אין איין מינוט וואַקסט אויס
אויף מיין טיש אין מיטן ווינטער
באַרן, פלוימען, פערשקעס, ווײַנשל —
און ס'ע ווערט, ווי זאָגט מען, מונטער...

באַרן — מיינט מען איינגעמאַרינירטע;
ווײַנשל — מיינט מען ווישניאַק שוואַרצן;
פלוימען, פערשקעס — הייסט פּאָווידלע
און כדומה איינגעמאַכצן.

— — — — — — — — — — — —

און פאַרטיפט מיט זיי אינאיינעם
אין פּאָווידלעס און אין פלאָדן —
הער איך איינער, ווי סע קלאַפּט מיר
שטילערהייט, אַ בוים, אין לאָדן:

„בעל־הבית! אוי, מיר איז פינצטער!
בעל־הבית! אוי, מיר איז ביטער!
נאַקעט בין איך, און דער ווינט שמייסט
מיך אַליין, מיט מיינע ריטער"...

---

## שלום עליכם

# בערל־אייזיק

„אַמעריקע איז אַ לאַנד פון בלאָף"... „אַמעריקאַנער בלאָפערס"...

אַזוי זאָגן די פרעמדע. גרינגע חיות — זיי הייבן נישט אָן צו וויסן, וואָס זיי זאָגן, אַמעריקע מעג הייצן די פּעטשערעס אין כתרילעווקע, און אונדזער בערל אייזיק וועט פאַרשטעקן אין גאַרטל אַלע אַמעריקאַנער בלאָפערס!

איר קאָנט פאַרשטיין, ווער בערל אייזיק איז, אַז טאָמער מאַכט זיך ביי אונדז אין כתרילעווקע איינער האָט זיך אַביסל פאַררעדט, שטעלט מען אים אָפּ מיט די ווערטער: „בערל אייזיק האָט דיר געלאָזט גריסן". — שטויסט ער זיך שוין אָן וואָס מע מיינט און ער ווערט אַנטשוויגן.

אַן אַנעקדאָט דערציילט מען ביי אונדז אין כתרילעווקע פון איינעם אַ יידן אַ חצוף, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר בערל־אייזיקן. פסח איז דער מנהג ביי די גויים, אַז זיי באַגעגענען זיך: זאָגן זיי אָן איינס דעם אַנדערן אַ גוטע בשורה, אַז קריסטוס איז לעבעדיק געוואָרן. דערויף ענטפערט אים דער צווייטער: ס'איז אמת, ער איז לעבעדיק געוואָרן... טרעפט זיך אַ מעשה, באַדאַרף אַ קריסט זיך באַגעגענען מיט יענעם יידן און מכבד זיין אים מיט פסוק „קריסטוס איז לעבעדיק געוואָרן", ווערט אים שלעכט דעם יידן: וואָס טאָן? ענטפערן דעם גוי „ס'איז אמת, ער איז לעבעדיק געוואָרן", טאָר ער ניט, ער איז אַ ייד... זאָגן אים: ניין, ער איז נישט לעבעדיק געוואָרן, — קאָן מען דאָך כאַפּן פאַר אַזעלכע ווערטער אַ מיאוסן פסק... איז ער זיך מיישב און רופט זיך אָן צום קריסט: „יאָ, איך האָב עס שוין געהערט היינט פון אונדזער בערל־אייזיקן"...

היינט שטעלט אייך פאָר, אַז אָט דער בערל־אייזיק איז אַוועק קיין אַמעריקע, אָפּגעוועזן דאָרט היפּשע עטלעכע יאָר און איז געקומען צוריק. וואָס פאַר אַ וואונדערים דער ייד האָט זיך דאָס אָנדערציילט פון דער אַמעריקע!

ערשטנס — דאָס לאַנד. מענטשן מאַכן געלט, מע זשעברעוועט מיטביידע הענט, מע שאַרט גאָלד! און געשעפטן, „ביזנעס" הייסט עס דאָרטן, איז פאַראַן אַזוי פיל אַז דער קאָפּ דרייט זיך! וואָס איר ווילט, דאָס טוט איר. ווילט איר אַ פאַבריקע — איז אַ פאַבריקע. עפענען אַ סטאָרקע — איז אַ סטאָרקע. שטופּן אַ פּושקאַר — איז אַ פּושקאַר. אַנישט — נעמט איר זיך צו פּעדלערייַ, אָדער איר גייט אַרבעטן אין אַ שאַפּ — אַ פרייַע מדינה! איר קאָנט אייך געשוואָלן ווערן פון הונגער, אויסצי'ען זיך אין גאַס, וועט אייך קיינער נישט שטערן, קיין וואָרט נישט זאָגן...

הייַנט די גרייס פון די שטעט! די ברייט פון די גאַסן! די הייך פון די הייזער! פאַראַן דאָרט אַ „הייזקע", רופט מען זי די „וואָלוואָרט", שפּאַרט אָן איר שפּיץ קוימען אין דער כמאַרע אַרייַן און נאָך העכער; אַ סברא, אַז די הייזקע פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט עטאַזשן. ווי אַזוי קריכט מען אַרויף אויפן בוידעם? דורך אַזאַ לייטער, וואָס מע רופט אים „עלעוויייטער". אַז איר באַדאַרפט האָבן עמעצן אויפן אויבערשטן עטאַזש, זעצט איר זיך אַוועק אונטן, אויפן עלעוויייטער, גאַנץ פרי, קומט איר צו פאָרן אַהין ערשט פאַרנאַכטלעך.

איך בין אַ בעלן געווען אַמאָל זיך דורכפאָרן אַרויף, אַ קוק טאָן אויף אַ טשי־קאַוועס וואָס טוט זיך דאָרטן: האָב איך קיין חרטה נישט. דאָס, וואָס איך האָב דאָרטן געזען, וועל איך שוין נישט זען קיינמאָל. און ווי איך האָב געפילט, לאָזט זיך גאָרנישט באַשרייבן. שטעלט אייך פאָר, איך שטיי מיר פון אויבן און קוק מיר אַראָפּ, פּלוצים דערפיל איך אויף מיין לינקער באַק עפּעס אַ מאָדנע קעלט און אַ גלאַטע, עפּעס ווי אייז; און נישט ווי אייז, נאָר ווי שטאַרק פאַרקילט פעטשאַ, גליטשיק און דריליוואַטע. איך דריי אויס פּאַוואָליע דעם קאָפּ לינקס, איך טו אַ קוק: ס'איז די לבנה.

הייַנט דאָס לעבן זייערס איז נאָר געיאָגט, און נאָר געלאָפן, און נאָר געכאַפּט זיך. „אַריהאָפּ" הייסט דאָס ביי זיי. אַלצדינג איז בחפזון, און אפילו עסן, עסט דאָס אויך אויף איין פוס. מע כאַפּט זיך אַרייַן אין אַ רעסטאָראַן און מע הייסט זיך געבן אַ טרונק, און אויף צו פאַרבייסן האָב איך אַליין געזען, ווי מען האָט איינעם דערלאַנגט עפּעס אויף אַ טעלער, אַ פרישׁ, אַ צאַפּלדיקס, און ביז ער האָט דאָס צעשניטן, איז איין האַלב אַוועקגעפלויגן אויף איין זייט, די אַנדערע האַלב אויף דער אַנדערער זייט, און דער חברהמאַן איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין אָנ־בייסן.

פונדעסטוועגן זאָלט איר אָנקוקן ווי געזונט זיי זייַנען! אייזן! גיבורים! ביי זיי איז אַ מאָדע שלאָגן זיך אין סטריט, אין מיטן גאַס הייסט דאָס. נישט זיי מיינען אייך שלאָגן, הרגענען, אונטערשלאָגן אַן אויג, אויסשלאָגן אַ פּאָר ציין, ווי ביי אונדז. חלילה! נאָר גלאַט אַזוי: מע פאַרקאַטשעט די אַרבל און מע גיט זיך קלעפּ, מע וויל זען ווער וועמען. ביי זיי ווערט עס אָנגערופן אויף זייער לשון: מע פ יי ט ל ט זיך. איינמאָל בין איך געגאַנגען שפּאַצירן אין די בראָנקס, געטראָגן

מיט זיך אַ ביסל סחורה. גייען מיר אַנטקעגן צוויי באַיעס, לויפערס, יונגאַטשעס הייסט דאָס, און טשעפּען זיך צו מיר — זיי ווילן זיך פייטלען מיט מיר. זאָג איך: „נאָסער, איך פייטל זיך נישט". אַהין אַהער, זיי לאָזן מיך נישט גיין ווייטער. בין איך זיך מיישב, אַז איר זענט יאָ אַזעלכע, וועל איך אייך באַווייזן, ווער עלטער איז. און גיי און לייג אַוועק דאָס פּעקל און וואַרף אַראָפּ די קאַפּאָטע, און איך הייב אָן כאַפּן קלעפּ — קוים לעבעדיקער אַרויס פון זייערע הענט! אַז זיי זיינען צוויי און איך בין איינער! פון דעמאָלט אָן, פייטל איך זיך שוין מער נישט, מע זאָל מיך אָפּגילטן.

— יאָ, בערל־אייזיק, דאָס איז אַלצדינג זייער פיין, וואָס דו דערציילסט. דו זאָג נאָר איין זאַך, וואָס מיר וואָלטן וועלן וויסן: מע שטאַרבט דאָרט אין אַמע־ריקע אויך אַזוי ווי דאָ, צי מע לעבט דאָרטן אייביק?

— מע שטאַרבט, פאַר וואָס זאָל מען נישט שטאַרבן? אין אַמעריקע, אַז מע טוט אַ שטאַרב, איז טויזנט אין איין טאָג, צען טויזנט, און צוואַנציק טויזנט, און דרייסיק טויזנט! גאַנצע גאַסן פאַלן דאָרט איין! שטעט ווערן איינגעזונקען אַזוי ווי קורח!... איר שפּילט זיך מיט אַמעריקע?

— שאַ, ווי באַלד אַזוי, וואָס איז מיט זיי דער יחוס? שטאַרבן זיי, הייסט דאָס, גלייך מיט אונדז? ,

— יאָ, שטאַרבן שטאַרבט מען, נאָר ווי אַזוי שטאַרבט מען! אָט דאָס איז די זאַך. און נישט אַזוי נאָך דאָס שטאַרבן. שטאַרבן שטאַרבט מען אומעטום אַלץ איינס. פונעם טויט שטאַרבט מען. דער עיקר איז דאָס באַהאַלטן, אָט וואָס! ערשטנס, איז אין אַמעריקע דער איינפיר, אַז יעדער ווייסט פריער, וווּ מע וועט אים באַהאַלטן. וואָרום ער גייט אַליין, נאָך בעת ער לעבט, און קלייבט זיך אַליין אויס אָן אָרט אויפן בית־עולם — „סעמעטעריע" הייסט עס דאָרטן — און דינגט זיך אַזוי לאַנג ביז ער גלייכט זיך אויס פאַרן פּרייז. נעמט ער די פלוניתטע זיינע און פאָרט זיך דורך מיט איר אויף דער סעמעטעריע און זאָגט איר: „זעסטו נשמה מיינע? אָט דאָ וועסטו ליגן, אָט דאָ וועל איך ליגן, און דאָרט וועלן ליגן אונדזע־רע קינדער"...

דערנאָך גייט ער אַוועק אין דעם אָפיס פון לוויות און באַשטעלט זיך אַ לוויה איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס פאַר אַ קלאַס ער וויל.

און קלאַסן זיינען דאָרטן פאַראַן אַזוי גרויס ווי דריי: ערשטע, צווייטע און דריטע קלאַס. ערשטע קלאַס, פאַר גאַנץ גרויסע גבירים, מיליאָנערן, קאָסט טויזנט טאָלער אַ לוויה. איז דאָס שוין איינמאָל אַ לוויה. די זון שיינט. אין דרויסן איז אַ חיות. די מיטה איז אויף אַ שוואַרצן קאַטאַפאַלק, מיט זילבער באַלייגט. די פערד זיינען אַלע אָנגעטאָן מיט שוואַרצע פּאַפּאָנעס און ווייסע פעדערן. די רעווערענדן — אויך אין שוואַרצע מיט ווייסע קנעפּ. און קאַרעטעס נאָך דער מיטה — אָן אַ שיעור קאַרעטעס! און אַלע קינדער פון אַלע תלמוד תורהס גייען אויך צו פריער און מע

זינגט אויף אַ קול אויסגעצויגן. פונעם דאָזיקן געזאַנג קלינגט די שטאָט; אַ קליי־ניקייט — טויזנט טאָלער?!...

צווייטע קלאַס איז אויך אַ פיינע לוויה; קאָסט שוין נאָר פינף הונדערט טאָ־לער, און איז שוין נישט דאָס... דער טאָג איז שוין נישט אַזוי פויגלדיק, די מיטה איז אויך אויף אַ שוואַרצן קאַטאַפאַלק, נאָר אָן זילבער באַלייגט. די פערד מיט די רעוועראַנדן זיינען אָנגעטאָן אין שוואַרצן, נאָר אָן פעדערן און אָן קנעפּ. קאַ־רעטעס גייען נאָך, נאָר שוין נישט אַזוי פיל. קינדער — נאָר פון עטלעכע תלמוד תורהס גייען אויף צו פריער און זינגען שוין נישט אַזוי אויסגעצויגן. דאָס זינגען איז טרויעריק מיטן נוסח ווי מען זאָגט תהילים — ווערדליק פינף הונדערט טאָלער.

דריטע קלאַס איז שוין גאָר אַ געמיינע לוויה, און קאָסט אינגאַנצן איין הונ־דערטער. אין דרויסן איז שוין קיל, כמאַרנעוואַטע. די מיטה אָן אַ קאַטאַפאַלק. פערד אינגאַנצן צוויי און רעוועראַנדן אויך צוויי. קאַרעטעס — קיין איינע נישט. קינ־דער נאָר פון איין תלמוד־תורה, גייען אויף צו פריער, און כאַפּן עפּעס אָפּ אָן אַ שום ניגון, און שלעפּערדיק, שטיל, קוים וואָס מע הערט זיי — סך־הכל הונדערט טאָלער, וואָס קאָן מען פאַר איין הונדערטער פאַרלאַנגען ...

— יאָ, וואָס זשע טוט אָבער, בערל־אייזיק, דער, וואָס פאַרמאָגט קיין הונ־דערטער אויך נישט?

— איז טאַקע אויף גרויסע צרות! אָן געלט איז אומעטום שלעכט! דער אָרע־מאַן ליגט אַלע מאָל ביין איילן אין דער ערד!... פון דעסטוועגן מיינט נישט! אין אַמעריקע לאָזט מען דעם אָרעמאַן אויך נישט ליגן נישט קיין באַהאַלטענעם. מע מאַכט אים אַ לוויה אָן געלט, עס קאָסט אים נישט קיין סענט אַפילו. אַוודאי איז דאָס אַ טרויעריקע לוויה. קיין שום צערעמאָניעס, קיין סימן פון קיין פערד און פון קיין רעוועראַנדן. און אין דרויסן ליאַפּעט. נאָר צוויי שמשים קומען צו גיין, די שמשים פון ביידע זייטן און אין מיטן דער בר־מינן — און אַלע דריי שלעפּן זיי זיך נעבעך צו פוס, גלייך ביז צום בית־עלמין... אָן געלט, הערט איר, זאָל מען גאָר נישט געבוירן ווערן; אַ פּאַסקודנע וועלט... ווער פון אייך, יידן, פאַרמאָגט אָן אי־בעריקן פּאַפּיראָס?

מאָרים ראָזענפעלד

# די גרינע

אַ רעש, אַ געטומל, עס קאָכט אין די גאַסן,
עס לויפן די מענטשן, עס איילן די מאַסן,
עס הערט זיך אַ שילטן, עס הערט זיך אַ לאַכן,
מע רעדט און מען פּלוידערט אויף אַלערליי שפּראַכן,
מע טייטלט מיט פינגער, מיט מאָדנע העוויות;
איך פרעג ווי צעטומלט: — וואָס איז דאָ? וואָס נייעס?

און פרעגנדיק — האָב איך דערזען, נעבעך, „גרינע",
פאַרוואָגלטע יידן פון יעדער מדינה;
מע האָט אויף די עלנטע לייכט געקענט לעזן
אין וואָס פאַר אַ קנעכטשאַפט זיי זיינען געוועזן,
און וואָס פאַר אַ ווינקל זיי זיינען געבאָרן
צו שפּאָט און פאַראַכטונג, און בלוטיקן צאָרן...

באַטראַכטנדיק איינעם פון זיי און דעם צווייטן,
אַנטלאָפענעם מת פון די צענפאַכע קייטן,
באַטראַכטנדיק זייערע טאָרבעס און זעקלעך,
די אָרעמע, יידישע קלומקעס און פעקלעך —
האָט פּלוצלונג אַ פראַגע באַשעפּטיקט מיין זינען:
— אָ, פעקלעך, וואָס קען דאָרט ליגן דערינען?

אָ, זאָגט מיר, איר אַלטע, היסטאָרישע פעקלעך,
איר יידישע קלומקעס, איר יידישע זעקלעך,
וואָס ליגט עס פאַרבונדן אין אייערע טיכער?
געוויס נישט קיין רעכטעס, אויף דאָס בין איך זיכער;

געוויס קיין פאַפּירן, אַז ווו איר וועט קומען
זאָל ווערן דער וועג אייך באַשאָטן מיט בלומען...
אָ, זאָגט מיר, איר פעקלעך, מיין האַרץ ווערט צעריסן,
וואָס ליגט אין אייך, זאָגט, בין איך גערן צו וויסן!

און פרעגנדיק — וואונדער! האָט פּלוצלונג, ווי טרעפנד,
איין פעקעלע, נעבעך, זיין בוזעם געעפנט
און פּונקט ווי ער וואָלט צו מיר זאָגן מיט שמאַרצן:

— נאַ, זע, וואָס איך טראָג אין מיין וווּנדיקן האַרצן;
און קוקנדיק דאָרטן אין שטויב און אין שימל —
וואָס האָב איך דערזען, אָ, אַלמעכטיקער הימל!

איך האָב אין אַן אַלטן צעריסענעם טיכל
דערקענט גאָר אַן אַלט און צעריסענעם ביכל,
די טאָוולען פאַרגאָסן מיט בלוט און מיט טרערן.
איר קענט עס דאָס ביכל, נישטאָ וואָס צו קלערן;
דאָס ביכל, איר קענט עס, דערויף בין איך זיכער,
דאָס הייליקסטע בוך פון די הייליקסטע ביכער!..
מיר האָבן שוין פיל פאַרן ביכל געגעבן:
אי פרידן, איליידן, אי אוצרות, אי לעבן!
פון וואַנען האָט אונדז שוין דער פיינט נישט געטריבן
צוליב די ברילִיאַנטן אויף פאַרמעט געשריבן?
מיר האָבן די שמות צוזאַמענגעקליבן
פאַרשטויבט און צעטראָטן... —
זיי זיינען געבליבן!

— נישט לויפט נאָך די „גרינע”, איר ווילדע נאַראָנים!
נישט מיינט אַז דאָ פאָרן אַ באַנדע קבצנים,
דאָס זיינען קיין ווילדע, קיין בעטלער, קיין שנאָרער, —
רעספּעקט פאַר די צווייטויזנטיעריקע פאָרער!
באַגריסט זיי די זין פון דעם איינציקן בורא,
זיי פירן די ליכט פון דער וועלט — זייער תורה!

נו, זאָגט, קען מען רופן אַזאַ אומה אָרעם?
אַן אומה וואָס וואַנדערט דורך נאַכט און דורך קברים,
דורך טויט און דורך שרעק, און דורך העלישן פייער,
צו רעטן וואָס איז אים גאָר הייליק און טייער;
אַ פאָלק מיט אַזוי פיל נשמה דערמאָנען —
אָ, וואַשט אייך די ליפּן! רעספּעקט איר נאַציאָנען!

איך ליב זיי די „גרינע”, די ביינער־געשטאַלטן!
ביי זיי איז דער טייערסטער אוצר באַהאַלטן:
אין זייערע אָרעמע קלומקעס, די שטומע,
באַהאַלט זיך דער גלאַנץ פון מיין פאָלק, פון מיין אומה,
דורך זייערע אָרעמע שוועסטער און ברידער,
דורך זיי — וועט מיין אומה נאָך אויפלעבן ווידער!

## יוסף מענדעלסאָן

# די ערשטע וואָכן אין פּאַלאַסיאָס

אין בוענאָס איירעס, תיכף ווי מען האָט געלאַנדעט, האָט די גרופּע באַקומען די ערשטע אַנטוישונג: פון דעם לאַנד, וואָס זיי האָבן געקויפט ביים פאַרשטייער פון אַרגענטינער קאָנסולאַט, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך... עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דער באָדן, וואָס מען האָט זיי אָנגעוויזן אין דער פּאַריקער אַגענץ פון קאָנסולאַט, איז שוין לאַנג באַזעצט געוועזן — און דער אַגענט האָט פון דעם קיין אַנונג נישט געהאַט — אין מלוכה־אַמט האָט מען דער גרופּע אָנגעבאָטן אַן אַנדער באָדן אין טשאַקאָ; אָבער נאָכפרעגנדיק זיך ביי די יידן, וואָס האָבן דאָן געוווינט שוין און געווען איינגעזעסן שוין אין בוענאָס־איירעס, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער אָנבאָט איז נישט קיין קאָנוועניענדיקער; טשאַקאָ איז ווייט, אָן וועגן, אַ סוב־טראָפּישער קלימאַט, מאָסקיטן אאַז״וו — דאָס איז דאָך געווען מיט פּופציק יאָר צוריק... מען האָט אין מלוכה־אַמט אומגעקערט די אימיגראַנטן די איינגעצאָלטע סכומים, און זיי זיינען געבליבן דאָ אין אימיגראַנטן־הויז, עלנט, אָן אויסזיכטן...

דאַן, קענטיק, האָט זיך געגומען מערקן אַ געוויסע אַנטוישונג און מוט־גע־פאַלנקייט ביי אייניקע פאַמיליעס פון דער גרופּע, וואָס האָבן באַשלאָסן צו פאַר־בלייבן אין שטאָט. קלאָר פעסטשטעלן עס, איז עס פונדעסטוועגן נישט געלונגען; עס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן ביז איצט, צי אַלע 132 פאַמיליעס געקו־מענע אין דער „וועזיר״, זיינען פון בוענאָס איירעס אָפּגעפאָרן קיין פּאַלאַסיאָס — צי עמעצער פון זיי איז געבליבן אין שטאָט...

עטלעכע טעג האָבן די יידן פונעם „וועזיר״ זיך אַרומגעדרייט אין שטאָט, זוכנדיק ווי צו באַקומען אַ מעגלעכקייט צו באַזעצן זיך אויף דער ערד. דריי יידן געשעפטסלייט פון גאָלד, מיט די נעמען לאַמבערט, האַרענשטיין מאָריץ, הילדעס־היימער (דער צווייטער אַ רומעניש ער, דער ערשטער און לעצטער דייטשע יידן), האָבן פאַרמיטלט צווישן דער גרופּע פונעם „וועזיר״ און דעם גוט־באַזיצער פּאַ־לאַסיאָס, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ סך באָדן אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע, (איצ־טיקער באָדן פון מאָזעסוויל און אומגעגנט), ווו מען האָט געבויט אַן אייזנבאַן־ליניע קיין טוקומאַן.

מען האָט ווידער געשיקט אַ דעלעגאַציע, אָנגעקוקט דאָס לאַנד — און, כּשמעות, עס איז געפעלן געוואָרן, ווייל דעם 28־טן אויגוסט 1889 זיינען געשלאָסן געוואָרן די קאָנטראַקטן צווישן די יידישע אימיגראַנטן און גוט־באַזיצער פּעדראָ פּאַלאַסיאָס.

לויט דעם אָפּמאַך, האָבן די קאָלאָניזירט־ווערנדיקע באַדאַרפט באַקומען פון דעם קאָלאָניזאַטאָר ביז פופציק העקטאַר לאַנד, די נייטיקע לעבנס־מיטלען און

מכשירים און באַארבעטן דעם באָדן. די עקספּלואַטאַציע איז געווען אַ געוואַלדיקע; באָדן אין יענער געגנט האָט מען דאַן פּאַרקויפט פון 3 ביז 10 פּעזאָס דעם העק־טאַר, פּאַלאַסיאָס האָט גערעכנט דעם הויכן באָדן צו 25 פּעזאָס דעם העקטאַר און מיט די מכשירים און לעבנסמיטל וואָס ער האָט באַדאַרפט געבן, האָט עס אַריינ־געטריבן ביז 40 פּעזאָס דעם העקטאַר. און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ער נישט אַזוי גיך געהאַלטן וואָרט. די אימיגראַנטן־משפּחות וואָס האָבן געשלאָסן די קאָנטראַקטן, זיינען אָפּגעפאָרן מיט דער שיף קיין סאַנטאַ־פע און פון דאָרטן זיינען זיי געבראַכט געוואָרן ביז דער סטאַנציע פּאַלאַסיאָס, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען דאַן.

קיין הייזער איז נישט געווען, נישט אַפילו קיין „קאַרפּאַס", נאָר אַ גרויסער בלעכענער גאַלפּאָן. אַהין האָט מען געבראַכט די אימיגראַנטן און דאָרטן האָט מען זיי געהאַלטן וואָכנלאַנג; אייניקע משפּחות האָט מען איינגעאָרדנט אין אַלטע צע־בראָכענע משא־וואַגאָנעס פונעם אייזנבאַן, וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער זייט פון דער ליניע און וועלכע זיינען געווען דאַן לרוב, ווייל די ליניע האָט זיך דאַן געהאַלטן אין בויען צו צפון־צו, און די משא־וואַגאָנעס, אויסגעליידיקטע, האָט מען נאָך נישט געהאַט דאַן צוגענומען פון דאָרטן.

מען האָט זיי געבראַכט אַהין, איבערגעלאָזן, און עס האָט אויסגעזען אַז מע האָט אין זיי פאַרגעסן. נישט קיין הייזער, נישט קיין ערד, נישט קיין רעמאַנענט האָט מען זיי אָנגעוויזן. קיין שפּייז ווי געהעריק האָט מען זיי אויך נישט געגעבן. ווען־נישט־ווען אַ זעקל ווערעמדיקע קוקורודזע־מעל צוגעשיקט פונעם קאָלאָניזאַ־טאָר...

אַזוי האָבן די פּיאָנערן פונעם יידישן אַגריקולטור־ישוב אין אַרגענטינע אָנ־געהויבן זייער באַזעצונג; הונגער, עלנט, איינזאַמקייט, נויט, פאַרוואָרלאָזט און צרות אָן אַ שיעור.

דער קאָלאָניזאַטאָר פּאַלאַסיאָס האָט גענומען אויף זיך אַן אויפגאַבע, צו וועל־כער ער איז, מילד גערעדט, נישט געווען צוגעגרייט און אפשר האָט ער אויך לכת־חילה נישט באַזעסן די מיטלען, וואָס זיינען נויטיק געווען פאַר דעם.

די אימיגראַנטן־גרופּע איז אָנגעקומען קיין פּאַלאַסיאָס די ערשטע וואָך פון חודש אלול (אָנהייב סעפּטעמבער) און פאַרבליבן איז מען דאָרטן אין דעם גאַלפּאָן און אין די צעבראָכענע פראַכט־וואַגאָנעס, זיך וואַלגערנדיק אין אומריינקייט, הונ־גער, אָן שום מיטלען און אָן שום אויסזיכט, ביז נאָך סוכות (סוף אָקטאָבער) — קנאַפּע צוויי חדשים צייט.

ווי אַזוי האָבן זיך די אימיגראַנטן פאַרט דערנערט אַזאַ לאַנגע צייט? פון וואָס האָבן זיי געלעבט? ווי אַזוי האָבן זיי אויסגעהאַלטן דעם דאָזיקן פּרוּוו?

עס איז שווער צו ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגעס, ווייל קיין דאָקומענטאַ־לע מאַטעריאַלן זיינען פון יענער צייט נישט פאַרבליבן און עס קומט אויס צו שטיצן זיך אויף די זכרונות פון די אָנטיילנעמער אין דער פּיאָנערן־גרופּע; און זכרונות

זיינען אפשר דאַנקבאַר מאַטעריאַל פאַר היסטאָריקער, אָבער, ווען זיי קענען באַ־שטעטיקט ווערן דורך דאָקומענטן פּאַראַלעל... ווען נישט באַקומט זיך גאַנץ אָפּט אַ פּלאָנטער.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן דאָ, אַז נישט אַלע משפּחות, באַזעצט נעבן פּאַלאַ־סיאָס, זיינען דאָרט פאַרבליבן לאַנג. דרייצן משפּחות פון זיי, זיינען אַוועק קיין מאָגיגאַטעס, ווו — עס שיינט — האָבן געוווינט פון פריער אַ דריי פיר יידישע משפּחות, פון דער גרופּע פון דעם אָרט, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן דורך דער אַליאַנס נאָך אין יאָר 1888.

עס איז קיין ספק נישט, אַז נאָך סוכות האָבן אַ סך פאַמיליעס זיך אָפּגעטיילט פון דער גרופּע פון פּאַלאַסיאָס. זעענדיק, אַז מען נעמט זיי נישט אַריבער אויף גע־קויפטע פעלדער, אַז דער קאָלאָניזאַטאָר דערפילט נישט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, אַז זיי האָבן נישט קיין אינסטרוקטאָר, וואָס זאָל זיי ווייזן, ווי אַזוי הייבט מען אָן פּאַראַקערן דעם באָדן — האָבן אַ סך פון דער גרופּע אָנגעהויבן זיך אַנטוישן און אַוועקפאָרן אין די אָרטיקע ישובים. אייניקע, וואָס האָבן געהאַט מיטלען, האָבן זיך איינגעאָרדנט מיט קרעמלעך אין סונטשאַלעס, אַנדערע זיינען אַוועק קיין סאַנטאַ־פע און אַ טייל אַפילו זיינען אַוועק קיין בוענאָס־איירעס. געבליבן זיינען, אָבער, די מער פעסטערע אין מוט, די אַנטשלאָסענע צו ווערן ערד־אַרבעטער, און צו זיי איז אין די ערשטע וואָכן צוגעקומען נאָך אייניקע פאַמיליעס, פון דער בעסאַראַ־בער גרופּע, וואָס האָט געוואָלט אַרויספאָרן צוזאַמען מיט די קאָמענעצער, נאָר זי איז דערנאָך געפאָרן אַליין. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַכט פאַמיליעס, פון וועל־כע פיר בלויז זיינען געקומען אין קאַמפּ, און האָט זיך אינסטאַלירט אין מאָגיגאַ־טעס, צוזאַמען מיט די פאַמיליעס, געשיקט דורך דער אַליאַנס; אין וואָכן אַרום, איז צו דער מאָגיגאַטעסער צוגעקומען נאָך אַ גרופּע פון 19 משפּחות, ליטוואַקעס. זיי זיינען אין פּאַריז געוווירן געוואָרן פון דער אימיגראַציע נאָך אַרגענטינע — און זיי האָבן זיך געלאָזט אויף דעם זעלביקן וועג. קומענדיק אָבער קיין בוענאָס איי־רעס, האָבן זיי זיך נישט קאָלאָניזירט ביי פּאַלאַסיאָסן, נייערט דורך אַ סאַנטאַ־פעער „קאָלאָניזאַטאָרישן באַנק״, וואָס האָט דאַן עקזיסטירט און וואָס האָט דאַן באַזיצט די ערדן, וועלכע די באַנק האָט פאַרמאָגט אַרום מאָגיגאַטעס.

אַזוי אַרום האָבן זיך אין די חדשים סעפּטעמבער און אָקטאָבער, ביסלעכווייז פאָרמירט צוויי גרופּעס יידישע אַקער־בויער, אין דער געגנט פון דער איצטיקער מאָזעסוויל צווישן פּאַלאַסיאָס און מאָגיגאַטעס: אַ פערציק משפּחות אַרום דער לעצ־טער, און לערך זעכציק משפּחות אַרום פּאַלאַסיאָס און דער איצטיקער מאָזעסוויל.

די לאַגע פון ביידע גרופּעס איז געווען אַ שווידערלעכע, די ערשטע וואָכן פון דער באַזעצונג, און מען האָט געדאַרפט האָבן ווירקלעך פּיאָנערן־מוט און אייזער־נעם גלויבן אין דעם אידעאַל פון ערד־אַרבעט, כדי צו קענען עס איבערטראָגן און נישט אַנטמוטיקט ווערן, נישט אויפגעבן די האָפענונג און גלויבן און נישט אַוועק־לאָזן זיך צוריק אין שטאָט, צום פיל לייכטערן, און דאַן זיכערן לעבן פון מסחר. און

נישט אַלע האָבן עס טאַקע אויסגעהאַלטן. אייניקע זיינען אויך נאָכדעם אַוועק פון קאַמפּ אין די אַרומיקע סטאַנציעס, ווער צו זוכן אַרבעט כדי צו דערנערן די פאַ־מיליעס און ווער אָנהייבנדיק צו פאַרנעמען זיך מיט מסחר.

פון די צוויי גרופּעס וואָס האָבן זיך אַזוי פאָרמירט — אַלס צוויי באַזונדער'ע קאָלאָניעס און וואָס האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן ביז דער באַראָן הירש האָט צוויי יאָר נאָכדעם אָפּגעקויפט דעם באָדן און מען האָט ביסלעכוויין איבערגעגרופּירט דעם ישוב — האָט די ערשטע פּאַלאַסיאָסער גרופּע מער געליטן, הגם ווי עס שיינט, האָט אויך די מאָניגאָטעסער גרופּע געהאַט אויסצושטיין גענוג צרות, שווער־קייטן, אַנגסט, ליידן, דורכפאַלן און אַנטוישונגען.

די פּאַלאַסיאָסער גרופּע, וואָלגערנדיק זיך אין די חדשים סעפּטעמבער־אָק־טאָבער, און אָנהייב נאָוועמבער אין גאָלפּאָנען און פראַכט־וואַגאָנעס, האָט פון דעם דאָזיקן לעבן זיך אַנטוויקלט אַן עפּידעמיע צווישן די פּיצלעך קינדער און אין גע־ציילטע וואָכן זיינען אויסגעשטאָרבן צענדליקער.

מען האָט געלעבט אין שוידערלעכע אַנטי־היגיענישע אומשטענדן, וואָלגערנ־דיק זיך אויף דער ערד, אָן מילך, אָן ברויט, האָט מען זיך געשפּייזט אין הונגער מיט רויע פלייש, וואָס מען פלעגט פון צייט צו צייט פאַרטיילן פון פּאַלאַסיאָסער פאַרוואַלטונג צווישן די אימיגראַנטן.

די אַרבעטער ביי דער באַן־ליניע פלעגן אויס רחמנות פאַרטיילן ווען־ווען אַלטע גאַזשעטן צווישן די הונגעריקע יידישע קינדערלעך. די קינדער פלעגן אַרום־לויפן צווישן די פאַרבייגייענדיקע באַנען בעטלען עסן; און די רייזנדע, ווי די בור־פעט־קעלנערס פון באַן האָבן שוין געוווסט, אַז דאָ איז פאַראַן אַ מחנה פאַרפירטע הונגעריקע אימיגראַנטן און מען פלעגט אַרויסוואַרפן דורך די פענצטער פון די וואַגאָנעס ברויטלעך, שיריים פון עסן — און די הונגעריקע עופהלעך פלעגן זיך וואַרפן אויף דעם, לענג־אויס די וואַגאָנעס, צונויפקלייבן עס פון דער ערד; צו־מאָרגנס פלעגן אַנטשטיין געשלעגן צווישן די קינדער פאַר אַ שטיקל ברויט אָדער פאַרפוילטע פרוכט, וואָס מען האָט אויפגעהויבן פון דער ערד.

אַזוי האָט מען געלעבט וואָכן לאַנג, עלנטע, פאַרגעסענע, הילפסלאָזע. די עלטערע האָבן עס נאָך געקענט איבערטראָגן; די קינדער אָבער, אין אַ קלימאַט צו וועלכן זייער אָרגאַניזם איז נישט געוווינט געווען און אין אַזעלכע ליידן פון הונ־גער און מאַנגל פון ריינלעכקייט, האָבן געקענט אַרויסווייזן ווינציקער פיזישע רע־זיסטענץ און האָבן אָנגעהויבן קראַנק ווערן; און קיין מעדיצינישע הילף איז אויך נישט געווען צו באַקומען. האָט זיך אַנטוויקלט אַן עפּידעמיע אין די וואָכן פון סוף אלול און תשרי — און צענדליקער קינדער ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, זיינען געשטאָרבן ווי פליגן אין האַרבסט־צייט, געפאַלן פון אָפּגעשוואַכטקייט.

אויך אין דער צווייטער גרופּע, אין מאָניגאָטעס, זיינען אין יענער צייט אויס־געשטאָרבן פיל קינדער ביי די מוטיקע פּיאָנערן. גרופּעס יידן האָבן געזוכט צו באַ־זעצן זיך אויף ערד — און איידער מען האָט זיי אָנגעוויזן זייערע טשאַקרעס,

האָבן זיי שוין געהאַט געבראַכט קרבנות דער ערד, און דער ערד, וועלכע איז באַ־שערט געווען צו פאַרבלייבן יידישע, באַהאַלטן דאָס טייערסטע אין לעבן: די קער־פערס פון זייערע עופהלעך.

אין דער קורצער צייט פון עטלעכע וואָכן זיינען צוויי בית־עולמס געשאַפן געוואָרן: איינער אַרום פּאַלאַסיאָס, אַ צווייטער אַרום מאָניגאָטעס.

די צוויי בית־הקברות פון פּיצלעך קינדער, וואָס די פּיאָנערן פון אונדזער ישוב האָבן געבויט אין מאָזעסווילער געגנט אין געציילטע וואָכן — האָבן צוגעגרייט דעם ישוב, האָבן צוגעבונדן אונדזער ישוב צו דעם באָדן. האָבן נישט געלאָזט אַוועק פון דאָרטן די פאַמיליעס; און וויפל צרות און אַנגסטן און מאַטערנישן די דאָזיקע משפחות איז אויסגעקומען אויסצושטיין — דער יידישער ישוב איז שוין דאָרטן פאַרבליבן און אַ יידישע קאָלאָניע איז שוין דאָרטן געבויט געוואָרן. יידישע עלטערן לאָזן נישט איבער איינזאַם די ביינער פון זייערע קינדערלעך, אומגעקו־מענע אין די צרות פון איבערשיכטונג.

און אַזוי איז עס ווירקלעך געשען: אין צוויי יאָר נאָכדעם — מיר פאַרלויפן דאָ פאָרויס די דערציילונג פונעם גאַנג פון די געשעענישן — ווען דער באַראָן הירש האָט שוין אָנגעהויבן צו גרינדן די קאָלאָניעס מאַוריציאָ אין ענטרע ריאָס (סאַן אַנטאָניאָ), האָט דר. ווילהעלם לעווענטאַל, געוואָלט אַרויסנעמען די מאָזעס־ווילער קאָלאָניסטן קיין מאַוריציאָ, אָדער קיין ענטרע ריאָס, ווייל לויט זיין מיינונג האָט דער מאָזעסווילער באָדן נישט געטויגט. די יידן אָבער, האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן „דאָס אָרט, ווו מען האָט שוין דעם דריטן בית עולם געלייגט". דאָן איז שוין געווען מאָזעסוויל אַ שטעטל — און מע האָט שוין דאָרט אויך געהאַט אַ בית־עולם... און אַן אומגעקומענער אויך פון גאַוטשאָ מאַטרערא. נאָך פריער האָבן זיך די יידן פאַרזאַמלט אין שול, אַ זעמלאַנקע און געשווירן פון דאַנען נישט אַוועקגיין און אַריבערפירן פון מאָזעסוויל די ביינער פון די קינדערלעך אויף די בית־עולמינס פון פּאַלאַסיאָס און מאָניגאָטעס — און מען האָט די שבועה געהאַלטן, מען האָט גובר געווען די עקשנות פונעם דר. לעווענטאַל און דער באַראָן הירש האָט דאַן געלאָזט אָפּקויפן דעם באָדן ביי פּאַלאַסיאָסן אין יאָר 1891.

די קליינע קינדער וועלכע זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער, קראַנקייטן, פון אומהיגיענישע באַדינגונגען, פעלן פון מילך, פון אַ בעט און פון דער געהעריקער מעדיצינישער הילף — אין די ערשטע וואָכן פון דיליידן פון דער גרופּע יידישע פּיאָנערן אין פּאַלאַסיאָס; די בית־עלמינס אין פּאַלאַסיאָס און מאָניגאָטעס, ווו די קינדערלעך זיינען באַערדיקט געוואָרן, געפּאַקטע אין בלעכענע גאַזקעסטלעך, ווי הערינג — ווייל עס איז נישט געווען קיין אַנדער אופן צו באַערדיקן, קיין ארונות, נישט קיין תכריכים — און די ערטער, פון וועלכע בית־עלמינס קיינער וואַלט איצט נישט געקענט געפונען אָנווייזן — זיי האָבן געראַטעוועט מאָזעסוויל פאַר אַ יידישן צענטער, זיי האָבן עס פאַרהיט און זייער זכות איז עס געשען, וואָס יידי־שע אַרבעטס־שווייס, מי, פריידן און ליידן, און אויך דאָס בלוט פון די געפאַלענע

קרבנות, זאָל פרוכטבאַר מאַכן די ביז דאַן וויסט געוועזענע פּאַמפּעס פון סאַנטאַ פּעער פּראָווינץ און אַז אין משך פון די יאָרן זאָל אויפבליען ערלעך אַ יידיש־ערד־אַרבעטנדיקער ישוב און עס זאָל אויסוואַקסן מאָזעסוויל, דאָס יידישסטע שטעטל צווישן די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע. דאָס יידישסטע, זאָגן מיר, און דאָס פּאַרמיגערט נישט און פּאַרקלענערט נישט אויף אַ האָר דאָס אַרגענטינישע אין איר.

די בית־עלמינס פון יידישע קינדער אין מאָזעסוויל, האָבן געבראַכט די דער־וואַרטע פרוכט, שוין נישט פאַר מאָזעסוויל אַליין, נייערט פאַר דעם געדאַנק פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע בכלל; דאָס איז געוועזן דער ערשטער שטויס אין דעם קאָנקרעטן זין פון דעם וואָרט, פאַרן באַראָן הירשס צוצוטרעטן צו דער רעאַליזירונג פון דעם קאָלאָניזאַציע־פּלאַן, נאָכדעם ווי דער באַראָן איז פון דעם געוואויר געוואָרן דורך די באַריכטן, וואָס דר. ווילהעלם לעווענטאַל האָט צוגע־שטעלט צום פּאַריזער רב הכולל רבי צדוק הכהן און צו דער „אַליאַנס איזראַעליט" אין דער זעלביקער שטאָט, וועגן די ליידן פון דער יידישער אימיגראַטן־גרופּע ביי דער סטאַנציע פּאַלאַסיאָס. ווי הערלעך און אמת האָט זיך אַרויסגעוויזן — מיר זעען עס איצט רעטראָספּעקטיוו, נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט — דער טרעפלעכער אַפּאָריזם פונעם תלמוד, „אַז דו טרעפסט אין אַ וויסט אָרט אַ בית הקברות, וויסן זאָלסטו, אַז נאָענט פון דעם אָרט וועסטו קומען צו אַ ישוב".

---

אַבֿרהם מאָשקאָוויטש

# יידישע קאָלאָניסטן

קאָלאָניסטן יידישע,
אַ געזונט אין זייערע ביינער,
ווי זיי פאַרדינען דאָס ברויט, —
ערלעכער פאַרדינט נישט קיינער!

זייערע האָרעפּאַשנע הענט,
אין בלאָטע אויסגעשמירטע,
זיינען שענער פון די ווייסינקע —
מיט דימענטן באַצירטע.

זיי זיינען אָנגעקומען דאָ
פון לענדער ווייט צו פאָרן;

און עס איז אַרגענטינע
זייער נייע היים געוואָרן.

און געטראָפן שטרעקעס ערד,
ווילד און פוסט, פאַרלאָזן.
נישט קיין וועג, און נישט קיין שליאַך,
נאָר הויכע, ווילדע גראָזן.

איצטער ליגן שטאָלץ צעבליט
אַרגענטינער וויסטן —
אויסגעוואַקסן איז אַ דור
פון יונגע קאָלאָניסטן.

ה. ד. נאַמבערג

# אין דער פּאַמפּאַ

אויף דרום־זייט פון בוענאָס איירעס, העט־ווייט ביז צום „שוואַרצן טײַך“, אויף דרום, און ביז צו די בערג אויף מערב, ליגט אויסגעשטרעקט די פּאַמפּאַ אין איר גאַנצער פּאַרלאָזנקייט.

ביימער זעט מען דאָ זעלטן, און די, וואָס מען זעט, האָבן אַן עלנטן אויסזען:

די פּאַמפּאַ איז שטענדיק דורשטיק, שטענדיק גאַרט זי צום רעגן. ווען די גרינע שלאַנגען, מייסטנס נישט גיפטיקע, קריכן אַרויס פון די נאָרעס און באַווייזן זיך אויף דער אויבערפלאַך, איז אַ שמחה ביים קאָלאָניסט: דער רעגן וועט קומען: די שלאַנגען האָבן דערשמעקט די פייכטקייט פון דער לופט, און זיי זיינען אויף שוין מיד פון דער טריקעניש. ברעכן דעם אַלטן פּאָטער די ביינער און ער קרעכצט אַ גאַנצע נאַכט, קומט דער זון אינדערפרי אָנזאָגן די בשורה זיין שכן: — עס קלייבט זיך אויף אַ רעגן!

אַרגענטינע ליידט זייער שטאַרק פון פאַרפּלייצונגען. ווען דאָס טראָפּישע גע־ וויטער צעשפּילט זיך, קאָן דער בליץ יאָגן און דער דונער אָפּקנאַלן טעג נאָכאַנאַנד, און דער הימל גיסט אָן אויפהער, עפּעס מבולדיקס איז פאַראַן אין די רעגנס. דאָ אָבער, אין דער צענטראַלער פּאַמפּאַ, טרינקט די ערד דעם רעגן און איז קיינמאָל נישט זאַט טרינקענדיק. דורשטיק פאַרשלינגט דער זאַמד דאָס וואַסער, און בעט נאָך און נאָך. דער דאָזיקער זאַמד האָט אין זיך אַ כוח אַרויסצוגעבן אַ גוט געררע־ טעניש, מיט שפּע קען ער אָפּשיטן צענטאַרן ווייץ, ווען ער האָט זיין מאָס רעגן; און עס פּאַסירט נישט קיין אומגליק. ליידער, טרעפט דאָס זעלטן. איין מאָל דורך דריי יאָר; דעמאָלט אָבער לעבט אַלץ און לאַכט, אויפן לאַנד און אין שטאָט. דער קאָלאָניסט, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג געהונגערט, קויפט אַהיים מחזורים פאַר זיך, צירונג פאַרן ווייב, זיידענע זאָקן פאַר די טעכטער. דער פאָרט פון באַהיאַ בלאַנקאַ, ווערט רירעוודיק און רוישיק. אַפילו די בהמות הייבן אויף די קעפּ, און זיי מרוטשען נישט מער אַזוי טרויעריק אויף זייער ביטערן גורל און דעם שלעכטן קריזיס.

זעלטן־זעלטן, איינמאָל דורך עטלעכע יאָר, ווערט אַהער פאַרטראָגן אַ ביסעלע שניי. יידישע קינדערלעך, געבוירן אין דער פּאַמפּאַ, וואָס האָבן קיין שניי אין זייער לעבן נישט אָנגעזען, לויפן אַריין אין שטוב דערשראָקן און מיט ציטערדיקע שטימען דערציילן זיי דאָס נייעס, וואָס זיי האָבן געזען:

— מאַמעליו, פייגעלעך פאַלן פון הימל!

אַ געזונט אויף זייערע קעפּ, אויף די יידישע קאָלאָניסטישע קינדערלעך פון דער פּאַמפּאַ! איך האָב זיי געזען, קינדערלעך פון 8 ביז 13 יאָר, יינגלעך און מיידי־

לעך, רייטנדיק אויף די פּאַמפּאַ־פערדלעך, צו צווייַ אויף אַ פערדל, איינס האַלט אַרומגעוויקלט די העַנט אַרום דעם צווייטן, און זיי האָבן גאַלאָפּירט, אַז אַ שטויב איז אויפגעגאַנגען צום הימל און האָט פאַרדעקט דעם האָריזאָנט. דאָס שענסטע בילד איז דאָס, דער פאַרבנסטער איינדרוק וואָס די פּאַמפּאַ האָט מיר געגעבן.

דער לערער פון דער קאָלאָניע, האָט מיר צוגעגרייט דעם סיורפּריז, ביי מיין אָנקומען. די קינדער קומען, געוויינטלעך, אין שולע אַריין, אויף די פערדלעך, ווייל די הייזער שטייען צעוואָרפן אויף אַ שטרעקע פון עטלעכע קילאָמעטער; די פערד־לעך פּאַשן זיך, ביז די קינדער לערנען אָפּ און רייטן אַהיים. היינט, לכבוד מיין אָנקומען, האָט מען איבערגעהאַקט די לעקציע, און דאָס ביסל קליינוואַרג האָט זיך געלאָזט גאַלאָפּירן מיט אימפּעט מיר אַנטקעגן. מע האָט געקאָנט מיינען, אַ רעגימענט רייטער קומט אָן; ערשט פון שטויב וויקלען זיך אַרויס אָפּגעברענטע פּנימלעך פון יידישע קינדער. איך קוק זיי אָן: אָרעם־געקליידעטע מיט צעשויבער־טע האָר, די צעפּלעך האָבן זיך אויפגעלאָזט ביי די מיידלעך, ביי די יינגלעך זיינען די היטלעך פאַררוקט אָן אַ זייט — אונדזערע יענקעלעך און שרהלעך, געבוירענע כטעפּ־קינדער, אַרגענטינישע קאָזאַקלעך און קאָזאַטשקעס. פלינק אויף די פערד און מיט דער יידישער שפּראַך אין זייער מויל.

היימישער איז מיר געוואָרן אין דער פּאַמפּאַ...

---

יעקב באָטאָשאַנסקי

# דאָס גן־עדן צום אינדזל פייערלאַנד

דער וויַיטסטער אַרגענטינער ישוב אין דרום, איז עס, דאָס אינדזל פייער־לאַנד (טיעררא דעל פועגאָ) און דער וויַיטסטער מענטשלעכער ישוב פאַרן זיד־פּאָל. דורכויסיקער ישוב אין מאָדערנעם זין פון וואָרט, איז אויף דעם דאָזיקן אינדזל פאַראַן, נאָר אין דער הויפּטשטאָט, וואָס הייסט אוסואַהיאַ. אויסער דער הויפּט־שטאָט זיינען פאַראַן אינדיאַנער, וואָס טראָגן קליידער — פעל פון חיות, און לעבן אין געצעלטן, וואָס זיינען אויך פעל פון חיות. פּונקט ווי די פייערן וואַנדערן דאָ פון פּלאַץ צו פּלאַץ, פּונקט אַזוי וואַנדערן דאָ די משפּחות אינדיאַנער פון ווינקל צו ווינקל.

אינטערעסאַנטער ווי דער ישוב, איז דאָס אינדזל אַליין. די נאַטור פון אינדזל און דער קאָסמאָס פון אינדזל. דרייסט זיך אַרום אין מיטן זומער, מיט שווערע ווינטערדיקע קליידער, און דו כאַפּסט אַ ציטער, און דו פרעגסט דאָך נישט, פאַר־וואָס מען רופט דאָס פייערלאַנד. די געאָגראַפיע ענטפערט אויף אָט דער קשיא, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די קאָנקיסטאַדאָרן זיינען אַהין אָנגעקומען, האָבן זיי געזען פייער אויף די בערג און זיי האָבן עס גערופן פייער־לאַנד, אָבער ווען דו דרייסט

זין אַרום אויף דעם ווייטסטן אַרגענטינער אינדזל, וואָס קושט זיך פון צוויי זייטן מיטן אַטלאַנטיק און פון צוויי זייטן מיטן שטורמישן פּאַסיפיק (דער שטורמישער שטילער...) און דו דערפילסט אַזאַ קעלט, וואָס דערמאָנט אין סיביר, פרעגסטו דאָך נישט, פאַרוואָס מען רופט עס ווי מען רופט עס. עס איז טאַקע אַ זייער קאַלט לאַנד, אָבער, עס דערקענט זיך, אַז ביז נישט לאַנג האָט דאָ פון אומעטום געשפּיגן מיט פייער. אַ פייערדיק און אַ שטורמיש לאַנד. אַ לאַנד, וואָס האָט געוויס טויזנ־טער יאָרן נישט געוווסט פון קיין רואיקער מינוט. אייביק איז דאָ פאָרגעקומען קאַמף און שטורעם. אייביק האָבן דאָ די ווולקאַנען געשפּיגן מיט פייער און לאַווע ביזן הימל אַריין, דאָס וואַסער האָט אָדער געדולדיק געמינעט, אָדער מיט שטור־רעמדיקע כוואַליעס געפּאַטשט. בערג האָבן זיך געשפּאָלטן, בערג האָבן זיך צעריסן אויף שטיקער, בערג זיינען אַריינגעפאַלן אין ים אַריין און בערג זיינען אַרויסגע־קראָכן פון ים. די ערד האָט געציטערט און האָט באַקומען גרויסע לעכער. שניי איז געפאַלן, געפאַלן, אָנגעשאָטן בערג און די בערג האָבן זיך אַראָפּגעקאַטשעט און זיך צעפאַלן. און דאַן זיינען געקומען צו הילף ברענענדיקע פרעסט, קאַלטע ווינטן, פאַרפרוירענע רעגנס און זיי האָבן פעסטער געמאַכט די בערג מיט שניי און אויס־געפורעמט ריזיקע גלעטשערס, וואָס האָבן באַוויזן די קונץ צו לעבן אייביק. אייבי־קער שניי...

אַ שטורמישע יוגנט האָט פייערלאַנד געהאַט און האָט זיך אויסגעפורעמט אַזאַ נישט גלייכע, אַ זיגזאַגנדיקע, זי האָט טיילן וואָס דראַפּען זיך צום הימל און טיילן, וואָס קריכן אין תהום אַריין...

געבענטשט זאָלסטו מיר זיין, פייערלאַנד. ווי ענלעך אַ סך מענטשן זיינען צו דיר. ווי ענלעך די אַלע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ שטורמישע יוגנט, עס זיינען צו דיר! און ווי שיין און בלענדנדיק עס איז דיין הייבן זיך און נידערן, דיין שטייגן אַרויף און פאַלן אַראָפּ, פייערלאַנד! און טויזנט מאָל באַריש וועט זיין דער, וואָס וועט אין דיר זוכן גלייכע וועגן און סימעטרישע האַרמאָניע, ווי, אַ שטייגער, אין די רואיקע סטעפּעס פון דער פּאַמפּאַ, פּונקט ווי טויזנט מאָל נאַריש עס זיינען די דאָזיקע מענטשן, וואָס זוכן אין אַ שטורעמדיקן מענטשן די מנוחהדיקייט פון אַ קאַלטבלוטיקן. זיי מיר געבענטשט, פייערלאַנד, דו האָסט מיר געוויזן, אַז אויך אין שטורעם איז פאַראַן שיינקייט, אויך אין שטורעם איז פאַראַן גאָט...

זיי מיר געבענטשט, פייערלאַנד, זיי געבענטשט מיט דיינע גרויסע בערג, די וואַלדיקע, וואָס האָבן די שענסטע ביימער אין דער וועלט. זיי מיר געבענטשט מיט דיינע בתולה־בערג, וואָס קיינער האָט נאָך נישט באַטראָטן און די קעפּ זיינען ביי זיי שוין ווייס, אַלטע, מיליאָנען־יאָריקע בתולות, וואָס האָבן זייער רייץ נישט פאַר־לאָרן. זיי געבענטשט מיט דיינע פיאָרדן ווי ברוינע שפּיגלען און מיט דיינע גלעט־טשערס ווי לוחות. זיי געבענטשט מיט דיינע רעגנבויגנס, וואָס זאָגן צו רו נאָכן שטורעם און זיי געבענטשט מיט דיינע טויזנטער פאַרבן...

דו וועסט אייביק נישט לעבן, פייערלאַנד! ערגעץ אין דיר זיינען געוויס פאַ־

ראַן פאַרבאָרגענע כוחות, וואָס זאַמלען זיך מיט צאָרן און וועלן מיט דיר אַ טרייסל־טאָן און דיך אַריינוואַרפן אין די אָרעמס פון דיינע צוויי ריזן־געליבטע, פון אַט־לאַנטיק און פּאַסיפיק און דו וועסט אַמאָל אויפהערן צו זיין. אָבער — בעסער צו לעבן אַזוי שטורמיש, אַזוי פייערדיק, אַזוי שיין און אַמאָל אויפהערן, איידער צו זיין אייביק קאַלט און רואיק.

די בוכטעס פון פייערלאַנד! צו וואָס זאָל איך זיי גלייכן? אַז קיין גלייכן איז צו זיי נישטאָ?... קיין גרעסערער קינסטלער, ווי די נאַטור אַליין איז נישטאָ! נעמט זי די נאַטור און קריכט אַריין מיט שטיקער ים צווישן בערג און שניי־בערג, און דער ים דרייט זיך צווישן די בערג און גלעטשערס, און די בערג און גלעטשערס דרייען זיך צווישן ים.

אין די דאָזיקע בוכטעס איז נישט פאַראַן דער גרויסער ים, נאָר קליינע שטי־קער פון ים און עס גייט אין זיי נישט אַריין די גרויסע שיף אונדזערע, נאָר מיר פאָרן אַריין מיט קליינע שיפלעך. די גרויסע שיף אונדזערע אַנקערט אין מיט וועלט, און מיר פאָרן אַוועק מיט אונדזערע שיפלעך אין עק וועלט...

טויזנט פאָר אויגן וואָלט מען געדאַרפט, שיפנדיק זיך אין די בוכטעס „דזשענ־דעגאַליאָ" און „גאַריבאַלדי", כאָטש דער וועג איז דאָ אַ שמאָלער און אַ פאַרמאַכ־טער, מען זעט נישט וואָס עס טוט זיך ווייטער מיט צען מעטער, ווייל די בערג און די גלעטשערס פאַרשטעלן. אויף איין קליין שטיקל שטח האָסטו:

פיאָרדן, קאַפּן, בערג, גלעטשערס, וואַסערפאַלן, שנייפאַלן, סטייעס ים־וועלף...

טויזנט פאָר אויגן דאַרף מען, צו קענען זען די אַלע ליניעס און באַוועגונגען, די אַלע פאַרבן, און טויזנט פאָר אויערן דאַרף מען האָבן צו קאָנען הערן אָט די שטומע קלאַנגען דאָ: אַלץ זינגט דאָ...

---

## ברוך בענדערסקי

# סאַינאַ

און סאַינאָ איז געקומען אין די יאָרן, געוואָרן אַלט, נישט געהאַט קיין ציין און נישט געקאָנט מער אַרבעטן.

מילאָ, דאָס טרעפט מיט יעדן פערד, ווען עס לעבט אָפּ אַ פופצן־צוואַנציק יאָר. נאָר זיין גרעסט אומגליק האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער האָט שוין מער נישט געקאָנט אַרבעטן.

דאָס איז געווען אין אָנהויב ווינטער. מ'האָט צוזאַמענגעטריבן אַלע פערד אין „קאָראַל", איבערצוקוקן וועלכע פון זיי צו שפּאַנען אין פלוג, און ווען מ'איז געקומען צו אים, איז ער געשטאַנען באַזונדער אין אַ ווינקל, דער קאָפּ אַראָפּגע־לאָזט, די אויגן — פאַרטרערטע, די אונטערשטע ליפּ איז אים שטאַרק אַראָפּגע־

האנגען, און געשטאַנען איז ער אויף דריי פיס — איינע, אַ הינטערשטע, האָט ער געהאַלטן אין דער לופטן, בלויז אָנגעשפּאַרט אויף דער שפּיץ קאָפּיטע.

באַטראַכטנדיק אים אין אַזאַ פּאָזע, האָט מען באַשלאָסן אים אַרויסצוטרייבן אויף דער גאַס:

— ער פּאַרדינט שוין נישט דאָס עסן.

האָט מען אים אַרויסגעטריבן און פאַרמאַכט דעם טויער פון פּאָטרעראָ.

תחילת האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז נאָר אַזוי זיך, אויף דערווייל. ווי מ׳פלעגט אָפט מיט אים פריער טון: פאַרשפּאַרן אין קאָראַל אויף ביינאַכט אָדער צובינדן אויף אַ שטריק, כדי מיט אים אינדערפרי אַרייננצוטרייבן די בהמות.

איז ער געבליבן שטיין פון יענער זייט טויער און אַריינגעקוקט אין פּאָטרעראָ. *

אַזוי איז ער געשטאַנען אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און ווען ס׳האָט אים שוין גוט אָנגעהויבן הונגערן, האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ, אפשר וועט ער געפינען עפּעס אַ גרעזל. אויפן וועג איז אָבער קיין גראָז נישט געוועזן; ביי דער זייט פון וועג איז יאָ עפּעס געוואקסן, אָבער נישט אין מויל צו נעמען, פול מיט שטעכערס און דער־צו האַרטע, דאַרע, גאָרנישט פאַר זיינע ציין.

האָט ער גענומען שפּאַנען ווייטער מיטן קאָפּ צו דער ערד, זוכנדיק מיט עפּעס דאָס האַרץ אונטערצולענען. נאָר ווען ער האָט דעם קאָפּ ווידער אויפגע־הויבן, איז ער שוין געווען נעבן אַן אַנדער פּאָטרעראָ. אַריינגעקוקט אינעווייניק, האָט ער דאָרט דערזען נייע פנימער, נייע פערד, אומבאקאַנטע. זיי האָבן זיך גע־פּאַשעט אויף גרינער פּאַשע. סאַינאָ האָט געגעבן אַ שטילן הירזשע, אַ רוף־געטאָן, יענע האָבן די קעפּ אויפגעהויבן, אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט און ווידער זיך גענו־מען פּאַשען.

און סאַינאָ איז אַוועק ווייטער.

די וועגן האָבן זיך צעטיילט אויף אַלע זייטן צווישן די פעלדער, און אים איז געווען אַלצאיינס ווהין ער זאָל גיין — אומעטום האָט ער געזען גרינע פּאַ־שע, ווו בהמות האָבן זיך געמיטלעך געפּאַשעט, און האָט ער זיי אַ רוף געטאָן, האָבן זיי אים גלייכגילטיק, מיטן בהמהשן בליק, אָנגעקוקט און ווייטער זיך זייערס געטאָן.

אַזוי זיינען אַריבער אייניקע טעג. ער האָט זיך קוים אַרומגעשלעפּט פון מיד־קייט און הונגער, נאָר דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אים האָט זייער געדאַרשט. עסן האָט ער קיינמאָל צו זאַט נישט געהאַט, נאָר דאָך האָט ער אַזוי פיל געפונען, אויף נישט צו שטאַרבן פון הונגער, נאָר וואַסער האָט ער בשום אופן נישט גע־קאָנט באַקומען, אַפילו נישט די ליפּן צו באַנעצן.

אַך, אַ ביסעלע וואַסער! וואָלט כאָטש גערעגנט וואָלט ער שוין ווי ס׳נישט איז אַ לעק געטאָן אַ קאָפּ וואַסער.

אויפן וועג פלעגן אָפט ייִנגלעך דורכרייטן אויף פערד, און סאַינאָ, וואָס איז

תמיד געשטאַנען אונטער דער האַנט, פלעגט קריגן מיט אַ בייטש, מיט אַ שטעקן, און ער האָט זיך אַפילו נישט פאַרקרימט, האָט נאָר אַ ציטער געטאָן מיט דער אָפּגעקראָכענער פעל און ווייטער געבליבן שטיין, גלייך ווי נישט אים מיינט מען.

איינמאָל, אַרומבלאָנדזשענדיק פון איין טויער צום צווייטן, איז ער אָנגעקומען צום טויער פון זיין געוועזענער היים, צו זיין געוועזענער פּאָטערראָ, האָט אַריבערגעלייגט דעם קאָפּ איבערן טויער, אין פּאָטערראָ אַריין, און שטיל גערירזשעט צו זיינע אייגענע, יענע האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט. אייניקע האָבן עפּעס יאָ די קעפּ אויפגעהויבן, געקוקט פערדיש, פאַרחידושט, און ווייטער גענומען זיך פּאַשען.

דערווייל האָט זיך דער טויער געעפנט: אַ רייטער איז דורכגעפאָרן. סאַינאָ האָט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און אַריין אינעווייניק. דער רייטער האָט אָבער שנעל צוגעמאַכט דעם טויער און סאַינאָ האָט געכאַפּט אַ זעץ אין די ציין מיט אַזאַ קראַפט, אַז ס'איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף, פאַרקאַטשעט די אויבערשטע ליפּ, האָט באַוויזן רויטע יאַסלעס מיט אַ פּאָר פּענקעס, סימנים פון ציין, איינגעטונקענע אין בלוט. אַ ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען, נאָכהער גענומען דרייען מיטן קאָפּ הין און צוריק אויף „ניין־ניין", און שטאַרק געפּאָרסקעט.

האַלטנדיק דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, איז אים פון מויל דאָס בלוט גערונען, ווי דאָס וואַסער ביי יענעם פערד, וואָס האָט פון טייך געטרונקען; תחילת איז עס גערונען שטאַרק, נאָר וואָס אַמאָל ווייניקער, דינער, נאָכהער האָבן נאָר געקאַפּעט אייניקע טראָפּנס...

און ווידער האָט סאַינאָ אַרומגעבלאָנדזשעט אויף די וועגן, מיט יעדן טאָג געוואָרן מאָגערער, זיך קוים אַרומגעשלעפּט.

אין אַ פאַרנאַכט האָט זיך שטאַרק פאַרכמאַרעט. סאַינאָ האָט געוווּסט, אַז עס וועט באַלד רעגענען, און אנשטאָט אַרומצולויפן, שפּרינגען, בריקעווען, ווי פערד טוען עס פאַר אַ רעגן, האָט ער זיך באַנוגנט נאָר מיט שפּאַנען אַ ביסל האַסטיקער ווי געוויינלעך.

די נאַכט איז צוגעפאַלן; דער הימל האָט זיך גענומען שוואַרצן; ס'איז שטאַרק פינצטער געוואָרן; פון צייט צו צייט האָט אַ שאַרפער בליץ דורכגעשניטן די פינצטערניש פון דער נאַכט; פון וועיטן האָט זיך געהערט דונערן; אַ וואַרעמער, פוילער צפון־ווינט האָט געבלאָזן. מיד פון אַזוי פיל זיך ראַנגלען מיטן שטורעם, האָט ער זיך פלוצים אינגאַנצן אָפּגעשטעלט, זיך אונטערגעגעבן און זיך מיאש געווען.

אַ רגע איז געוואָרן שטיל, ווי אַלץ וואָלט פלוצים פאַרגליווערט געוואָרן אין דער לופט און געבליבן הענגען אויף גאָרנישט... די נאַכט האָט אייַנגעהאַלטן דעם אָטעם, זיך איינגעהערט אין דער פינצטערניש צו דעם גרויסן און שרעקלעכן, וואָס דאַרף באַלד אָנקומען...

סאַינאָ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געעפנט זיינע פאַראייטערטע אויגן און געקוקט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

באַלד האָט זיך געלאָזט הערן אין דער לופט ווי דאָס פאָכען פון טויזנטער גרויסע פליגל, וואָס קומען פון ערגעץ ווייט ווייט, קומען נענטער, באַגלייט מיט אַ פייפן און קנאַקן. גאַנצע כוואַליעס זאַמד, אָפּגעפאַלענע בלעטער פונעם נאָענטן וואַלד האָבן אָנגעפולט די לופט; גראָבע טראָפּנס וואַסער האָבן גענומען פאַלן איינ־ציקווייז, שיטער, דאָ און דאָרט, וואָס אַ מאָל געדיכטער און שנעלער, ביז ס׳האָט אָנגעהויבן גיסן ווי פון עמערס.

סאַינאָ האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען, זיך געדרייט אויף איין אָרט, געגעבן אַ פּאָר שפּאַן און ווידער זיך אומגעדרייט, און אַזוי כסדר ביז ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ טויער און געבליבן שטיין.

דער רעגן האָט געגאָסן ווי פון עמערס. געטריבן פון אַ קאַלטן ווינט, וועלכער האָט זיך אים איינגעגעסן אין די ביינער. דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, אַזוי, אַז די אונטערשטע ליפּ האָט כמעט די נאַסע ערד אָנגערירט. די אויגן — האַלב־פאַרמאַכט, פאַרטערערטע, אַ הינטערשטן פוס האָט ער געהאַלטן אויפגעהויבן, נאָר אויף דעם שפּיץ קאָפּיטע אָנגעשפּאַרט, און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, וועל־כער איז געווען בלויז פעל און ביינער.

אין זיין פערדישן מוח האָבן זיך פאַרשידענע געדאַנקען גענומען פלאָנטערן: אָבער מער האָט ער ניט געקאָנט טראַכטן; ער האָט זיך פלוצים דערפילט אַזוי גוט... מער נישט געפילט די קעלט, נישט דעם רעגן וואָס האָט אים דורכגענומען, האָט בלויז געפילט אַ מידקייט אין גאַנצן קערפּער און אַ שטאַרקן חשק צו שלאָפן. די קני האָבן זיך אים גענומען בייגן.

ער האָט זיך אַנידערגעלייגט. — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אַן אויסגעוואַשענע פונעם רעגן, איז גאַנץ פרי די זון אויפגעגאַנגען, האָט געשמייכלט מיט אַ ליבלעכער וואַרעמקייט, זיך אָפּגעשפּיגלט אין די טייכלעך וואַ־סער אויף דער ערד. אויך די פעלדער האָבן אויסגעזען גרינער, פרישער. יונגע גרע־זעלעך האָבן זיך צו דער זון געצויגן.

צוויי רייטער זיינען דורכן טויער דורכגעפאָרן, דערזען ווי סאַינאָ ליגט אויס־געצויגן אין דער בלאָטע אַ פאַרשטאַרצטער, מיט פאַרגלעזערטע אויגן, מיטן מויל אָפן, פול מיט בלאָטע... האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. אַ ווײַלע האָבן זיי געשוויגן. נאָכהער האָט זיך איינער אָנגערופן:

— די פעל ט׳זיין גוט צו שלעפּן ערד, צו פאַרריכטן די בריק פונעם טייך, וואָס דער רעגן האָט די נאַכט אָפּגעריסן...

מרדכי אַלפּערסאָן

# דער גאַוטשאָ באַראַבוינאַ

אומגעפּער אַ יאָר פערציק איז ער אַלט געווען. ווער קען דען אויף ריכטיק וויסן די יאָרן פון די פּאַמפּאַ־קינדער? זיי אַליין ווייסן עס אויך נישט!

אַ ברוינער, מיט אַ צעאַקערטן, צעפּאַלבטן פּנים, גלאַנצענדיקע גלאַטע האָר, שוואַרץ ווי די גריווע פון זיין "אָסקוראָ" פערד. אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד האָט ער געטראָגן; און פון אונטער די געדיכטע, אַרונטערגעפאַלענע ברעמען, האָבן אַרויס־געקוקט צוויי גרויסע דימענטענע אויגן, וועלכע האָבן זיך ווי געבאָדן אין אַ ווייס טייכל, מיט רויטן זאַמד באַברעמט... אַ יידישע אָדלער־נאָז, אַ פּאָר ברייטע פלייי־שיקע ליפּן, פון וועלכע די אונטערשטע איז אַביסל אַרונטערגעהאַנגען, און איבער וועלכער ס'האָט שטענדיק ווי געשוועבט אַ גוטמוטיקער שמייכל. — דאָס איז זיין דעמאָלסדיקער אויסזען געווען.

זיין געדיכטע קוטשמע האָר, די "מעלענאַ", איז אַרומגעבונדן געווען מיט אַ שניי־ווייסן טיכל, איבער וועלכן סאיז, אַראָפּגערוקט ביז צו דער פּאַטילניצע, גע־זעסן זיין געלער ברייטראַנדיקער הוט. אויפן האַלדז האָט ער געטראָגן אַ גע־שטרייפט טיכל, אַלס אַ קראַוואַט. אַ לעדערנער גאַרטל אָדער "פאַכאַ", באַשלאָגן מיט זילבערנע מטבעות, האָט ער אַרום די לענדן געהאַט; און הינטער אים, האָט אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגער שאַרפער "פאַקאָן" מיט אַ זילבערנעם הענטל און אַרום, איז נאָכגעהאַנגען אַ פּאַסקאָוואַטע "טשיריפאַ", וואָס האָט זיין אונטערשטן טייל קערפּער איינגעוויקלט ביז צו די פיס, אויף וועלכע ער האָט געטראָגן קאָלירטע שקאַרפּעטקעס און ווייסינקע "אַלפּאַרגאַטאַס".

ווי אַ גענעראַל איז ער שטאָלץ און זיכער אויף זיין "אָסקוראָ" געזעסן. דאָס איז געווען אַ סאַמעט־שוואַרצער, ברענענדער, פלינקער פערד, מיט קליינע אויערן און פייערדיקע רויטלעכע אויגן, וואָס איז באַפּוצט געווען מיט אַ שיינעם געפלאָכ־טענעם צוים אַ "באָסאַל", אַ גוט אויסגעבעטן שפּאַנישן זאָטל, ביי וועמענס זייטן עס זיינען אָנגעטשעפּעט געווען די "לאַסע" און די "באָליאַדאָראַס".

אויפן פלייצע איז אים אַריבערגעהאַנגען אַ גיטאַרע, אַ מעטאַלענער טשייניקל און אַ מאַטע־באָמביזשאַ, איז אָנגעבונדן געווען.

זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ קליין געפלעקט הינטעלע, וואָס איז ביי אים געלעגן פאָרנט אויפן זאָטל; און הינטן, אַ קליין שוואַרץ־חנעוודיק מיידעלע פון אַ יאָר צען, האָט מיט אירע הענטעלעך אים פעסט אַרומגעהאַלטן.

אָט אַזוי, מיט אַזאַ אויסשטאַטונג, מיט דעם דאָזיקן רייכטום, איז ער צו אונדז אין גרופּע אַריינגעריטן.

ער האָט זיך ביי מיר איינגעבעטן, אין אַ ווינקל פונעם גאַלפּאָן זיין ווינאָרט אויפצושלאָגן... דאָרט האָט זיך באַראַבוינאַ באַזעצט. די קאָפּ פון אַ געפגרטע קו,

האָט ער אַלס זיין שטול געמאַכט. האָט צוזאַמענגעקליבן אויסגעטריקנטע בוריאַנד־לעך, אַ פייער געמאַכט, און דעם טשייניקל צום „מאַטע" קאָכן צוגעשטעלט.

נאָכדעם ווי ער פלעגט אייניקע מאַטעס אויסזופּן, האָט ער מיט רחבות די גיטאַרע אין דער האַנט גענומען און אַ ים מיט האַרצרייסנדיקע טענער, האָבן זיך פון אונטער זיינע ברוינע, האַריקע פינגער צעגאָסן.

ביים שיין פון דער העלער לבנה, פלעגן מיר, אַלע איינוווינער פון דער גרופּע, זיך נעבן אים אין שייער אויסזעצן און אַנטציקט אויסהערן זיין מעלאַנכאָליש זיסע שטימע, מיט וועלכער ער פלעגט די טענער פון דער גיטאַרע באַגלייטן. זיינע טרויעריקע מעלאָדיעס, פלעגן אין אונדז דערוועקן דאָס בענקעניש נאָך דער אַלטער היים; פלעגט אונדזער דמיון פאַרטראָגן ביזן כרמל, איבער די פעלדער פון בשן, אין די גאַסן פון לעגענדאַרישן בית לחם און אָפּטמאָל, אין פיל נאָך העכערע, בעסערע און גליקלעכערע וועלטן, ווו ס'איז נישטאָ קיין נויט, נישטאָ אַזוי פיל פּיין, און ווו ס'הערשט יושר, צדקות און פריינדשאַפט...

זינגען פלעגט ער פון ליבע, פון פרייהייט, פון די שיינע, גרינע אומדורכ־דרינגבאַרע וועלדער אין טשאַקאָ, פון די גרויסע באַרימטע נאַציאָנאַלע העלדן, די ג ע נ ע ר אַ ל ן כ אָ ס ע ד ע ס אַ ן מ אַ ר ט י ן און מ אַ נ ו ע ל ב ע ל ג ר אַ נ אָ, וועלכע האָבן זיין הייס־געליבטע „פּאַטריאַ" פון פרעמדן באַפרייט.

מיט אַן אומבאַגרענעצטער ליבע, פלעגט ער זיין פאַמיליע, דאָס הינטעלע און להבדיל דאָס מיידעלע, באַהאַנדלען:

— „הוערפאַנאַ קערידיטאַ", טייערע יתומהלע, פלעגט ער זי כסדר אָנרופן און אירע שוואַרצע לאַנגע האָר, מיט טריישאַפט גלעטן און דערביי האָבן זיינע ליפּן שטילערהייט געשעפּטשעט:

— ענלעך צו מיין טייערער אַניטאַ, איר מוטער! — און זיינע אויגן פלעגן גלייך באַקומען אַ שמערצלעכן, אומעטיקן אויסדרוק.

צאַרט און מילד ווי אַ שעפעלע, פלעגט ער דעמאָלט ווערן. מיט ליבשאַפט, האָט ער דאַן אונדזערע קליינע קינדער אַרומגעאַרעמט און צום האַרצן געדריקט. דאָס קליינוואַרג האָט אים דערפאַר שטאַרק ליב געהאַט. האָט ער נאָר אַ סענט פאַר־מאָגט, אַזוי האָט ער צוגלייך מיט די פּאַפּיראָסן און „זשערבאַ", אויך קאָנפעקטן פאַר די קינדער געקויפט און עס זיי פאַרטיילט.

אין אָנהייב האָב איך פאַר אים מורא געהאַט, פאַר באַראַבוינאַן. זיין שווייג־זאַמקייט, זיין שטענדיקע שטילקייט, פלעגט אויף מיר אַ פחד אַרויפוואַרפן. אַלע אָפּשטאַמיקע פון די אינדיאַנער, ווי מע זאָגט, זיינען בלוטדאָרשטיקע און רויבגי־ריקע ברואים, אָבער זיי זיינען שטאַרק באַרימט מיט זייער פאַרטראַכטעניש, מיט זייער שווייגן... נאָר באַראַבוינאַ, איז אין דעם הינזיכט, געווען אַן אויסנאַם. אָפּט־מאָל פלעגט ער זיין פאַרטרוילעך, באַרעדעוודיק, זיצן מיט אונדז, טרינקען אַ מאַטע און לאַנג רעדן; דערציילן, ווי זיין שטייגער איז געווען, פון דער גרויסער פּאַמפּאַ,

פון פרייען לעבן אין וואַלד און אין סטעפּ, אָבער אין סאַמע מיטן פון אַזאַ שמועס האָט ער גאָר פּלוצלינג איבערגעריסן זיין רעדן און פלעגט שטום ווערן ווי אַ פעלדז...

אַך, ווי גרויסאַרטיק שיין און ווי שפּאַנענדיק עס זיינען געווען זיינע דער־ציילונגען איבער סודות פון די אורוועלדער אין טשאַקאָ, וווּ ער האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט, וווּ ער האָט זיך מיטן אַמעריקאַנעם טיגער, דעם יאַגואַר, פּנים־אל־פּנים אָנגעטראָפן.

— אַרומגעוויקלט דעם אָרעם מיט דער „פּאָנטשאָ" האָב איך דעם בייזן און בלוטדורשטיקן יאַגואַר, מיט מיין מעסער אָפּגעוואָרט — דערציילט באַראַבוינאַ — און ווען ער האָט אויף מיר זיין קעצישן שפּרונג געטאָן כדי די נעגל אין מיר אַריינ־צוהאַקן, אין דער דאָזיקער מוראדיקער מינוט, האָב איך מיין קאַלטבלוטיקייט נישט פאַרלוירן. רואיק האָב איך מיין מעסער אַנטקעגן געהאַלטן אַזוי, אַז ער איז מיט זיין טריפהנער האַרץ, פונקט אויפן שפּיציקן שטאָל אַרויפגעשפּרונגען... אומגע־זאָמט, האָב איך זיין געפלעקט העמדל אַראָפּגעשונדן...

מיט אַנטציקונג פלעגן מיר אויסהערן זיינע שילדערונגען איבער דעם זיד־אַמעריקאַנער לייב, די „פּומאַ".

אָ! — האָט ער באַגייסטערט געזאָגט — ווען דו וואָלסט נאָר די „פּומאַ" געזען! דו וואָלסט זי זיכער באַוווּנדערט, אָט די שיינע שטאָלצע חיה! ווען זי דער־זעט דעם מענטשן, עפנט זי אויף אים אירע שיינע, רויטלעכע אויגן, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס: אָבער אַליין רירט זי נישט מיט קיין אבר! שטייט אַנט־קעגן, מיטן קיילעכדיקן קאָפּ פאַרריסן אין דער הויך, פונקט ווי איינער זאָגט: קוק מענטש, באַטראַכט ווי הערלעך די וואַלד־קעניגין איז! זעלטן טרעפט עס, אַז זי זאָל גלייך דעם מענטשן באַפאַלן. דאָס געשעט נאָר, ווען זי איז שרעקלעך הונ־געריק, אָדער ווען דער מענטש האָט זי צוערשט אָנגעגריפן.

אַ זעלטענער דערציילער, אַ פיינער רעדנער איז ער געווען. יעדעס וואָרט האָט ער ריכטיק און קלאָר אַרויסגערעדט, ער פלעגט עס מטעים זיין, און ווען מיר האָבן עטוואָס נישט פאַרשטאַנען, האָט באַראַבוינאַ איבערגעחזרט עטלעכע מאָל און כסדר איבערגעפרעגט:

— „קאָמפּרענדע"?

און ביז מען האָט אים נישט געענטפערט: „סי, סי, סי, מיר פאַרשטייען!" איז ער פון דעם אינהאַלט נישט אַוועקגעגאַנגען.

איבערהויפּט פלעגט ער לעבעדיקער ווערן, בעת ער האָט גענומען דערציילן פון דעם ריאָ נעגראָ, וווּ ער האָט אויך זיין ליבלינג־פערד, דעם „אָסקוראָ" זיינעם, געפאַנגען.

— שטיל, בין איך מיר געלעגן צווישן די הויכע גראָזן — דערציילט אונדז באַראַבוינאַ — און פונקט ווי אַ טיגער האָב איך געלויערט אויף מיין קרבן. די זון ברענט אַלץ שטאַרקער און דער דאָרשט טרייבט די ווילדע סטאַדעס פערד צום טייך, דאָרטן זיך אָנצוטרינקען. אַ יונגער „פּאַטראָ" מיט זייער לאַנגע שוואַרצע

האָר, דעם קאָפּ אויסגעצויגן ווי אַ בויגן, ביז צו דער ערד, איז לאַנגזאַם מיט אַ פּאַרטריקנטן אַרויסגעשלעפּטן צונג, צום טייך געגאַנגען. איך צי איין אין מיר דעם אָטעם און וואַרט. אַז ער קומט פּאַמעלעך צו נאָענט, נעבן מיר, גיב איך, ראַפּטום, אַ שפּרונג, האַלט שוין זיין לאַנגע גרויסע גריווע אין מיין האַנט, און זיץ שוין טאַקע אויף אים... ער צעהירזשעט זיך, הייבט אָן ווילד צו לויפן, דריגעט אין אַלע זייטן, ער ווערט אַזש ווייס פון שוים און שווייס, מיד פון זיין גאַלאָפּ, פאַר־שמאַכט פון דאָרשט — און גיט זיך אונטער. געצוימט! זאָג איך, טו אים אָן אַ צוים און — באַסטאַ!

זיינע נאַיווע פראַגן פלעג איך מיט נייגעריקייט אויסהערן:

— פּאַטראָן! — האָט ער אין אַ טאָג געפרעגט — וואָס האָט דיין „אַמיגאָ" ראָזענפעלד, צו וועלכן דו האָסט מיך פריַיטיק צו נאַכטס געשיקט נאָך אַ בוך, עפּעס דאָרט גערעדט צו צוויי קוילעטשן?

— באַראַבוינאַ, וואָס פּלאַפּלסטו? וואָס הייסט ער האָט גערעדט צום ברויט?

— אויף נאַמנות, פּאַטראָן, באַצייכנט ער, כ'האָב אַליין געזען ווי דער טיש איז געווען געגרייט, פאַרשפּרייט מיט אַ קלאָרן טישטעך. אויבן־אָן זיינען צוויי ווייסע קוילעטשן געלעגן, און סעניאָר ראָזענפעלד האָט עפּעס צו זיי גערעדט. האָט נאָכהער די „פּאַנעס רוסאָס" צעשניטן, זיין עלטערן זון געגעבן אַ פּעניצל, דעם יינגערן — אַ שטיקל, און זיין פרוי אויך דערלאַנגט אַ שטיקל קוילעטש. וואָס באַ־דייט עס?

— באַראַבוינאַ, דאָס האָט ער גאָט געבעטן. נו, פאַרשטייסטו שוין?

אוי, נאַרישע „רוסאָס", וואָס איר זייט — ענטפערט ער און שאָקלט באַדויערנד מיט זיין קאָפּ — אַפילו צום ברויט זיינען זיי אויך מתפּלל!... נאָר זיי דאַווגען! ס'אַראַ מאָדנע פאָלק איר זיינט!

שפּעטער ווען ער האָט געזען מיין שכן, דעם שוחט קרעל, קידוש מאַכן אי־בער אַ כוס, האָט ער זיך אָנגערופן: פאַרחידושט:

— אַפילו ווען זיי טרינקען „קאַניאַ" דאַווענען זיי אויך! — — — —

און ווי דער מנהג איז ביים גאַוטשאָ, איז ער אין זעלבן מאָמענט שטיל גע־וואָרן, דאָס אינדיאַנער בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן אונטער זיין ברוינער הויט, און ער איז אַריינגעפאַלן אין שווייגן.

— פאַרוואָס ביסטו אָפּט אַזוי טרויעריק? — האָב איך אַמאָל געפרעגט?

— מיין טרויער, פּאַטראָן, קומט פון עלנטקייט! אַך! — זיפצט ער שמערצ־לעך אָפּ, — קען נאָך זיין עפּעס ערגערס פון עלנטקייט? דו פילסט, אַז דו ביסט שטענדיק אַליין, איינזאַם, עלנט, האָסט פאַר קיינעם נישט דיין טרויער צו אַנטדעקן, דיין אומעט איבערצוגעבן!...

אַ יאָר פינף, איז ער אָפּגעווען ביי אונדז, און אין אַ שיינער אויסגעשטערנ־טער נאַכט, איז ער נעלם געוואָרן, און — מער האָבן מיר אים שוין אין די אויגן נישט אָנגעזען.

מנחם בריישאַ

# דער פרעמדער

## (געקירצט)

ס'האָט קיינער די מעשה נישט אויסגעטראַכט, ניין!
זי האָט זיך פאַרלאָפן אין איצטיקן דור.
געווען אַזאַ יינגל אַ יידיש אין ווין
וואָס האָט אין חלומות געלעבט אויף דער וואָר.
אַ יידיש?... אָט דאָ הייבט די מעשה זיך אָן.
עס זיינען נאָך זיידעס געזעסן פאַרטיפט
אין גרויסע גמרות, און ווי מען דערציילט
דעם נס פון מצרים, דערציילט פון דער שיף
וואָס האָט פון די פלאַמען פון שפּאַנישן קרייץ
די אָבות געפירט צו דער פרייער טערקיי,
און ווי ס'האָבן דורות געוואַנדערט דערנאָך
אַרויף קעגן שטראָם פונעם ברייטן דונאַי
און סחורות געלאָדן און מסחר געפירט
און תורה געפלאַנצט אינעם לאַנד פון מאַדיאַר.

עס האָט נאָך דער פאָטער די מעשיות געדענקט,
נאָר פלאַנצן אין יינגל דאָס טרויער און צער
פון לאַנג שוין פאַרגאַנגענע זאַכן — צו וואָס?
די וועלט איז איצט פריילעך — וואָס מער מע פאַרגעסט
די קריוודעס און פלאָגן פון בייזן אַמאָל,
אַלץ זיסער דאָס וועלטישע ברויט וואָס מען עסט.
יאָ, אמת — עס זיינען נאָך לענדער פאַראַן
ווו ס'ווערן די יידן אויך איצט — נאָר צו וואָס
פאַרסמען דעם מוח און האַרץ פון אַ קינד
מיט ליידן אומזיסטע און טעמפּן פאַרדראָס?
דער נאָמען פון זון איז בנימין — איז וואָס?
פאַר זיידעס און אורזיידעס האָט עס געפּאַסט.
ס'איז בעסער דאָך טעאָדאָר — טעדי — צו זיין
פאַר אַב און פאַר דינסט און פאַר שול און פאַר גאַס.

איז — גייט נישט דאָס ייִנגל אין חדר אַריין
און ווייסט נישט קיין צורה פון אלף און בית,
און ווייל איז דעם טאַטן צו זען ווי עס וואַקסט
אַ זון אַ באַשיצטער פון טרויער און בייז.
נאָר ס׳מאָנען דאָס בלוט פון געקרייציקטן גאָט
ביים יידישן ייִנגל די ייִנגלעך פון גאַס,
און שיילאָק אין עלנט די הענט לאָזט אַראָפּ
און פרעגט פאַרוואָס קומט איִם דער אייביקער האַס?
מען קען נישט באַהאַלטן פון אָפּשטאַם דעם סוד.
און ס׳וואַקסט אויס דאָס ייִנגל אַזוי און טראָגט אום
אַן אומעטיק שטילע און שטייפע געשטאַלט
פון איינעם וואָס שטיקט זיינע צערן אין זיך,
נאָר אויגן פאַרחלומטע, קינדעריש און אַלט.

עס דאַכט זיך — אַ מענטש פון דער ביבל אַרויס,
האָט זיך פאַר אַ שרייבער אַ ווינער פאַרשטעלט,
און בינדט אַ קראַוואַט אַ געבלימלטן אויס.
און איינמאָל איז ער נאָך אַ קרענק פון געלעגער אַראָפּ
אַ מענטש אַ באַנייטער, פון אומרו נאָך קראַנק,
האָט ווייזן ווי באַגינען אַ שליאַך
אַרויסגעטאָגט העל פון דערלייזטן געדאַנק:
די וועלט האָט נישט ליב דעם וואָס האָט נישט קיין היים.
אַ פאָלק אַ צעוואָגלט מוז האָבן אַ היים.
אַ פאָלק האָט געהאַט אַ פאַרהייליקטע היים.
דאָס פאָלק מוז זיך אומקערן ווידער אַהיים.

און עס גייט צווישן פעלקער אַ מעשה אַרום:
— די יידן — זיי האָבן אַ מלך געקרוינט.

— די יידן — אַ מלך? און וווּ איז זיין לאַנד?
— דאָס לאַנד וואָס זיי האָבן פאַרצייטנס באַוווינט.
די גאַס, די פאַרהאַוועטע, וואָכיקע גאַס
אַ בלייכע צעטומלטע, לויפט צו דער שול.
שוין פול איז די שול און דער הויף און אַרום
די געסלעך, די דעכער און פענצטער שוין פול.
מען וואַרט פון די טירן פון שול קומט אַרויס
אין קיטל און טלית דער פּרוש, דער גרייז,
וואָס האָט שוין זייט יאָרן די גאַס ניט געזען.
און ציטערט. און ס׳הערט זיך פון אַלטן דאָס קול:

— געבענטשט ביסטו, גאָט, וואָס דו האָסט אין דיין גנאָד
דעם מענטש מיט דיין שיינקייט און כבוד באַטיילט.
זיי גייען. ער שטעלט נאָכן אַלטן דעם טראָט,
אין ענגשאַפט און שטילקייט אַריין אין דער שול.
אַרויף ביז צום אָרון.
און בלייך מיט אַ בלייכקייט פון קרייד
די ליפּן פון זקן:
גאָט פון אברהם
פון יצחק און יעקב! אין ציטערניש דאָ
פאַר דיר שטייט דיין קינד און מיר אַלע מיט אים
וואָס האָפן צו דיר.
גאָט פון אברהם!

דו האָסט פון דיין אָרעם געגאָסן אויף אים
דיין שיינקייט און חן ווי אַ גאָלדענעם שטראָם,
אַז ער זאָל אין אויגן פון הערשער און פאָלק
באַליבט און באַחנט זיין ווי דוד דיין קנעכט.
פאַרלאָז אים נישט, פאָטער! באַשירעם, באַהיט
זאָל יעדער מיט מיר
דאָס נאָכזאָגן: א מ ן ! —
אין טרערן געוויקט
צעטראָגט זיך דער „אמן" אַזוי ווי אַ ווינט,
דער ספר דערהויבן צום בלייכן וואָס שטומט
פאַרטרויט אים דער אַלטער: זאָג אמן, מיין קינד.
ער זאָגט.

עס ציטערט זיין אָטעם און ס'ברעכט זיך די שטים:
— מיין פאָלק! זעט איך רעד נישט צו אייך אייער שפּראַך.
אַ פרעמדער געוועזן... געבלאָנדזשעט פאַרבענקט,
פאַרריסן דעם קאָפּ און ס'איז ליידיק און פוסט
געווען מיר אין האַרצן.
האָט גאָט זיך דערמאָנט, זיך דערבאַרעמט אויף מיר
און האָט מיך געשיקט אונדזער היילִיקן יאָך
מיט אַלעמען טראָגן.
אַנטשוויגן, פאַרשטומט און געלאָזן זיך גיין.
ער פילט קוים דעם באָדן אויף וועלכן ער טרעט,
ער זעט נישט די פינגער וואָס רירט אים אָן,
און עמעצער דריקט אים, און עמעצער גלעט,

און אַלטינקע באַבעס אים קושן די הענט,
און אַט בלייבט ער שטיין פאַרצאַמט ביי דער טיר —
דאָס טראָגט אים אַ מאַמע אַנטקעגן אַ קינד
און בעט: — לאָז אים איינמאָל אַ קוק טאָן אויף דיר!...

---

עס קלאָגט זיך די מאַמע: — דו ביסט אַזוי יונג,
און זע, וויפל זילבער, שוין דאָ אין די האָר!
— מען קאָן דאָך נישט, מאַמע, זיין יונג מיט אַ פאָלק,
וואָס ציילט שוין אַן עלטער פון טויזנטער יאָר.
עס קלאָגט זיך די פרוי: — זע, דעם שטערן ביי דיר
אין קנייטשן צעגראָבן, און מיד ווי דו ביסט!
— דאָס שניידט זיך דאָס גליק אויף מיין שטערן אַ וועג,
און ווייסט דאָך, אַז גליק וויל נישט קומען אומזיסט.
עס קלאָגן זיך די קינדער: — מיר בענקען אַזוי,
און ווילסט גאָרנישט וויסן און זען אונדזער צער.
— איך אויך, מיינע קינדער, פון בענקשאַפט גיי אויס —
וועט גאָט אונדז שוין אַלעמען טרייסטן דערפאַר.

---

דורך טאָלן און בערג אין אייביקן לאַנד
דער שטאַמלער פון סיני פירט איינעם ביים האַנט.
פרעגט יענער: — מיין רבי, וווּ פירט אונדזער גאַנג?
— צום באַרג פון דער צוקונפט, ווו ס'לעבט דיין פאַרלאַנג.
— מיין רבי, איז ווייט נאָך אַהינצו דער וועג?
— די אייביקייט ציילט נישט קיין שעהן און טעג.
דורך בערגיקע שטעגן געקומען צום באַרג,
און ס'שטייען שויןביידע ביי אים אויפן קאַרק.
שטרעקט אויס אין דער ווייטן דער שטאַמלער זיין האַנט:
— צי קענסטו פון דאַנען דערזען דאָס לאַנד?
צעגליען ביים פרעמדן די שוואַרצאַפלען ברייט,
ער קוקט אין דער ווייט נאָך דער האַנט און ער זעט...

---

ער קוקט אין דער ווייטקייט, פאַרשלונגען פון זען,
און פלוצלינג אים דאַכט זיך, ער הערט אַ געוויין.
— מיין רבי, דיין וויינען אַצינד וואָס באַטייט?
— אויך איך האָב אַמאָל זיי פון קנעכטשאַפט באַפרייט...



# ח. נ. ביאַליק

## (ביאָגראַפיע)

חיים נחמן ביאַליק, דער גרעסטער יידישער דיכטער פון דער מאָדערנער צייט, איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד, דעם 9־טן יאַנואַר 1873, און געשטאָרבן אין ווין, עסטרייך, דעם 4־טן יולי 1934.

ביאַליק האָט געשטאַמט פון אָרעמע עלטערן, און זיין קינדהייט איז אַריבער אין דחקות און נויט. נאָכן „חדר", די טראַדיציאָנעלע עלעמענטאַר־שול פאַר יידי־שע קינדער, איז ער אַריבער לערנען אין דער באַרימטער וואָלאָזשינער ישיבה. דאָרטן האָט ער, צוזאַמען מיט נאָך ישיבה־בחורים, געגרינדעט אַ ציוניסטישע אַגודה, מיטן נאָמען „נצח ישראל", וועלכע האָט זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן מיט איר טעטיקייט, ווייל די רעליגיעזע פאָרשטייער פון יענער עפּאָכע, האָבן נאָך בכלל שלעכט געקוקט אויפן ציוניזם.

אין 1891 האָט ביאַליק זיך באַזעצט אין אָדעס, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם באַרימטן העברעאישן זשורנאַל „השלוח" זיין ערשטן שיר „אל הצפור", וועלכער האָט שטאַרק גערופן די אויפמערקזאַמקייט, אין די דעמאָלסדיקע העברע־אישע ליטעראַרישע קרייזן.

במשך פון עטלעכע יאָר, האָט ביאַליק געאַרבעט אין דעם האָלץ־געשעפט פון זיין שווער; אין 1897 איז ער אַוועק קיין סאָסנאָוויץ, פּוילן, ווו ער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אַ העברעאישן לערער, אָבער אין צוויי יאָר שפּעטער, איז ער צוריק־געקומען קיין אָדעס, ווו ער איז שוין פאַרבליבן גאַנצע צוואַנציק יאָר.

ביאַליק איז אין אָדעס געוואָרן לערער פון דער דאָרטיקער מאָדערנער ישיבה, און שפּעטער האָט ער, צוזאַמען מיט ש. בן־ציון, אלחנן לייב לעווינסקי און י. ח. ראַווניצקי, געגרינדעט דעם פאַרלאַג „מוריה". ער איז אויך במשך פון עטלעכע יאָר, געווען ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „השלוח".

אין 1924 איז ביאַליק אַריבערגעקומען קיין ארץ־ישראל און האָט זיך באַ־זעצט אין תל־אביב, וועלכע האָט דאַן נאָך געהאַלטן ביים אָנפאַנג פון איר אַנטוויק־לונג. ביאַליק האָט אַזוי אַרום געמאַכט ארץ־ישראל פאַר זיין שטענדיקער היים, אָבער פון צייט צו צייט איז ער אַרויסגעפאָרן קיין אייראָפּע און אַמעריקע, אין פאַר־שיידענע ציוניסטישע מיסיעס, און אין די אינטערעסן פון ליטעראַרישע אונטער־נעמונגען.

אויסער זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע, ביי־דע פון אַ באַדייטנדן נאַציאָנאַלן פאַרנעם, האָט ביאַליק אויך אַקטיוו זיך באַטיי־ליקט אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם פאַרלאַג „דביר", אַפשפּאָרנדיק צייט אויך

אויף צו אָרגאַניזירן אַ גאַנצע ריי קולטורעלע אַקטן, פון וועלכע עס האָבן זיך אַמ־מיינסטן אויסגעצייכנט זיינע „עונג שבת" און מסיבות, וועלכע זיינען טאַקע פאַר־בליבן אַלס אַ פּערמאַנענטע אינסטיטוציע, אין דעם גייסטיקן לעבן פון ארץ־יש־ראל.

חיים נחמן ביאַליק איז געוואָרן דער גרעסטער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָעט פון דער מאָדערנער צייט — ער האָט אין זיינע ווערק באַקלאָגט דעם שלעכטן מצב פון זיין פאָלק, וועמענס גורל ער אַליין האָט אויך געטיילט, און גלייכצייטיק האָט ער אַרויסגעהויבן דעם אומשטערבלעכן גלאַנץ פון די עכטע יידישע פאָלקס־טראַ־דיציעס, וועלכע ער האָט געשטרעבט אויפצולעבן, אין אַלגעמיינעם פּראָצעס פון תחית העם.

זיינע וווּנדערבאַרע פּאָעמען וועגן „ליבע" און „נאַטור", האָבן אַריינגעטראָגן אַ נייעם טאָן אין דער יידישער פּאָעזיע. זיינע שירים וועגן גאולת־העם, וועלכע האָבן אים דערהויבן צו דער מדרגה פון „אַ נביא פאַר זיין פאָלק", האָבן געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דער יידישער רענעסאַנס־באַוועגונג, פון די לעצ־טע דורות. עס איז דעריבער גאָרנישט קיין בלויזער צופאַל, וואָס זיין באַרימטער שיר „תחזקנה", איז געוואָרן דער הימן פון אונדזער חלוציאַנישער יוגנט.

אָבער נישט בלויז פּאָעזיע אַליין איז געווען דער אויסדרוק פון ביאַליקס זשע־ני. זיינע, ווען אַפילו בלויז געציילטע, קורצע דערציילונגען, פאַרנעמען אַ בכבודיק פּלאַץ, זייט ביי זייט מיט די בעסטע דערציילונגען פון מענדעלע מוכר־ספרים, פון וועמען ביאַליק האָט פיל געלערנט אויף דעם געביט פון ליטעראַרישער פּראָזע. אויך ביאַליקס עסייען גלאַנצן סיי מיט זייער כאַראַקטעריסטישן איידעלן הומאָר, סיי מיט זייער רייכן אינהאַלט.

אויסער זיינע אָריגינעלע ווערק, האָט ביאַליק אויך באַרייכערט דעם העברע־אישן ביכער־מאַרק מיט מאַגיסטראַלע איבערזעצונגען פון די פּערל פון דער וועלט־ליטעראַטור, ווי ווילהעלם טעל פון שילער און דאָן קיכאָט פון סערוואַנטעס.

איינע פון ביאַליקס אַמביציעס איז געווען, צו באַזאָרגן אונדזערע ברייטע לייענער־קרייזן מיט פּאָפּולערע אויסגאַבעס פון די אוצרות פון אונדזערע פאָלקס־טימלעך־טראַדיציאָנעלע שאַפונגען. אַלס אַן אמתער מוסטער פון ביאַליקס אויפטו אויף דעם געביט, איז זיין פּאָפּולער „ספר האגדה", אויף וועלכן ער האָט געאַר־בעט צוזאַמען מיט י. ח. ראַווניצקין. דאָס איז אַ זאַמלונג פון אגדות, משלים, און מאמרים. אַ דאַנק ביאַליקן, האָבן מיר אויך אין אונדזער באַזיץ דעם ערשטן סדר „משניות", גוט פאַרטייטשט מיט די נויטיקע דערקלערונגען, וואָס מאַכן דאָס דאָ־זיקע קלאַסישע ווערק צוגענגלעך פאַרן ברייטן עולם.

חיים נחמן ביאַליק, דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, איז אַן צווייפל געווען דער ווירקזאַמסטער פאַקטאָר און דער שטאַרקסטער כח אין דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפּראַך און קולטור במשך דריי צענדליק יאָר, — די בעסטע און פּראָדוקטיווסטע פון זיין לעבן און שאַפן.




ח. נ. ביאַליק — נאָך ר׳ יהודה הלוי

# ציון

בענקסטו אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, בענקען?
ווילסטו אויך, ווי זיי פון דיר, אַ ליבן גרוס באַקומען?
דאָ האָסטו אים! אַ גרוס פון נאָענטע און פון ווייטע!
אין האַרצן — דורות־לאַנג געוואַרעמט, טראָגט אים
פון אַלע עקן וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שוים איין עלנט קינד דיינס, איינער
פון די, וואָס זאַפּן אָן, ווי טוי דיין חרמון,
די פרעמדע בעריג מיט ברענענדיקע טרערן
און שטאַרבן אין דער פרעמד, פאַרליבטע און פאַרבענקטע...
מיך ציט צו דיר!... ביינאַכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאַכט־איילע, דיין יאָמער־ליד,
און חלומט זיך מיר נאָר דיין מאָרגנשטערן — ווער איך
דיין נאַכטיגאַל, דיין קלינגענדיקע האַרפע...

מיך ציט צו דיר, מיין האַרץ גייט אויס נאָך יענע ערטער,
ווו די אָבות האָבן זיך באַגעגנט מיט מלאכים,
ווו די שכינה האָט גערוט, ווו דיין באַשעפער
האָט דיינע טויערן, די הייליקע, געעפנט
אַנטקעגן זיינע הימלישע שערים,
ווו נישט די הימל־ליכטער: זון, לבנה, שטערן —
גאָטס כבוד זעלבסט, האָט דיר באַשיינט מיט גלאַנץ...
איך גאַר, אַז אויסגיסן זאָל זיך מיין זעלע דאָרטן,
ווו ס'פלעגט אַמאָל גאָטס גייסט און גאָטס גענאָד זיך גיסן
אויף דיינע אויסדערוויילטע, מוטער ציון!
ווו נעמט מען פליגל?! שטיקערווייז וואָלט איך מיין האַרץ,
ווייט, ווייט צווישן דיינע בערג פאַרטראָגן,
כ'וואָלט צוגעפאַלן צו דיין ערד, כ'וואָלט אויסגעקושט
איר יעדן פוס־טריט, יעדעס שטיינדעלע באַזונדער,
און אומגעוואַנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט
אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער, אויף דיינע חורבות,
כ'וואָלט מיט מיין שטעקן אויסגעמאָסטן אַלע קברים,
מיט דיין נשמה־לופט זיך אָנגעאָטעמט,
זיך איינגעוויקלט אין דיין זיסן שטויב,
און ביז צו בלינד ווערן באַוויינט דיין חורבן, ציון...
צי קאָן די שיין פאַר מיינע אויגן זיס זיין —
אַז שוואַרצע ראָבן פיקן דיינע אָדלערס,
צי קאָן מען לעבן אויף דער וועלט און צוזען,
ווי גאַס־הינט שלעפן דיינע טויטע לייבן...
גענוג, לאָז אָפּ איין ווילע, כוס פון טרויער!
מיין האַרץ איז איבערפולט מיט דיר, פאַרביטערט...
כ'האָב איינגעזאַפּט אין זיך דיין שוים מיט דיינע הייוון...
גענוג! איך וויל איין חלום זען און שטאַרבן...
כ'וויל זען, אָ, גרויסער גאָט, נאָר איין שטראַל ליכט,
נאָר איין שטראַל ליכט פון יענעם מאָרגנשטערן,
וואָס דאַרף, וואָס מוז אַמאָל, נאָך העל און ליכטיק
זיך אָנצינדן אויף ציונס בלויען הימל,
באַנייען און באַפרישן זי מיט יוגנט...
גענוג, איין זיסן חלום לאָז מיך זען נאָך
און אויסגיין מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

....................................................
..........................................................................
....................................................

ש. שאַיעוויטש

# לך־לך

און אַצינד, בלימעלע, קינד לעבן —
אָט זע, ווי דרויסן וואַנדערט שוין אויס
די צווייטע גרופּע אין גלות אַריין —
באַלד וועלן מיר אויך מוזן אַרויס.

געקומען איז דער בייזער טאָג,
געקומען איז די בייזע שעה,
וואָס לערנען כ׳מוז מיט דיר, אָ, מיידעלע,
די שרעקלעכע פּרשה „לך לך״.

דער ס׳וועט פאַר הונגער־חלשות
זיך אַראָפּזעצן אין מיטן שניי,
און שטיל אַזוי, און פיינלעך אַזוי,
ווי אַ הינדל אויסגיין אין זיין ווײ.

וועמען ס׳וועלן פאַר שרעק די אויגן
אַרויסקריכן, און אין מיטן גיין
וועט אים פּלוצים אין האַרץ אַ סטרונע
פּלאַצן,
און ער וועט פאַלן שווער ווי אַ שטיין.

און וועמען אַן אָפּגעצערט קינד
וועט אין פּראָסט־פייער פאַרפרירן,
און די מאַמע וועט׳ס נאָך טראָגן לאַנג
און מיינען, אַז ס׳טוט זיך נאָך רירן.

און טאַטעס וועלן רופן די קינדער
און קינדער וועלן טאַטעס מאָנען —
משפּחות וועלן זיך פאַרלירן
און זיך מער נישט אָפּגעפינען.

און אַצינד, בלימעלע, קינד־לעבּ,
טו אָן ס׳מאַנטעלע און לאָמיר גיין —
אָט הוידעט זיך שוין די דריטע גרופּע
און צווישן זיי מוזן מיר אויך שוין זיין.

נאָר לאָמיר נישט וויינען. לאָמיר נישט
יאָמערן, און להכעיס אַלע שונאים —
שמייכלען, נאָר שמייכלען, אַז וווּנדערן
זאָלן זיי זיך, וואָס יידן קאָנען!..

און נישט פאַרשטיין, אַז אין אונדזער בלוט
ריזלט קראַפט פון אונדזערע זיידעס,
וואָס זיינען אין אַלע דורות
געגאַנגען אויף אַלערליי עקדות.

איז לאָמיר נישט וויינען, לאָמיר נישט
יאָמערן און להכעיס אַלע שונאים —
שמייכלען, נאָר שמייכלען, אָז וווּנדערן
זאָלן זיי זיך, וואָס יידן קאָנען —

און ניט וויסן, אַז ס׳באַגלייטן אונדז היינט
די זעלבע מלאכים וואָס אַמאָל —
פון רעכטס מיכאל, פון לינקס גבריאל,
פון פאָרנט אוריאל, פון הינטן רפאל.

און כאָטש אונטער די טריט — דער טויט
איבערן קאָפּ — די שכינה פון גאָט...
איז, קינד, אַרויס מיט מסירת נפש
גייעם, — און מיטן אַלטן אחד...



ה. לייוויק

# ביים כותל־המערבי

ביסט הייליק און — אָנגעשוואָלן פון אַזוי פיל קושן,
פון אַזויפיל טרערן, —
מען קען די קושן און די טרערן נישט ציילן,
ווי מען קען נישט ציילן אויף דיין הימל די שטערן.
זעסט אויס אַזוי פראָסט, אַזוי נאַקעט —
נאָך פראָסטער פון אַלע נאַקעטע ערטער
וואָס זיינען דאָ אויף דער ערד. דאָס צו זאָגן
דאַרף מען האָבן נאָך פראָסטערע ווערטער,
די אותיות נישט צערטלען, די אותיות נישט זיפן. —
צי איז נאָך ווער אַזוי ווי דו געווען באַרירט פון אַזוי פיל ליפן?
די ליפן האָבן אויסגעברענט אין דיר
צעקאַרבטע לעכער,
און דורך זיי דיין שטויב געטרונקען,
ווי מען טרינקט וויין פון הייליקע בעכער.
איך זע צום ערשטן מאָל דיך, און איך וויל
דיך אָנרירן מיט מיינע פינגער,

און —
איך ריר נישט אָן.
ביסט אַלט צוויי טויזנט יאָר, און איך — ניט יינגער —

אין אַ ווינקל שטייט אַ בעטלער,
אַ צעריסענער, אַ צעפּליקטער.
איז ער איינגעצן אָפּן מיט זיין ליבשאַפט צו דיר,
אַ צעשטראַלטער, אַ באַגליקטער.
ער גיט אַ פאַל צו דיר מיט אַלע זיינע גלידער,
מיט אַ הייסער גלוסטעניש אַזאַ,
אַז עס נעמט יאָגן פון אים מיט דערווידער.
איך דריק צונויף די אויגן מיינע:
איך דערהער פלוצלונג ווי עס שלאָגן
צעוויגטע אָדלערס מיט זייערע פליגל
איבער קעפּ, און טראָגן
אין זייערע קרומע נעגל
אָפּגעבלוטיקטע און שטומע לעמער. —
די אָדלערס פליען גלייך אין האָריזאָנט אַריין
אין רויטן דעמער,
און הייבן אָן מיט נעגל־שנאָבל פראַווען סעודה. —
און אָט איז נאַכט און שטילקייט.
מיטאַמאָל — אַ פאַסטעך אויף אַ דודע.
אַ קליינטשיק פאַסטעכל פאַרגייט זיך
אין געזאַנג־געיאָמער:
אוי, לאָמיר גרייט זיין,
אוי, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר
מקבל פּנים זיין דעם גאַסט,
דעם ליכטיקן שליח,
וואָס קומט מבשר זיין דאָס אָנקומען
פון מלך המשיח. — — —
אוי, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר. — — —
און מיטאַמאָל — געטופּעריי:
עס קומען קאַראַוואַנען, קעמלען
מיט לאַנגע העלדזער, אויסגעצויגענע ביז העכסטע הימלען.
און אויף די קעמלען — אויסער האָרבן — גאָרנישט. קיינער.
גאָרנישט. קיינער. ניט קיין גוטס און ניט קיין רייטער.
די האָרבן שפּאַנען אָן אַ סוף און אָן אַן ענד

אַלץ ווייטער, ווייטער. —
וואָהין? אָ, גאָט, וואָהין? — — —

איך עפן אויף צוריק די אויגן.
דער בעטלער שטייט נאָך אַלץ צום כותל צוגעבויגן.
ער שלאָגט מיט דער דאַרער פויסט אין האַרץ
איך שפּיר באַשיינפּערלעך
על חטא. די אַקסלען צוקן.
דעם נחת־פּיבער פון זיין רוקן.
זיינע באָרוועסע צעהאַקטע פּיס — זיי גיבן אַ צעשפּרייט זיך,
און אַ געבעט אַ הייזעריקס,
אַ תאַוואהדיקס פאַרגייט זיך:
אָ, איכה, איכה, איכה, איכה, —
ווי אַזוי בין איך צו דיר געקומען?
פון מיין פיין האָסטו מיין קול פאַרנומען, —
און איצטער בין איך זוכה, זוכה, זוכה. — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
אַ ציטער גייט אַ דורך דורך אַלע שטיינער,
און ס'דוכט זיך מיר — איך הער
ווי ציינער, און ניט שטיינער, קלאַפּן זיך אָן ציינער.
אויך איך — איך גיב אַ ריס זיך פון מיין אָרט,
מיין גוף טוט זיך אַ הוידע,
און איך פאַל צו צו דער וואַנט און ריר זי אָן
אַ דורכגענומענער מיט זיסן גליק און שוידער.



קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

# ירושלים

אויפֿן גרעניץ פֿון אין סוף<br>
שטייט די שטאָט ירושלים,<br>
האַלב דמטה,<br>
האַלב דמעלה,<br>
אַ בשותּפֿות מיט מלכות שמים.<br>
פֿעלזן־בערג באַשיצן זי,<br>
ווייסע שטיינער זאָגן תּהילים,<br>
מדבּרדיק און אימהדיק —<br>
מיט גרויע בערד פֿון די נפֿילים.<br>
פֿאָרט מען אַהין טויזנט יאָר<br>
און מען קומט כּהרף עין.<br>
שטייט אַ שטאָט,<br>
ווי אַלע שטעט —<br>
און דאָס איז ירושלים.<br>
וויל מען וויינען — קען מען נישט,<br>
ווייל ס'איז דאָרטן גרויס די שׂמחה;<br>
וויל מען לאַכן — טאָר מען נישט,<br>
ווייל דער הימל דאַוונט מנחה.<br>
שטייט אַ מענטש<br>
און ווייסט נישט וווּ<br>
און אַלע ביינער זיינע זאָגן:<br>
גרויסער, רחמנותדיקער גאָט,<br>
שווער מיט דיר שותּפֿות טראָגן!<br>
און ווען באַלאַגערט איז די שטאָט<br>
גייט דאָס פֿאָלק ישׂראל שורה נאָך שורה<br>
פֿון ווילנע, ניו־יאָרק און עין־חרוד<br>
און לייגן אויס דעם כּביש פֿון גבֿורה.<br>
ותחזינה עינינו — ס'איז נעכטן געווען,<br>
מיט אימה און ווייטיק דעם וווּנדער געזען,<br>
עין לעין, עין לעין,<br>
אויפֿן גרעניץ פֿון אין סוף<br>
אין ירושלים.

.........................................



י. ל. פּרץ

# דריי מתנות

(אויסצוג)

## 1. דאָס זעקעלע ערד

פון אַ הויך פענצטער שלאָגט אַ פלאַם...

גזלנים זיינען אַ יידן באַפאַלן, גזלנים מיט מאַסקעס אויף די פּנימער. איינער האַלט אַ ברענענדיקן שטורקאַץ אין דער האַנט און לייכט. אַ צווייטער שטייט ביים יידנס ברוסט מיט אַ בליצנדיק מעסער און חזרט אים אַלץ איינאיינעם איבער: „רירסטו זיך, ייד, איז דיין סוף! גייט דיר די שפּיץ פון מעסער פון יענער זייט רוקן אַרויס“!.. און די רעשט, עפנט קאַסטן און שרענק, און רויבט.

און דער ייד שטייט ביים מעסער און קוקט געלאַסן צו... קיין ברעם איבער זיינע קלאָרע אויגן, קיין האָר פון דער ווייסער באָרד ביז צו די לענדן — רירט זיך ניט... ניט קיין זאַך... „גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענומען, — טראַכט ער, — געלויבט איז זיין הייליקער נאָמען!“ „מיט דעם ווערט מען ניט געבאָרן און דאָס גיט מען ניט מיט אין קבר אַריין“. — שעפּטשען זיינע בלאַסע ליפּן.

און ער קוקט גאַנץ רואיק צו, ווי מען עפנט די לעצטע שופלאָד פון דער לעצ־טער קאָמאָדע און ווי מען שלעפּט אַרויס זעקלעך מיט גאָלד און זילבער, זעקלעך מיט צירונג און אַלערליי טייערע כלים, — און ער שווייגט...

און אפשר איז ער זיי גאָר מפקיר!

נאָר פּלוצלונג, אַז די גזלנים טרעפן צום לעצטן באַהעלטעניש און ציען אַרויס אַ קליין זעקעלע, דאָס לעצטע, דאָס באַהאַלטנסטע, — פאַרגעסט ער זיך, ציטערט ער אויף, צעפלאַמען זיך אים די אויגן, ציט ער אויס צום ווערן זיך, די רעכטע האַנט, וויל ער אַ געשריי טאָן:

„ריר נישט!"

נאָר אויפן אָרט פון אַ געשריי שפּריצט אַרויס אַ רויטער שטראַל פון רויכער־דיק בלוט. — דאָס מעסער האָט זיינס געטאָן... עס איז דאָס בלוט פון האַרץ און שפּריצט אויפן זעקל אַרויף!

ער פאַלט און געשווינט רייסן די גזלנים אויף דאָס זעקל — דאָ וועט זיין דאָס בעסטע, דאָס טייערסטע!

זיי האָבן אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט; אומזיסט בלוט פאַרגאָסן: נישט קיין זילבער, נישט קיין גאָלד און נישט קיין צירונג איז אין זעקל געווען; גאָרנישט פון דעם, וואָס איז טייער און האָט אַ ווערט אויף דער דאָזיקער וועלט! עס איז גע־ווען אַ ביסל ערד, ארץ־ישראל־ערד אין קבר אַריין, און דאָס האָט דער ייד געוואָלט ראַטעווען פון פרעמדע הענט און אויגן, און מיט זיין בלוט באַשפּריצט...

## 2. די שפּילקעס

עס הערן זיך קולות פון טראָמפּייטן און הערנער...

אַ דייטשישע שטאָט (פאַרשטייט זיך, אַ פאַרצייטישע); אַלערליי אויסגעבוי־גענע דעכער רינגלען אַרום דעם פּלאַץ פאַרן מאַגיסטראַט. און פול מיט פאַרשידנ־פאַרביק־געקליידעטע מענטשן איז דער פּלאַץ: פיל קעפּ אין די פענצטער; מענטשן ליגן אויף די דעכער אַרום, טייל זיצן רייטנדיק אויף די באַלקן, וואָס שטאַרן אַרויס ביי די ווענט אונטער די דעכער, פול געפּראָפּט זיינען די באַלקאָנען...

פאַרן מאַגיסטראַט שטייט אַ טיש, געדעקט מיט אַ גרין טוך מיט גאָלדענע פראַנזן און טראָלדן. ביים טיש זיצן די הערן פון מאַגיסטראַט, אין סאַמעטענע קליידער אויף גאָלדענע האָקלען, אין סויבלנע היטלען מיט ווייסע פעדערן אויף ברי־ליאַנטענע קנעפּ; אויבן־אָן זיצט דער פּרעזידענט אַליין. אַ פּרעסיקער אָדלער ווייעט אים איבערן קאָפּ...

אָן אַ זייט שטייט געבונדן אַ יידיש מיידל. נישט ווייט האַלטן צען קנעכט אַ ווילד פערד, און דער פּרעזידענט הייבט זיך אויף און לייענט פאַרן יידישן מיידל אַ פּסק פון אַ פּאַפּיר. און ער ווענדעט זיך מיטן פּנים צום מאַרק:

„אָט די יידין דאָ, די יידישע טאָכטער, האָט אַ שווערע זינד באַגאַנגען אַ

שווערע זינד, וואָס גאָט אַליין, ווי גרויס זיין באַרמהאַרציקייט זאָל נישט זיין, וואָלט איר נישט געקאָנט מוחל זיין...

„זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ און איז אַרומגעגאַנגען, אין אונדזער הייליקן לעצטן יום־טוב, אויף אונדזערע ריינע גאַסן...

„און זי האָט באַפלעקט מיט אירע אומפאַרשעמטע אויגן אונדזער הייליקע פּראָצעסיע; אונדזערע הייליקע בילדער, וואָס מיר האָבן מיט לויב־געזאַנג און קעסל־פּויקן איבער די גאַסן געטראָגן...

„מיט אירע פאַרשאָלטענע אויערן האָט זי איינגעזאַפּט דאָס געזאַנג פון אונדזערע ווייס־געקליידעטע, אומשולדיקע קינדער און דאָס קלאַפּן פון די הייליקע פּויקן... און ווער ווייס, צי האָט דער טייוול, דער אומריינער טייוול, וואָס האָט אויף זיך גענומען די געשטאַלט פון דער יידישער טאָכטער, פון פאַרשאָלטענעם רבס טאָכטער, זיך נישט צוגערירט און נישט באַפלעקט אונדזערע אַ ריניקייט?

„וואָס האָט ער געוואָלט, דער טייוול אין דער שיינער געשטאַלט? וואָרעם לייקענען קאָן איך נישט — שיין איז זי, שיין, ווי נאָר אַ טייוול קאָן זיך מאַכן. — זעט די חוצפּה־שטראַלנדיקע אויגן פון אונטער די צנועהדיק אַראָפּגעלאָזטע זייַדענע ברעמען... זעט דאָס אַלבאַסטער־פּנים, וואָס איז אין דער לאַנגער תפיסה נאָך בלאַסער, אָבער נישט טונקעלער געוואָרן! זעט אירע פינגער, אירע שמאָלע, לאַנגע פינגער פון די הענט; די זון לויכט דורך זיי אַדורך!...

„און וואָס האָט ער געוואָלט, דער טייוול? אָפּרייסן אַ נשמה פון דבקות אין דער פּראָצעסיע... און עס איז אים געראָטן”:

— „זעט דאָס שיינע מיידל!” — האָט אויסגערופן אונדזערס אַ ריטער, פון איינער פון אונדזערע שענסטע משפחות...

„און דאָס איז שוין געווען איבער דער מאָס: האַלעבאַרדניקעס האָבן זי באַמערקט און געכאַפּט, — ער האָט זיך אַפילו נישט געווערט, דער טייוול, — וואָרים ווי אַזוי? ריין זיינען זיי דעמאָלט געווען, אָפּגערייניקט פון אַלע זינד, האָט ער אויף זיי קיין שליטה נישט געהאַט.

„און דאָס איז דעם טייוולס, אין געשטאַלט פון דעם יידישן מיידל, פּסק: „צובינדן זאָל מען זי ביי די האָר, ביי די לאַנגע טייוולאַנישע צעפּ, צום ווילדל פון אָט דעם ווילדן פערד...

„זאָל עס לויפן און שלעפּן זי, ווי אַ „הורג”, איבער די גאַסן, וואָס אירע פיס האָבן געטראָטן קעגן אונדזער הייליקן געזעץ...

„זאָל איר בלוט באַשפּריצן און אָפּוואַשן די שטיינער, וואָס זי האָט פאַראומרייניקט מיט אירע פיס!”...

אַ ווילד פרייד־געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע מיילער אַרום; און אַז די פּאַליע פון די ווילדע געשרייען איז אַריבער, פרעגט מען די פאַרמשפּטע צום טויט, אויב זי האָט נישט עפּעס וואָס צום לעצטן מאָל צו ווינטשן.

— איך האָב, — ענטפערט זי געלאַסן, — עטלעכע שפּילקעס בעט איך!

— זי איז דול פֿאַר שרעק! — מיינען די הערן פֿון מאַגיסטראַט.

— ניין! — ענטפֿערט זי רואיק און קאַלט. — דאָס איז מיין לעצטער ווילן און פֿאַרלאַנג.

מען האָט עס איר צוליב געטאָן...

— און אַצינד, — קאָמאַנדירט דער פּרעזידענט, — בינדט צו!

עס גייען צו האַלעבאַרדניקעס און בינדן צו מיט ציטערדיקע הענט דעם רבס כּאַכטער שוואַרצע לאַנגע צעפּ צום ווידל פֿון ווילדן פֿערד, וואָס מען קען שוין קוים פֿאַרהאַלטן...

— מאַכט אַ וואַרע! קאָמאַנדירט ווייטער דער פּרעזידענט צום עולם אויפֿן פּלאַץ. און עס ווערט אַ געדרודער. דער עולם שטעלט זיך, און דרינגט זיך צו די ווענט פֿון די הייזער, און אַלע הייבן אויף די הענט, ווער מיט אַ בייטש, ווער מיט אַ שפּיץ־רוט, ווער מיט אַ טוך אין דער האַנט, און אַלע זיינען גרייט צו יאָגן דאָס ווילדע פֿערד. יעדערנס אָטעם איז געשטיקט, אַלע פּנימער פֿלאַמען, אַלע אויגן בליצן, און אין געדרודער באַמערקט ניט קיינער, ווי די פֿאַרמשפּטע בייגט זיך שטיל אַראָפּ און שפּיליעט זיך צו די זוים פֿונעם קלייד צו די פֿיס און שטעקט טיף, טיף אַריין די שפּילקעס אין לייב — עס זאָל איר לייב ניט אַנטפּלעקט ווערן, ווען דאָס פֿערד וועט זי שלעפּן אין די גאַסן...

— לאָזט דאָס פֿערד! —קאָמאַנדירט דערוויייל ווייטער דער פּרעזידענט. און די קנעכט זיינען דערפֿון אָפּגעשפּרונגען, און מיטאַמאָל האָט עס זיך אויסגעריסן, און אויסגעריסן האָט זיך אויך אַ געשריי פֿון אַלע מיילער. און עס ווייען און פּייפֿן אין דער לופֿט אַלע בייטשן, שפּיץ־רוטן און טיכער. און ווילד דערשראָקן יאָגט דאָס פֿערד איבערן מאַרק, איבער גאַסן און הינטערגאַסן. אַרויס, אַרויס פֿון שטאָט...

## 3. די יאַרמולקע

אַ פּלאַץ פֿאַר אַ תּפֿיסה. אויף די אייזערנע גראַטעס אין די קליינע פֿענצטער־לעך, ציען זיך שפּילנדיק די שטראַלן פֿון דער זון... זיי גליטשן זיך אויך אויף די שטיקן פֿון צוזאַמענגעשטעלט געווער ביי דער וואַנט. די סאָלדאַטן האָבן אין האַנט אַריין — ריטער באַקומען...

אין די צוויי לאַנגע שורות, מיט אַ שמאָלן דורכגאַנג אין דער מיט, האָט מען זיי אויסגעשטעלט: „דורך אַ סטראָי" וועט מען טרייבן...

וועמען?

עפּעס אַ יידל מיט אַ צעריסן העמד אויפֿן מאָגערן לייב, מיט אַ יאַרמולקע אויפֿן האַלב־געגאָלטן קאָפּ. אָט פֿירט מען אים צו.

פֿאַרוואָס קומט עס אים? ווער ווייס? אַ פֿאַרצייטישע זאַך! אפֿשר פֿאַר אַ גנבֿה, אפֿשר פֿאַר אַ גזלה צי אַ רציחה, און אפֿשר אַ בלבול... עס איז דאָך געווען פֿאַר־צייטן...

און די זעלנער שמייכלען און טראַכטן: נאָך וואָס האָט מען אונדז אַזוי פּיל גענומען און אויסגעשטעלט? ער וועט נישט אויסהאַלטן די העלפט!

נאָר אָט שטופּט מען אים צווישן די שורות אַריין, אָט גייט ער... און ער גייט גלייך און ער שטרויכלט נישט און פאַלט נישט... ער לייזט שמיץ און האַלט זיי אויס...

אַ גרימצאָרן כאַפּט אָן דעמאָלט די סאָלדאַטן! ער גייט נאָך, ער גייט!

און די ריטער פּייפן אין דער לופט ווי די רוחות און כאַפּן אַרום דאָס לייב ווי די שלאַנגען. און דאָס בלוט פון מאָגערן גוף שפּריצט און שפּריצט, און הערט נישט אויף צו שפּריצן!

הור־האַ! הור־האַ!

אין מיטן טרעפט אַ סאָלדאַט צו הויך און וואַרפט דעם פאַרמשפּטן אַראָפּ די יאַרמולקע פון קאָפּ. נאָך עטלעכע טריט באַמערקט ער עס, דער פאַרמשפּטער... ער גיט זיך אַ ריר, גלייך ער האָט אַ ישוב, און איז זיך מיישב, און דרייט זיך אום: ער וועט נישט גיין בגילוי־הראש! און ער גייט צוריק ביז צום אָרט, וווּ די יאַר־מולקע ליגט. ער בייגט זיך איין און הייבט זי אויף, און דרייט זיך צוריק אויס און גייט ווייטער, רואיק, רויט פאַרבלוטיקט, נאָר מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ. אַזוי גייט ער. ביז ער פאַלט...

...............
..............................
...............

## א. ליעסין

# קדוש־השם

זעט דער עולם, דער צעהעצטער,
ווי עס גייט דער ייִד דער לעצטער,
גייט דעם וועג פון טאַטע־מאַמען,

צו דער חופּה פון די פלאַמען —
הללויה.

ווי ער קומט אַליין אַ גרייטער,
אָן אַ וואַך און אָן באַגלייטער,
שטייט ער, ניט געשמידט צו שטאַנגען,

אויפן שייטער מיט געזאַנגען —
הללויה.

מיטן שטאָלצן קאָפּ געהויבן,
מיטן בליק צום הימל אויבן,
בעט ער זינגענדיק אין פייער:
— זיי מטהר, זיי מטהר.

הללויה.

אהרן צייטלין

# צום סאַבראַ

פאַרנעם!
כאָטש אין ישראלס ספר־הדורות
בין איך אַ נקודה אָן פאַרנעם,
ווערט מיין זאָג דיר געזאָגט
אין נאָמען פון אַ צוויישויזנט־יאָריקער קלעם,
אין נאָמען פון פאַרפייניקטער קדושה,
וואָס איז דיין ירושה
און דיין שורש.
מעגסט וועלן צי נישט — ביסט יורש.
מתקן זיין מוסטו די טרערן,
וואָס דורות האָבן פאַרגאָסן
דורך תיקון־חצות'ן.
אַ זין דאַרפסטו געבן דעם בלוט, וואָס האָט זיך געגאָסן
צוויי טויזנט יאָר,
און — זעקס מיליאָן מאָל שווערער —
אַ זין די מאַידאַנעקס, אַ זין די טרעבלינקעס,
ס'דערלאַנגען דיר דורות אַ וויין איבער וויינען,
אַ טונקל געטראַנק פון יידישע פיינען —
קער נישט דעם קאָפּ אַוועק — טרינק עס!
דאָס אוראַלטע געטראַנק, דאָס שווערע געשאַנק,
וו יעדער טראָפּן וויל תיקון —
וועסטו עס אָפּשטויסן, קינד פון ישראלס פרימאָרגן?
די ניצוצות אַלע
זיי מעלה,
וואָס זיינען אין דעם וויין דעם טונקעלן פאַרבאָרגן.
פאַר דיר דער דאָזיקער וויין!
אַז נישט — טאָ פאַר וועמען?
פאַרן גלות? ניין,
ער פאַרראַט זיין פאַרגאָסן בלוט,
לעסטערט זיין אייגן געוויין.
טו דו נישט פאַרשעמען
דעם טרויער!
בוי אים אַריין אין דעם בנין,

בויער, דו בויער!
ס'לאָזן דיך גריסן
די דורות הינטער דיר. זיי ווילן, דו זאָלסט וויסן,
וויפל טרערן פון יידן
סע זידן
אין די הייליקע פינף אותיות   י ש ר א ל .
ליכטיק קינד, זיי ווינטשן דיר גליק,
אָבער זיי מיינען נישט עשו'ס גליקן:
זיי מיינען דאָס גליק פון תיקון,
דאָס גליק צו ברעכן
דעם אָרעם דעם פרעכן
פון קליפת סמאל.
זאָגסטו, נישט דערויף ביסטו געוואָרן אַ דערלייזטער?
דערויף, מיין קינד, דערויף!
דו ביסט דער זין געבער, דו ביסט דער טרייסטער,
און דערפאַר
מוזטו אַריינאייביקן אין דער טרייסט
דעם צער, דעם גזר, דעם קאָשמאַר — — —
דערפאַר!



י. ל. פּרץ

# שרה בת טובים

— א —

און געשען איז די מעשה פאַרצייטנס, ווען עס זיינען נאָך אַזוי פיל שטעט און דערפער ניט געווען, אַ וועלט מיט „וואַלד אויס וואַלד איין". און געטראָפן האָט זיך עס אין מערן, דער מדינה. אַ יידישע קהילה איז זעלטן, משפחותווייז אין דערפער פאַרזייט. אין וועלדער צעשפּרייט. אָן תורה, אָן תפילה בצבור, אויסער ימים־נוראים, ווען מען ציט מיט קינד און קייט אין די ווייטע שטעט אַריין.

זיצט זיך דעמאָלט אַ ייד אַ שווייגער ביי אַ גראַף אין אַ דאָרף: פּרנסה רינט איבערן מויל... 500 קי מעלקט ער דעם גראַפס; זיינע אייגענע אויך אַ ביסל. האָט ער אַ פולן קעלער מיט פּוטער און קעז, אַ בוידעם מיט תבואות, פלאַקס און פעט־לעכלעך, און דער טייסטער אין בוזים וואַקסט אין דעם דיק, און דאָס קניפּל ביי דער שווייגערן באַזונדער, און אַ זון וואַקסט אַ געזונטער, אַ ווילער, ווי אַ יונגער בוים אין וואַלד.

און פונדעסטוועגן, איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט, זיצט דער שווייגער ביי אַ וואַקסן ליכט ביים טיש איבער די חשבונות, מיט דער שפּיץ ווייסלעכער באָרד צווישן די ציין, דער שטערן געראונצלט, ווי פון שווערער זאָרג, און קוקט מיט פאַר־נעפּלטע אויגן אין פענצטער אַריין.

— דו זינדיקסט, מיין מאַן! — וועקט אים פון די געדאַנקען דער שווייגערינס קול. פון דער צווייטער שטוב איז זי אַריינגעקומען, צום שלאָפנדיקן זון געקוקט און איר פּנים שטראַלט.

— הערסט, איבערגעבויגן האָב איך זיך איבער אים... די בעקלעך רויטלען זיך ווי אַ פרישער פרימאָרגן, און דער אָטעם איז רואיק און שטיל און שמעקט ווי פרישע עפּל...

— דאָס איז טאַקע מיין זאָרג, — ענטפערט דער שווייגער: — מען ווינט אין אַ דאָרף ווייט פון אַ יידישער קהילה, און יאָרן ציען, יאָרן פליען... ווו נעמט מען אַ שידוך פאַר אונדזער זון, ווי אַזוי וועט מען אים פאַרקנסן!

— גאָט וועט העלפן, — טרייסט די שווייגערין, — ער האָט ביז אַהער אונדז נישט פאַרלאָזט...

— אָט דאָס איז עס טאַקע — מאַכט דער שווייגער — גאָטס הילף דאַרף מען, און אין וועלכן זכות? קיין יודע ספר בין איך נישט, און לערנען לערן איך נישט, צווישן יידן ווינט מען נישט, נאָר איין מצווה קאָנען מיר מקיים זיין — הכנסת

אורחים הייסט די מצווה... און זע! — ער ווייזט איר מיטן בליק צום פענצטער צו — איז אָנגעפּאַלן אַ שניי פון הימל, אַ גרויסער שניי, האָט ער די שטעגן פאַר־יאָגט, די וועגן פאַרשיט, און טעג און אפשר וואָכן, וועט קיין אורח איבער דער שוועל נישט קומען...

הייבט ער זיך אויף און גייט אַרויס זען וואָס אין דרויסן טוט זיך. זי נעמט זיך די בעטן צורעכט מאַכן, זאַמט ער זיך אָבער צו לאַנג, ווערט איר אומעטיק, לאָזט זי אָפּ דאָס בעטגעוואַנט, גייט צום פענצטער צו און פּויקט מיט דיקלעכע פינגער אין דער שויב צום מאַן אַרויס.

איז אָבער די שויב געפרוירן, קלינגט זי העל נישט אָפּ; כאַפּט זי די שאַל אויף זיך און גייט נאָך דעם מאַן פאַר דער טיר. זעט זי, אַז דער מאַן, וואָס הערט ניט אירע טריט און קערט זיך נישט אום, שטייט פאַרטראַכט אויפן וועג פון וואַלד אַרויס. קוקט זי אים פאַרוווּנדערט נאָך. זעען זיי ביידע צוזאַמען, ווי איבערן פאַר־שיטן וועג פון וואַלד גייט אַ געשטאַלט אַ ווייבערישע, אין אַ הויב אַ הויכער, אין אַ טערקישער שאַל, און די שאַל איז איבער די אַקסל נאָר פאַר שיינקייט וועגן פאַרוואָרפן, גלייך אַ לינדע זומער־נאַכט. נישט איינגעוויקלט איז זי אין דער שאַל; פריי פליען רעכטס און לינקס, די עקן פון איר, גלייך זיי וואָלטן אירע פליגל גע־ווען... און נישט זי גייט אין שניי — זי שווימט איבערן שניי, קיין פוס פאַלט נישט אַריין, לאָזט קיין צייכן נישט איבער.

קוקן זיי אַזוי ביידע פאַרגאַפּט, ביז די געשטאַלט קומט צו צו זיי און פרעגט צי קען זי נישט רוען אַ שעה ביי זיי אין שטוב...

קומט דאָס פּאָרפאָלק אַ ביסל צו זיך, קוקן זיך איבער, פירן מיט גרויס פרייד דעם ווייבערישן וווּנדערלעכן גאַסט אין שטוב אַריין. גאָט האָט זיי אַ גאַסט באַ־שערט! און ווילן וועקן דעם משרת, הייסן מאַכן וואַרעמס אַ גלעזל; און די שוויי־גערין לויפט צו צו דער שאַנק און עפנט זי ברייט, און וויל אַרויסנעמען פון שענסטן און בעסטן, עסן און טרינקען און איינגעמאַכץ און זיסן בראָנפן אַ ביסל. דער וווּנדערלעכער גאַסט זאָגט אָבער: ניין! זי וועט גאָרנישט פאַרזוכן, גאָרנישט טועם זיין, אַז זי דאַרף נישט, נאָר אָפּרוען וויל זי זיך אַ ביסל, זי גייט אין אַ בויטיק שליחות. גיט זיך די שווייגערין אונטער, צינדט אָן נאָך אַ וועקסן ליכט, פירט דעם גאַסט אין אַ באַזונדער חדר אַריין, ווייזט אָן אויף אַ גרויס בעט מיט בעטגעוואַנט ווי שניי, קישנס פּוכענע, אַ לייכט וואַרעם איבערבעט... „און ווילט איר נישט עסן, נישט טרינקען, שלאָפט אייך געזונטערהייט!" שלאָפן אָבער, זאָגט די געשטאַלט, וועט זי ניט, נאָר אָפּרוען אַ ביסל, ווייל זי האָט נאָך אַ ווייט שליחות. און אַז די שווייגערין וויל זי איבערלאָזן אין שטוב, האַלט זי זי איין און פרעגט, וויפל עס קומט פאַרן חדר, וואָרום אַוועקגיין וועט זי שטיל, און וויל קיינעם נישט וועקן, ווייל זי איבערלאָזן געלט.

שפּרינגט די שווייגערין אָפּ, טיף געקרענקט: קיין געלט נעמט זי נישט, אויף קיין פאַל נישט... דאָס איז דאָך די איינציקע מצווה וואָס זיי קאָנען מקיים זיין

אין דאָרף: אין דעם זכות נאָר העלפט זיי דאָך גאָט, און וועט — גיט זי מיט גרויס בטחון צו — ווייטער העלפן!

צעשמייכלט זיך די געשטאַלט און פרעגט:

— פעלט אייך עפּעס דען? האָט איר נאָך אַ בקשה צו גאָט?

— חס ושלום!... מ׳זע׳מיר, ברוך השם, איך און מיין מאַן, געזונט, און אונ־דזער זון, זאָל לעבן, אַוודאי... און פּרנסה, ברוך השם, איבערן מויל... נאָר וועגן אַ זיווג גייט עס...

און זי דערציילט וועגן איר זון, וואָס ווערט זיבעצן יאָר אַלט... און מען ווינט אין אַ דאָרף, און צו אַ קהילה איז ווייט...

— און וואָס טוט איר דערצו?

— מען האָפט צו גאָט, מען בעט זיין נאָמען... דער מאַן אויף זיין לשון, זי אויף איר לשון... אַלע געבעטן בעט זי אויס, אַלע תחינות קאָן זי אויסנווייניק כמעט. שרה בת־טובימס האַרציקע תחינות... נאָר איינער, דער עיקר, האָט זי שוין מיט טרערן דורכגענעצט, די זיווג־תחינה...

— גאָט וועט העלפן, — שמייכלט די געשטאַלט... — איך בין זיכער, — שמייכלט זי.. אַ סימן האָט איר, קיין געלט פאַרן חדר ווילט איר נישט, גיב איך אייך אַ מתנה פאַר אייער זונס כלה וועגן...

אַזוי זאָגט זי עס, און נעמט דערביי פון דער טערקישער שאַל די מתנה אַרויס: אַ פּאָר גאָלדענע פאַנטאָפעלעך מיט פּערעלעך באַנייט... בליצט עס אין דער שוויי־גערינס אויגן, שטופּט איר די געשטאַלט די פאַנטאָפעלעך אין דער האַנט אַריין און זאָגט:

— אַ מתנה פון שרה בת־טובים — און פאַרשווינדט...

און אַז דער שווייגער האָט זיך נישט געקאָנט אויפן ווייב דערוואַרטן, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר. און נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, דערשראָקן די טיר גע־עפנט, זעט ער, דאָס ווייב שטייט אין מיטן שטוב מיט אַן אָפן מויל, אויסגעגלאָצ־טע אויגן, און גאָלדענע פאַנטאָפעלעך אין דער האַנט.

— ב —

אין דער זעלבער צייט, אין דער זעלבער מדינה מערן, נאָר מיילן, מיילן ווייט פון שווייגער, און נישט ווייסנדיק פון שווייגער, האָט אין אַ טיפן וואַלד אַ ייד גע־וווינט, אַ קוילנברענער. האָט ער אַ שטיבל אין וואַלד און אַן אויוון געדונגען, אויך ביי אַ גראַף. נאָר דער ייד איז אַן אָרעמער געווען און אַ שווערע פּרנסה געהאַט: זאַמלען דאָס אָפּגעפאַלענע פון ביימער, זומער — אָפּגעדאַרטע צווייגן, ווינטער — קאָרע, געפּלאַצטע פון פראָסט, און נאָך יעדן געוויטער — דאָס אָפּגעהאַקטע פון דונער און אָפּגעריסענע פון ווינט, און טראָגן צום אויוון און אויף קוילן פאַרברע־נען. קומט ער פאַרנאַכט אַהיים אַ מידער, אַ שוואַרצער... האָט אים אָבער, זיין לי־

בער נאָמען, אַ זיס טעכטערל באַשערט; אַליין איז דער ייד אַן אַלמן געווען. קומט זי אים אַנטקעגן מיט פרייד, און העלפט אים זיך וואַשן און איבערטאָן, און גיט אים צו עסן און צו טרינקען, און מאַכט אים פיין דאָס געלעגער צו רעכט...

און קאָן ער נישט איינשלאָפן — און צייט ער איז אַן אַלמן געוואָרן, טרעפט זיך עס אים גאַנץ אָפט, ציגנדט זי אַ קינדל אָן, אָדער ווען קלאָרע נעכט, שטעלט זי זיך קעגן דער לבנה צום פענצטערל און לייענט הויך אירע „הייליקע" ספרים אויף „עברי־טייטש", וואָס די מוטער האָט זי איבערגעלערנט און די ספרים בירושה גע־לאָזט: „צאינה וראינה", „קב הישר", תחינות פון שרה בת טובים... לייענט זי אים הויך... ער, אַ פּראָסטער ייד, הערט זיך איין, ביז די אויגן קלעפּן זיך אים צו, דאַכט זיך אים, אַז „יענע" לייענט, די מוטער לייענט, און ער שלאָפט רואיק איין, איינ־געוויגט פון זיסן קול און די ווערטער די הייליקע...

קומט איר אַמאָל אַ זייער האַרצווייכיקע תחינה אין דער האַנט אַריין, אַ תחינה וואָס אַ מאַמע זאָגט, ווען זי בעט ביי זיין ליבן נאָמען, וועגן אַ זיווג פאַר איר קינד...

„און זע, ליבער, האַרציקער גאָט, פאַר מיין ליבער, האַרציקער טאָכטער, וועגן אַ זיווג אַ כשרן"... הייבט אָן דאָס מיידל צו פאַרשטיין, וועגן וואָס עס גייט, האַקט זי אָפּ און וויל אַן אַנדער תחינה נעמען, בעט זיך דער פאָטער:

— ניין, טאָכטער לעבן, ניין, ווייטער לייען... גיב מיר די הייליקע ווערטער אין מויל אַריין, לאָמיר בעטן ביי גאָט פאַר דיר... אַ האַרץ האָב איך, טאָכטערשי, אַ פּולס, נאָר אַ ייד אַ פּראָסטער בין איך, קיין ווערטער האָב איך נישט...

מוז זי פאָלגן און לייענט ווייטער און ווייטער. און ווי שמעקענדיקער ביימל גיסט זיך די תחינה. לאַנג איינגעשלאָפן איז שוין דער פאָטער, — זי מערקט עס נישט, ער שנאָרכט — זי הערט נישט און לייענט... עס קלאַפּט דאָס הערצל קליין, פייכט און נעפּלדיק ווערן די אייגעלעך פאַרדעקט, די ריין קינדעריש בלויע, און דאָס קולכל ציטערט און ווערט פון באַהאַלטענע טרערן פייכט...

און אין מיטן — עפנט זיך די טיר, און אין איר באַווייזט זיך אַ ווונדערלעכע געשטאַלט... אין אַ הויב אַ הויכער, אין אַ טערקישער שאַל, די אויגן לייכטן אַזוי לייטזעליק זיס, אַז דאָס איינגעשרומפּענע פּנימל שטראַלט.

— טאַטע! — וויל זי דעם פאָטער וועקן. לייגט אָבער, די אַלטע, אַ פינגער איבער די לעפצן. ווערט דאָס מיידל שטיל, בלייבט זי ווי אין אַ פאַרכישופטן חלום שטיין, און די אַלטע גייט צו צום טיש, און זעצט זיך, און שטרעקט אויס די האַנט, און ציט דאָס מיידל זיך צום האַרצן צו...

— שרעק זיך נישט, מיידעלע, — זאָגט זי: — שרה בת טובים בין איך... מיינע תחינות האָסטו געלייענט, און עס איז אַ שטילע נאַכט, האָב איך אין מיין שטילער רו דיין זיס קול געהערט, בין איך געקומען צו דיר און האָב דיר אַ מתנה געבראַכט...

און נעמט פון אונטער דער טערקישער שאַל די מתנה אַרויס:

— זע, ליב קינד... אָט איז סאַמעט געשווירענער אַ שטיק... אויף אַ בייטעלע צוגעשניטן... און פעל אַלערליי קאָלירן, זיידענע פּוך צום אויסנייען דאָס בייטע־לע... און פעדעם נאָך דערצו זילבערנע, און גאָלדענע אויך אַביסל, און פליטער־לעך דערצו אויך זילבער און גאָלד... און אַזוי זעסטו, נייט מען, טעכטערל, און אַזוי ווערט געשטיקט... האַלט די נאָדל פעסט, לויף מיט די פינגערלעך געשיקט... זעסט, אַ מגן דודל גייט, און אָט בליען בלימעלעך אַרויס. פרישע ווי אין וואַלד אין זומער צייט... אַ תפילין־בייטעלע ניי, אַ מתנה מאַך, פאַר דיין באַשערטן אַ מתנה, ווי דיין ליבע מאַמע האָט דיין ליבן טאַטן געשענקט...

און די אַלטע לערנט, און דאָס מיידעלע שטיקט און העפּט...

און אַז דער פרימאָרגן בליט, כאַפּט זיך דער פאָטער אויף. די טאָכטער זיצט אַליין אין שטוב מיט אַ תפילין־בייטעלע אין די הענט, סאַמעט, זילבער און גאָלד...

— ג —

און אַז דעם שוויגערס זון איז אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט מען אים אַרויפ־געזעצט אויף אַ וועגעלע און געשיקט אין דער וועלט אַריין, זיך אַ כלה זוכן, צו שרה בת טובימס פאַנטאָפּעלעך...

פאָרט ער וואַלד אויס, וואַלד איין, איבער דערפער און שטעט, כלה־מיידלעך ווי זאַמד און ערד, קיין איינער פּאַסן די פאַנטאָפּעלעך נישט...

פאָרט ער אַ יאָר, פאָרט צוויי, נישטאָ און נישטאָ. פאַרלירט ער די אמונה דערין. קערט ער אַהיים: ער וועט טאַטע־מאַמע זאָגן: ס׳איז אַ חלום געוועז, אַזוינע פיסעלעך קליינע, זיינען נישט פאַראַן...

פאָרט ער אַהיים און פאָרט, און פאָרט פון וועג אַראָפּ, און פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד. דעמבעס מיט דעמבעס, ריזן ביי ריזן שטייען, נישט אויס און נישט איין. בלייבט ער שטיין, פרייטיק איז, די זון גייט אונטער און לאָזט זיך, אַ פייער־דיקע קויל, אַלץ טיפער און טיפער אַראָפּ. דער אָוונט פאַלט צו — שטעלט ער זיך „שיר השירים" זאָגן, און גייט, שיר השירים זאָגנדיק, אין וואַלד אַרום, האַלט זיך נאָר פון וועגעלע נישט ווייט, און פון פערד וואָס פאַשעט זיך... און שטיל רוישט ביים אָוונט־ווינטל דער וואַלד, גלייך ווי ער וואָלט אים „שיר השירים" נאָכגע־זאָגט... און שטיל ווערט, און טונקעלער. און פלוצלונג פלאַמט צווישן די ביימער אַ פענצטערל אויף. לויפט ער צו מיט פרייד און קלאַפּט אָן:

— וווינט דאָ אַ ייד?

— אַ ייד!

אַ ייד קומט פון שטיבעלע אַרויס, באַווייזט זיך אויף דער שוועל:

— שלום עליכם, אַ ייד!

— עליכם שלום, ענטפערט דער יונגערמאַן, — קאָן מען האַלטן שבת ביי אייך?

— האַלטן יאָ, ענטפערט מיט אַ טרויעריקן שמייכל דער ייד, — נאָר עסן האָב איך נישט וואָס...

— עסן האָב איך, ענטפערט דער יונגערמאַן, — און טרינקען אויך; קומט מיט מיר צום וועגעלע צו, פון אַלעס גוטן אָנגעגרייט...

— אין אַ שעה אַרום, נאָך קבלת שבת, זיצן זיי שוין ביידע, נאָך קידוש, ביים טיש... און זינגען זמירות און עסן... זעט דער יונגערמאַן ווי פון יעדן מאכל נעמט דער אַלטער און איז טועם אַ ביסל, און טראָגט באַלד די רעשט פאַר דער טיר אַרויס, מיינט ער, — פאַר אַ קעלבל צי אַן עוף... איז ער דאָך נישט אַזוי אָרעם, דער ייד, פאַרוואָס האָט ער קיין שבת נישט געמאַכט?... אַ יונגערמאַן — פרעגט ער אים...

זאָגט דער אַלטער: — ניין, אַן אָרעמער קוילנברענער בין איך... קיין קאַלב, קיין עופות, פאַרמאָגט איך נישט... נאָר אַ זיס טעכטערל האָב איך, באָרוועס גייט זי נעבעך, שעמט זי זיך באָרוועסערהייט אין שטוב אַריינצוקומען... זיצט זי און עסט פאַר דער טיר...

נעמט דער יונגערמאַן מיט האַרצקלאַפעניש די גאָלדענע פאַנטאָפעלעך פון בוזים אַרויס און גיט זיי דעם אַלטן איבער: „גייט, מעסט זיי אייער טאָכטער אָן... צי זיי פאַסן, זעט“...

קומט דער אַלטער צוריק: זיי פאַסן“...

— ד —

און ביים רייכן שווייגער איז אַ חתונה געווען, ער האָט מיטן קוילנברענער אַ שידוך געטאָן, און די חופה האָט מען אין שטאָט געשטעלט, און אַז מען איז פון דער חופה געגאַנגען, האָט זיך פלוצלינג אַ געשטאַלט באַוויזן, אין אַ הויב אַ הוי־כער, אין אַ טערקישער שאַל, אַ פנים אַן אַלטס, נאָר אויגן לייטזעליקע און יונגע, און האָט קעגן חתן־כלה מיט אַ קוילעטש געטאַנצט...

און נישט אַלע האָבן געוווסט ווער דאָס איז...



מ. באַריישאַ

# דער יתום

פעטערס ייִנגלעך שלאָפן צוויי
אין אַ בעט צוזאַמען,
יתום האָט אַ בעט פאַר זיך
געירשנט פון דער מאַמען.

פעטער האַלט אים לעבן זיך,
קוקט אים נאָך ביים עסן,
מומע טראָגט צום טעלער אים
שטיקעלעך וואָס בעסער.

און אַ צווייטע מומע נעמט
אים צו זיך אויף שבת,
קאָרמעט אים מיט קוגעלעך,
מיט צימעסלעך און אַרבעס.

רבי האָט אַ לאַנגן פאַס,
שמייסט, אַז מע פאַרזינדיקט,
יתום — נישט געשמיסענער,
צווישן אַלע קינדער.

שפּילן חדר־ייִנגלעך קריג, —
ייִדן קעגן כנענים,
כאַפּט זיך יתום אויך אַריין
מיט די פויסטלעך זיינע.

ווערט אַ ליאַרעם: ניטע־ניט!
יתום איז אין מיטן!
פיר מלחמה, אַז מע דאַרף
מיט אַ קלאַפּ זיך היטן.

קומט ער איינמאָל איינגעריזט,
ס'רינט אים בלוט פון נעזל;
כאַפּט זיך מומע פאַרן קאָפּ:
— ווו ביסטו געווען?

קוים פון אים אַרויסגעקוועטשט
ווערטער; שטייף און טראָציק:
— בין געגאַנגען שלאָגן זיך
הינטער שטאָט מיט שקצים.

מומע שטאַרצט די אויגן אויס,
ברעכט ער אויס אין קלאָגן:
— כ'וויל נישט זיין קיין יתומל, —
כ'וויל מע זאָל מיך שלאָגן!...

י. ל. פרץ

# רב יחיאל

ר׳ יחיאל איז געווען אַן עושר אַ ייד. און איין מידה האָט ער געירשנט פון זיין פאָטער — נישט צו פאַרשעמען קיין שום מענטשן! און — עניוות!

ר׳ יחיאל מישט זיך שטאַרק אין קהל־זאַכן, נאָר קיין התמנות נעמט ער בשום אופן נישט אָן; ער איז קיין דאָזאָרצע, קיין גבאי נישט, גאָרנישט.

צדקה הייסט ביי אים נאָר מתן־בסתר.

ער גייט ווינטער גאַנץ פרי אין גאַס אַריין; זעט ער — פויערים פירן האָלץ (פון שטיינקוילן האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געוווסט) קויפט ער אַ פורל האָלץ, צוויי־דריי פורלעך האָלץ, און זאָגט דעם פויער ווו ער זאָל אָפּפירן: ער ווייסט שוין, ווו אַ געפרוירענער קבצן וווינט. ער פלעגט פאַר יעדן יום־טוב אָפּשיקן נדבות מיט דער פּאָסט. אַ ספרא־רבא איז ער געווען, נאָר די אַדרעסן פלעגט ער שרייבן מיט דער לינקער האַנט, מען זאָל זיין כתב־יד נישט דערקענען, ווייל ער פלעגט אַמאָל שרייבן צו גרויסע שררות וועגן יידישע זאַכן...

דערפון האָט זיך געמאַכט אַ מאמר, אַז די נדבות דורך דער פּאָסט שיקט אַ באַהאַלטענער בעל־תשובה. וואָס האָט אַוודאי עמעצן באַגזלט און קען די גזלה נישט אָפּגעבן. ערשט נאָך ר׳ יחיאלס טויט איז מען געוואָר געוואָרן, ווער דער „גזלן״ איז געווען.

און אויסער אין חברה־פּושקעס אַריין, פלעגט ער פון האַנט און האַנט קיין נדבות נישט געבן. אַלץ געבאָרגט, כשרע הלוואה הייסט עס! „ווען גאָט וועט העלפן, וועסטו אָפּגעבן; מיט אַמאָל, ביסלעכווייז; מיר, אָדער אַן אַנדערן נויטבאַדערפ־טיקן״...

און איינמאָל האָט זיך פּאַסירט אַזאַ מעשה: ר׳ יחיאל קומט אַהיים פון גאַס און טרעפט אימיצן ביי זיך אין שטוב. יענער האָט אים דערזען און איז געבליבן ווייס ווי קאַלך.

ר׳ יחיאל קוקט — פון אונטערן יידנס פּאָלע שטאַרט עפּעס בולט אַרויס.

אין יידנס פּנים האָט ר׳ יחיאל דערקענט, אַז ער האָט פאַר זיך קיין פשוטן גנב נישט. ער שטויסט זיך באַלד, אַז עס איז אַ שיינער אָרעמאַן, אַז ער איז גע־קומען עפּעס בעטן, און אַז ער האָט קיינעם נישט געטראָפן, איז ער נישט בייגע־שטאַנען דעם נסיון, האָט דער יצר הרע גובר געווען.

גייט ער צו אים צו, גאַנץ פריינדלעך, און זאָגט מיט אַ שמייכעלע:

— איר האָט אַוודאי געוואָלט לייען אויף אַ משכון? ווייזט נאָר דעם משכון.

דעם אָרעמאַן קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן.

— וואָס איז די חרפּה? — פרעגט ר' יחיאל געלאָסן. — דאָס מזל דרייט זיך ווי אַ רעדל, געלט איז קיילעכדיק! הייַנט באָרגט איר ביי מיר, מאָרגן — איך ביי אייך...

און אַזוי רעדנדיק, נעמט ער אים אַפּיר פון אונטער דער פּאָלע, זיין אייגענע פּאָר זילבערנע לייכטער.

און ר' יחיאל שטעלט זיי געלאַסן אַנידער פּאַר זיך אויפן טיש, גלייך ער זעט זיי דאָס ערשטע מאָל און וויל אָפּשאַצן, וויפל ער מעג אויף זיי באָרגן.

דער ייד, נעבעך, וויל דערוויייל אַנטלויפן; זיינען אים אָבער די פיס ווי צו־געשמידט!

— הכלל, ר' קרוב, — פרעגט ר' יחיאל, — וויפל ווילט איר באָרגן?

און דער, קען, נעבעך, גישט די צונג איבערדרייען.

— איר זייט, ר' קרוב, אַ גרויסער בושת־פּנים... נו, וואָס קאָן מען מאַכן? וועל איך פאַר אייך רעדן. עס גייט צו פּסח. הערט, צי איך בין זיך נישט טועה — איך בין שטאַרק מסופק, צי איר האָט אויף מצות... נו, שאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, צי ניין?

יענער', נעבעך, שאָקלט אויף ניין.

— וואָס דען? מען דאַרף דערצו קיין נביא נישט זיין: דאָס פּנים אייערס מסרט! נאָר איר האָט אפשר נאָך אַ טאָכטער צו פאַרקנסן? יאָ? נו, שאָקלט מיטן קאָפּ — יאָ, צי ניין?

דעם אָרעמען יידן האָבן זיך שוין אָבער געעפנט די קוואַלן פון די אויגן און ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

— נאַרישער מענטש! — מאַכט ר' יחיאל. — וואָס וויינט איר? איך האָב דאָך אייך געזאָגט: דאָס רעדל דרייט זיך!

דער ייד קאָן זיך אָבער נישט איינהאַלטן; ווערט ר' יחיאל מכלומרשט ברוגז, האָט ער פאַריבל:

— על פּי דין — זאָגט ער — בין איך אייך, ר' קרוב, מחויב צו העלפן. „העלפן זאָלסטו העלפן!" שטייט, פאַרפאַלן; אָבער וווּ שטייט עס, איך בעט אייך, אַז איך בין מחויב אויסצוהערן אייער געוויין, האַ?

דער ייד־האַלט זיך איין מיט די לעצטע כוחות; און ר' יחיאל זאָגט ווייטער:

— ווייסט איר וואָס, ר' קרוב, איך וועל אייך געבן לויט דעם משכון. אין מיינע אויגן איז דער משכון עובר לסוחר — אויף פּחות — ווערט ק"ן קערבלעך. וועל איך אייך באָרגן פינף און זיבעציק, אַכציק! צען רובל אויף יום־טוב, זעכציק אויף גדן פאַר דער טאָכטער און נאָך צען — אַן אָנהויב אויף חתונה קליידער, חתונה הוצאות; די רעשט וועט גאָט העלפן!

„און אַז גאָט וועט העלפן, — גיט ער צו, ווי זיין מנהג איז געווען, — וועט איר באַצאָלן... איך בין בטוח, איר וועט באַצאָלן!"

ק. קליגער

# איך האָב געהאַט אַ היים

איך האָב געהאַט אַ היים,
אַן אַלט־געזעסענע, ווי אַ שטילע
זומערנאַכט־אידיליע.

כ׳האָב געהאַט אַ היים מיט פריש צעשמעקטן גראָז
און זקנים ביימער מיט גרינע בערד;
נעסטן מיט פרומע טויבן
און פייגל, גרילן
פלעגן שפילן, זינגען,
זינגען, שפילן.

איך האָב געהאַט אַ היים — אַן אייגענע נעסט
אויף גוטער, שטילער, זאַטער ערד
פון דורות און דורות, —
האָט מען זי צערויבט, צעגזלט, צעשטערט
און כ׳האָב זי פאַרלוירן,
פאַרלוירן.

איך האָב געהאַט אַ היים, ווי אַ בלויען פרימאָרגן
אויף גוטער, שטילער, זאַטער ערד
האָט מען זי פאַרברענט, דערוואָרגן
אין פלאַם פון האַס,
אין שטריק פון צאָרן.
איך האָב געהאַט אַ היים פון רו, פון קאָרן,
אַן אַלט־געזעסענע פון יאָרן און יאָרן.

ישראל אַשענדאָרף

# אין אַלטן פּנקס

אין אַלטן פּנקס פון שטעטל שטייט עס פאַרשריבן אַזוי:
...קודם זיינען דאָ געווען עטלעכע פויערישע כאַטעס מיט שטרוי
און בײַם וועג, אַ קרעטשמע אַ יידישע און אַ שמיד,
דערנאָך אַ געוועלבל מיט זאַלץ און נאַפט פון אַ צווייטן ייד.
שפּעטער, אַ שניידער, אַ שוסטער און דער גאַנצער צעך.
באַלד טאַקע היזער, שוין מיט שינדלען און מיט בלעך.
ביז מען האָט אַריינגעקלאַפּט אַ סלופּיקל מיט אַ ברעטל.
און אַ האַנט, וואָס ווײַזט אַריין מיט אַ פינגער: אַ שטעטל.
אין אַלטן פּנקס שטייט עס אויך פאַרשריבן דערנעבן,
ווי אַזוי ס'האָט זיך דאָ באַזעצט אַ געוויסער חיים לעבן.
...איינמאָל האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין דער דאָזיקער געגנט,
בײַ דער ראָגאַטקע, דאָרט ווו עס צעשיידן זיך די וועגן.
און דערזען פלוצים שטיין דאָס סלופּיקל מיט דעם ברעטל
און די האַנט, וואָס ווײַזט אַריין מיט אַ פינגער: אַ שטעטל.
— אַ שטעטל? פונוואַנעט? איז דאָך דאָרט ביז אַצינד
געווען בלויז פריי פעלד פאַר גראָז, פאַר האָז און ווינט.
איז ער דאָך אַליין דורכגעפאָרן יענע געגנט אַנומלט
און געמוזט איבערנעכטיקן אונטער דעם פרייען הימל.
זאָל דאָס אמת זיין? מען דאַרף אַהין טאָן אַ ניוכע.
און צומאָרגנס באַגינען האָבן זיך שוין אין שטעטל געפונען
דריי פורן אָנגעלאָדענע מיט זיין גאַנצער משפּחה.
האָט זיך די משפּחה איינגעקוואַרטירט אַזוי:
— די שטיפמאַמע נויט אין די שטיבעלעך מיט שטרוי.
די באַבעשי זאָרג — אין די אָרעמע הינטערגעסלעך.
דאָס שוועסטערל עלנט, בײַ אַ מיידל, אַ פאַרזעסענע.
דער אַלטיטשקער זיידע, בײַ דער הרובע אין קלויז.
דאָס אייניקל פרייד — בײַם גביר אין נייעם, ווײַסן הויז.
נאָר פאַר די פעטערס און שוואָגערס איז אַלץ געווען קאַרג,
זיי שלאָגן זיך ביז היינט איבער די קראָמען אין מאַרק.
דרייט זיך ווי מעכטיקער הערשער חיים לעבן איבערן שטעטל,
נאָר איבער יענער זייט — האָט ער מורא איבערצוטרעטן.
דאָרט ווינט אַ שטאַרקערער, זיין שרעק ביז גאָר איז:
— דאָרט פירט דער וועג צום בית הקברות.

## א. ליעסין

# ייִדיש

אין שלאָפלאָזע נעכט פלעגט זי קומען
צו מיר אין איר ליבער געוואַנד.
פון וואַנען זי האָט זיך גענומען —
דאָס איז שוין פאַרבליבן איר סוד.
זי פלעגט אין פאַרטאָגן אין שטילע
מיט ציטער מיט צאַרטן אַריין —
אַ פליסטער פון עפּעס אַ תפילה,
אַ שימער פון עפּעס אַ שיין.
און אויפלויכטן פלעגן מיר אויגן
מיט ווייכן, פאַרטרווילעכן ליכט;
אַ האַנט אויף מיין קאָפּ פלעגט זיך לייגן
און קילן דעם פלאַם פון געזיכט.
פלעגט ווייס אַזוי ווערן אין צימער
און גרינג פון איר ווונדער־באַריר,
ווען ווייס פלעגן געבן אַ שימער
צוויי פליגלען פון הינטן ביי איר.
און פול מיט מעלאָדישקייט גוטער,
פלעגט האַרציק זיך הערן איר קול,
אַזוי ווי דער קול פון מיין מוטער
ביים טייטש־חומש, שבת, אַמאָל:

„איך קום נישט צו דיר פון גאָטס וואָרט אַ באַשטראַלטע,
אַזוי ווי מיין שוועסטער פלעגט קומען אַמאָל —
פאַרהייליקט פון צייטן פון גרויסע, פון אַלטע,
מיט בליצן און דונערן־אָפּקלאַנג אין קול.

איך קום נישט, ווי זי, פון זוניקער הויכקייט, —
אין הימל, אין בלויסטן, זיך שפּיגלענדיק ריין;
איך האָב נישט פון היגלען, פון גרינע, די ווייכקייט,
פון פעלזן־בערג שטאָלצע — דעם ווילד־ווילדן חן.

„איך קום צו דיר, קינד מיין, פון גלותן שטומע,
פון געטאָס פאַרפאַקטע, פאַרהאַקטע אין קלעם;
איך האָב נאָר די חנען פון תחינות פון פרומע,
איך האָב נאָר די שיינקייט פון קידוש השם.

„און טראָג איך אין זיך נישט די בליצן, וואָס בלענדן,
דעם פלאַמיקן זוד־וואָרט, וואָס ווונדער באַווייזט,
טאָ האָב איך דעם שימער פון שטערן־לעגענדן,
די ליבע לבנה־באַלייכטונג פון גייסט.

„פון וואָרמס, פון מיינץ און פון שפּייער,
דורך פּראָג און לובלין, ביז אָדעס,
האָט אַלץ זיך געצויגן איין פייער,
האָט אַלץ זיך געצויגן איין נס.
האָט שטענדיק דער בלוט־פיינט געהויערט,
געלויערט פיל־אויגיק דער טויט —
אָט דאָרט האָב איך, וויסט און פאַרטרויערט,
די עלטערן דיינע באַגלייט.

„איך בין מיט זיי הונדערטער יאָרן
געגאַנגען דורך יעדער געפאַר,
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צאָרן,
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צער.
און אויסגעשמידט האָב איך דורך דורות
דעם ווונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליקע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.

און אויב נאָר די קדושה די ריינע
שיינט אָפּ פון עינויים און פּיין,
טאָ בין איך דיר, קינד מיין, די איינע,
טאָ בין איך די הייליקסטע דיין.

„און האָט נישט גאָטס־כבוד געטאָן פאַר מיר ווייען,
קיין זעאונג פון נביא איך מיר נישט געגליט, —
דערפאַר איז מיר פרעמד אויך די זינד־גלוט פון כהן,
וואָס האָט זיך אין שאַנד פאַרן בעל געקניט.

„און אויב מיר איז פרעמד די אַנטציקונג פון זיגער,
וואָס האָט די געשיכטע מיט שטראַלן געוועבט,
טאָ פרעמד איז מיר אויך די אכזריות פון קריגער,
וואָס האָט אויף פאַרבלוטיקטע שווערדן געלעבט.

„איך האָב נישט געהאַט די טיטאַנען, וואָס גלאַנצן,
ווי איינזאַמע שניי־בערג, אין הימל אַריין;
געווען איז שוין אָבער די אומה אינגאַנצן
געלייטערט אין אומגליק, געהייליקט אין פּיין.

„און אויפֿנעמען פֿלעג איך די בלומען און טרערן, —
און אויפֿנעמען פֿלעג איך דעם ווייטיק־געשריי,
און הייליקער ווערן, וואָס מער איך פֿלעג הערן
פֿון שטאַרבנדע קדושים, דעם לעצטן אוי־וויי.

„איך האָב שוין צום קינד אין די וויגן
פֿון תורה געזונגען אַ ליד;
דערנאָך האָט געקלונגען דער ניגון
אַ לעבן־לאַנג אים אין געמיט.
איך פֿלעג זיך אין הערצער צעשטראַלן
ביים „אַלשיך" פֿון זאָגער אין שול;
ביים מגיד אין וואָרט פֿלעג איך שאַלן
מיט גבורה מיט זאַפֿטיקער פֿול.
איך האָב מיט געבעטן מיט הייסע
די יידישע מוטערס באַגלייט;
מאַרטירערינס שטילע און גרויסע
אין הייליקייט האָב איך געגרייט.
איך האָב מיט דער צאינה וראינה
דורך פֿינצטערסטער נויט זיי געפֿירט,
און ליבלעך די העלדן־טאַט יענע,
וואָס הייסט ביי זיי לעבן, געצירט.
און איינגעהיט איז פֿאַר דער אומה
געבליבן אַן אוצר אין מיר;
די פֿאָלקס־זעל — אַ פֿרישע, אַ פֿרומע,
אַן אוצר אָן ערך און שיעור.

„און ווייטער, מיין קינד, די לערע פֿון דורות,
אַפֿילו ווען אויך אין פֿאַרענדערטן שיין —
צו לעבן און שטאַרבן פֿאַר הייליקע תורות,
אַ האַרטנעקיק פֿאָלק פֿון מאַרטירער צו זיין.

„און זוכסטו מיט שיינקייט די געטאָס באַהעלן,
טאָ וויס, אַז קיין שיינקייט איז נישט אַזוי שיין,
ווי אָפּטמאָל די שיינקייט פֿון מענטשלעכע זעלן,
ווי שטענדיק די שיינקייט פֿון פֿאָלקס־זעל אַליין.

„און זוך זי אין מיר, אָט די שיינקייט די שטילע,
און שרעק זיך נישט טאָמער־וועט וועל איך פאַרגיין;
וועט אייביק דען לעבן די אומה אַפילו?
וועט אייביק דען לעבן דאָס לעבן אַליין?

„און כל זמן איך בין דיר, מיין קינד, אַזוי טייער.
און כל זמן מיר זיינען צוזאַמען נאָך דאָ,
און כל זמן עס ברענט אין דיין בלוט נאָך דאָס פייער,
נישט לאָז זי פאַרביי, די באַגייסטערטע שעה".

זי פלעגט אַזוי ריידן. און ווערן
פלעגט אַלץ פון אַ ליבשאַפט באַהעלט;
איך פלעג אין דעם רוף אירן הערן
דעם רופנדן צער פון דער וועלט.
פלעגט דאַן אין באַגינען אין שטילן
געהויבענעם עפּעס געשען,
און דורכגעלויבט פלעג איך זיך פילן
און וונדער פאַרהוילענע זען.
און לויטער, אין דורכלויכט אין ווייסן,
פלעגט אויפגיין פאַר מיר מיין געזאַנג;
דאָס צייטיקע וואָרט פלעגט זיך רייסן
און פאַלן, אַ קלאַנג נאָך אַ קלאַנג.
און איבערעכן פלעגן מיר טרערן
פון ליבנדער, שאַפנדער פרייד,
און ווייענדיק פלעג איך איר שווערן
אַ רינג צו פאַרבלייבן אין קייט.
צו ציען אַלץ ווייטער, דורך דורות,
דעם וונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליקע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.







# יידישע שרײַבער





אויבן, פון רעכטס צו לינקס: — פּרץ הירשביין, מאָריס ראָזנפעלד און א, ליעסין. אונטן — דוד אײנהאָרן און ה. ד. נאָמבערג.

# מענדעלע מוכר ספרים
## (שלום יעקב אַבראַמאָוויטש)
### (ביאָגראַפיע)



מענדעלע מוכר ספרים, אָדער שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, ווי ער האָט באמת געהייסן, איז געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר 1836, אין דעם שטעטל קאַפּוליע, מינסקער גובערניע. זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער למדן און איינער פון די שענסטע באַ־לעבאַטים פון שטאָט.

שלום יעקב האָט צוערשט געלערנט אין חדר, נאָכדעם אין פאַרשיידענע ישיבות. צו פערצן יאָר האָט ער שוין געהאַט גרויסע ידיעות, נישט נאָר אין תנ״ך און אין דער העברעאישער שפּראַך, נאָר אויך אין תלמוד. צו יענער צייט איז ביי אים געשטאָרבן דער פאָטער, און די מוטער זיינע, האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט פאַר אַ מילנער, פון דעם דערבייאיקן דאָרף. שלום יעקב האָט אַ געוויסע צייט געלערנט אין פאַרשיידענע שטעטלעך, און שפּע־טער האָט ער זיך באַזעצט ביי זיין מוטער אין דאָרף, און האָט געלערנט מיט די קינדער פון זיין שטיף־פאָטער.

די נאַטור אַרום מיל איז געווען זייער אַ שיינע, און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דעם יונגן אַבראַמאָוויטשן. דאָרט, אין דאָרף, האָט טאַקע אַבראַ־מאָוויטש אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט, און צו־ערשט האָט ער, ווי אַלע אַנדערע שרייבער פון יענער צייט, אָנגעהויבן צו שרייבן אויף העברעאיש.

צו זיבעצן יאָר האָט זיך אַבראַמאָוויטש אַוועקגעלאָזט אין דרום רוסלאַנד. דאָס האָט ער באַגלייט זיינע אַ מומע אַן עגונה, וועלכע איז געפאָרן אין יענער געגנט זוכן איר פאַרשווונדענעם מאַן. געפאָרן זיינען זיי מיט איינעם אַ שנאָרער, אַברהמל דער הינקענדיקער, וועלכער האָט זיי אויפן וועג אויסגענוצט און געשיקט בעטלען און שנאָרן פאַר אים. לסוף אָבער, האָט זיך אַבראַמאָוויטש באַפרייט פון דעם שנאָרער און איז געבליבן אין דער שטאָט קאַמענעץ. דאָרט האָט ער זיך באַ־קאַנט מיטן העברעאישן דיכטער גאָטלאָבער, וועמענס טעכטער עס האָבן אַבראַ־מאָוויטשן געלערנט רוסיש, דייטש און רעכענען. שפּעטער האָט אַבראַמאָוויטש אויסגעהאַלטן עקזאַמען און איז געוואָרן אַ לערער אין אַ יידישער רעגירונגס־שול.

אין דער זעלבער צייט הייבט אַבראַמאָוויטש אָן פיל זיך אָפּצוגעבן מיט לי־טעראַרישער טעטיקייט. ער גייט ביסלעכווייז אַריבער אויף יידיש. אין זיינע לי־טעראַרישע ווערק, גיט אַבראַמאָוויטש איבער אַ בילד סיי פון זיין אייגן שטעטל,

ווי ער האָט פאַרבראַכט זיין יוגנט („שלמה רב חיימס"), סיי פון די פאַרשיידענע קבצנים און שנאָרער, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן אומוואַנדערנדיק מיט אברהמל דעם שנאָרער („פישקע דער קרומער"), סיי פון די פאַרשיידענע יידישע קהלס לייט, וואָס האָבן שטאַרק עקספּלאָטירט דעם פּשוטן ברייטן עולם („די טאַקסע"). מענדעלע מאָלט אויך אין זיינע ווערק די באַוועגונג, וואָס איז אין זיין צייט אָנגעגאַנגען ביי יידן — אָנצוהויבן לערנען נישט נאָר רעליגיעזע זאַכן, נאָר אויך וועלטלעכע — די השכלה־באַוועגונג („דאָס קליינע מענטשעלע" און „ווינטש־פינגערל"). ער האָט אויך אָנגעשריבן „די קליאַטשע", „מסעות בנימין השלישי", „דער פּריזיוו" א. אַ.

אַבראַמאָוויטש האָט זיך געגעבן דעם פּען־נאָמען, מענדעלע מוכר־ספרים און אונטער אָט דעם נאָמען איז ער באַוווסט געוואָרן מיט זיינע ווערק אין די ברייטערע יידישע שיכטן. ער האָט זייער ליב געהאַט די יידישע שפּראַך, ער האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט אויסאיידלען און פאַרפיינערן זי. מענדעלע האָט באַקומען דעם נאָמען „דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור".

אַבראַמאָוויטש איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען דער פאַרוואַלטער פון דער גרויסער יידישער האַנטווערק־שול אין אָדעס, אונטערן נאָמען „אַרבעט". אין 1910 איז מיט גרויס פּאַראַד געפייערט געוואָרן אַבראַמאָוויטשעס פינף און זיבעציק יעריקער יובילעאום. ער איז געשטאָרבן דעם 8־טן דעצעמבער 1917.

---

# י. ל. פּרץ

## (ביאָגראַפיע)



יצחק לייבוש פּרץ איז געבוירן געוואָרן דעם 18־טן מאַי 1852 אין דעם שטעטל זאַמאָשטש, פּוילן. זיינע עלטערן יהודה און רבקה (לעווין), זיינען געווען זייער פרומע. זיי האָבן זייער גערעכנט זון דערצויגן ווי אַ פרומען ייד. אין דער אייגענער צייט האָבן זיי אים אויך געלאָזט לערנען אַלגעמיינע לימודים און פּרץ האָט געקאָנט אויך אַנדערע שפּראַכן: דייטש, פּויליש, און רוסיש. אין שטאָט איז ער באַקאַנט געוואָרן ווי דאָס ייִנגל מיט די אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ סך טאַלאַנטן: ער האָט געקאָנט מאָלן, קלעפּן מיט וואַקס, שניצן און שרייבן לידער. קיין גרויס חשק צו לערנען האָט ער נישט געהאַט. ער האָט אָבער געהאַט זייער אַ גוטן קאָפּ, און וואָס ער האָט נאָר געהערט האָט ער זייער שנעל איבערגענומען און גוט פאַרשטאַנען.

זיינע עלטערן און אויך אַלע שכנים האָבן פּאָרויסגעזאָגט, דאָס יינגל וועט אויס־וואַקסן אַ גרויסער, באַרימטער מענטש. זיי האָבן טאַקע געטראָפן, יצחק לייבוש פּרץ איז געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע יידישע דיכטער, איינער פון די שאַ־פער און בוי׳ער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. — די ערשטע וועלט־מלחמה אין 1914, האָט געצוואונגען אַ סך יידן צו פאַרלאָזן די קליינע שטעטלעך און לויפן קיין וואַרשע. פּרץ, און זיין געטרייער לעבנס־פריינד, דער שרייבער יעקב דינע־זאָן, אַרבעטן זייער שטאַרק צו שאַפן היימען פאַר די אָנגעקומענע און צו עפע־נען קינדער־היימען פאַר זייערע קינדער. זיי האָבן אויך געהאָלפן שאַפן שולן פאַר די קינדער צו לערנען.

די אַרבעט איז אים געפאַלן זייער שווער. עס האָט געווירקט אויף זיין געזונט. דעם 3־טן אַפּריל, חול המועד פּסח, 1915, איז פּרץ פּרי אויפ־געשטאַנען, ווי זיין שטייגער איז געווען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין שרייב־טיש שרייבן אַ ליד פון זיינע ליבע קינדערהיימען. ער האָט אָנגעשריבן די ערשטע צוויי שורות: —

שטילער, שטילער,
דאַנקען וויל ער

און פּלוצים איז אים די פּעדער פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן. זיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער גרויסער דיכטער, דער גרויסער מענטש און דער גרויסער ייד, יצחק לייבוש פּרץ, האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם און אַוועק פון אונדז אויף אייביק.

# שלום עליכם

## (שלום ראַבינאָוויטש)

### (ביאָגראַפיע)



שלום־עליכם, אָדער שלום ראַבינאָוויטש, איז געבוירן געוואָרן דעם 18־טן פעברואַר 1859, אין אַ קליין שטעטל וואָראָנקע, אין דרום רוסלאַנד. זיין פאָטער איז געווען אַ ייד אַ סוחר; די מוטער זיינע, וואָס האָט געהאַט אַ גאַנץ טוץ קינדער, איז געווען אַ גרויסע באַלעבאָסטע און האָט פיל אַרויסגעהאָלפן דעם טאַטן אין מסחר.

די פאַמיליע ראַבינאָוויטש האָט זיך שפּעטער אַריבערגעצויגן אין אַ גרעסער שטעטל — פּע־רעיאַסלאַוו; האָט שלום אָנגעהויבן באַזוכן אַ דאָר־טיקע רוסישע שול, וו ער האָט געלערנט רוסיש, אַריפמעטיק, געאָגראַפיע און אַנ־

דערע וועלטלעכע קעגנשטאַנדן. אָבער ער האָט דאָרט אויך נאָך געלערנט אין חדרים, ווו ער האָט זיך אויסגעלערנט גוט העברעאיש.

צו 15 יאָר האָט שלום ראַבינאָוויטש אָנגעהויבן דרוקן העברעאישע אַרטיקלען און מעשות אין די דעמאָלסדיקע העברעאישע צייטונגען „המליץ" און „הצפירה", און צו 21 יאָר הייבט ש. ראַבינאָוויטש אָן צו שרייבן אין יידיש אונטער דעם נאָמען שלום־עליכם. און פון דעמאָלט אָן, האָט ער כמעט כסדר געשריבן אין יידיש.

שלום־עליכם איז צו 21 יאָר געוואָרן ראַבינער אין שטעטל לובני, אין דרום־רוסלאַנד; שפּעטער איז ער געוואָרן אַ סוחר. און ווען זיין שווער איז געשטאָרבן און אים איבערגעלאָזן אַ גרויסע ירושה, האָט ער זיך באַזעצט אין קיעוו און אַ צייט זיך אָפּגעגעבן מיט באַנק־געשעפטן און בערזן־ספּעקולאַציעס, און אין דער זעלבער צייט אַרויסגעגעבן דאָס באַרימטע יאָרבוך „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", ביז ער האָט פאַרלאָרן דאָס גאַנצע געלט זיינס. דעמאָלט איז ער אַריבערגעפאָרן אין אָדעס, ווו ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט מעקלעריי, פאַרזיכערונגס־אַגענטור און אַלערליי סאָרטן האַנדל, אָבער די גאַנצע צייט האָט שלום־עליכם נישט אויפגעהערט צו שרייבן, און מיט דער צייט האָט אים זיין שרייבן אויך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַריינטראָגן מיטלען צום לעבן.

נאָך דעם שרעקלעכן פּאָגראָם פון 1905, איז שלום־עליכם אַוועק פון רוס־לאַנד צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. זיין פאַמיליע האָט ער איבערגעלאָזן אין דער שווייץ, און אַליין איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע האָט אים די יידישע באַפעלקערונג אויפגענומען זייער גוט. ער האָט דאָ מיטגעאַרבעט אין די גרעסטע, אָרטיקע יידישע ־צייטונגען. נאָכדעם ווי שלום־עליכם איז אָפּגעווען אין אַמעריקע אַ פּאָר יאָר צייט, האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין אייראָפּע. ער איז דורכגעפאָרן די וויכטיקסטע יידישע צענטערן סיי פון מערב אייראָפּע, סיי אין רוסלאַנד. ער האָט דאָרט פאָרגעלייענט זיינע ווערק און איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג פון די יידישע מאַסן, וואָס האָבן געלייענט, פאַרערט, און שטאַרק ליב געהאַט זיינע ווערק.

אויפן וועג פון זיין טור האָט ער זיך צוגעקילט און איז געוואָרן געפערלעך קראַנק. ער האָט געמוזט אַוועקפאָרן אין דעם וואַרעמען קור־אָרט נערווי, איטאַליע. דאָרטן האָט ער פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט.

שפּעטער, אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, איז שלום־עליכם צוזאַמען מיט זיין משפחה אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. דאָ האָט ער זיך אויסשליסלעך אָפּגעגעבן מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. שלום־עליכם האָט זיך אָבער שוין געפילט שוואַך נאָך אַזאַ אומרואיק און וואַנדערנדן לעבן, און נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט איז ער געשטאָרבן דעם 12־טן מאַי 1916. צו זיין לוויה זיינען געקומען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און ניו־יאָרק האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעלכע גרויסע מענגעס מענטשן ביי אַ לוויה, ווי ביים באַגלייטן שלום־עליכמען צו זיין אייביקער רו. מען האָט געקאָנט

באַשיינפּערלעך זען, אַז אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן ליב שלום־עליכמען און אַכטן זיין אָנדענק.

און אין אמתן, ווערט קיין שרייבער נישט אַזוי פיל געלייענט ביי יידן, ווי שלום־עליכם. שלום־עליכמס ווערק זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 28 בענדער; זיי אַנטהאַלטן אין זיך מעשות, דערציילונגען, ראָמאַנען, איינאַקטערס, דראַמען, אַר־טיקלען א. ד. ג. פון זיינע ווערק צייכענען זיך אויס זיינע קינדער־מעשות: דאָס מעסערל, מתושלח, ראַבטשיק, בערעלע א. ד. ג.; זיינע יום־טוב מעשות (אויך פון קינדערשן לעבן): חנוכה־געלט, ביים קעניג אחשורוש, אַ פאַרשטערטער פּסח, אַ פּסח אין דאָרף, ל״ג־בעומר, גרינס אויף שבועות, שוין איינמאָל אַ סוכה, די פאָן א. ד. ג. זיינע וואונדערבאַרע שיינע מעשות פון כתרילעווקע (צונאָמען פונעם קליי־נעם שטעטעלע ווו ער איז אויסגעוואקסן): בערל אייזיק, ווען איך בין ראָטשילד א. ד. ג. זיינע ביכער: טביה דער מילכיקער און מנחם־מענדל (אינעם לעצטן בוך מאָלט שלום־עליכם אַ יידן וואָס האַנדלט און וואַנדלט, וואַרפט זיך אויף אַלערליי פּרנסות און פון אַלע זיינע פּרנסות לאָזט זיך יעדעס מאָל אויס אַ טייך). אינטע־רעסאַנט זיינען אויך שלום־עליכמס צוויי אויטאָביאָגראַפישע ביכער „פונעם יאַ־ריד״, זיינע ראָמאַנען: סטעמפעניו, סענדער בלאַנק און אַנדערע, און זיינע דראַמאַ־טישע ווערק: אַ דאָקטאָר, צעזייט און צעשפּרייט און אַנדערע.

שלום־עליכמס ווערק זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ שיינעם לייכטן הומאָר, וועלכער רופט אַרויס ביים לייענער אַמאָל אַ שמייכל און אַמאָל אַ געלעכטער. עס איז אָפט זייער שווער צו לייענען שלום־עליכמן און נישט לאַכן פון פולן האַרצן, און דאָס דאָזיקע געלעכטער מאַכט דעם לייענער איידעלער, שענער און בעסער.

---

# שלום אַש

## (ביאָגראַפיע)



שלום אַש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1880, אינעם שטעטל קוטנע, וואַרשעווער געגנט, ביי פרומע און גוטהאַרציקע עלטערן. ער האָט געלערנט אין חדר, און ביז אַ יאָר 16, אין בית־המדרש. שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען העב־רעאיש און אויך וועלטלעכע קעגנשטאַנדן. צו 18 יאָר איז ער אַוועק פון זיין שטעטל, פאַרנומען זיך מיט געבן העברעאישע לעקציעס און אָנגעהויבן שרייבן, צוערשט אין העברעאיש און שפּעטער, לויט פּרצ׳עס עצה — אין יידיש.

אַש האָט צוערשט געשריבן דערציילונגען פונעם קליינעם שטעטל. שפּעטער

אָבער, האָט זיך אַש אַליין באַקאַנט מיטן יידישן לעבן אין דער גרויסער שטאָט און איבער דער וועלט בכלל. ער האָט אַרומגערייזט איבער זייער פיל לענדער, ווו עס וווינען נאָר, אָדער עס האָבן געוווינט יידן. ער איז געווען אין ארץ־ישראל, אין פראַנקרייך, אין איטאַליע, אין שפּאַניע; ער האָט אַ לענגערע צייט געלעבט אין ניו־יאָרק. אין יעדן פּלאַץ האָט ער זיך באַקאַנט מיטן יידישן לעבן, ווי אויך מיט דעם אָרט ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די יידישע פאַרגאַנגענהייט. נאָכדעם האָט ער דאָס לעבן אָדער די פאַרגאַנגענהייט קינסטלעריש געמאָלן פאַר אונדז אין זיינע דערציילונגען, מעשות, ראָמאַנען און דראַמעס.

פון זיינע ווערק, וועלכע אַש האָט אָנגעשריבן אין אַ גרויסער צאָל, ווערן פיל געלערנט און געלייענט אין די יידישע שולן. פון זיי איז באַזונדערס באַוווּסט זיין „שטעטל", אַ דערציילונג, ווו אַש מאָלט די שיינקייט פונעם יידישן שטעטל און די גרויסע ווירקונג וואָס ס'האָט געלאָזט אויף דער נשמה פונעם יידישן קינד. עס איז אויך זייער אינטערעסאַנט זיין מעשה „קידוש השם", ווו ער מאָלט די לאַגע פון 17־טן יאָרהונדערט, ווען די אוקראַינער, האָבן אונטער דער פירער־שאַפט פון כמעלניצקין, געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן די פּאָליאַקן, און דערביי מער פון אַלעמען זיך נוקם געווען אין די יידן.

אַש איז זייער אַ פּרוכטבאַרער שרייבער. ער האָט שוין זייער פיל אָנגע־שריבן, און עס איז צו דערוואַרטן, אַז ער וועט נאָך פיל, פיל זאַכן שאַפן, וואָס וועלן פאַרשאַפן פאַרגעניגן און כבוד דעם יידישן לייענער.

---

# יהואש

## (ביאָגראַפיע)



יהואש (אָדער ווי זיין אמתער נאָמען איז גע־ווען שלמה בלומגאַרטן) איז געבוירן געוואָרן אינעם שטעטל ווערזשבאָלאָווע, סוואַלקער געגנט, אין חודש ניסן 1871 י. זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער לערנער און אַ קלוגער ייד. ער האָט זיך טיילווייז אויך אינטערעסירט מיט פילאָזאָפישע און אַפילו השכלה־ווערק; דאָך איז ער געווען זייער אַ פרומער ייד.

יהואש האָט ביז אַ יאָר דרייצן געלערנט אין חדר. אָפּגעגעבן זיך מיט לערנען דעם תלמוד און אַנדערע רעליגיעזע ספרים; אָבער אין דער זעלבער צייט, האָט ער שטילערהייט געלייענט אויך השכלה־ווערק אונטער דער ווירקונג פון זיין עלטערער שוועסטער.

שפּעטער האָט יהואָש געלערנט וועלטלעכע למודים, שטודירט דייטש און רוסיש, אַ סך געלייענט פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור.

אויף אַ קורצער צייט איז יהואָש אַוועקגעפאָרן לערנען אין דער דעמאָלט־באַוווסטער וואָלאָזשינער ישיבה. אָבער די ישיבה האָט אים נישט צופרידן גע־שטעלט. דאָרט אין ישיבה האָט יהואָש אויך אָנגעהויבן צו שרייבן. און טאַקע אויף יידיש. די ערשטע לידער זיינע זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פּרץ׳ס „יודישע ביבליאָטעק״, און פּרץ האָט אין דעם נייעם דיכטער באַמערקט טאַלאַנט.

אין 1890 איז יהואָש אַוועק קיין אַמעריקע. איין צייט האָט ער כמעט נישט געשריבן און זיך אָפּגעגעבן מיט געשעפט. אָבער אין אַ ביסל צייט אַרום איז ער קראַנק געוואָרן און געמוזט אַוועק אין אַ סאַנאַטאָריום אין דענווער. פון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן די אומאיבערגעריסענע ליטעראַרישע טעטיקייט פון יהואָשן.

יהואָש האָט געשריבן אַ סך לירישע לידער, אין וועלכע ער גיט איבער זיין שטימונג און איבערלעבונגען, מערסטנס נישט קיין פריילעכע. ער האָט אויך גע־שריבן אַ סך באַלאַדעס, ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ריי פאַבלען.

אין 1914 איז יהואָש אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און געוווינט אין דער קאָלאָניע רחובות. אָבער צוליב דער מלחמה האָט ער געמוזט זיך אומקערן צוריק קיין ניו־יאָרק. אָט די רייזע זיינע האָט יהואָש באַשריבן אין זיינע דריי בענד „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק״.

דעם לעצטן צענדליק יאָר זיינעם, האָט אָבער יהואָש אָפּגעגעבן הויפּטזעכלעך אויף דער איבערזעצונג פון דעם תנ״ך אין יידיש. ער האָט זיך כמעט ווי אָפּגע־שלאָסן פון דער וועלט, געזעסן ביי זיך אין צימער און געאַרבעט אויף דער איבער־זעצונג. און ער האָט איבערגעזעצט דעם גאַנצן תנ״ך אין אַ שיינעם און קלאָרן יידיש. און זיצנדיק אַמאָל ביי אָט דער וויכטיקער אַרבעט, איז יהואָש געשטאָרבן. דאָס איז געווען דעם 10־טן יאַנואַר 1927 י.

יהואָש איז געווען איינער פון אונדזערע שענסטע שרייבער און דערצו איינער פון אונדזערע שענסטע מענטשן. אַלעמאָל איידל, שטיל, בנעימותדיק; אַ גוטער חבר, זייער אַן אָנגענעמער בעל־שמועס; קיינעם נישט באַליידיקט, נישט אין דער ליטע־ראַטור און נישט אין מינדלעכן געשפּרעך. ער איז געווען און וועט בלייבן אַביישפּיל פון שיינער און אינטעליגענטער באַציאונג פון מענטש צו מענטש.

# רייזען

## (ביאָגראַפיע)



אברהם רייזען איז געבוירן געוואָרן אין 1875 אין שטעטל קאָידאַנאָווא, מינסקער גובערניע. ער האָט באַקומען זיין דערציאונג אין חדר און אין בית־מדרש, ער האָט אָבער אויך געלערנט רוסיש און אַנדערע וועלטלעכע קעגנשטאַנדן.

אַ צייט האָט ער געגעבן העברעאישע לעקציעס אין אייניקע שטעטלעך אין דער ליטע. נאָכדעם האָט ער פיר יאָר געדינט אין מיליטער. קומענדיק אַהיים האָט ער זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט שרייבן. שפּעטער איז ער אַוועקגעפאָרן אין וואַר־שע ווו ער האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע יידישע ליטעראַרישע אויסגאַבן.

אין געוויסע צייטן האָט רייזען אויך אַליין רעדאַגירט אייניקע יידישע שריפטן. ער האָט געשריבן לידער און קורצע מעשות אָדער סקיצעס. אין זיינע לידער האָט רייזען אויסגעדריקט די נויטן פון די אָרעמע יידישע מאַסן און זיין אייגענעם פּראָ־טעסט קעגן אָט די נויטן, און זיין גלויבן אין בעסערע צייטן. און אין אַ סך פון זיינע מעשות גיט ער אַ בילד פונעם לעבן פון די אָרעמע; — צוערשט פונעם קליי־נעם שטעטל און נאָכדעם אויך פון דער גרויסער שטאָט. רייזענס לידער און מע־שות זיינען געווען, און זיינען נאָך איצט אויך, זייער פּאָפּולער צווישן די יידישע לעזער. צו אַ סך פון זיינע לידער האָט מען געשאַפן מוזיק און זיי ווערן געזונגען פון קליין און גרויס.

פון 1910 וווינט רייזען אין ניו־יאָרק. ער האָט פאַר די לעצטע יאָרן געשריבן אין „פאָרווערטס", אין „טאָג" און אין דער „פרייהייט". אין 1925 האָט מען גע־פייערט רייזענס 50־יאָריקן יובילעי. און דאָ, נישט לאַנג, איז אין דער גאַנצער יידישער וועלט, געפייערט געוואָרן מיט גרויס אַנערקענונג, אַכטונג און ליבע, זיין זיבעציקסטער געבורטסטאָג.

י. ל. פּרץ

# אויב ניט נאָך העכער

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות־צייט, יעדן פרימאָרגן, נעלם ווערן, פאַר־שווינדן!

מע פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ; נישט אין שול, נישט איןביידע בתי־מדרשים, נישט ביי אַ מנין, און אין דער היים אוודאי און אַוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריין און אַרויסגעגאַנגען; געגנ־בעט ביים רבין האָט מען נישט, אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

ווו קען זיין דער רבי?

ווו זאָל ער זיין? מן־הסתם אין הימל! ווייניק געשעפטן האָט אַ רבי פאַר ימים־נוראים צו פאַרזאָרגן? יידעלעך, קיין עין־הרע, דאַרפן פרנסה, שלום, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זיין; און די זינד זייינען דאָך גרויס, און דער שטן מיט זיינע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער, און ער זעט, און פאַרקלאָגט, און מסרט... און ווער זאָל העלפן, אַז נישט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען אַ ליטוואַק; לאַכט ער; איר קאָנט דאָך די ליטוואַקעס; פון מוסר־ספרים האַלטן זיי ווייניק, דערפאַר שטאָפּן זיי זיך אָן מיט ש"ס ופוסקים. ווייזט דער ליטוואַק אַ בפירושע גמרא, — די אויגן שטעכט ער אויס! אַפילו משה רבנו, ווייזט ער, האָט ביים לעבן נישט געקאָנט אַרויף אויפן הימל, נאָר געהאַלטן זיך צען טפחים אונטערן הימל! גיי שפּאַר זיך מיט אַ ליטוואַק!

— ווו דער קומט אַהין דער רבי?

— מיין דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסל; און תוך כדי־דיבור (וואָס אַ ליטוואַק קאָן!) איז ער זיך מיישב צו דערגיין די זאַך.

נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנבעט זיך דער ליטוואַק צום רבין אין חדר אַריין, לייגט זיך אונטערן רבינס בעט, און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, ווו דער רבי קומט אַהין, וואָס ער טוט סליחות־צייט.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר איינגעדרעמלט און פאַרשלאָפן די צייט; אַ ליט־וואַק טוט זיך אָן עצה: לערנט ער זיך אויסנווייניק אַ גאַנצע מסכתא!

פאַרטאָג הערט ער ווי מע קלאַפּט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפן אַ צייט. ער הערט אים שוין אפשר אַ גאַנ־צע שעה קרעכצן.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן, ווייסט, וויפל צער פאַר כל־

ישראל, וויפל יסורים עס האָט געשטעקט אין זיין יעדן קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן! אַ ליטוואַק האָט אָבער אַן אייזערן האַרץ, הערט ער׳ צו און ליגט זיך ווייטער! דער רבי ליגט זיך אויך. דער רבי, זאָל לעבן, אויפן בעט, דער ליטוואַק — אונטערן בעט.

**
*

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הייבן אָן סקריפּען... ווי די בני־בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן; ווי מען מורמלט אַ יידיש וואָרט, מע גיסט וואַסער אויף די נעגל, עס קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינצטער. דורכן לאָדן שיינט קוים אַריין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיטן רבין, איז אים באַפאַלן אַן אימה. די הויט איז אים שיר אויפגעלאָפן פאַר שרעק. די וואָרצלען פון די פאות האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן ווי די נאָדלען.

אַ קלייניקייט: מיטן רבין און סליחות־צייט פאַרטאָג אַליין אין אַ שטוב!..

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפאַרט, ציטערט ער ווי אַ פיש אין וואַסער און ליגט.

**
*

ענדלעך, שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף...

פריער טוט ער׳, וואָס אַ ייד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט ער צו צו דעם קליי־דער־אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווייזן זיך פויערשע קליידער: לייוונ־טענע פּלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סיערמענגע, אַ גרויס פוטערן היטל מיט אַ ברייטן לאַנגן לעדערנעם פּאַס, אויסגעלאָשן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סיערמענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק...

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רבי אין קיך, בייגט זיך איין, פון אונטער אַ בעט נעמט ער׳ אַרויס אַ האַק, פאַרלייגט זי אונטערן פּאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט נישט אָפּ.

אַ שטילער ימים־נוראימדיקער פּחד וויגט זיך איבער די טונקעלע גאַסן. אָפּט רייסט זיך אַרויס אַ געשריי פון סליחות פון ערגעץ אַ מנין, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענצטער... דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זייטן פון די גאַסן, אין שאָטן פון הייזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליט־וואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זיין אייגן־האַרץ־קלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קול פון רבינס שווערע טריט, אָבער גיין גייט ער, און קומט צוזאַמען מיטן רבין אויס דער שטאָט אַרויס.

***

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַריין. ער מאַכט אַ דרייסיק־פּער־ציק טריט און שטעלט זיך אָפּ ביי אַ ביימל; און דער ליטוואַק ווערט נבהל ונש־תומם, זעענדיק, ווי דער רבי נעמט אַרויס פון פּאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַריין.

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט, ער הערט, ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאַקט. און דאָס ביימל פאַלט, און דער רבי שפּאַלט עס אויף ליפּעס... די לי־פּעס — אויף דינע שייטלעך; און ער מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ, נעמט עס אַרום מיטן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַריין די האַק אינעם פּאַס, לאָזט זיך אַרויס פון וואַלד, און גייט צוריק אין שטאָט אַריין.

אין אַ הינטער־געסל שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַן אָרעם, האַלב איינגעבראָכן הייזל און קלאַפּט אָן אין פענצטערל.

— ווער איז? — פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק דער־קענט, אַז עס איז אַ קול פון אַ יידענע, פון אַ קראַנקער יידענע.

— יאַ (איך)! — ענטפערט דער רבי אויף פּויעריש לשון.

— קטאָ יאַ (ווער איך)? — פרעגט מען ווייטער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווייטער אויף מאַלאָרוסיש לשון: — וואַסיל.

— וואָס פאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ — זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל — האָב איך צו פאַרקויפן! זייער ביליק... בחצי־חנם האָלץ!

***

און נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אַריין.

דער ליטוואַק גנבעט זיך אויך אַריין, און ביים גרויען ליכט פון פרימאָרגן זעט ער אַן אָרעמע שטוב, צעבראָכן, אָרעם כלי־בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע יידענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? ווו האָב איך, אָרעמע אלמנה, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! — ענטפערט דער פאַרשטעלטער. — אין גאַנצן זעקס גראָשן!

— פון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן!? — קרעכצט די אָרעמע יידענע.

— נאַריש מענטש, — מוסרט זי דער רבי, — זע, דו ביסט אַן אָרעמע קראַנ־קע יידענע. און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ; איך בין בטוח, אז דו וועסט באַצאָלן. און דו, דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים נישט...
און האָסט אויף אים, אויף נאַרישע זעקס גראָשן פאַרן בינטל האָלץ, קיין ביטחון נישט!

— און ווער וועט מיר איינהייצן? — קרעכצט די אלמנה. — איך האָב דען כח אויפצושטיין? מיין זון איז אויף דער אַרבעט געבליבן.

— איך וועל דיר איינהייצן אויך. — זאָגט דער רבי.

***

און אַריינלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי קרעכצנדיק געזאָגט פון סליחות דעם ערשטן פזמון...

און אַז ער האָט עס אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריילעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַ ביסל לוסטיקער, פון די סליחות דעם צווייטן פזמון...

דעם דריטן פזמון האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט, און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

***

דער ליטוואַק וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער נעמיראָווער הייבט זיך אויף סליחות־צייט יעדן פרימאָרגן און פליט אַרויף אין הימל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

## בעלא שאַגאַל

# ראש־השנה

קומען אָן ימים־נוראים — פאַרטומלט זיך אינגאַנצן אונדזער שטוב. יעדער יום־טוב ברענגט מיט זיך זיין טעם, יעדערער וויקלט זיך אין זיין אייגענער לופט אַריין. אַ לייכטע, שהחיינודיקע, אויסגעוואַשענע לופט, ווי נאָך אַ רעגן — די לופט פון ראש־השנה.

נאָך די שוואַרצע סליחות־נעכט, שיינט אַרויס צום נייעם יאָר, אַ קלאָר זונען־דיקער טאָג. די וואָך פון סליחות — די אומרואיקסטע וואָך. דער טאַטע כאַפּט זיך אויף אין מיטן נאַכט, וועקט אויף די ברידער, און זיי אַלע טוען זיך שנעל אָן און פאַרשווינדן, ווי גנבים, הינטער דער טיר.

וואָס זוכן זיי אין דער וועלט, אין די פינצטערע גאַסן? אין בעט איז דאָך אַזוי וואַרעם! און ווי, אַז זיי קומען גאָרנישט צוריק, וועלן מיר דאָך מיט דער מאַמען זייער וויינען? איך הייב שוין אָן אַליין כמעט צו וויינען, און פאַרוויקל זיך טיפער אין די קאָלדרעס.

מיט אַ בלאַס אויסגעמאַטערט פּנים, טרינקט דער טאַטע טיי אין דער פרי. דער ערב יום־טובדיקער טומל פאַרטרייבט אַלעמענס מידקייט.

מען פאַרמאַכט פרי די קראָם. אַלע גרייטן זיך גיין אין שול אַריין. מען גרייט זיך מער ווי אַלע מאָל, ווי מען וואָלט צום ערשטן מאָל אַהין גיין. יעדערער טוט אָן וואָס נייעס; ווער אַ פרישן, העלן הוט; ווער אַ נייעם שניפּס; ווער אינגאַנצן אַ נייעם בגד.

די מאַמע טוט אויך אָן אַ ווייס־זיידענע בלוזקע, און ווי אַ באַנייטע מיט אַ פרישער נשמה, איילט זי זיך גיין אין שול אַריין.

אַן עלטערער ברודער מישט איר אויף דעם גראָבן מחזור און פאַרבייגט די זייטן, וווּ זי דאַרף דאַוונען. אויף זיי שטייט שוין פון יאָרנלאַנג אָנגעשריבן מיטן זיידנס האַנט: זאָג.

דערקענט די מאַמע די שורות, וואָס זי האָט אויסגעוויינט פאַראַיאָרן. אַ ציטער פאַרוואָגלט אירע אויגן. זי איילט זיך אין שול אַריין, זיי ווייטער צו באַוויינען, ווי גאָר פונדאָסניי.

אַ פּאַק מיט ספרים אָנגעגרייט פאַר איר. זי וויקלט זיי אין אַ גרויס נאָזטיכל אַריין און נעמט זיי אַלע מיט זיך. זי דאַרף דאָך אויסבעטן אַ גוט יאָר פאַר דער גאַנצער משפחה...

דעם טאַטנס ספרים און טלית קומט אָפּנעמען, בייטאָג, דער שמש.

איך בלייב איינע אַליין. די שטוב איז פּוסט, און איך בין אויך ווי אַן אויס־געליידיקטע. דאָס אַלטע יאָר, ווי אַ פאַרלאָרנס, שלעפּט זיך ערגעץ ווו הינטער די פענצטער. דאָס קומענדיקע יאָר דאַרף דאָך זיין אַ העלער, אַ ליכטיקער. כ׳וויל גיכער איבערשלאָפן די נאַכט.

צומאָרגנס אינדערפרי גיי איך אויך אין שול. איך בין אויך אָנגעטאָן אין נייע קליידער, פון קאָפּ ביז די פיס די זון שיינט. די לופט — קלאָר און לעבעדיק. מיינע נייע שיכלעך קלאַפּן טרוקן אָפּ. איך אייל זיך צו. אַוודאי איז שוין אין שול אָנגעקומען דאָס נייע יאָר. אַוודאי בלאָזט שוין דאָרט דער שופר. ס׳קלינגט מיר שוין אין די אויערן. מיר דוכט זיך דער הימל אַליין האָט זיך אַראָפּגענידערט און יאָגט זיך צו דער שול מיט מיר אינאיינעם. איך לויף צו דער וויבערשער שול, כ׳גיב אַ שטופּ די טיר. ס׳גיט אַ בלאָז פון דאָרט אַ היץ, ווי פון אַ באַק־אויוון. אַ

פאַרשטיקטע לופט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די שול איז אָנגעפּאַקט. די הויכע טיש־לעך פאַרוואָרפן מיט ספרים. אַלטע ווייבער זיצן, ווי איינגעזונקענע. מיידלעך שטייען, כמעט אויף די קעפּ פון די אַלטיטשקע. קינדער שטופּן זיך אונטער די פיס.

איך וויל זיך צורוקן צו דער מאַמען. אָבער זי זיצט אַזוי ווייט, גאָר פון פאַרנט, ביים סאַמע פענצטער פון מאַנסביל־שול. ווי איך גיב מיך נאָר אַ ריר, טוט זיך אַ קער צו מיר אַ ווייבערשע פּלייצע, אַ פאַרוויינט פּנים טוט בייז אויף מיר אַ קוק:

— אַה!.. אַה!.. — בלאָזט זי אויס אויף מיר איר כעס.

מע שטופּט מיך פון הינטן; און, ווי אַ באַפרייטע, פאַל איך צו צום פאַרענטש.

די מאַמע גיט מיר אַ ווונק מיט אַן אויג. זי איז צופרידן, וואָס איך בין שוין לעבן איר. אָבער ווו איז דער שופר? ווו איז דאָס נייע יאָר?

איך קוק אויף די ווענט פון מאַנסביל־שול. דער אָרון־קודש — פאַרמאַכט. דאָס פּרוכת — פאַרצויגן. שטיל און רואיק היטן אים די צוויי אויסגעצייטע לייבן. יידן טומלען זיך, ווי פאַרנומען מיט אַנדערש וואָס. בין איך געקומען צו פרי, צו שפּעט?

מיטאַמאָל ציט זיך אויס פון אונטער אַ טלית אַ האַנט מיט אַ שופר און בלייבט אין דער לופטן. דער שופר גיט אַ בלאָז. אַלע וועקן זיך אויף. מע הערט אויף ריידן צווישן זיך. מע וואַרט. דער שופר גיט ווייטער אַ בלאָז. אָפּגעהאַקט, ווי ס׳וואָלט אים אויסגעפּעלט אָטעם.

יידן קוקן זיך איבער. דער שופר בלאָזט אַ הייזעריקער. אַ מורמל פאַרלויפט איבער דער שול.

— וואָס פאַר אַ שופר־בלאָזן? אים פעלט כוח... אפשר בעטן אַן אַנדערן?..

און מיטאַמאָל, ווי דער בעל תוקע וואָלט דורכגעשטופּט דעם בייזן שטן, וואָס האָט פאַרשטאָפּט דעם שופר, הערט זיך אַ ריינער לאַנגער שאַל. ווי אַ רוף, איז ער פאַרלאָפן איבער דער גאַנצער שול, פאַרבלאָזט אַלע ווינקלען. יידן האָבן אָפּגע־לעבט. ווער עס גיט אַ זיפץ, ווער ס׳שאָקלט צו. דער שאַל גיט זיך אַ הייב אין דער הויך. די ווענט — ווי אַ ריר געטאָן. ער קומט אָן צו מיר, צו מיין פאַרענטש. ער בלאָזט אין באַלקן אַריין, שטופּט די דיקע לופט, פאַרשטאָפּט יעדן ליידיקן אָרט. ער פאַרבלאָזט מיינע אויערן, מיין מויל. ס׳טוט מיר אפילו ווײ אין בויך. ווען וועט זיך אויסבלאָזן דער שופר? וואָס וויל פון אונדז דאָס נייע יאָר?

**
*

איך דערמאָן זיך אָן אַלע מיינע עבירות. גאָט ווייסט, וואָס וועט זיין מיט מיר? ס׳האָט זיך דאָך אַזוי פיל אָנגעקליבן פאַרן יאָר! דערוואַרט איך זיך קוים אויף דעם נאָכמיטאָג. איך איל זיך מיט דער מאַמען גיין צום תשליך, אויסטרייס־לען די עבירות אין אונדזער גרויסן טייך. אויפן וועג, אַנדערע ווייבער, מענער — אַלע גייען אַראָפּ דאָס קליין געסל, וואָס פירט צום ברעג. אַלע אָנגעטאָן אין

שוואַרצן, ווי זיי וואָלטן, חלילה, גיין צו אַ לוויה. די לופט איז קאַלטלעך. פון הויכן ברעג־טייך, פון גרויסן שטאָט־גאָרטן, בלאָזט אַ ווינט — פליען בלעטלעך אַראָפּ. געלע, רויטלעכע, ווי שמעטערלינגען, דרייען זיי זיך אין דער לופטן, קוליען זיך איבעו', צעפּאַלן זיך אויף דער ערד. פליען אויך אַזוי אונדזערע עבירות? די בלעט־לעך שורשען. קלעפּן זיך צו די שיך. איך פאַרשלעפּ זיי מיט זיך. מיט זיי צוזאַ־מען איז נישט אַזוי מוראדיק צו גיין צו תשליך.

— וואָס שטעלסטו זיך אַלץ אָפּ? — גיט די מאַמע מיך אַ צי פאַרן האַנט. — לאָז צורו די בלעטלעך!

באַלד שטעלן זיך אַלע אָפּ. די גאַס האָט זיך ווי אָפּגעהאַקט. טיפע, קילע וואַ־סערן, ווי צוגעשווומען צו די פיס.

אויפן ברעג טייך טונקלען זיך שוואַרצע רעדלעך יידן. זייערע אויסגעצויגענע קעפּ מיט בערד וואַקלען זיך, טובלען זיך אין וואַסער, ווי זיי וואָלטן וועלן אָנזען דעם אָפּגרונט אַליין. מיטאַמאָל גיבן די יידן אַ דריי זייערע קעשענעס; פון אונטער־שלאַק רייסן זיך אָפּ ברעקלעך, קייקלעך. די יידן מאַכן אַ ברכה אויפן קול און וואַרפן די ברעקלעך, צוזאַמען מיט די עבירות, אין וואַסער אַריין. אָבער, ווי וועל איך אויסטרייסלען מיינע עבירות? איך האָב נישט קיין ברעקלעך אין די קעשענעס, האָב אַפילו קיין קעשענע נישט.

שטיי איך לעבן דער מאַמען און טרייסל זיך פון קאַלטן ווינט, וואָס הייבט אויף אונדזערע קליידלעך. די מאַמע זאָגט מיר אונטער די ברכות, און די ברכות, מיט די עבירות צוזאַמען, פאַלן פון מויל גלייך אין וואַסער אַריין. מיר דוכט זיך, דער טייך איז ווי אָנגעשוואָלן פון אונדזערע אַלעמענס עבירות און קייקלט שנעל די. מיטאַמאָל פאַרשוואַרצטע, וואַסערן.

און אויסגעליידיקטע, קערן מיר זיך אום אַהיים. די מאַמע זעצט זיך גלייך זאָגן תהלים. זי וויל נאָך פאַרכאַפּן דעם טאָג, וויל נאָך וואָס אויסבעטן ביי גאָט. אַ זשומען פאַרלויפט איבער דער פינצטערער שטוב. די לופט פאַרוואָלקנט זיך ווי דער מאַמעס שפּאַקולן. די מאַמע וויינט, שאָקלט שטיל מיטן קאָפּ.

וואָס זאָל איך טאָן?

מיר דוכט זיך, פון די געדיכטע תהלים־שורות גליטשן זיך ווייך אַראָפּ אונ־דזערע זיידעס, באָבעס. ס'וויגן זיך זייערע שאָטנס, זיי ציען זיך, ווי פעדים, רינגלען מיך אַרום.

איך האָב מורא זיך אַ קער צו טאָן. אפשר שטייט ווער הינטער מיין רוקן און וויל מיך פאַרכאַפּן אין זיינע אָרעמס?

— מאַמע! — האַלט איך נישט אויס, און גיב זי אַ טרייסל פאַרן אַרבל.

זי הייבט אויף דעם קאָפּ, שנייצט אויס די נאָז, און הערט אויף צו וויינען. זי גיט אַ קוש דעם תהלים און מאַכט אים צו.

— באַשקע, — גיט זי מיר אַ זאָג, — איך גיי אין שול אַריין. מיר וועלן באַלד אַלע קומען צוריק. ס'טצוגרייטן דעם טיש, מיין קינד!

— מאַמע, דאָס איז אויף שהחיינו מאַכן?

ווי זי גייט אַוועק, עפן איך פונאַנדער די שפּייז־אַלמערס. כ׳שלעפּ פון דאָרט אַרויס הויכע פּאַפּירענע זעק, אַנגעפּאַקט מיט פּרוכטן, און שיט זיי אויס אויפן טיש. ווי אין אַ גרויסן גאָרטן, צעקייקלען זיך אויפן טיש גראָבע, גרינע קאַווענעס. אָן אַ זייט בלייבן ליגן שטענגלעך ווייַנטרויבן — ווייסע, רויטע. גרויסע באַרן, זאַפטיקע, האָבן זיך איבערגעקוליעט אויף זייערע קעפּלעך. זיסע געלע עפּל גילדענען זיך, ווי מען וואָלט זיי שוין געהאַט אייַנגעטונקט אין האָניק. פלוימען, טונקל־רויטע, צעשיטן זיך איבערן גאַנצן טיש.

אויף וואָס־זשע מאַכן שהחיינו? מיר האָבן דאָך פון דעם אַלעם געגעסן אַ גאַנצן יאָר?

איך זע פון אַן אַנדער זאַק שטעקט אַרויס, ווי אַ סאָסנע־ביימל, אַן אַנאַנאַס. אַ נייע, פרעמדע פּרוכט.

— מאַשע, ווייסטו ווו ס׳וואַקסט אַן אַנאַנאַס?

— ווער ווייסט? — מאַכט זי מיט די הענט. — כ׳האָב אַנדערש וועגן וואָס צו טראַכטן.

קיינער ווייסט נישט פון וואַנען ס׳קומט אַנאַנאַס. מיט זיין דראַפּיקער הויט זעט ער אויס, ווי אַ מאָדנער פיש. זיין עק, אָבער, בלייבט שטיין פון אויבן, ווי אַ פונאַנדערגעשפּרייטער פעכער. איך גיב אַ ריר זיין אַנגעשטאָפּטן בייכל, ציטערט ער אויף פון אויבן ביז אַראָפּ. ס׳איז נישט אַזוי גלאַט אים אַנצורירן. ער האַלט זיך עפּעס ווי אַ קייסער. איך צאַם פאַר אים אָפּ דעם מיטן טיש.

מאַשע צעשניידט אים אָן רחמנות. ווי אַ לעבעדיקער פיש, צעקרעכצט זיך דער אַנאַנאַס אונטער איר שאַרפן מעסער. זיין זאַפט, ווי ווייסע בלוט, צעשפּריצט זיך איבער די פינגער. איך גיב אַ לעק, אַ זיס־ביטערער טעם.

איז דאָס דער טעם פון נייעם יאָר?

— גאָט מיינער! — שעפּטשע איך אין איילעניש. — ביז אַלע קומען פון שול צוריק, גיב אַ טראַכט וועגן אונדז! טאַטע־מאַמע בעטן אויס אין שול, אַ גאַנצן טאָג, ביי דיר אַ גוט יאָר. דער טאַטע טראַכט דאָך שטענדיק וועגן דיר! און די מאַמע, אויף יעדן טראָט, דערמאָנט זי דאָך דיין נאָמען! דו ווייסט, ווי זיי זיינען פאַר־האָרוועט, פאַרזאָרגט, גאָט מיינער, דו קענסט אַלץ! מאַך, מיר זאָלן האָבן אַ זיס, גוט יאָר!

איך באַשיט שנעל דעם ביטערן אַנאַנאַס מיט מעל־צוקער.

— גוט יום־טוב! גוט יום־טוב! — שרייען איבער איינער דעם אַנדערן די אַריינגעלאָפענע ברידער.

גלייך נאָך זיי קומען טאַטע־מאַמע אַריין, בלאַסע און אויסגעמאַטערטע.

— לשנה טובה תכתבו ותחתמו!

ס׳האַרץ האָט מיר אַ שפּרונג געטאָן. ס׳האָט זיך געדוכט, גאָט אַליין רעדט מיט זייער מויל.

איבערזעצט פון י. י. שווארץ

# זכרונות

## (אתה זוכר...)

די געדענקסט דעם וועלט־באשאף
און דערמאָנסט אַלע באַשאַפענע פון אַמאָל.
פאַר דיר זיינען אַנטפּלעקט אַלע פאַרהוילעניש
און אַלע פאַרבאָרגעניש פון בראשית־אָן.
נישטאָ קיין פאַרגעסנס פאַר דיין כסא־כבוד,
און קיין באַהאַלטנס פון דיינע אויגן.
די געדענקסט דאָס גאַנצע באַשאַף
און אַלץ, וואָס באַשאַפן, איז פון דיר ניט פאַרלייקנט.

אַלץ איז אַנטפּלעקט און באַוווסט פאַר דיר,
גאָט אונדזער האַר,
וואָס קוקט און זעט ביזן סוף פון אַלע דורות,
ווען דו ברענגסט דאָס געזעץ פון זכרון,
אַז יעדער גייסט און נפש זאָל געדאַכט ווערן.
עס זאָלן אויפגענומען ווערן גרויסע מעשים
און מאַסן באַשאַפענע גאָר אָן אַ סוף.
פון אָנהייב אָן האָסטו דאָס באַקאַנט געמאַכט
און פון גאָר אַמאָל האָסטו דאָס אַנטפּלעקט.
דאָס איז דער טאָג, דער אָנהייב פון דיינע מעשים,
און אָנדענק פון דעם ערשטן טאָג —
געזעץ פאַר ישראל, משפּט פון גאָט פון יעקב.

און איבער לענדער ווערט אין דעם טאָג געזאָגט:
וועלכעס צום שווערד.
און וועלכעס צום שלום;
וועלכעס צו הונגער,
און וועלכעס צו זעט;
און מענטשן ווערן אין דעם טאָג געדאַכט,
דערמאָנט צו ווערן אויף לעבן און אויף טויט —
ווער ווערט ניט דערמאָנט היינטיקן טאָג!
ווייל דאָס זכר פון אַלע באַשאַפענע טוט פאַר דיר קומען:

די מעשים פון מענטשן און זיין באַשטימונג,
און די אויפטוען פון מענטשנס טריט;
געדאַנקען פון מענטשן און זיינע תחבולות,
און שלעכטע רעגונגען פון מענטשנס מעשים.
ווייל איז דעם מענטשן, וואָס פאַרגעסט דיך ניט,
און יענער, וואָס טוט זיך דורך דיר שטאַרקן,
ווייל די, וואָס פאָרשן דיך —
וועלן קיינמאָל ניט געשטרויכלט ווערן;
און די, וואָס באַשיצן זיך אין דיר —
וועלן קיינמאָל ניט פאַרשעמט ווערן.

ווייל דאָס זכר פון אַלץ טוט פאַר דיר קומען
און דו פאָרשסט אויס די מעשים פון זיי אַלעמען.
אויך אָן נח'ן האָסטו מיט ליבשאַפט געדענקט,
און מיט אַ וואָרט פון הילף און רחמים אים דערמאָנט,
ווען דו האָסט געבראַכט די וואַסערן פון מבול,
פאַרדאַרבן איטלעך לייב פאַר זיינע שלעכטע מעשים.
דעריבער איז זיין זכר פאַר דיר געקומען,
גאָט, אונדזער האַר,
זיין נאָמען צו פאַרמערן ווי די שטויבן פון דער ערד,
און זיינע קינדער ווי פון ים די זאַמדן,
ווי ס'איז געשריבן אין דיין תורה:

און גאָט האָט זיך דערמאָנט אין נח'ן און אַלע
חיות און בהמות, וואָס מיט אים אין תבה,
און גאָט האָט אַריבערגעפירט אַ ווינט איבער דער
ערד, און די וואַסערן האָבן זיך איינגעשטילט.

חנה סענעש

# ערב יום־כפור ת״ש

איך וויל זיך מתודה זיין, אָפּגעבן אַ דין וחשבון פאַר זיך אַליין, געבן אַ דין וחשבון גאָט — דאָס הייסט מעסטן מיין לעבן און מיינע מעשים מיט דער מאָס פון דעם העכסטן, לויטערסטן אידעאַל וואָס שטייט פאַר מיר. פאַרגלייכן דאָס וואָס האָט געדאַרפט זיין, מיט דעם וואָס איז דאָ.

איך וועל דעם ווידוי אָנהייבן, אין נאָמען פון דיזער מענטשהייט. עס איז נישטאָ קיין זינד אויף דער וועלט, וואָס גייט נישט אַריין היינטיקס יאָר, מער ווי אַלע אַנדערע יאָרן, אין דער קאַטעגאָריע פון די „זיבן פאַכיקע זינד". און עס איז נישטאָ וואָס אונדז צו באַשטראָפן, וואָרום פאַר יעדן טריט און פאַר יעדער טאָט, ווערט מען גלייך באַשטראָפט. מיר אַלע ווערן באַשטראָפט פאַר זינד וואָס מיר זיינען, דוכט זיך אונדז, נישט באַגאַנגען, אָדער זיינען געצוווּנגען געוואָרן זיי צו באַגיין. איך וויל נישט זאָגן, אַז בלויז יחידים, דיקטאַטאָרן, האָבן געבראַכט די דאָזיקע שרעקלעכע מלחמה, דעם גייסטיקן צוזאַמענברוך, דעם גרויסן חושך, אַז בלויז זיי זיינען פאַר אַלץ פאַראַנטוואָרטלעך. טאָ ווער איז דער שולדיקער? יעדער איינער באַזונדער? אפשר נישט. אָדער אַלע צוזאַמען — דער גאַנצער בנין, די אָרדענונג, די עקזיסטירנדיקע מאָראַל — די גאַנצע מענטשהייט צוזאַמען. אָבער דווקא די אַממערסטן שולדיקע, פילן דאָס נישט; און דאָס יידנטום בלייבט אַליין מיטן ווידוי: „חטאנו".

און איך... האָב געזינדיקט קעגן מיין מוטער וואָס איך האָב זיך נישט גענוג גערעכנט מיט איר, בעת איך האָב געפּאַסט מיין באַשלוס. איך האָב געזינדיקט קעגן מיין ברודער וואָס איך האָב זיך נישט באַצויגן ערנסט צו דער פראַגע פון זיין עליה. איך האָב געזינדיקט קעגן דעם לאַנד, בעת איך האָב אויבערפלעכלעך געאורטיילט וועגן ענינים, און נישט פאַרטראַכט טיפער וועגן זיי. איך האָב געזינדיקט קעגן מענטשן מיט גלייכגילטיקייט, מיט אויסערלעכער ליבעסווירדיקייט. איך האָב געזינדיקט קעגן זיך, מיט פאַרשווענדן כחות און פעאיקייטן, מיט נאַכלעסיקייט, מיט זיך נישט אַנטוויקלען גייסטיק.

פונדעסטוועגן, האָב איך נישט מורא זיך צו שטעלן פאַרן געריכט. איך האָב געזינדיקט צוליב אַ ציל, און מיינע כוונות זיינען געווען גוטע. אויב איך בין דורכגעפאַלן, אויב איך בין נישט געווען גענוג שטאַרק, אויב איך האָב נישט געפונען דעם וועג, די פאָרם — שעם איך זיך נישט. איך באַדויער עס בלויז.

און די פּראָגראַם פאַרן נייעם יאָר: לערנען און זיך פאַרטיפן אין מיין פאַך, אין דער שפּראַך, און זוכן אַ וועג צו ווערן אַ מענטש. איך האָב מורא, אַז פאַר

דער לעצטער זאַך, זיינען דאָ די באַדינגונגען זייער שווערע. אָבער איך וועל זיך באַמיען. ווארום דאָס איז דער איינציקער וועג אויף וועלכן עס איז כדאי צו גיין. אָבער ווי אַזוי?

איך וויל נאָר פאַרצייכענען אַ פאַרזוך פון אַ ליד:

במדורות מלחמה, בשרפה, בדלקה,
בין ימים סוערים של הדם,
הנני מדליקה פנסי הקטן,
לחפש, לחפש בן־אדם.

שלהבות השרפה מסמאות פנסי,
אור האש מסנור את עיני,
איך אביט, איך אראה, איך אדע איך אכיר
כשהוא יעמוד לפני?

תן סימן, אלקים, תן סימן על מצחו,
כי באש, בדלקה ובדם,
כן אכיר את הזיק הטהור, הנצחי,
את אשר חפשתיו — בן־אדם.

„צווישן מלחמה־פייערן, צווישן ברענענדיקע וועלטן, צווישן ברויזנדיקע ימים בלוט, צינד איך אָן מיין קליין לאַמטערן — צו זוכן, זוכן אַ מענטש.

די שרפה־פלאַמען בלענדן מיין לאַמטערן, דאָס פייער בלענדט מיינע אויגן. ווי אַזוי וועל איך זען, ווי אַזוי וועל איך וויסן, ווי אַזוי וועל איך דערקענען — אַז ער וועט שטיין פאַר מיר?

אַ סימן גיב מיר, גאָט, אַ סימן אויף זיין שטערן, אַז צווישן שרפות און בלוט, זאָל איך דערקענען דעם לויטערן, אייביקן פונק. דעם וואָס איך האָב געזוכט — דעם מענטשן".

## אברהם רייזען

# פאַרשפּעטיקט

— 1 —

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער אָסיען. די טעג זיינען געוואָרן קלענער און די נעכט גרעסער. אין קליינעם שטיבעלע ביי אַנטאָשן — אַן אָרעמען פויער אין אַ קליין דערפל — האָט מען שוין באַדאַרפט בייננאַכט אַ לעמפּעלע ברענען. דאָס ליי־מענע פלעשל, וואָס אַנטאָש האָט ביי אַ טעפּער, מיט דריי יאָר צוריק, געקויפט פאַר אַכט גראָשן, איז אַ טרוקנס געשטאַנען, און ס'איז נישט געווען פאַר וואָס נאַפט צו קויפן. אויסערדעם, איז שוין ביי אים זאַלץ אויך באַלד אויסגעגאַנגען; און פון זייף איז נאָר אַ שטיקעלע געבליבן; און פון דער מאַכאָרקע איז נאָר געבליבן אויף אַ פּאָר טעג. אַנטאָש האָט זיך אַלץ געקראַצט אין דער פּאַטילניצע, געשפּייט און אַלץ געוואָרטשעט:

— קיין זאַלץ נישטאָ, קיין זייף נישטאָ, קיין מאַכאָרקע נישטאָ, גאָרנישט ניטאָ! ס'איז שלעכט!..

פאַרדינען האָט אַנטאָש נישט געהאַט ווו. דער איינציקער ייד, וואָס האָט אין דאָרף געוווינט איז אַליין זייער אָרעם געווען; און אַנטאָש האָט געהאַט נאָר איין האָפענונג: פאַר סוכות אָנצוהאַקן אַ פולן וואָגן סכך און פירן עס אין שטעטל אַריין, און פאַרקויפן עס פאַר אַ פּאָר פערציקער. אַלע יאָר טוט ער אַזוי, זייט ער האָט דאָס פערדל זיינס, פאַר וועלכן ער האָט אָפּגעצאָלט אויפן יאַריד זעקס רובל.

— ווען וועט ביי אייך זיין סוכות? — האָט ער גלייך נאָך ראש השנה אָנגעהויבן פרעגן דעם יידן, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון דאָרף.

— נאָך לאַנג! — פלעגט אים דער ייד ענטפערן.

— אָבער ווען? — פלעגט אַנטאָש רוען נישט לאָזן.

— דער ייד, וועלכער האָט נישט געפילט אַנטאָשעס נויט, האָט אים איינמאָל אַ זאָג געטאָן, נישט פיל טראַכטנדיק:

— נאָך אַ וואָך.

אין אמתן איז נישט מער געווען ווי פינף טעג צו סוכות, און אַנטאָש האָט אויסגערעכנט, אַז צוויי טעג פאַר סוכות, איז די רעכטע צייט צו פירן די סכך אין שטעטל. דאָס איז געווען אַקוראַט דער ערשטער טאָג יום־טוב.

ער איז דעם טאָג פרי אויפגעשטאַנען, איבערגעביסן אַ שטיק גראָב שוואַרץ ברויט, וואָס ער האָט געטונקט אין זאַלץ פון אים אַליין צעשטויסן, פאַרטרונקען מיט אַ קוואָרט קאַלט וואַסער, האָט איינגעשפּאַנט דאָס האַלב־הונגעריקע, האַלב־

פאַרשלאָפענע פערדל, גענומען די האַק און זיך געלאָזן אין נאָענטן וועלדל.

ער האָט זיך גענומען האַקן די שטעכעדיקע צווייגן איינע נאָך די אַנדערע. גע־קליבן האָט ער אַלץ געדיכטערע און לענגערע. „בעסערע סחורה פאַרקויפט זיך גי־כער!" — האָט ער דערביי געטראַכט. דער וואָגן איז אַלץ געוואַקסן און געוואַקסן. ער האָט גערעכנט, לכל הפּחות, לייזן פאַר זיין סחורה אַ גילדן דריי, און אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז ס'איז נאָך ווייניק, און ער האָט אַלץ געהאַקט און געלייגט די צווייגן.

ענדלעך איז דער וואָגן פול געוואָרן. אַנטאָש האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן און איז צופרידן געבליבן.

— גענוג וועט זיין! — האָט ער פאַר זיך הויך אַרויסגעברומט און גענומען דאָס פערד פאַרן צוים.

אַז ער איז אָפּגעפאָרן אַ פּאָר טריט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און ווייטער אַ קוק געטאָן אויף דעם וואָגן.

— און אפשר וועט זיין ווייניק? — האָט ער זיך פּלוצים דערשראָקן, האָט אויסגעהאַקט נאָך פינף צווייגן און האָט זיך גענומען פאָרן, שוין אויף זיכער.

ער איז געפאָרן לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, און לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, זיינען אויך אַזוי אין קאָפּ זיינע געדאַנקען געגאַנגען, ווי זיי וואָלטן נישט וועלן גיין גיכער פאַר דעם פערדל. אַנטאָש האָט גערעכנט, וויפל זאַלץ וועט ער קאָנען קויפן און וויפל זייף, וויפל „גאַזע" און וויפל מאַכאָרקע פאַר דעם געלט, וואָס ער וועט אָפּלייזן אין שטעטל, ביי די יידן. ענדלעך האָט אים דער חשבון פאַרמאַ־טערט און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט האָבן די צוויי גילדן אין האַנט, וועט אים גרינגער זיין צו באַרעכענען, ווי אַזוי אַלץ איינצוקויפן, און נאָך דעם באַשלוס, איז פון אים ווי אַ משא אַראָפּ.

— 2 —

אַז ער איז מיט זיין וואָגן אַריינגעפאָרן אין אָנהייב שטעטל, און האָט דערזען די סוכות שוין באַדעקט מיט סכך, האָט זיך אים ווי עפּעס אָפּגעריסן אינעווייניק, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז די סוכות און די הייזער — אַלע דרייען זיך און שפּרינגען. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און געטרייסט, אַז אַלע יאָר איז אַזוי: אַ סך יידן דעקן צו פריער, און אַ סך שפּעטער. דערפאַר איז שפּעטער טייערער.

— כ'וועל נעמען טייערער! — האָט ער באַשלאָסן.

ער איז געפאָרן ווייטער. אויף אַ גאַניק זיינען געשטאַנען צוויי ווייבער: איינע אַ יונגע און איינע אַן עלטערע; זיי האָבן געטייט מיט די פינגער און האָבן גע־קייכט פאַר געלעכטער.

— וואָס לאַכט איר? — האָט אַנטאָש מיט כעס געפרעגט.

— וואָס דו פירסט שוין אַזוי פרי דעם סכך! — האָבן זיי אים לאַכנדיק געענטפערט.

— ווי הייסט פרי? — האָט אַנטאָש דאָס לאַכן נישט פאַרשטאַנען.

— פרי, פרי... — האָבן די פרויען געלאַכט.

— טפו! — האָט אַנטאָש מיט צאָרן אויסגעשפּיגן און זיך געלאָזט ווייטער, טראַכטנדיק:

— ווי קאָן דאָס זיין? בערקע האָט אַליין געזאָגט: „אין אַ וואָך אַרום". איך האָב דאָך אַזוי גוט געחשבונט: נאָך צוויי טעג.

אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט פון יענער צייט אָן, זייט בערקע האָט אים געזאָגט, אפשר נישט גוט געציילט. ער האָט פאַרשפּעטיקט! געוויס, געוויס! אַלע סוכות זיינען שוין באַדעקט מיט סכך... ער וועט בלייבן אָן זאַלץ, אָן מאַכאָרקע, אָן זייף, אָן „גאַזע"...

טרויעריק האָט ער געפירט דאָס פערדל, וואָס האָט קענטיק געשפּירט דאָס גרויסע אומגליק, וואָס דאָ שטייט פאַר זיין באַלעבאָס, און האָט זיך קוים געשלעפּט, אַראָפּגעלאָזן דעם מידן קאָפּ זיינעם.

דערווייל האָבן די באַלעבאַטים שוין גענומען גיין ביסלעכווייז פון שול, אויסגעפּוצט יום־טובדיק.

דערזעענדיק דעם פויער מיטן וואָגן סכך, האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, און האָבן דערשטוינט געקוקט איינער אויפן אַנדערן. נאָך זייער קוקן האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן: אפשר האָבן זיי אַ טעות געהאַט און פרי סוכות געמאַכט?...

— וואָס פירסטו? — האָט אים איינער אַ פרעג געטאָן.

— ווי הייסט וואָס? — האָט אַנטאָש תמעוואַטע אויסגעשטעלט די אויגן. — כ'פיר סכך אויף סוכות. קויפט, טייערע, קויפט! — האָט ער זיך גענומען בעטן מיט אַ וויינענדיק קול.

די יידן האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— וואָס דאַרף מען איצטער סכך? נאַר דו! עס איז דאָך שוין יום־טוב. — האָט אים איינער געטרייסט.

נאָר אַנטאָש איז פון גרויס אומגליק ווי צעטומלט געוואָרן און האָט געשריגן, קראַצנדיק זיך אין דער פּאַטילניצע, און האַלב־וויינענדיק:

— קויפט, קויפט! כ'דאַרף זאַלץ, כ'דאַרף זייף, כ'דאַרף קעראָסין...

דער עולם יידן, וועלכער האָט אָנפאַנגס געלאַכט פון דער גאַנצער סצענע, איז גערירט געוואָרן. זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויפן אָרעמען דאָרפישן פויערל, דערזען דאָס פאַרצווייפלטע פנים, און אַ געפיל פון מיטלייד האָט זיך אין זייערע הערצער דערוועקט.

— אַן אָרעמער גוי, אַ ביטערער רחמנות! — האָט איינער אַרויסגעזאָגט פאַרקרימענדיק מיט ווייטיק זיין פנים.

— ער האָט געהאַפּט נעבעך גאַנצע גליקן מאַכן פון דעם סכך, מיטאַמאָל — באַ דיר! — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— עס וואָלט געווען אַ יושר אָפּצוקויפן ביי אים די סכך. — האָט נאָך איי־נער פאָרגעלייגט.

— עס איז אויף האָלץ ווערט דאָס געלט. — האָט איינער געשאַצט, באַ־טראַכטנדיק דעם פולן וואָגן מיטן סכך.

— ווערט היינט, ווערט מאָרגן! אַז ס'איז יום־טוב...

— ניטאָ קיין זאַלץ, ניטאָ קיין קעראָסין, ניטאָ קיין זייף... — האָט דער פויער געזונגען זיין לידעלע, ניט פאַרשטייענדיק וואָס די יידן רעדן אויף זייער לשון, נאָר פילנדיק, אַז מען טראַכט וועגן אים עפּעס גוטס.

— שאַ, ער דאַרף גאָר קיין געלט נישט, ער דאַרף סחורה. סחורה, אָן געלט, מעג מען געבן אום יום־טוב אויך! — האָט איינער געבוירן גאָר אַ נייע אידייע.

דער עולם איז לעבעדיק געוואָרן. עס האָט זיך געפונען צווישן רעדל יידן אַ קרעמער', וואָס האָט געהאַט דערביי אַ קראָם.

— גיב אים, חיים, אַ פּאָר טעפּלעך זאַלץ מיט נאָך דאָרטן, וואָס ער דאַרף. גיב אים אויך אַ פּאָר גילדן. אַ רחמנות! מיר וועלן אַלע ליידן דעם היזק...

— נו, נו, מהיכא־תיתי! — האָט זיך ר' חיים אָנגעכאַפּט. — אַן אָרעמער גוי, טאַקע אַ רחמנות...

— אַ מצווה, אַ מצווה! ווי איך בין אַ ייד! — האָט יעדערער פון עולם גע־וואָרעמט.

חיים האָט אָפּגערופן דעם גוי, נאָך וועלכן דאָס גאַנצע רעדל איז נאָכגעגאַנ־גען, האָט געעפנט די קראָם און האָט אים געגעבן צוויי טעפּ זאַלץ, אַ שטיק זייף, אַ פלעשל נאַפט און צוויי פּעקלעך מאַכאָרקע.

דער פויער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן פאַר שמחה, צי לאַכן, צי וויינען. ער איז נאָר אין שטאַנד געווען צו מורמלען:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק!

— נאַ דיר נאָך אַ שטיקל חלה! — האָט אים פלוצלונג, אַז ער האָט שוין די סחורה איינגעפּאַקט, עמיצער אונטערגעטראָגן. — דו וועסט ברענגען אַהיים.

— נאַ דיר נאָך! — האָט אים נאָך איינער דערלאַנגט נאָך אַ שטיק.

— נאַ דיר נאָך!

— נאָך!

— נאָך!

און מען האָט אַנטאַשן גענומען טראָגן פון אַלע זייטן חלה. ער איז אַ צע־טומלטער געוואָרן, און האָט קוים געקאָנט אויסריידן: „כ'דאַנק אייך!"

דער עולם איז געווען צופרידן. און יאַנקל לייבעס, אַ פריילעכער ייד, וואָס האָט געמאַכט יום־טוב פון דער פולער האַנט, און אַראָפּגעבראַכט אַ חתן צו גאַסט, האָט אים אַרויסגעטראָגן אַ גלעזל בראָנפן:

— נאַ, טרינק און פאַר געזונטערהייט אַ היים!
אַנטאָש האָט אין דער גיך אַריינגעגאָסן דאָס גלעזל בראָנפן אין מויל, פאַר־ביסן מיט אַ שטיקל חלה, און האָט פריילעך אויסגעשריגן:
— כ׳וועל עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

---

שלום עליכם

# דער טויטער אתרוג

— א —

מיין טאַטע זאָגט, אַז היינטיקן סוכות וועט ער קויפן אַן אתרוג.
געקומען אין חדר, קאָן איך זיך נישט איינהאַלטן און פויק אויס, אַז היינ־טיקן יום־טוב וועלן מיר האָבן אַן אתרוג, אַן אייגענעם אתרוג!
נאָר קיינער וויל מיר נישט גלויבן.
— וואָס זאָגט איר אויף זיין טאַטן? — ריידן ייִנגלעך צווישן זיך — אַזאַ קאַסריליק, אַזאַ אָרעמאַן, גלוסט זיך אויך אַן אתרוג! ער מיינט, אַ פּנים, ס׳איז אַ לימענע, אַן עפּל פאַר אַ גראָשן!...
ווי איבערראַשט אָבער בין איך געוואָרן, ווען קומענדיק אַהיים, טרעף איך ר׳ הענזל דעם שוחט זיצן מיטן פאָטער ביים טיש, און פאַר זיי שטייט אַ קעסטל מיט אתרוגים, וואָס לאָזן זיך הערן מיט זייער גן־עדן ריח, איבער דער גאַנצער שטוב.
ר׳ הענזל דער שוחט לייגט פאַנאַנדער די גאַנצע קראָם זיינע, קלייבט אויס אַן אתרוג, טראָגט אים צו דעם טאַטן מיט צוויי פינגער און הייסט אים באַטראַכטן.
— אָט דעם אתרוג זאָלט איר נעמען, ר׳ משה יאַנקל, וועט איר האָבן הנאה...
— אַ קאָרפירער? — פרעגט דער טאַטע און באַטראַכט דעם אתרוג פון אַלע זייטן, ווי מען באַטראַכט אַ בריליאַנט, און די הענט ציטערן אים פאַר פרייד.
— נאָך אַ מין קאָרפירער? — מאַכט דער שוחט.
דער טאַטע שפּיגלט זיך אינעם אתרוג, שמעקט אים, קאָן זיך אין אים נישט אָנקוקן, רופט צו די מאַמע און ווייזט איר מיט אַ גליקלעך שמייכעלע אויף דעם אתרוג, ווי מען ווייזט אַן אויף אַ צירונג, אָדער ווי אויף אַ שיין קינד, אַ טרייסט.

די מאַמע גייט צו, שטרעקט אויס די האַנט פֿאַוואָלינקע, ווייל נעמען דעם אתרוג, גיט מען איר נישט. — „פֿאַוואָלינקע מיט די הענט! אַ שמעק, אויב דו ווילסט״...

די מאַמע באַנוגנט זיך כאָטש מיט אַ שמעק. מיר גיט מען אַפילו קיין שמעק אויך נישט! מיך לאָזט מען אַפילו נישט צו, איך זאָל נישט שטיין צו נאָענט, איך זאָל גאָר נישט קוקן אַפילו, וואָרום ס'איז אַ געפֿאַר.

— שוין, שוין, אָט איז ער דאָ! — זאָגט די מאַמע — אָט לאָזט אים נאָר צו, בייסט ער באַלד אָפּ דעם פּיטום פֿון אתרוג!...

— לאָז גאָט היטן! — זאָגט דער טאַטע.

ר' הענזל שענקט זיי אַ ביסל קלאָטשע אויף איינצוּוויקלען דעם אתרוג, און דער ריח צעגייט זיך אין אַלע ווינקעלעך...

ווי אַ בריליאַנט, ווי אַ זעלטענעם שטיין, וואָס מען האָט איבערגעגעבן באַ־האַלטן און אָפּהיטן, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿונעם אויג, אַזוי האָט מען גענומען דעם שמעקעדיקן אתרוג, איינגעהילט אין קלאָטשע, ווי מען הילט איין אַ ציטעריק קינד, אַן איין און איינציקס, ס'זאָל חלילה נישט צוקילן דאָס העלדזל, און מען האָט פֿאַ־וואָלינקע אויסגעבעט און באַגלייט אים אין אַ שיינער קיילעכדיקער, הילצערנער, געד־טאָקטעוו', געפֿאַרבטער פּושקע פֿון צוקער; דעם צוקער האָט מען געבעטן מחילה, און דעם אתרוג האָט מען אַריינגעבעטן ווי אַ ליבהאַרציקן גאַסט! — ברוך הבא, רב אתרוג! אַריין, אין פּושקע אַריין!...

די פּושקע האָט מען פֿאַוואָלינקע צוגעדעקט מיטן דעקל, אַריינגעשטעלט אין דער גלעזערנער שאַפֿע, צוגעמאַכט דאָס טירל, און — אַ גוטן טאָג!

— איך האָב מורא, דער ווייסער חברהניק זאָל זיך נישט דאַביוּוען צו דער שאַפֿע חלילה, און נישט אָפּבייסן דעם פּיטום פֿונעם אתרוג!.. אַזוי טוט אַ זאָג די מאַמע, נאָכאַמאָל, און נעמט מיך פֿאַר אַ האַנט, שלעפּט מיך אָפּ פֿון דער שאַפֿע.

ווי אַ קאַץ, אַז זי דערשמעקט פּוטער, שפּרינגט אַראָפּ פֿון פּריפּעטשיק, גלייכט זיך אויס דעם רוקן, הייבט זיך אָן אַרומדרייען, רייבן זיך, קוקן איטלעכן באַזונדער אין די אויגן אַריין און באַלעקן זיך, אַזוי האָב איך, נעבעך, אַ היבשע צייט זיך אַרומגעדרייט, אַרום דער שאַפֿע, אַריינגעקוקט אינעם גלעזערן טירל, געשמייכלט צו דער פּושקע מיטן אתרוג אַזוי לאַנג, ביז די מאַמע מיינע האָט דאָס דערזען, האָט זי אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן, אַז דער ווייסער חברהניק האָט חשק זיך דאַביוּוען צום אתרוג און אָפּבייסן דעם פּיטום...

— אין חדר אַריין, די שקאָץ איינער, נישט געדאַכט זאָלסטו ווערן!.. איך בייג איין דעם קאָפּ, לאָז אַראָפּ די אויגן און גיי אין חדר אַריין.

די עטלעכע ווערטער, וואָס די מאַמע האָט אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן מכּה דעם פּיטום פונעם אתרוג, זיינען געווען פאַר מיר, קען מען זאָגן, אַ סם־המות, אַ גיפט אין די ביינער אַריין.

פון יענער מינוט אָן, האָט זיך דער „פּיטום פונעם אתרוג" באַזעצט ביי מיר אין מח, נישט אַרויסגעקראָכן פון מיינע געדאַנקען אויף קיין מינוט. ביינאַכט גע־קומען צו חלום, געטאָרעט מיך, געשלעפּט פאַר אַ האַנט:

„דו האָסט מיך נישט דערקענט, נאַרישו? דאָס בין איך, איך!..." איך קער זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, קרעכץ און ווער אַנטשלאָפן. טאָרעט מען מיך ווי־דער: „שטיי אויף, נאַרישו? גיי עפן אויף די שאַפע, נעם אַרויס דעם אתרוג און בייס מיך אָפּ, וועסטו זיך מחיה זיין!.."

אינדערפרי, אַז איך שטיי אויף, כאַפּ איך אַ קוק פאַרבייגייענדיק אַהין, אין שאַפע, דורך דעם גלעזערנעם טירל, אויף דער פושקע מיטן אתרוג און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז די פושקע ווינקט צו מיר, רופט צו מיר, מאַכט מיט די אויגן: „אַהער!... אַהער, בחורל!.." איך נעם די פיס אויף די פלייצעס און מאַרש אין חדר אַריין.

איין מאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך דערזען, אַז איך בין איינער אַליין, איינער אַליין אויף דער גאַנצער שטוב. דער טאַטע איז אין געשעפט, די מאַמע אין מאַרק, די דינסט פאָרעט זיך אין קיך.

— „אַלע אַוועק, נישטאָ קיין לעבעדיקער מענטש!..." — טראַכט איך זיך און כאַפּ אַ קוק אַהין, אין שאַפע אַריין, דורך דעם גלעזערנעם טירל, און דערזע די פושקע. זי ווינקט צו מיר, רופט מיך, מאַכט מיט אויגן: „אַהער! אַהער, בחורל!"... פאַוואָלינקע, פאַמעלעך, גיי איך צו צו דער שאַפע, עפן אויף דאָס גלעזערנע טירל, נעם אַרויס די פושקע, די שיינע, הילצערנע, געטאָקטע, געפאַרבטע פושקע. איך עפן אויף דאָס דעקל און איידער איך דעק נאָך אויף די קלאָטשע פון אתרוג, טוט מיר אַ זעץ אין נאָז אַריין אַ ריח, אַ שטאַרקער שאַרפער ריח, אַ גן־עדן ריח! און איידער איך קוק זיך אום, איז שוין דער אתרוג ביי מיר אין האַנט און דער פּיטום טוט מיר אַ שפרונג אין די אויגן אַריין.

— ווילסטו האָבן הנאה! פילן אַ טעם גן־עדן? נעם בייס מיך אָפּ! האָב קיין מורא נישט, נאַרישו! קיינער וועט נישט וויסן, קיין בן־אדם וועט ניט זען! קיין פויגל וועט ניט אויסזאָגן!

---

וואָס איז געווען ווילט איר וויסן? איר ווילט וויסן צי איך האָב אָפּגעביסן דעם פּיטום פונעם אתרוג? צי איך האָב זיך איינגעהאַלטן, ניט אָפּגעביסן דעם פּיטום פונעם אתרוג?... איך וואָלט וועלן וויסן וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מיין אָרט, ווען מען זאָל אייך אָנזאָגן צען מאָל, איר זאָלט זיך ניט דערוועגן אָפּבייסן דעם

פיטום פונעם אתרוג? איר וואָלט ניט וועלן וויסן וואָס פאַר אַ טעם עס האָט אַ פּי־
טום פון אַן אתרוג? איר וואָלט ניט געפאַלן אויף דער עצה וואָס איך: אָפּבייסן און
צוריק צוקלעפּן מיט שפּייעכץ? איר קאָנט מיר גלויבן אָדער ניין, דאָס איז אייער
זאַך. אָבער בנאמנות שווער איך אייך, אַז איך ווייס אַליין ניט, ווי דאָס איז גע־
שען: נאָר איידער דער אתרוג איז געווען ביי מיר אין די הענט, איז שוין דער
פּיטום געלעגן ביי מיר צווישן די ציין...

— ג —

דעם טאָג פון ערב סוכות, האָט זיך דער טאַטע געאיילט קומען פאַר פרי און
האָט זיך באַשעפטיקט מיט אויסבינדן דעם לולב, צונויפקלייבן די פיר מינים און



צוגרייטן אַלצדינג אויף דעם שענסטן אָרט. דעם צוגעקליבענעם, אויסגעפּוצטן לולב,
האָט ער אַוועקגעשטעלט גאַנץ אויבן אָן, אין אַ ווינקעלע, אַ ביסל אים צוגעשפּאַרט
אויף אַ זייט און מיר האָט מען אָנגעזאָגט, אַז למען השם, איך זאָל זיך ניט דער־
וועגן צורירן צום לולב. נאָר ס׳איז געווען אומזיסט דאָס אָנזאָגן. איך האָב געהאַט
מיינע אייגענע צרות: ס׳טייטש דער פּיטום! דער פּיטום! צו וואָס האָב איך גע־

דאַרפט אָפּבייסן דעם פּיטום? וואָס איז מיר דערפון אַרויסגעקומען? וואָס פאַר אַ טעם האָט אַ פּיטום פון אַן אתרוג, אַז בסך־הכל איז גאָר פּע! — גאָר ביטער ווי גאַל, אַ בייזע וויסטע חלשות! אומזיסט, און אומנישט קאַליע געמאַכט אַ פּרי, גע־פסלט אַן אתרוג!... און אַז דער אתרוג איז געפּסלט — דאָס בין איך שוין געוואָר געוואָרן אין חדר פון מיינע חברים. פרעגט זיך דאָ אַ קשיא: צו וואָס האָט מיר געטויגט? צו וואָס האָב איך דאָס געדאַרפט?... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב גענומען אַ לעבעדיקע זאַך, אָפּגעביסן דאָס קעפּל און צוגענומען ביי דעם דאָס חיות; פאַרוואָס? פאַר ווען? ביינאַכט אין שלאָף, איז דער אתרוג געקומען צו חלום און מיך געטאָרעט און געשלעפּט פאַרן אַרבל, געוועקט און געטענהט: „וואָס האָסטו געהאַט צו מיר, דו שייגעץ איינער?... פאַרוואָס האָסטו אָפּגעביסן מיין פּי־טום? איך בין דאָך שוין איצטער פּסול!”... איך קער זיך איבער אויף דער אַנדע־רער זייט קרעכץ און ווער אַנטשלאָפן, טאָרעט מען מיך ווידער: „קוילער! וואָס האָסטו געהאַט צו מיין פּיטום? צו מיין פּיטום? צו מיין פּיטום!”...

— ד —

געקומען דער ערשטער טאָג סוכות. נאָך דעם ביינאַכטיקן פרעסטל, איז אויפ־געגאַנגען די זון אויפן לויטערן, בלויען הימל, און באַגאָסן די ערד מיט אַ פּאַר־שפּעטיקטער וואַרעמקייט פון אַ שטיפמאַמע... דעם טאָג האָט זיך דער טאַטע גע־פּעדערט אויפצושטיין פאַרפרי איבערקוקן די קריאה, איבערזינגען זי מיט דעם באַ־קאַנטן שיינעם יום־טובדיקן ניגון. דעם טאָג האָט זיך אויך די מאַמע געפּעדערט צו די יום־טובדיקע פיש מיט די יום־טובדיקע פאַרפל מיטן יום־טובדיקן מערן־צימעס. דעם טאָג האָט זיך אויך זלמן דער סטאָליער געפּעדערט אָפּבענטשן אתרוג ביי אונדז אין דער סוכה, פריער פאַר אַלעמען, בכדי ער זאָל קאָנען טרינקען טיי מיט מילך און זיך אָנטאָן ווילטאָג לכבוד יום־טוב.

— זלמן בעט דעם לולב מיטן אתרוג — מאַכט די מאַמע צום טאַטן.

— עפן אויף די שאַפע, נעם אַרויס די פושקע, נאָר פּאַוואָלינקע! — זאָגט צו איר דער טאַטע און אַליין שטעלט ער צו אַ בענקל צו דער שאַפע, און נעמט אַראָפּ דעם לולב, און איז זיך אַליין מטריח מיט אים אין סוכה אַריין, מכבד זיין דעם סטאָליער מיט דער מצווה.

— נאַט, בענטשט אתרוג — מאַכט ער צום סטאָליער — נאָר פּאַוואָלינקע, למען השם פּאַוואָלינקע!...

זלמן דער סטאָליער, אונדזער שכן, איז קיין עין הרע אַ ייד אַ גבור און האָט צוויי הענט, וואָס איטלעכער פינגער פון זיי, וואָלט געקאָנט אַוועקלייגן דריי אַזעל־כע לייבעלעך ווי איך. אויף יעדן גראָבן פינגער איז ביי אים פאַראַן אַ נאָגל, תמיד פאַרפּאַפּט און תמיד רויט פון לאַק, און מיט דעם נאָגל אַז ער פירט דורך איבער אַ ברעט, בלייבט אַ טיפער סימן, אויסגעקריצט ווי מיט אַ שאַרף פון אַן אייזן...

לכבוד יום־טוב האָט זלמן אָנגעטאָן אַ ווייס העמד מיט אַ נייער קאַפּאָטע, און האָט אין באָד זיך לאַנג געזייפט די הענט מיט זאַמד און נישט געקאָנט אָפּזייפן זיך; די הענט זיינען געבליבן פאַרפּאַפּט און די נעגל רויט פון לאַק ווי פריער. אָט, אין די הענט, איז אַריינגעפאַלן דער ציטערדיקער שמעקעדיקער אתרוג. ניט אומזיסט האָט זיך דער טאַטע אַזש אַ וואָרף געטאָן, בשעת זלמן דער סטאָליער האָט אַ נעם געטאָן דעם אתרוג, אַ רעכטן קוועטש געטאָן און אַ גוטן טרייסל געטאָן מיטן לולב
— פּאַוואָלינקע! פּאַוואָלינקע! — זאָגט צו אים דער טאַטע, און ציטערט איבערן אתרוג — אָט איצט קערט, זייט מוחל, איבער דעם אתרוג מיטן פּיטום אַראָפּ און זאָגט „שהחיינו", נאָר פּאַוואָלינקע! פּאַוואָלינקע! למען השם פּאַוואָלינקע!

פּלוצלינג האָט זיך דער טאַטע געגעבן אַ וואָרף און אַ געשריי ניט מיט זיין קול: „אוי!" אויף זיין געשריי איז געקומען צולויפן אין שטוב אַריין די מאַמע.

— וואָס איז מיט דיר משה־יאַנקל? גאָט איז מיט דיר?!

— גראָבער יונגאַטש! עם־הארץ! — האָט ער זיך צעשריגן אויפן סטאָליער, און איז גרייט אים דורס זיין מיט די אויגן — ווי אַזוי איז מען אַזאַ גראָבער יונגאַטש? אַזאַ עם־הארץ? אַן אתרוג איז דען אַ האַק? צי אַ דאָלעטע? צי אַן עק־בויער? איר האָט דאָך מיר איבערגעקוילעט דעם האַלדז אָן אַ מעסער! איר האָט געפּסלט דעם אתרוג! אָט ליגט דער פּיטום, אָט נאָט, זעט, גראָבער יונגאַטש, עם־הארץ וואָס איר זייט...

אַלע זיינען מיר מיטאַמאָל טויט געוואָרן. זלמן סטאָליער איז געשטאַנען אַ טויטער, נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי האָט זיך עס אים געטראָפן אַזאַ מין אומגליק. פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען וואָס דער פּיטום איז אָפּגעשפּרונגען? ער האָט דאַכט זיך געהאַלטן דעם אתרוג פון דער גרינג, קוים־קוים מיט די שפּיץ־פינגער! אַן אומגליק! אַזאַ אומגליק!...

די מאַמע איז געווען טויט, געבראָכן די הענט. — אַ מענטש, אַז ס'גייט אים נישט, — זאָגט זי מיט טרערן אין די אויגן — זאָל ער בעסער נעמען און באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט, אַ פרישער, אַ געזונטער, אין דר'ערד אַריין...

און איך? איך ווייס ניט, צי זאָל איך טאַנצן פאַר פרייד וואָס גאָט האָט מיר געטאָן אַזאַ נס, אויסגעלייזט פון אַזאַ צרה, פון אַזאַ אומגליק? צי איך זאָל וויינען אויפן טאַטנס יסורים און אויף דער מאַמעס טרערן? צי זאָל איך אַרומכאַפּן זלמן דעם סטאָליער און אים קושן די גראָבע הענט מיט די פאַרפּאַפּטע פינגער מיט די רויטע נעגל, דערפאַר, וואָס ער איז געווען מיין שליח, מיין גוטער שליח, מיין מלאך הגואל, מיין אויסלייזער?... איך טו אַ קוק אויפן טאַטנס פּנים, אויף דער מאַמעס טרערן, אויפן סטאָליערס הענט, אויפן אתרוג וואָס וואַלגערט זיך אויפן טיש אַ טויטער, געל ווי וואַקס, אָן אַ פּיטום, אָן אַ טראָפּן חיות, אַ מת, אַ בר־מנן, אַ טויטער נפש!...

— אַ טויטער אתרוג — זאָגט דער טאַטע מיט אַן אונטערגעבראָכענער שטימע.

— אַ טויטער אתרוג! — זאָגט אים נאָך די מאַמע, מיט טרערן אין די אויגן.
— אַ טויטער אתרוג, — זאָגט זיי נאָך זלמן דער סטאָליער און קוקט זיך אין די הענט אַריין.
— אַ טויטער אתרוג — זאָג איך מיט אַ פריילעכן טאָן און פאַרכאַפּ זיך. וואָרום איך ווייס דאָך יאָ, אַז דאָס בין איך, לייבל, געווען דער גזלן, דער קוילער, דער רוצח פונעם אתרוג!...

---



ש. פרוג

# חנוכה־שפּיל

— קינדער! הערט, וואָס כ'וועל אייך פרעגן
האָט געזאָגט אונדז נחום מענדל
חיים־בערס (אַ יונג מיט ביינער
און דערצו אַ קלוגער קאָפּ):

„פּורים־שפּיל איז פון פאַרציַיטנס
דאָ ביי אונדז; דאָס גאַנצע שטעטל
קאָכט און אַרבעט, ברענט און פלאַקערט.
אַ יאַריד, אַ טאַראַראַם!

„קומט אַ חנוכה — איז גאָרניט;
אָפּגעבענטשט די ליכטלעך, לאַטקעס
אָפּגעגעסן, מיטן דריידל
אָפּגעדריידלט — און אַ סוף.

„סטייטש, מיט וואָס איז, זאָגט מיר,
ערגער
נעבעך, חנוכה פון פּורים?
און פאַרוואָס ניט מאַכן טאַקע
אויך אויף חנוכה אַ שפּיל?

„וואָס? איר מיינט מען דאַרף דאָ עפּעס
גרויסע חכמות? גאָר ניט! נעמט אונדז
ווי מיר שטייען דאָ, איז האָט איר
גאָר אינגאַנצן, גיך און גוט:

„איך וועל זיין דער מלך־יוון,
דו, אַברהמל, שפּילסט, למשל,
מתתיהו כהן־גדול,
און יונים וועלן זיין —

„חיים, טאָדרעס, איצע, בערקע,
חנא, נחמן, פּיצע, שמערקע,
עוזר, לייזער, גרשון־בער
ווער עס וויל, — אַבי וואָס מער.

„דאַרף מען וואָס? אַ פּאָן? אַ קיצור —
צו אַ לאָפּעטע אַ פּראָסטע
בינדט מען צו אַ טלית־קטן, —
כאַפּ מיט אים און שריי: „הורראַ!

„הייבט זיך יידן! אַ מפּלה
אויפן יון! איינגעזונקען
זאָל ער ווערן!"... האַ? וואָס ווייטער?
בגדים פּרעגט איר? אויך אַ זאָרג!

„איך, למשל... ס'איז אַ פּענדל
דאָ ביי אונדז פון רויטן קופּער
מיט אַ שפּיציכיקן הענטל,
כ'טו זי אָן, פאַרוויקל זיך

„פון דער נאָז און ביז די פּיאַטעס
אין אַ קאָלדרע אַ רויטע
און, פאַרשטייט איר? אָט־אָ בין איך
אַנטיוכוס, אויסגעטאָקט.

„איר, יונים, ס'הייסט סאָלדאַטן,
טוט זיך אָן אין קליידלעך, קאָפּטעס,
ווי דער מנהג איז ביי גריכן;
שטעקנס, קאָטשערעס און העק

„וועלן זיין ביי אייך כלי־זין.
סמירררנאָ!.. שאַגאָם... מאַרש!...
פאַרשטאַנען?
דו אַברהמל — מתתיהו —
נעם ביים טאַטן דעם כאַלאַט

„מיט די קוטאַסן, אַ בגד
פאַר אַ כהן־גדול — פּשוט
אויסגעגאָסן; דאַרף מען בעסערס?
אַן אַנטיק — אי ברייט, אי לאַנג.

„חוץ דעם. ברודער, נעם אַ גרויסן,
לאַנגן, שאַרפן מעסער, מחמת,
ווי דו ווייסט דאָך, דאַרפסטו דאָרטן
שטעכן יונ'ם קאָמאַנדיר;

„שטעל דיר פאָר: דער יאָלד אין גרויסע,
לאַנגע שטיוול, מיט אַ קעסל
אויפן קאָפּ, מיט לאַנגע וואָנצעס,
מיט אַ שפּיז אין האַנט... און דו —

„טוסט אַ שפּרונג, לויפסט צו — „דו גזלן

שרייסטו — „דו, רוצח איינער!
ווילסט מען זאָל אין גאָט פאַרגעסן?
אין דעם גרויסן, שטאַרקן גאָט,

„וועלכער האָט פון לאַנד מצרים
אונדז דערלייזט, דעם ים געשפּאָלטן,
און אַריינגעפירט דאָס ליבע
פאָלק־ישראל, אין אַ לאַנד,

„וועלכעם טריפט מיט מילך און האָניק,
בליט מיט באָקסערן און מאַנדלען,
זאָלן מיר אָן אים פאַרגעסן?
צו דיין געצקע בוקן זיך?

„בורעים פאַלן פאַרן חזיר,
וואָס דו ברענגסט אים פאַר אַ קרבן?
האַ? דאָס פאָדערסטו, דאָס ווילסטו?
נײַן, אַ מכה דיר אין האַלדז!

„נאַ דיר, נאַ, ימח־שמוניק."
און אַ שטאָך אים מיטן מעסער
גלייך אין בויך אַריין!.. פאַרשטייסטו?
די יונים בלייבן שטיין

„אויף אַ רגע ווי פאַרגליווערט...
נאָר דערזעענדיק דעם גבור
מיט די וואָנצעס, ווי ער אַקערט,
גראַבלט מיט דער נאָז די ערד,

„כאַפּן זיי זיך אויף און לויפן
הענדום־פּענדום... אַ בהלה,
אַ דערשטיקעניש... עס פליען
קלעפּ ווי האָליך... עס קאָכט, עס זידט...

„דער מזבח קערט זיך איבער
אויף אַ זייט... דער חזיר כרוקעט,
קוויטשעט
שטיי נאָר... וואַרט אַ ביסל!.."
נחום מענדל שטעלט זיך אָפּ,

טוט אַ רייב דעם שטערן — הערסטו? —
מאַכט ער, — „גאָר ניט נאַריש, כ'לעבן,
אַ מזבח מיט אַ חזיר...
גוט... נאָר... אָבער, אַז אַזוי

„הייסט עס, דאַרף מען דאָך אַ חזיר?
ווער־זשע וועט דעם חזיר שפּילן?..
בערקע! הער, דו ביזט אַ נפש
מיט אַ געמבע, האָסט אַ קוויטש

„במתנה פון זיין ליבן
נאָמען, — אַי, אַ קוויטש! ס'איז ממש
אַן אַנטיק; דער גרעסטער חזיר
איז אַ הונט אַנטקעגן דיר!

„נעם זשע בערקע לעב, די ראָליע,
שעם זיך ניט, פאַר אַ דבר־מצוה
מעג מען, ברודערקע...
נאָר בערקע
ווערט צעקאָכט: „אָ, גיי אין דר־ערד!" —

שרייט ער אויס — ווער איינגעזונקען
מיט דעם גאַנצן שפּיל אינאיינעם!
הערסט אַ פלאַן? אַ שיינעם כבוד
גיט ער מיר — אַ חזיר זיין!?"

קורץ דערציילן, וויפל יינגלעך
ס'זיינען דאָרט בישט געוועזן,
קיינער האָט דעם חזיר שפּילן
בשום אופן ניט געוואָלט, —

ליבע ברידער, ווי כ'דערצייל אייך,
איז צונישט געוואָרן אונדזער
שפּיל אויף חנוכה, פאַרפאַלן
נחום־מענדלס גאַנצער פלאַן...

# אינהאַלט

## INDICE DE TEMAS PATRIOS

Pág.



---


Este libro se terminó de imprimir el día 27 de febrero de 1953 en los Talleres Gráficos Julio Kaufman, Av. Corrientes 1976 - Bs. Aires.